

ביכער-סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

# 98

רעדאַקטאָר:

**מאַרק טורקאָוו**

פאַרלאַגס-לייטער:

**אברהם מיטלבערג**

מ. פייגענבלום

די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

אַלטער קאַציזנע

# שטאַרקע און שוואַכע

ראָמאַן אין פיר טיילן

בוך צוויי



ארויסגעגעבן דורכן
צענטראַל־פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע
בוענאָס־איירעס, 1954 — תשי״ד

# אינהאַלט פון בוך צוויי

זייט

## דריטער טייל: אונטערן אייז



## פערטער טייל: מעשה בראשית

זייט

1

# קאַרל קראָנע

מען האָט צוזאַמענגעטריבן קריגס־געפאַנגענע רוסן פון אַלע עקן דייטשלאַנד, פון די געפאַנגענלאַגערן, לאַנדווירטשאַפטן, קוילן־גרובן און פאַבריקן, מען האָט זיי פאַרשפאַרט אין פראַכט־וואַגאָנעס — אַ פּאַרטיע פון טויזנט מאַן, פאַרריגלט און פאַרזיגלט און אַזוי, אָן עסן, אָן טרינקען, געפירט זיי צוויי מיט אַ האַלבן מעת־לעת אין דער ריכטונג צו מזרח.

אויף די גרעסערע סטאַציעס האָט מען דעם צוג מיט די געפאַנגענע פאַרשטופּט אויף אַ זייטיקער ליניע, קיינער זאָל נישט הערן און זיך נישט איבערנעמען מיט די געוואַלדן און פּראָטעסט־געשרייען פון די פּאַר־שפּאַרטע, קיינעם זאָל נישט איבעראַשן זייער אומאויפהערלעכער משו־גענער פויקן אין די פאַרריגלטע טירן אַריין...

אָבער דער צוג האָט זיך לענגער אין ערגעץ נישט פאַרהאַלטן. אזוי שנעל, ווי דער וועג איז פריי געוואָרן, האָט מען אים געלאָזט ווייטער לויפן ביז...

ביז אויפן דריטן טאָג האָט ער זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליינער סטאַציע אין דער מיט פון אַ געדיכטן שטילן וואַלד. און שטי־לער פאַרן וואַלד איז ער געשטאַנען אַ פאַרטייעטער. מען האָט שוין נישט געהערט קיין קולות און געוואַלדן פון די פאַרזיגלטע וואַגאָנעס, ווי אַלע וואָלטן דאָרט אויסגעשטאָרבן אָדער זיך פאַרטייעט אין אַ שטומען גע־לעכטער פון דעם שפּיצל, וואָס מען האָט זיי אָפּגעטאָן.

אַן אָפּטיילונג פון דייטשישע לאַנדשטורמיסטן האָבן זיך דאַן פון דער קליינער סטאַציע אַ לאָז געטאָן צום פאַרחלשטן צוג מיט זייערע אויפגעשפּיצטע זעג־פּיקעס און זיך אויסגעשטעלט אין אַ שיטערע קייט אין זיין גאַנצער לענג.

ווען מען האָט אָפּגעזיגלט און אויפגעפּראַלט די וואַגאָן־טירן, איינע נאָך דער אַנדערער — האָט די גאַנצע קייט לאַנדשטורמיסטן זיך אַ שפּאַר געטאָן שלענגלדיק אויף צוריק, ווי פון אַ שווערן גאַז־אָנגריף, קייכנדיק און שפּייענדיק.

פון די אויפגעפּראַלטע וואַגאָנעס האָט אַרויסגעזעצט אַ מוראדיקער געשטאַנק און באַלד איז די אוראַלט־קלאָרע וואַלד־לופט אויף אַ מהלך אַרום דער סטאַציע פאַרפעסטעט געוואָרן, ווי מען וואָלט דאָ געהאַלטן אין אויסצאַפּן איין ריזיקן קלאָזעט.

אַ מיטל־ווּקסיקער, ברייטפּלייציקער לייטענאַנט מיט אונטערגעהאַקטע ווילהעלם־וואָנצעס, האָט געפּאַקט מיט אַ פּערפומירט טיכעלע ביי דער נאָז און ביי יעדער פריש־אויפגעפּראַלטער טיר אַרויסגערעבעצט:

— אויסשטייגן, רוסישע שווייניע!

האָבן פון די אָפענע פינצטערע קוואַדראַטן זיך לאַנגזאַם אַרויסגעגאָסן די קריגס־געפאַנגענע, ווי אַ גרויע, האַלבאָפּגעקילטע לאַווע.

נישט אַלע זענען געווען בכוח אויסצושטייגן מיט די אייגענע כוחות. אויסגעהונגערטע, אָפּגעוויינט פון באַוועגן זיך, מיט אָפּגעלעגענע הענט און פיס, זענען זיי איינער איבערן אַנדערן געפאַלן, ווי ווייכע, האַלב־ליידיקע זעק, געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען שוין פאַרבליבן אין די וואַגאָנעס ליגן אויפן באָסן, עיפּושדיקן שטרוי.

אָבער די, וואָס האָבן זיך יאָ אַרויסבאַקומען פון די וואַגאָנעס, האָבן זיך געוואַקלט, ווי שיכורים, אומגעפאַלן און געפּויזעט אויף אַלע פיר, צוגעפּויזעט צו דער שוואַרצער הילצערנער וואַנט פון דער סטאַציע און דאָ ערשט, זיך האַלטנדיק ביי דער וואַנט, אויפגעשטעלט זיך און אָנגעשפּאַרט, ווי די צעבראָכענע ביקסן, איינע אָן די אַנדערע. די שטאַרקערע זענען אַזוי געבליבן שטיין, ביי די שוואַכערע האָט עס גלייך די פיס אונטערגעבראָכן און זיי האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט אויף דר׳ערד, ווי די איינגעקנייטשטע האַרמאָניקעס.

און אויף אַלע גרינגרויע, פאַרחושטע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן אַ מין עקסטאַז פון גרויס פאַרווונדערונג. שיער נישט פון אַנטציקונג. ערשט איצט, ביי די דייטשן, האָבן זיי אויף זייער אייגענער פעל געלערנט ביז צו וואָס פאַר אַ מדרגה מענטשן קאָנען פאַרפייניקן זייער גלייכן.

און געקומען זענען זיי דאָך אויפן פראָנט נישט קיין פאַרמאָרעטע יינגלעך: פערמיאַקעס מיט פּלייצעס, ווי די ווענט, טוליאַקעס — הויך און פעסט ווי די דעמבעס, דאָנער קאָזאַקן מיט די טשובן אויף אַ זייט און מיט די קרומע רייטער־פיס, ווי די וואָרצלען. זיי אַלע, איצט בלאַנד

און שוואַרץ און גרוי־פאַרוואַקסענע, מיט פּנימער ווי איינגעטונקט אין האַריקער בלאָטע, זענען איצט, נאָך אַ דרייטאָגיקן תענית און ענגשאַפט געווען אומבאַהאָלפן, ווי די עופעלעך, וואָס לערנען זיך גיין.

פון די אויסגעבלייכטע אויגן, פון די פינצטערע פּנימער, פון די פאַרזיכטיק־שוואַרצע און לאַנגזאַמע באַוועגונגען האָט אַראָפּגעוווּנקען אַ קינדישע צאַרטקייט.

געווען זענען דאָס — אייגנטלעך — נישט קיין געוויינלעכע קריגס־געפאַנגענע. דאָס האָט מען אויסגערייניקט צווישן די רוסישע קריגס־גע־פאַנגענע דעם געפערלעכן עלעמענט, די דיסציפּלין־ברעכער. און אַנשטאָט צו מאַכן פון זיי אַ פאַבריק פון שווינדזוכט אין די מיליטערישע טורמעס, האָט מען זיי אָפּגעשיקט אַהער, אין די פּאָליעסער וועלדער הינטערן פראָנט, כדי אויסצונוצן זייערע מוסקלען ביים דורכלייגן נייע קריגס־שאָסייען.

געווען זענען צווישן זיי אויך אַ מאה יידן, אַזעלכע, וואָס האָבן דעם פראָנט פאַר די אויגן נישט געזען, אין קיין קאַזאַרמע אַפילו נישט אַריינגעשמעקט, נאָר פּראָסט־פּשוט: דער שלימזל האָט זיי געכאַפּט ביי דער פּאָלע און פאַרשלעפּט פון די פרידלעכע נאַלעווקעס גלייך אין געפאַנגען־לאַגער און שפּעטער — אין דער דיסציפּלינאַרער קאָמאַנדע.

דאָס זענען געווען אַזעלכע פאַרשוינען, וועלכע האָבן געהאַט די זכיה צו האָבן רוסישע מיליטער־ביכלעך, בלויע און רויטע. דער דייטש האָט קיין גרויסן אונטערשייד נישט געמאַכט. אַלע מיליטער־ביכלעך האָבן זיך געדאַרפט מעלדן. אַזוי איז געווען דער באַפעל.

האָבן יידן געפאָלגט און זיך געמאָלדן. וואָס אַרט זיי, אַז זיי וועלן נאָכגעבן די דייטשישע פּינקטלעכקייט? ס׳איז דאָך נישט מער ווי אַ קאָנטראָלע. אַזוי איז בפירוש געשטאַנען אין באַפעל. אי — די קאָנ־טראָלע ווערט געמאַכט אויפן הויף פון דער טורמע? איז האָט איר ביי יעקבן אַן עוולה. און אפשר האָט ער נישט אין וואַרשע קיין בעסער אָרט? אַי — די טויערן פון דעם טורמע־הויף ווערן געשלאָסן און מען לאָזט שוין קיינעם נישט אַרויס? — איז אַ מיספאַרשטייעניש, וואָס וועט זיך באַלד אויפקלערן.

אַזוי האָבן די נאַלעווקער קריגער זיך געלאָזט אַריינבאַרן אין זאַק אַריין און דערהויבן ווערן צו דער מדרגה פון ציוויל־געפאַנגענע. „ניקס

צו מאַכן. קריגס־צײַט!" און אײן מאָל זײ אַרײנגעשלעפּט בײ דער פּאָלע, האָט דער שלימזל זײ געצװיגן אַלץ טיפער אין תהום אַרײן, פאַרװישט די מחיצה פון ציװיל און פון קריגס־געפאנגענע. פאַרשטײט זיך, אַז די באַװולטע האָבן פראָטעסטירט בײ יעדער געלעגנהײט. און אַזױ איז אַ מאה פון די יידן, װעלכע האָבן קײנמאָל קײן פולװער נישט געשמעקט, אַרײנגעפאלן אין דער דיסציפּלינארער קאָמאנדע. נאָך אַן אַרומשלעפּעניש איבער פאַרשײדענע דײטשישע געפאנגענלאגערן, זענען זײ איצט צוריק פאַרשלײדערט געװאָרן אין די פּױלישע װעלדער.

דער צוג איז שױן געװען אױסגעלײדיקט. די גאַנצע אױסגעהונ־גערטע פאַרטיע האָט װי אַ סטאַדע קראנקע בהמות זיך צוזאמענגע־קנױלט בײ דער סטאַציע, אַרומגעגארטלט מיט דעם לױזן רײף פון בער־דיקע לאנדשטורמיסטן.

עטלעכע דײטשן האָבן נאָך שעלטנדיק און שפּײענדיק רעװידירט די פאַרעיפּושטע װאַגאָנעס. קײן דאָקטער איז דערבײ נישט געװען. צװישן די עטלעכע צענדליק געפאנגענע, װעלכע זענען געבליבן ליגן אױפן שטרױ אין די װאַגאָנעס און פון אָרט זיך נישט גערירט, איז געװען שװער אונ־טערצושײדן אַ מת פון אַ הונגער־פאַרחלשטן.

איז שױן געװען דעם לײטענאנטס קאָפּ דערבײ צו לײזן דאָס פּראָ־בלעם. אָט דער מיטלװוקסיקער לײטענאנט מיט די אונטערגעשאָרענע װילהעלם־װאָנצעס האָט באַפױלן צו פאַרריגלען די װאַגאָנעס און לאָזן דעם צוג װײטער לױפן, ביז צו אַ מעדיצינישן פּונקט. זאָל מען זיך דאָרט פונאנדערקלײבן צװישן טױטע און האַלב־טױטע. ער האָט גענוג פאַר זיך אָט די װילדע לײזיקע באַנדע, װאָס דער רױטער פּראַכט־צוג האָט דאָ אױסגעשאָטן.

װען די קריגס־געפאנגענע האָבן באַקומען צו ביסלעך װאַסער אױף צום שטילן דעם ברענענדיקן דורשט, איז דאָס געװען צו װײניק פאַר זײ. דאָס װאַסער איז גאָר צום מאָגן נישט דערגאנגען, נאָר װי פון אַ שװאָם אײנגעזאפּט געװאָרן אין פאַרשרפּעטן גומען, אינגאנצן אױסגע־טריקנטן גוף.

נאָכן ערשטן טרונק האָט מען געטריבן די קאָמפּאניע אַ האַלבן קילאָמעטער טיפער אין װאַלד אַרײן, צו די באַראַקעס, װו פון דעם ריח פון די פעלד־קיכן האָבן בײ פּיל פון די געפאנגענע זיך אונטערגעזױגט

די פיס און זיי זענען געפאַלן אין חלשות, נאָך איידער ס׳איז זיי געקומען דער ביסן צום מויל.

נאָכן עסן, וואָס איז פאַרשלונגען געוואָרן מאָמענטאַל און כמעט אָן באַוווסטזיין, איז די גאַנצע פאַרטיע געלעגן נישט טויט נישט לעבע־דיק צווישן אָנגעפירטע שטיינער און אויסגעהאַקטע ביימער אויף אַ פיר־עקיקן פלאַץ, באַוואַכט מיט אַ טונקל־בלויען וואַלד פון אַלע זייטן. מען האָט גערוט. און מיט דעם אָפּרו אין דער שאַרפער וואַלד־לופט האָט ערשט דער הונגער אָנגעהויבן צו ברומען אין די געדערים, ווי אַן אויפ־גערייצטער בער.

נאָכן אָפּרו האָט מען די פאַרטיע ווידער געטריבן אַ האַלבן קילאָ־מעטער צו די באָד־באַראַקעס, צו „ענטלויזונג״.

דאָ, פאַר די באַראַקעס האָבן זיי גרופּעסווייז, צו הונדערט־פופציק מאַן, לויט דער דייטשישער קאָמאַנדע אַראָפּגעשלעפּט פון זיך די פאַרעי־פושטע קויטיקע בגדים און העמדער און זיי געוואָרפן אין קעסל אַריין. און אַליין — שמוציקע קריגס־סקעלעטן מיט איינגעשרומפּענע בייכער, מיט שטאַרצנדיקע ריפּן, זענען זיי ווי די רשעים אין גיהנום געקראָכן אין דער פינצטערער עפענונג פון באָד־באַראַק, וווּ ס׳האָבן קוים גע־פינקלט אַ פּאָר געל־רויטע פאַרנעפּלטע פייערלעך. אויך אין באָד האָט די פאַרטיע איבערגעלאָזט אַ פּאָר צענדליק געחלשטע פון דער פלוצלונ־גער היץ.

שוין נאָך דער באָד און „ענטלויזונג״, ווען ציטערנדיק אין די פייכטע, מיט קאַרבאָל דורכגעפּרעסענע ענג־געוואָרענע שמאַטעס אויפן לייב, האָבן די געפאַנגענע גענומען קומען צו זיך און אין די פאַרטויבטע הערצער האָט אָנגעהויבן צו גליען אַ פונק פון האָפענונג אָנצופילן די איינגעשרומפּענע און קוים צערייצטע מאָגנס — ערשט דאַן האָט מען די גאַנצע פאַרטיע, די אַלע וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס, אויסגעשטעלט אין אַ פירעק אויפן ליידיקן אויסגעטראָטענעם פלאַץ הינטער די באַראַקן.

איז די פאַרטיע געשטאַנען מיט דער שטייפקייט פון אימפּעט און פאַרצווייפלונג און אָנגעקוקט פון אַלע פיר זייטן די עטלעכע רוי־אָפּגע־שיילטע סלופּעס, וואָס האָבן געשטעקט אינמיטן פלאַץ.

פאַר די פּאָר שעה, וואָס די געפאַנגענע יידן האָבן פאַרבראַכט אויף

דער סטאַציע און אַרום באַד־באַראַק, האָבן זיי שוין אויסגעשמעקט ביי די לאַנדשטורמיסטן אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט וויסן וועגן זייער לאַגע. זיי האָבן שוין געהאַט אַ ידיעה ווי זיי געפינען זיך און ווער זייער נייער געוועלטיקער איז — דער לייטענאַנט מיט די אונטערגעהאַקטע ווילהעלם־וואָנצעס. זיי האָבן שוין געוווסט, אַז דער לייטענאַנט הייסט קאַרל קראָנע. אונדזער קראָנע — האָבן אים פאַמיליער גערופן די לאַנד־שטורמיסטן און אַרויסגערעדט דעם נאָמען מיט אַ צוגעקניטשט אייגל און מיט אַ קרום שמייכעלע, וואָס האָט נישט צוגעזאָגט קיין גוטס.

איצט האָט דער העלדישער לייטענאַנט זיך באַוויזן אויפֿן פּלאַץ. ער האָט מאַרשירט פאַר די רייען אויסגעפּאַרטעטע רוסן אין זייערע אויס־געבריטע, ענגע שמאַטע־קליידער און ער האָט שטרענג אַכטונג געגעבן, צי די רייען שטייען געַנוג מיליטעריש־גלייך. מאַרשירט האָט דער ליי־טענאַנט, זיך הוידענדיק פון דער רעכטער פוס אויף דער לינקער, ווי אַ קאַטשקע. די רעכטע האַנט האָט ער געהאַלטן אויף הינטן פאַרלייגט און אין דער האַנט האָט ביי אים אונטערגעטאַנצט אַ גראָבע רימענע שפּיצ־רוט. לייטענאַנט קראָנע האָט זיך — דוכט זיך — לאַנגזאַם געקליבן צו ווייזן דעם פאַרזאַמלטן עולם אַ קונץ און טיף פון אונטערן שטערן האָבן אים פינצטער די אויגן געפינקלט.

ביי די סלופּעס אינמיטן פּלאַץ האָבן זיך פאַרזאַמלט די לאַנד־שטורמיסטן. איינער פון זיי, אַ רויט־בערדיקער בייער מיט אַן אמתן הענערשן אויסזען און מיט בלויע פּייגלשע אייגעלעך, איז איצט נאָכגע־גאַנגען דעם לייטענאַנט פוס־טריט, אים נאָכגעטראָגן אַ פּאַפּיר עפּעס און, ווייזט אויס, געוואַרט אויף אַ באַפעל.

האָט דער לייטענאַנט ענדלעך צו אים אַ ווונק געטאָן.

האָט דער בייער זיך אויפגעשטעלט ווי אַ האָן אויף די ציפּקעס און אויסגעקרייט:

— האַנס שומאַכער! דאַלמעטשער!

ביידע האָבן זיי געקוקט איבער די רייען פון די קריגס־געפאַנגענע. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן.

ווייזט אויס, אַז דער האַנס שומאכער, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דער רוסישער אַרמיי און פון איר — אין דער דייטשער געפאַנגענ־שאַפט, איז דאָס מאָל ווייטער אַוועקגעפאָרן מיט דער באַן, אויסגעצויגן

אויפֿן שטרוי, צוגלייך מיט אַלע טויטע. האָט דער בייער פֿון פּאַפּיר אַרויס ווייטער גערופֿן:

— טעאָדאָרעס ביטרישקאַ, דאָלמעטשער!

האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון דער ריי אַ מיטל־וווקסיקער געפֿאַנגענער אין דייטשישע האַלב־זעלנערישע סאַמעט־קליידער.

דער לייטענאַנט האָט פֿאַרוווּנדערט אים אָנגעקוקט. עס האָט אים פֿאַרווונדערט צו טרעפֿן אין דער אַרומגעריסענער באַנדע אַ מענטשן נישקשהדיק אָנגעטאָן. עס האָט אים אויך איבעראַשט די פֿרייע האַל־טונג פֿון דעם געפֿאַנגענעם.

האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט מיט די טיף־זיצנדיקע אויגן פֿון אונ־טער די ברייטע שטערנס — דער לייטענאַנט און דער געפֿאַנגענער, און זיי האָבן, דוכט זיך, באַוווּנדערט איינער אין דעם אַנדערן עפּעס אַן ענ־לעכן געזיכט אָדער כאַראַקטער־שטריך. אויך דער געפֿאַנגענער איז געווען מיטלוווקסיק און ברייט־פּלייציק, ווי דער לייטענאַנט.

— זייט איר אַן אָפֿיציר? — האָט דער לייטענאַנט מיט אַ האַרטער געצוווּנגענער העפֿלעכקייט געפֿרעגט.

— ניין, הער לייטענאַנט. איך בין ציוויל־געפֿאַנגענער.

— נאָמען?

— ביסטריצקי טעאָדאָר.

— ווער האָט דיר געהייסן אַרויסקריכן פֿון דער ריי?

— מען האָט מיך אויסגערופֿן.

— האָסט זיך פֿאַרהערט.

— נישט איך האָב זיך פֿאַרהערט, הער לייטענאַנט, נאָר דער בייער האָט שלעכט איבערגעלעזן מיין פֿאַמיליע־נאָמען.

קאַרל קראָנע, וואָס האָט זיך שוין געוועזט געהאַט אָפּגעקערט פֿון דעם געפֿאַנגענעם, האָט זיך אַ קער געטאָן צו אים מיטן אייבערשטן האַלבן גוף און אַ שאָס געטאָן אויף אים מיט איינעם פֿון זיינע בליקן, קעגן וועלכן, ער האָט געוווּסט — אז מען קאָן נישטביישטיין. אָבער אָט דער ברייט־פּלייציקער ציוויל־געפֿאַנגענער האָט אַרויסגעוויזן געגנוג ציווילן מוט. ער איז געשטאַנען געלאַסן, ווי נישט אים מיינט מען דאָס.

און דער בייער האָט שטילערהייט געשאָקלט מיטן קאָפּ, סילאַבי־

זירנדיק פון פּאַפּיר אַרויס. דאָרט איז טאַקע געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס: ביסטריצקי.

האָט קאַרל קראָנע צוריקגעהאַלטן זיין ערשטן צאָרן־אויסברוך. נאָר דער נאַקן איז אים רויט געוואָרן.

— ביסט דאָלמעטשער? — האָט ער געפרעגט, שוין נישט קוקנדיק אויף ביסטריצקין.

— יאָ, הער לייטענאַנט. אין מיין קאָמפּאַניע בין איך געווען דאָל־מעטשער.

דאַן האָט דער לייטענאַנט אָפּגעהוסט, פאַרדרייט אַרויף זיינע אונ־טערגעהאַקטע וואָנצעס. אויסגעשטעלט די ברוסט און אָנגעהויבן אַרויס־בראַקען אָפּגעהאַקטע זאַצן פון אַ פּאַטריאָטישער דרשה: ס'איז קריג. דייטשלאַנד איז אַרומגערינגלט מיט שונאים. דייטשלאַנד הונגערט. מוזן אַלע ליידן. די קריגסגעפאַנגענע אויך. מען קאָן זיי נישט באַהאַנדלען אין ווייסע הענטשקעס...

פאַר ביסטריצקין איז דער נוסח געווען נישט ניי. פאַר דעם יאָר ציוויל־געפאַנגענשאַפט האָט ער זיך שוין אָנגעהערט גענוג אַזעלכע דרשות. האָט ער טאַקע פליסיק־לייכט און מאַשינעל איבערגעזעצט די דרשה פאַר די קריגס־געפאַנגענע שטיקלעכווייז, פראַזנווייז, אַזוי ווי דער לייטענאַנט האָט גערעדט. ער האָט אים די ווערטער כמעט פון מויל אַרויסגעבראַכט.

אָבער ביים לייטענאַנט איז די דרשה, ווייזט אויס, געווען ניט קיין ציל פאַר זיך, נאָר בלויז אַ הקדמה.

דאָס פּנים האָט זיך אים פּלוצלונג אָנגעגאָסן מיט בלוט, ער האָט גענומען טופּען מיט די פיס און פאָכן מיטן שפּיצרוט פאַרן פּנים פון דעם נייעם דאָלמעטשער.

— פרעג זיי, פרעג! ווער, צום טייוול, האָט זיך דאָס דערלויבט צו פּויקן אין די וואַגאָנעס און מאַכן דעמאָנסטראַציעס אין וועג? גאַנץ דייטשלאַנד האָבן זיי אויפגערודערט — די ווילדע באַנדע! דאָס וועט זיי נישט אַראָפּגיין גלאַט!

האָט דער דאָלמעטשער רואיק אָפּגעוואַרט ביז דער לייטענאַנט וועט אַרויסשיטן פון זיך זיין גאַנצן אַרסענאַל זידל־ווערטער און רואיק, כמעט מיט אַ שמייכל אין דער שטים, איבערגעפרעגט:

— דאַרף איך זיי דאָס אַלץ זאָגן, העד לייטענאַנט?

איז קאַרל קראָנע געבליבן שטיין מיט אַן אָפֿן מויל. אויף דער חוצפּה פֿון איבערפֿרעגן אים האָט ער זיך אינגאַנצן נישט געריכט און דעם דאָלמעטשערס איראָנישער טאָן האָט אים ערשט רעכט אין כעס אַריינגעבראַכט.

— נו, רייד, שורקע!

איז דער דאָלמעטשער געגאַנגען פֿון ריי צו ריי און מעכאַניש נאָכ־געמאַכט דעם אָפֿיצירס אויפגערייצטע זידל־ווערטער.

— נישט אַזוי, שורקע! נישט אַזוי! העכער רייד! שריי! נישט ווי קיין טויטער! כ׳האָב דיך נאָך נישט טויט־געשלאָגן!

דאַן האָט ביסטריצקי אומגעריכט־האַסטיק זיך אויסגעדרייט צום אָפֿיציר אויפֿן אָפּצאַס.

— איך האָב נישט וואָס צו שרייען, הער לייטענאַנט — האָט ער געזאָגט אין אַ גאָר קאַלטבלוטיקן, ציווילן טאָן, ווי אַ סוחר רעדט צו זיין קליענט. — איר שרייט, ווייל איר זייט אויפגערעגט, און מיין פֿליכט איז בלויז איבערצוגעבן די ווערטער.

דאָ האָט דער רויט־בערדיקער בייער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען דעם לייטענאַנט פֿוס־טריט, זיך פֿלוצלונג שטייף אויסגעצויגן און אַרויסגע־שפּאַרט דעם בויך פֿאַר שרעק. עס האָט זיך געדוכט: אָט הייבט ער אָן קרייען.

און דער לייטענאַנט אַליין האָט אַריינגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסל און גענומען שפּאַנען ווי אַ קאַטשקע צום דאָלמעטשער, אומגעדול־דיק טרייסלענדיק מיט דער שפּיצרוט.

אַ געמורמל איז דורכגעלאָפֿן דורך די מידע, ביז איצט שטייף־שטומע רייען פֿון די געפֿאַנגענע. די רוסן האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער נייער דאָלמעטשער איז אַ „נאַש־בראַט״ און ער וועט נישט אַרויסגעבן.

— הער, דו! דייטש מיטן זנב אויפֿן קאָפּ! ריר אים נישט אָן, מירן דיר די ביינער צעברעכן!

— זאָג אים, ברודערקע! זאָג אים אַריין דעם דייטש אין דער מאַמען זיינער!

דער קאָמענדאַנט איז שוין אָבער געשטאַנען פֿאַרן דאָלמעטשער און ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט שאַרף אונטער־שטערנדיק. עס האָט אָנ־

געטראָפן — ווי מען זאָגט עס — די קאָסע אויף אַ שטיין. איין רגע האָט עס געדויערט. און דאַן האָט אַ פּייף געטאָן די שפּיצרוט און ווי שנעל דער דאָלמעטשער האָט זיך נישט אָפּגעקערט, האָט ער זיך דאָך אָנגעכאַפּט פאַר דער צעבלוטיקטער באַק.

איז געוואָרן שטיל אין די רייען.

אָבער דאָ האָט דער דאָלמעטשער אויף אַ רגע פאַרגעסן אָן דעם ווייטיק אין דער צעבלוטיקטער באַק, האָט זיך אויסגעקערט מיטן פּנים צו דער נאָענטסטער ריי, אַ טופּע געטאָן מיטן פוס און אויסגעשריען פאַרביטערט:

— חברה! האַלט ס׳מויל! ער וויל דערגיין ווער עס האָט געפּויקט אין די פאַרשפּאַרטע וואַגאָנעס.

אַ האָגל מיט זידל־ווערטער און קללות האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון גאַנצן לעבעדיקן פּירעק.

— זיי זאָגן, הער לייטענאַנט, זיי זאָגן — האָט ראַפּאָרטירט דער דאָל־מעטשער, זיך צוהאַלטנדיק ביי דער באַק, — אַז געשריען און געקלאַפּט האָבן יענע, וועלכע זענען אַוועקגעפאָרן ווייטער, צום מעדיצינישן פונקט.

אָט די אָנצוהערעניש אויף געשטאָרבענע און טויט־פאַרחלשטע אין די וואַגאָנעס איז געווען אַן ענטפער פון אַזאַ מאָס, וועלכע האָט אַריבער־געשריטן די מאַכט פון דער שפּיצרוט.

דער לייטענאנט האָט נאָך אַ רגע שווייגן אַ ווונק געטאָן צו די לאַנדשטורמיסטן ביי די סלופּעס אינמיטן פּלאַץ.

זיי האָבן גענומען מאַרשירן איבער די רייען און אויסטיילן יעדן פינפאונצוואנציקסטן. און ווען מען האָט אויסגעטיילט די ערשטע צוויי צענדליק, האָט מען זיי צוגעטריבן צו די סלופּעס.

דאָרט האָבן די לאַנדשטורמיסטן זאַכלעך און מעכאַניש־שווייגנדיק יעדן באַזונדער צוגעבונדן ביי אים די הענט צו די רינגען אויף די סלופּעס. די רינגען זענען געווען הויך און די געפּייניקטע זענען געבליבן הענגען, שטייענדיק אויף די שפּיץ פינגער.

אויפהענגען האָט מען אַזוי געקענט פינף מאַן. די איבעריקע פּופּצן האָבן געוואַרט אויף זייער ריי.

פון די באַראַקעס איז פויל אָנגעקומען אַ בייכיקער סאַניטאַר מיט אַן עמער קאַלט וואַסער און מיט אַן איינגעוויקלטן האַנטוך אויף אָפּצומינ־

טערן די געהלשטע ביי דער עקזעקוציע. דער לייטענאַנט האָט געלאָסן געקוקט אויף זיין האַנט־זייגערל.

ער האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעקערט און זיך אַנגעשטויסן מיטן בליק אָן דעם דאָלמעטשער. ביסטריצקי איז געשטאַנען דאָ, דערלעבן, צוהאַל־טנדיק אַן איינגעגעצט פאַרפלעקט נאַזטיכל ביי דער באַק.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט דער לייטענאַנט מיט אַ פול־זאַפּטיקער שנאה אויסגעברומט.

— איך וואַרט אויף מיין ריי, הער לייטענאַנט.

— לאָזט אים נישט לאַנג וואַרטן! — האָט קאַרל קראַנע קורץ פאַראָרדנט.

2

# ביים טיוול אין די ציין

ווי קומט ביסטריצקי אין געפאַנגענשאַפט.

עס שטעקט שוין אין מענטשן אַ כוח אַזאַ צו פאַרמויערן דאָס אָרט, ווו עס גליט אַ טיפע ווונד אין באַוווסטזיין, פאַרמויערן, כדי צו קאָנען לעבן ווייטער מיט דער פאַרגעסנקייט. אַ יאָר איז אַריבער, ווי אַ לעטאַר־גישער חלום, ביז ביסטריצקי האָט זיך דערוועגט צוצוטרעטן צו דער פאַרמויערטער ווונד פון זיין באַוווסטזיין.

ער האָט זיך דאָך געוואָלט געדענקען בלויז ווי אַ קריגס־געפאַנגע־נער, ווי אין דער געפאַנגענשאַפט וואָלט ער געבוירן געוואָרן, ווי פאַר דעם וואָלט גאָר קיין לעבן נישט געווען.

אַ מענטש האָט דאָס רעכט צו נעמען זיך דאָס לעבן, ווען עס ווערט אים צו לאַסט. אָבער באַפרייען זיך פון לאַסט און אַראָפּוואַרפן זי אויפן צווייטן — דאָס איז אַן אכזריות. און אַזוי אכזריותדיק האָט באַסיע זיך דאָס לעבן גענומען. מיט איר שפּרונג פון פערטן שטאָק אויפן שטיינער־נעם ברוק האָט זי זיך באַפרייט און אים, ביסטריצקין, באַלעסטעט, באַ־לעסטעט אים מיט דער פולער אחריות פאַר איר פריצייטיקן טויט.

נאַ זע, צו וואָס דו האָסט מיך דערפירט! — אַזוי האָט געשריען צו אים איר טויטער איבערגעדעקטער קערפּער מיט די שלאַנגען־צעפּ, וואָס

זענען זיך צעקראָכן אַנזויגן פון אייגענעם בלוט אויף די שטיינער.
— נאַ זע!

האָט ער פאַרמויערט דאָס אָרט פון זיין באַוווסטזיין, ווו די אַראָפּ־געשליידערטע באַסיע איז געלעגן, מיטן פּנים אין איר אייגן בלוט, אַן איבערגעדעקטע.

ווען די פרוי, וועלכע ער האָט ליב געהאַט, שטאַרבט אים אין איר אייגן בעט, פון אַ קימפּעט, פון אַ קראַנקייט, ווען זי סמט זיך אַפילו שטי־לערהייט — וואָלט דאָך דער ווייטיק נישט געווען אַזוי אומדערטרעגלעך.

באַסיע האָט אָבער אַרויסגעשליידערט איר לעבן דורכן פענצטער, ווי אַ גלעזערנע וואַזע, אַרויסגעשליידערט אויף דער גאַס אַרויס מיט אַ שרייאיקן פּראָטעסט. וואָס האָט זי געהאַט צו אים? פאַרוואָס האָט זי אין אים אַזאַ ווילדע נקמה גענומען? האָט ער זי דען נישט ליב געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן?

דאָס אומגליק האָט אים איבערן קאָפּ דערלאַנגט און פאַרטויבט.

קוים מיט צרות איז דעם שותף זיינעם, אשר פּאָדלאַסקי, געלונגען אַרויסצובאַקומען ביי אים אַ פּלעניפּאָטענץ אויף אָנצוגיין מיט די ווייטערע געשעפטן.

ביסטריצקי האָט זיך פאַרשפּאַרט אין זיין וווינונג און די גאַנצע וועלט איז אים מער נישט אָנגעגאַנגען.

נאָר אָט זענען אַריינגעקומען אין וואַרשע די דייטשן און ביסטריצקי, אַן אָפּגעצערטער, אַ פאַרענדערטער, נישט צום דערקענען, האָט זיך פּלוצ־לונג באַוויזן אויף דער גאַס.

געדינט האָט ער אַמאָל זעקס וואָכן אין רוסישן מיליטער און געהאַט אַ רויטן בילעט. איז ער געגאַנגען זיך צושטעלן צו דער קאָנטראָלע.

פון די אַלע, וועלכע זענען געשטאַנען און געחכמהט זיך מיט די בילעטן אין דער ריי, איז ביסטריצקי אפשר געווען דער איינציקער, וועל־כער האָט פאָראויסגעזען, אַז דער דייטשער באַפעל איז גאָרנישט אַזוי פאָרמאַליסטיש־אומשולדיק. ער איז אָבער אויך געווען דער איינציקער, וועמען ס׳איז נישט אָנגעגאַנגען מיט וואָס די קאָנטראָלע וועט זיך ענ־דיקן. ער איז גלייך גרייט געווען אָנצונעמען טורמע, געפאַנגענלאַגער אָדער אַפילו טויט־שטראָף, אַבי עמעצער זאָל זיך דערבאַרעמען איבער אים און אַראָפּנעמען פון אים די אחריות פאַר זיין אייגן לעבן און פאַר

זיינע האַנדלונגען. אדרבה! זאָל מען אים באַפעלן. ער וועט אויספילן יעדן באַפעל מאַשינעל פּינקטלעך. און זיין לוין וועט זיין — די באַפרייאונג פון פּיינלעכע אחריות פאַרן לעבן.

דאָס אַלץ האָט ביסטריצקי קלאָר פאַרשטאַנען, ווען ער איז נאָך געשטאַנען — אַלס פרייער בירגער אין דער ריי מיט זיין בילעט.

שפּעטער האָט ער טאַקע ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די דערלייכטערונג פון טעמען, עסן, שלאָפן און אַרבעטן אויף עמעצנס באַפעל. ער האָט זיך דערלויבט דעם תענוג צו לאָזן איינשלאָפן זיין גאַנצן אינטעלעקט, פאַרמויערט נישט נאָר די בלוטיקע ווונד, נאָר ווייט אַרום דער ווונד. ער האָט צו זיין אומגליק גליק געהאַט. אין דער ריכטיקער צייט האָט ער געפונען אין געפאַנגענשאַפט דאָס לעבן פון אַ גולם. בלויז צו דעם הונגער און צו דעם מאַנגל אין פרישע וועש איז ער פאַרבליבן נישט גלייכגילטיק. און דאָס האָט אים נאָך פאַרבונדן דורך אַ דין פעדימל מיט דער אויסערלעכער וועלט.

ער האָט אָנגעשריבן צו דעם שותף זיי״נעם, צו אשרן, און אָנגעהויבן רעגלמעסיק צו באַקומען געלט פון אים, נישט קיין סך, אַזוי ווי ער האָט אַליין געוואָלט. ער האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז דער שותף זאָל זיך נישט משתדל זיין וועגן זיין באַפרייאונג. זאָל עס גיין מיט דער נאַטור. אַז די צייט וועט קומען און ער וועט עס נייטיק האָבן, וועט ער אַליין גיין פריי.

מיט אַ פּאַרטיע ציוויל־געפאַנגענע יידן איז ביסטריצקי אָנגעקומען אין ריין־געביט, ווו מען האָט זיי פאַרטיילט צווישן די אָרטיקע לאַנדווירטן אויף אַרבעט. דערביי האָט יעדער לאַנדווירט, אַלס צולאָג צו די עטלעכע לייב־קנעכט, באַקומען פון דער מיליטער־מאַכט אַ ביקס מיט פּאַטראָנעס, די דאָזיקע לייב־קנעכט צו דערשיסן ביים מינדסטן ווידערשטאַנד.

ביסטריצקי מיט נאָך דרייצן געפאַנגענע יידן איז אַריבער אויף אַרבעט צו אַן עלטערן זאַקס מיט אַ באָרד, ווי אַ שאָקאָלאַדענע לאָפּעטע און מיט אַ שניי־ווייסער פאַרצעלייענער ליולקע אין מויל.

אָט דער עלטערער לאַנדווירט מיט דער פאַרלאָשענער ליולקע און פאַרשלאָפענעם מוח, הגם ער פלעגט אַלע פרימאָרגן אַרויסבאַגלייטן זיינע געפאַנגענע אין פעלד אַרויס מיט אַ ביקס, האָט ער דאָס אָבער געטאָן מער צוליב פאָרם וועגן, ווייל די ביקס האָט מען אים געגעבן און אַזוי

האָט מען אים באַפּוילן. באַהאַנדלט האָט ער זיי מענטשלעך און נישט געפאָדערט מער אַרבעט, ווי אַ מענטש קאָן ליווערן. דעם ביסן האָט ער זיי נישט צוגעציילט און געגעסן האָבן סיי־ווי־סיי אַלע אין דער גרויסער קיך, ווי אַ שטאַל, די געפאַנגענע און דעם לאַנדווירטס משפּחה, געגעסן גודנע דאָרפישע מאכלים, וועלכע זענען געווען דייטשיש אויסגערעכנט נישט אויף טעם נאָר אויף זעטיקייט. דאָס איז געווען אַ משפּחה פון דייטשישע שווייגערס און עס האָט געקאָנט זיך דוכטן, אַז זיי האָבן געגעבן אַ נדר פון שווייגן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן. אַביסל ריידעוודיק פלעגן די דייטשקעס נאָר ווערן, ווען עס פלעגט אָנקומען אַ בריוו פון פראָנט, פון איינעם פון די זין אָדער איידעמס. דעם זאַקס האָט כשר געקומט די פּאַרטיע געפאַנגענע. אַלע זיינע אייגענע מאַנסלייט זענען געווען אויפן פראָנט. און די פערצן יידן, וואָס האָבן פאַר דער צייט פון זייער געפאַנגענשאַפט פיל ערגערס געזען, ווי זייער איצטיקע לאַגע, האָבן זיך כמעט אָנגעשטעקט מיט דעם זאַקסישן שווייגן און מיט אים, מיט דעם שווייגעו', שלום געמאַכט. אַ פּאָר פון זיי האָבן זיך אַפילו צוגעשאַרט צו דעם זאַקס' עטלעכע טעכטער — די זעלנערקעס, וואָס האָבן מיט אַ דייטשישער אָפנהאַרציקייט אַרויסגעוויזן זייער בענקשאַפט נאָך אַ מאַן.

צעקריגט האָט מען זיך אומגעריכט, אין אַ געוויינלעכן פרימאָרגן און דער שווייגנדיקער זאַקס איז פּלוצלונג אַרויס פון די כלים און אַראָפּגעכאַפּט די ביקס פון דער וואַנט: ער וועט שיסן.

ער איז געווען גערעכט. ער האָט געפאָדערט מען זאָל גיין צו דער אַרבעט. און די יידן האָבן דווקא היינט פאַרשטרייקט. היינט — זאָגן זיי — איז ביי זיי יום־טוב און דער יום־טוב הייסט ראש־השנה.

עס איז געווען אַ צער אָנצוקוקן, ווי דער דייטש זוכט מיט גרויס פאַרוווּנדערונג דעם יום־טוב אַרום זיך און אויפן בלעטל פון קאַלענדאַר און געפינט אים נישט. און די יידן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין אַ ווינקל קיך, ווי נישט זיי מיינט מען דאָס און זיי דאַוונען שוין אויפן קול. איז דער זאַקס אַרויס פון די כלים. דעם גאַנצן שווייגנדיקן צאָרן זיינעם פאַר דעם גורל פון זיינע זין און איידעמס אויפן פראָנט איז ער גרייט געווען אויסצולאָזן צו די יידישע קעפּ.

האָבן די יידן אַרויסגערוקט פאָרויס ביסטריצקין זיך אויסצוטענהן מיטן דייטש. ביסטריצקין איז אַלץ איינס געווען וועמען צו פאָלגן, אַבי

נישט אַרויס פון דער אייגענער איניציאַטיוו. האָט ער זיך איינגעשטעלט פאַר די דרייצן יידן, וואָס ווילן ראש־השנה אָפּדאַווענען.

און אַז דער זאַקס האָט אָנגעשטעלט אויף ביסטריצקין די ביקס, אים דעם ערשטן צו דערשיסן, האָט ביסטריצקי זיך צעלאַכט מיט זיין ברייטן מויל, צעלאַכט זיך צום ערשטן מאָל פאַר דער צייט פון זיין געפאַנגענ־שאַפט.

און צוזאַמען מיטן געלעכטער האָט ער דערשפירט די אויפגעוואַכטע ווונדן אין זיין האַרצן. אָבער ער האָט אויך צום ערשטן מאָל דערשפירט, אַז די געפאַנגענשאַפט איז אים צו לאַסט.

ער וואָלט אַליין נישט געקאַנגען שילדערן, ווי אַזוי דאָס איז פאַר־לאָפן. אין אַ רגע אַרום איז דער זאַקס געלעגן אויף דר׳ערד און געדריגעט מיט די פיס, באַמיענדיק זיך אַראָפּצושטויסן ביסטריצקין, וואָס איז גע־זעסן אויף אים רייטנדיק. און ביסטריצקי, ווידער, האָט זיך באַמיט צו כאַפּן דעם זאַקס פאַר די הענט און זיי צוזאַמענבינדן מיטן לעדערנעם פאַסיק, וואָס ער האָט פון זיך אויסגעטאָן.

האָבן די יידן איבערגעריסן דאָס ראש־השנהדיקע דאַווענען און גע־קומען ביסטריצקין צו הילף. דעם דייטש האָט מען אַ געבונדענעם אַרויפ־געכמאַליעט אויפן וואָגן און אין באַגלייטונג פון די צעיאָמערטע דייטש־קעס אים אַוועקגעפירט צו דער קאָמאַנדע איבער די קריגס־געפאַנגענע אויף אַ דין־תורה.

דאָרט ערשט האָבן צו דעם קאָמענדאַנטס גרויס פאַרוווּנדערונג די יידן זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען בציבור.

דער קאָמענדאַנט איז געווען גערירט פון דער יידישער גאַטספאָרכ־טיקייט און חוצפּה. אָבער אויסגעלאָזט האָט ער מיט אַ זיפץ:

— קריגס־צייט. נישט צו מאַכן. קיינע פייער־טאַגע. און איר, קנאַבן, האָט געבראָכן די דיסציפּלין.

און ביסטריצקי מיט נאָך אַ פּאָר דאַווענער, פון די, וואָס האָבן גע־האָלפן בינדן דעם דייטש, זענען אַוועק אין דיסציפּלינאַרער קאָמאַנדע. אָט דאָ ערשט האָט זיך פון ביסטריצקין אָפּגעטאָן זיין גייסטיקער שלאָף. עס איז געשען, ווי מען וואָלט אים די הויט אָפּגעשונדן און איבערגעלאָזט נאַקעטע נערוון. דאָ, אונטער דער אייזערנער שרויף פון אכזריותדיקער דיסציפּלין, האָט ער דערפילט דעם פּשוטן אמת, אַז ער וואָלט נאָך גע־

קאָנט לעבן, נאָר מען לאָזט נישט. עס האָט אויפגעוואַכט אין אים אַ ליידנשאַפטלעכע באַדערפעניש צו זיין אויף דער פריי. עס האָבן אויפגעוואַכט אין אים מיט אַ מאָל אַלע זיינע איינגעשלאָפענע פעאיקייטן, אויך די פעאיקייט אויסערלעך זיך צוצופּאַסן צו דער לאַגע.

אונטער דער אכזריותדיקער דיסציפּלין איז ער געוואָרן דאָלמעטשער, קאַפּטענאַרמוס, שיער נישט די רעכטע האַנט פון קאָמענדאַנט אַליין. ער האָט אָבער נישט אויסגענוצט זיין פּריווילעגירטע לאַגע נישט לרעה און נישט לטובה פאַר די געפאַנגענע.

ער האָט געהאַסט אָט די טויזנט־קעפּיקע אַרומגעריסענע באַנדע, וועלכע קליגן זיך צו לעבן אין געפענגעניש, פונקט ווי ער האָט געהאַסט זייערע באַצווינגער — די דייטשן. ער וואָלט ביידע צדדים גערן געטראָטן מיט די פיס. זיינע אַלע מחשבות זענען איצט נאָר געצילט געווען, ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען אויף דער פריי.

אָבער די אויסזיכטן זיך צו באַפרייען אויפן נאָרמאַלן וועג זענען איצט געווען קנאַפּער ווי ווען עס איז. עס האָט זיך שוין פאַרווישט דער אונטערשייד צווישן אים — דעם ציוויל־געפאַנגענעם און דעם עכטן קריגס־געפאַנגענעם קאָזאַק און צווישן זיי ביידן און דעם איינפאַכן בויך־און־בייטל שניידער, וועלכער איז פאַר זיינע מעשים־טובים אַריינגעפאַלן אין דיסציפּלינאַריע.

ביסטריצקי האָט געבענקט נאָך פרייהייט און אַריינגעפאַלן איז ער אויטאָמאַטיש אין די פאַרזיגלטע פראַכט־וואַגאָנעס, וואָס זענען אָפּגעגאַנגען צו מזרח.

ביי דער הונגער־נסיעה האָט ער שיער מיטן לעבן נישט באַצאָלט. אָבער אָט דער האַר פון טויט האָט געמאַכט אין אים אַ נייע איבערקער־רעניש. אין דער שטיקנדיקער ענגשאַפט איז ער זיך צוזאַמענגעוואַקסן מיט דעם קנויל פאַרלייזיקטע, פאַרקויטיקטע, געפּייניקטע לייבער און ער האָט זיי שוין מער נישט געקאָנט פון זיך אָפּטיילן דורך האַס. ער האָט מיט זיין גאַנצן לייב איצט געפילט זייער אומגליק און עלנט.

זיין ערשטער צוזאַמענשטויס מיט קאַרל קראָנע האָט נאָר פאַר־שטאַרקט זיין אחריות־געפיל.

ער איז אָן שום באַוווסטזיין פון אייגענער העלדישקייט אַנטקעגן געקומען דעם גרימצאָרן פון חיהשן לייטענאַנט. אָן שום פּאָזע איז ער

געגאַנגען צו די סלופּעס און געמאָנט זיין חלק אין דער עקזעקוציע. ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש צו ווערן געהאַנגען צוגלייך מיט אַנדערע.

די געפאַנגענע אָבער האָבן יאָ אָפּגעשאַצט זיין העלדישקייט, נישט געקוקט אויף דער בהמהשער געפאַלנקייט זייערער. פאַר דעם דאָלמעטשער ביסטריצקי האָבן זיי באַקומען גרויס דרך־ארץ און זענען גרייט געווען פאַר אים אין פייער און אין וואַסער.

און דער ערשטער אַרויסטריט זיינער אין די פּאָליעסער וועלדער האָט שוין אַוועקגעלייגט דעם גרונט־טאָן צו אַלע זיינע ווייטערדיקע באַגעגענישן מיט קאַרל קראָנע. זיי האָבן זיך אָפּן און ליידנשאַפטלעך פיינט געהאַט. דער דאָלמעטשער איז אַרומגעגאַנגען מיט געשוואָלענע אָרעמס פון דער עקזעקוציע, פון הענגען צוויי שעה אויף די הענט און מיט בלוטיקע צייכנס פון דעם לייטענאַנטס שפּיצרוט.

און פאַר דעם לייטענאנט איז געווען גענוג, ער זאָל דערזען דעם דאָלמעטשער פון דער ווייטן, אַז די האנט מיט דער שפּיצרוט זאָל זיך אים אַ הייב טאָן.

אָפט אָבער האָט קאַרל קראָנע נישט דערזען דעם דאָלמעטשער, נאָר דערשפּירט אים אין דער נאָענט, פון דער זייט, פון הינטן ערגעץ.

ביסטריצקיס פיינצטער־חוצפּהדיקער בליק פון אונטערן שטערן איז געוואָרן קאַרל קראָנעס שוואַך אָרט. ביסטריצקיס בליק פון אָפענער און געפערלעכער שנאה האָט אים פאַרפאָלגט און געררייצט און גלייכצייטיק פאַרשאַפן אַ פאַרשטענדלעכן תענוג, ווי עפּעס אַ מין האַזאַרד, אַ געפערלעכע שפּיל.

דאָס איז געווען די ליבשאַפט פון שנאה. דער לייטענאנט האָט זיך צוגעבונדן צו ביסטריצקין, געבענקט נאָך זיין אָנוועזנהייט. ער וואָלט זיך פאַר קיין פאַל נישט געשיידט מיט זיין דאָלמעטשער, וועלכן ס'איז אַזוי אָנגענעם אָפּצושינדן מיט דער שפּיצרוט צווישן די אויגן, וואָס דער בלוטיקער צייכן האָט שוין אויפגעהערט צו פאַרגיין.

3

# אויסגעחשבונט

געגנוג פיינלעך איז אַליין די געפאנגענשאַפט. צען מאָל פיינלעכער איז צו זיין אַ געפאנגענער אויף דער היימישער ערד, אין די היימישע וועלדער.

דער דייטש האָט זיך דאָ ברייט צעלייגט מיט זיין באַלעבאַטישקייט, ווי ביי זיך אין דער אייגענער היים. דורך די אורואַלטע זומפּיקע וועלדער שניידט ער דורך אַ שאָסיי. די מלחמה וועט אַריבער און דער שאָסיי וועט בלייבן. מיט דעם דייטשס ברכה וועט דורך דער זומפּיקער געגנט אַ שפּרייז טאָן די אייראָפּעאישע קולטור, אַ שפּרייז טאָן אין אַזעלכע ווינקעלעך, ווו פּויערים האָבן נאָך ביז היינטיקן טאָג מורא אָפּצושערן די קאָלטענעס, אַז די קרענק זאָל חלילה אין די געבליטן נישט אַריין. אָבער דער דייטש פאַרטראַכט זיך נישט איבער זיין קולטור־אויפטו. ער שניידט דורך וועגן, כדי לייכטער און זיכערער זיך אַריינצושניידן מיט זיינע שווערע האַרמאַטן און טאַנקען אין האַרץ פון רוסלאַנד — אין שונאס האַרץ.

דער דאָלמעטשער ביסטריצקי האָט צייט גענוג נאָכצודענקען וועגן דעם צווייפלהאַפטן ווערט פון מענטשלעכע קולטור־דערגרייכונגען.

אין זיין האַרצן שאַפט זיך אַ ליד אָן ווערטער, אַ שטומע פּאָעמע וועגן אַ ריזיקער דינאַמיט־באָמבע, מיט וועלכער מען זאָל קאָנען אויפרייסן, אויב נישט די גאַנצע וועלט, איז כאָטש אַ שטיק אייראָפּע און אָפּמעקן פון אויבערפלאַך איר קולטור־ליגן.

אָט רירן זיך, באַוועגן זיך די ריזיקע שאָסיי־מאַשינען, דער לעצטער געשריי פון דער דייטשער טעכניק — שטאָלענע גולמים, וואָס טרינקען בענזין און צעקייען דערפאַר שטיינער, צעמאָלן זיי אויף קרישקעלעך, גיסן אַספאַלט און פרעסן דעם באָדן — אַלץ פאַרן איינציקן טרונק בענזין.

זייער שווינדלדיקער בלאַנקער מעכאַניזם, פּרעציז און מעכטיק, דערמאָנט אין זיין באַוועגונג די לעבעדיקע בלוט־צירקולאַציע, אַלץ איז אין די באַוועגונגען צוועקמעסיק און שפּאָרעוודיק־באַרעכנט.

און אַט, צען טריט ווייטער זיצן אין שיטערע רייען די קריגס־געפאנגענע שטיינהעקער ביים וועג. איינגעהויקערטע געשטאלטן. זיי האַלטן דעם שטיין מיט די פאָרמלאָזע, אין שמאַטעס איינגעוויקלטע פיס, זיי הייבן און לאָזן פאַלן דעם האַמער נישט רעגלמעסיק און אַפּאַטיש. אַכט צענטל פון זייערע נישט פלייסיקע אָנשטרענגונגען גייט אינגאנצן לאיבוד, ווערט צערונען אין אומגייטיקייט, זיי זעען אויס ווי די אור־אלטע מאַלפּעס, פּירהענטיקע באַשעפענישן, ארומגעריסענע און ווילד־באַוואקסענע. מען האָט זיי אויסגעלערנט צו באַנוצן זיך מיט געצייג, דערהויבן און אַראָפּלאָזן דעם האַמער. אָבער די צוועקמעסיקייט פון זייערע אייגענע באַוועגונגען פאַרשטייען זיי נישט. דאָס זעט מען פון זייערע טעמפּע מידע אויגן אַרויס. עס פעלט זיי די מדרגה: מענטש!

מענטשלעכע מדרגה — דאָס איז דאָס שמוציק־רויטע פּאַסיקל אויפן צעקנייטשטן מיצל פון בערדיקן לאנדשטורמיסט מיט דער זעג־פּיקע, וועלכע שפּאַנט אַרום צווישן די שטיינהאַקער הין און צוריק.

שטיינהאַקער ־ קאַטאָרזשניקעס פון דער אוראַלטער רוימישער שטיינהאַקעריי, קאַטאָרזשניקעס צום באָדן צוגעשמידטע, מיט זעג־פּיקעס באַוואכטע. ווו איז דאָ דער עודף פון צוויי טויזנט יאָר קולטור?

און די נייע רוימער — די בערדיקע לאנדשטורמיסטן — שפּאַנען מיט בערישע אומגעלומפּערט לאנגוויילִיקע טריט. זייערע סאַמעטענע הויזן זענען אומגעלומפּערט קורץ און איבער די כאָלעוועס אַריבערגע־לאָזט און אויף די קני אויסגעבויכט. און די שטיוול אַליין — פּנימלאָז און פאַרבלאָז — אַ שרעק, ווי אַ בעקער וואָלט זיי געמאַכט. אָבער דאָך — אַ מענטשלעכע מדרגה.

— אימער שנעלער! אימער שטאַרקער! — מונטערן זיי מיט אַ הייזעריקן געקריי די אַפּאַטישע שטיינהאַקער.

דאָס איז זייער טאָן — קרייען.

און פון דעם פרומען פּאַטריאָטישן קריי, מיט וועלכן זיי ווילן דייטשלאנדס זיג דערנענטערן, שטיקט זיי שוין די לאנגווייליקייט אין האַלדז. זיי פאַרמאכן די אויגן קרייענדיק, און פאַרקרימען זיך, ווי זיי וואָלטן איינגענומען אַ ביטערן פּיל.

און די געפאנגענע הייבן טאַקע די האמערס „אימער שנעלער, אי־מער שטאַרקער“, ווען ס׳דערנענטערט זיך דער דייטש. קוים דערוויי־

טערט ער זיך אויף עטלעכע טריט, פאַלן ווידער די האַמערס מיד און אַפּאַטיש, נישט פאַר די כוחות פון אויסגעהונגערטע הענט.

ביסטריצקי האָט אַרומצולויפן איבערן שאָסיי און אָנשפּאַרן צו יע־דער צייט אין יעדן אָרט, וווּ עס ברעכט אויס אַ סיכסוך צווישן אַ דייטש מיט אַ שטיינהאַקער.

אויב ביי די געפאנגענע האָט ער זיך געוווינען דעם צוטרוי, איז ער ביי די לאַנדשטורמיסטן זייער אָנגענומען דערפאַר, וואָס מיט זיין פיגור, מיט זיין האַלטן זיך, מיט זיין אַרט גיין און ריידן דערמאָנט ער זיי דעם לייטענאַנט פאַר וועלכן זיי ציטערן — קאַרל קראָנע.

זיי באַוווּנדערן אים און ביסטריצקי ווייס דאָס. פאַר די פאַר וואָכן, וואָס ער געפינט זיך אויפן שאָסיי, איז ביי אים געוואָרן רגילות, נאָכ־צוקרימען דעם לייטענאַנט נישט נאָר מיט זיינע גענג, נאָר אַפילו מיט זיין זידלען זיך.

דעם לעצטן שניט מיט דער שפּיצרוט האָט ביסטריצקי געכאַפּט פון קאָמענדאַנט דווקא פאַר דער דאָזיקער אַרטיסטישער פעאיקייט זיינער.

איינער אַ יידל האָט פאַרמסרט און דער קאָמענדאַנט האָט אונ־טערגעהערט, ווי דער דאָלמעטשער קרימט אים נאָך.

אָבער ביי די לאַנדשטורמיסטן האָט דער דאָלמעטשער מיט דעם אויסגענומען. זיי האָבן אַליין געציטערט פאַרן אכזריותדיקן קאָמענ־דאַנט און געזען אָן אים אַ שטיקל נקמה אין ביסטריצקיס נאָכקרימעניש. אגב האָט עס ביסטריצקי געמאַכט אויסגעצייכנט און ס'איז געווען אַ געלעגנהייט מיט אַ פאָר מינוט לאַכן איבערצורייסן די מוראדיקע לאַנגווייליקייט.

דער רויט־בערדיקער בייער מיט די פויגלשע בלויע אויגן האָט אַפילו אַרויסגעוויזן זיין מיטלייד צום געשלאָגענעם דאָלמעטשער.

— האָסט גליק, מענטש, וואָס אונדזער לייטענאַנט האָט דיר דעם קאָפּ נישט געשפּאָלטן. ער קאָן דאָס אויך.

יאָ, ער קאָן לייכט אַ מענטשן דערהרגענען — האָט צוגעשטימט ביסטריצקי — גלויב מיר, קאַמראַד, איך בין קיינמאָל מיטן לעבן נישט זיכער. ווען וועט ער שוין נעמען אורלויב, דער מערדער? ווען ווערט מען שוין פּטור פון אים? כאָטש אויף אַ צייט.

אַז דער קאָמענדאַנט האַלט ביים נעמען אורלויב — דאָס האָבן די לאַנדשטורמיסטן געוווסט. מען האָט אַפּילו געשמועסט, אַז ער האָט שוין דעם אורלויב אין קעשענע. ער האָט אָבער צוליב זיין פּאַטריאָטי־שער פלייסיקייט געוואָלט פריער איינאָרדענען די נייע לעצטע פּאַרטיע ביי דער אַרבעט. איצט זענען זיי שוין פּאַרטיילט געווען אין דריי גרופּעס, געאַרבעט אויף דריי אָפּשניטן, ביי אַ פּופּצן קילאָמעטער איין גרופּע פון דער צווייטער. דער קאָמענדאַנט האָט זיין אויפגאַבע אויף זיין שטייגער גלענצנד דערפילט און ס'איז אויסגעקומען, אַז ער נעמט נישט דעם אורלויב בלויז צוליב דער האַרציקער שנאה זיינער צום דאָלמעטשער ביסטריצקי, אַז ער קאָן זיך נישט שיידן מיט אים, סיידן ער זאָל אים מיטנעמען.

ווען ביסטריצקי האָט גערעדט מיטן בייער, האָט ער, ווי אַלעמאָל אין אַזעלכע פאַלן, געהאַלטן אַ נאָס טיכעלע ביי דער צעשמיסענער באַק, אַז די צייכנס זאָלן אָפּגיין. און דער בייער — אַ פּשוטער מענטש — האָט אים געוואָלט פאַרגלעטן פאַר זיין ווייטיק מיט אַ קלוגער עצה.

— וואָס טויג דיר, מענטש, צו ריזיקירן מיט דיין פעל און רייצן זיך מיט אונדזער קראָנע. אונדזער קראָנע איז אַ האַרטער נוס. מיט אים שפּאַסט מען נישט. אַפּילו באַקלאָגן זיך איז נישטאָ פאַר וועמען. דיין לאַגע — ווייסטו דאָך: אַ רעכטלאָזע. און ער, קראָנע, האָט אַ צד אין די הויכע פענצטער. ווען נישט דאָס...

דעם בייערס בלויע אייגעלעך האָבן אומגעריכט ווי שטאָלענע חלפים אַ בלאַנק געטאָן. ער האָט אָבער נישט דערערדט.

און ביסטריצקי האָט אים אָנגענומען פאַרן קנעפּל און זיך שע־מעוודיק פאַרטרויט, אָן דער זייט קוקנדיק. בעת ער האָט גערעדט מיט עמעצן וועגן לייטענאַנט, האָט ער שטענדיק געקוקט אָן אַ זייט, צו דער ערד־צו.

— איך ווייס נישט, קאַמראַד, וואָס עס טוט זיך מיט מיר. איך האָב אַ שוואַכן כאַראַקטער. אַז איך דערזע דעם קראָנע, פאַרליר איך דאָס גלייכגעוויכט און איך זוך אַ מיטל אים אָנצוטרעטן אויפן הינער־אויג. איך האָב אַ שוואַכן כאַראַקטער.

— אָ — כאָ — כאָ ! — האָט זיך דער בייער פלוצלונג צעלאַכט

— דו קרימסט אים נאָך אויסגעצייכנט, דאָנער־וועטער! ביסט געווען אַן אַקטיאָר פאַרן קריג, יאָ?

— נו, געוויס — האָט ביסטריצקי שעמעוודיק זיך מודה געווען.

— מענטש! קום נאָכן קריג קיין דייטשלאַנד! וועסט דאָרט מאַכן אַ קאַריערע.

— אויב דיין קראַנע וועט מיך פאַרן אורלויב נישט צורעכט מאַכן.

— אָ — כאָ — כאָ! היט זיך, ביטרישקאַ! דעם אָפּגעהיטן היט גאָט.

יאָ, ביסטריצקי האָט געוווּנען די פולע סימפּאַטיע ביי דעם בער־דיקן בייער. ער האָט יענעם אָפּגעקויפט מיט זיין שעמעוודיקייט, אָפּנ־האַרציקייט און שוואַכן כאַראַקטער, צוליב וועלכן ער קריגט געשניטן...

לענג אויס דעם רויען שאָסיי זיצן מענטשן־מאַלפּעס און האַקן דעם שטיין, וועלכן זיי האַלטן צו מיט די שמאַטעס־באַוואַקסענע פיס. די הענט זענען אָפּגעשוואַכט, די טיף אַריינגעזעצטע אויגן בלאַנדזשען אַרום מיט אַ הונגער־פיבער. די איינגעשרומפּענע מיילער זענען מעלה־גירה.

וואָס קייען זיי? דאָס קייען זיי יונגן פערדישן שטשאַוו און גראָז, וואָס זיי האָבן אָנגעריסן ביים וועג און באַהאַלטן אונטערן געזעס, אַז דער דייטש זאָל זיך נישט כאַפּן ביי דער גנבה. פון דעם בהמהשן מאַכל איבלט, אַז די אויגן פאַרקריכן אונטערן שטערן. אָבער דער ליידיקער מאָגן איז אומרחמנותדיק. מען מוז אים מיט עפּעס אָפּנאַרן.

און אָט זיצט דער געפאַנגענער גריגאָריעוו — אַ מענטש מיט אַ טאָטעריש אַרומגעראַזירטן פיין־געבויטן קאָפּ און מיט קליינע אויערן. הינטער די אויערן זענען פאַרלייגט די אייזנדלעך פון זיינע ברילן — זיין פאַרמעג, וואָס ער האָט טאַקע אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ סיי אויפן פראָנט, סיי אין געפאַנגענשאַפט. אָן די ברילן איז ער אַ בלינדער.

ביסטריצקי האָט נישט איינמאָל געכאַפּט מיט אים אַ געמיטלעכן שמועס — מיט דעם אינטעליגענטן גריגאָריעוון — דעם רוסישן פאָלקס־לערער, וועלכער טראָגט דעם יאָך פון זיין געפאַנגענשאַפט מיט אַזאַ מערקווערדיקן ערנסטן סטאָאיציזם.

ער וואָלט איצט אויך בדעה געהאַט צו גיין צו אים. אָבער וואָס טוט ער — גריגאָריעוו? ער האָט זיך באַנוצט מיט די פּאָר מינוט, וואָס

דער „אימער שנעלער, אימער שטאַרקער" האָט זיך היפּשלעך דערוויי־טערט און האָט אויסגעטאָן די גרויע העמד פון לייב. ער זוכט לייז — גריגאָריעוו. ער זוכט זיי מיט די קורצזיכטיקע אויגן, ווי פינטעלעך פון ישובֿים אויף אַ לאנד־קאַרטע. און געפּאַקט אַ לויז, האַלט ער זי צווישן די פינגער׳, באַטראַכט זי, צי איז ער זיך נישט טועה געווען, דאַן מאַכט ער צו פאַרצוויפּלט די אויגן און שטופּט די לויז צו זיך אין מויל אַריין. הונגער!

ביסטריצקי פאַרקרימט זיך ווי פון צאָן־ווייטיק, כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ און לאָזט זיך לויפן מיט אַן אויסגעצויגענעם קרעכץ.

גריגאָריעוו מיט זיין יאכט איבער דער העמד פאַרפאָלגט ביס־טריצקין ביי דער נאַכט אויף זיין געלעגער. יעדעס מאָל, ווען דאָס בילד בליצט אויף פאַר זיין דמיון מיט אַ דראַסטישער בולטקייט — טוט עס אים אַ שפּאַר אונטערן האַרץ. דאַן מוז ער אַראָפּשפּרינגען פון דער הוי־כער קויקע און לויפן צום צעבער אין ווינקל אָפּברעכן. וועגן איינ־שלאָפן איז גאָר קיין רייד נישטאָ.

ביסטריצקיס גרופּע האָט אירע צוויי באַראַקן, צו הונדערט און פופציק מאַן אין יעדערן. שלאָפט מען אין דריי שטאָק: אויף נאַרעס ביי דר׳ערד׳, אויף מיטלסטע וואַנט־בעטלעך און אויף פּאָליצעס אונטערן פּולאָפּ.

אויף די נאַרעס שפּרינגען אַרום שטשורעס און פרעסן די שלאָ־פּעדיקע לעבעדיקערהייט. עס טרעפט זיך אָבער אַמאָל פאַרקערט. דער טוליאַק איוואַן סיטניקאָוו האָט די טעג אויפגעוועקט די קאָמפּאַניע מיט אַ ווילדן געלעכטער:

— אוי, בראַטצי מאַאי, אַ פליישיקער ביסן! טפו!

דאָס האָט ער פאַר שרעק פאַרהאַקט די ציין, ווען אַ שטשור האָט אים דאָס קעפּל אין צעכראָפּעטן מויל אַריינגעשטעקט.

אויף די אויבערשטע פּאָליצעס איז מען געזיכערט פון די שטשו־רעס. דערפאַר אָבער איז דאָרט אומדערטרעגלעך דער געשטאַנק, וואָס שלאָגט פון צעבער אין ווינקל, ווו אַלע געפּאַנגענע דערליידיקן זייערע באַדערפענישן. ביסטריצקיס געלעגער איז אַ פּריווילעגירטער: אויף דער מיטלסטער קאָיקע און ווייט פון צעבער. אָבער די נאַכט איז פאַר אים אַן אָפּקומעניש.

ער פילט זיך אונטערן ריזיקן פּרעס פון דער שאָסיי־מאַשין, די געפאַנגענשאַפט פּרעסט פון אים די דמים אַרויס. עס דוכט זיך אים אין דער פינצטער, אַז עס שפּריצט אים דאָס בלוט פון די אויגן. ער מוז לעבן! צוליב נקמה אַליין מוז ער לעבן און פריי זיין! דער געדאַנק וועגן קאַרל קראָנע מאַכט אויפזידן זיין בלוט ביז צו די ווייטסטע פאַרבאָרגנס־טע ווינקעלעך פון זיין וועזן.

און דער מוח בושוועט מיט פּלענער, איינער דרייסטער און פאַנ־טאַסטישער פאַרן אַנדערן. אָבער ביסטריצקיס צעהיצטע ביינאַכטיקע פאַנטאַזיע האָבן אַלע די אייגנשאַפט פון זיינע אַמאָליקע סוחרישע קאָמבינאַציעס: זיי זענען פּינקטלעכע מאַטעמאַטישע אויסרעכענונגען, אַלע מעגלעכע און דורכפירבאַרע ביי אַ געוויסער אַנטשלאָסנקייט. יעדער פּלאַן איז ביי אים גרינדלעך אויסגעאַרבעט און צוגעפּאַסט צו אַ באַ־שטימטער צייט, פאַר אַ באַשטימטן אָרט. און אַלע וועגן פירן קיין רוים: צו נקמה אָן לייטענאַנט און צו באַפרייאונג פון געפאַנגענשאַפט.

די ריזיקע ענערגיע, וואָס האָט אין דעם מענטשן אָפּגעשלאָפן אי־בער אַ יאָר צייט, האָט זיך איצט אויפגעכאַפּט און קאָנצענטרירט בלויז אויף די צוויי פּראָבלעמען: נקמה און פרייהייט. און אונטערן צייכן פון די פּראָבלעמען און אונטער דעם קאָנטראָל פון זיינע ביינאַכטיקע פּלע־נער האָט ביסטריצקי פאַרבראַכט יעדע רגע פון זיין טאָג, צו זיי האָט ער צוגעפּאַסט אינסטינקטיוו די מינדסטע האַנדלונג זיינע.

ער איז שטענדיק געווען אויף דער וואַך. גרייט געווען צו יעדער מינוט און צו יעדער געלעגנהייט. ווי אַ געניטער שאַך־שפּילער האָט ער געקאָנט אויסרעכענען זיבעצן צוגן פאָרויס.

פאַרטאָג, ווען ער האָט איינגעדרעמלט, האָט אים אויפגעוועקט דער אויפזעער און גערופן פון באַראַק אַרויס. זיך אויפזעצנדיק אויף דער קאָיקע האָט ביסטריצקי שוין וואַכיק קאָמבינירט וואָס פאַר אַ מעג־לעכקייטן אויסצונוצן, אויב דער איצטיקער מאָמענט וועט זיין דער פּאַ־סיקסטער צום פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער.

האַלב אָנגעטאָן איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון באַראַק און מיט אַ הייסער פרייד זיך אָנגעשטויסן אויף דעם פייניקער קאַרל קראָנע. אין דער טונקלקייט פון פאַרטאָג איז פאָרגעקומען צווישן זיי דער כאַראַק־טערער בליקן־אויסטויש פון צוויי אויף טויט־פאַרליבטע שונאים.

דער קאָמענדאַנט האָט געהאַט זיין צימער אין יעדן באַראַק, ביי יעדער גרופּע. מען האָט קיין מאָל פאַרויס נישט געוווּסט, ווו ער וועט טאָגן און ווו ער וועט נעכטיקן.

ער פלעגט אויסוואַקסן פּלוצלונג, ווי אַ שד פון דער בלאָטע, און דאָרט, ווו מען האָט זיך אויף אים אַמווייניקסטן געריכט.

איצט איז ער געשטאַנען פאַרן באַראַק, אָנגעשפּאַרט אָן זיין גרוי, אָנגעזאָטלט פערדל און, ווייזט אויס, זיך געקליבן תיכף אין וויטערן וועג אַריין. פאַר אומגעדולד האָט ער זיך געשמיסן מיטן שפּיצרוט איבערן האַנט.

— גריס גאָט, הער לייטענאַנט.

— אַ, ביסטריצקי! איינס און צוויי. טו דיך אָן, קום צום דריטן אָפּשניט. דאָרט איז דער דאָלמעטשער קאַפּוט.

דאָס איז געווען כמעט ווי אַ פאַרשעמטע און הייזעריקע דער־קלערונג פון אַ פאַרליבטן מאַן צו זיין געליבטער, ווען ער איז זיך מודה, אַז אין שיכרות פון בענקשאַפט נאָך איר האָט ער דערוויייל מאַנס גע־ווען אַן אַנדערע.

דאָס האָט ער פיינט געהאַט ביסטריצקין און קאַפּוט געמאַכט דעם דאָלמעטשער פון דריטן באַצירק. נישט אומזיסט האָט עס אים געטריבן אַ שפּראָץ אויף טאָג צו קומען וועקן ביסטריצקין.

— יאַוואָל, הער לייטענאַנט!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט דער רויט־בערדיקער בייער געריבן די פאַרשלאָפענע אייגעלעך, ביז עס האָט זיך אויסגעפּיקט זייער נאַרישע פויגלשע בלאָקייט.

— אַך, מענטש! וואָס וועקסטו מיך אַזוי פרי?

— בלייב געזונט — קאַמראַד! — האָט ביסטריצקי אים אין האַנט געשטופּט עפּעס אַ פּאַפּירל מיט אַ פּאָר גאָלדענע מטבעות. — אויב איך קום נישט צוריק — שיק אָפּ דאָס בריוועלע קיין וואַרשע. איך גיי מיטן קאָמענדאַנט.

— אַליין מיט אונדזער קראָנע? היט דיך, מענטש! דעם אָפּגעהיטן היט גאָט!

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן. אָבער אַנשטאָט דעם האָט ער

זיך צעגענעצט און די בלויע אייגעלעך האָבן זיך ווידער צוגעמאַכט אין אַ זיסן דרעמל.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט ער זיך דאָך אויפגעכאַפּט. אין דרעמל איז אים צו חלום געקומען ביסטריצקיס לעצטער בליק, וואָס איז אַזוי נישט ענלעך געווען צו זײַנע שעמעוודיק אַראָפּגעלאָזטע אויגן. אַ וואָכיקער און אַן אויפגערודערטער — באַטראַכט ער די וואָגיקע גאָלדענע מטבעות, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין פויסט פאַרקוועטשט, באַטראַכט דאָס פרעמד־שפּראַכיקע בריוועלע, און אַ באַרוועסער אַרויס אין דרויסן.

צווישן צוויי פינצטערע וואַלדיקע ווענט האָט אין דער גרויקייט פון באַגינען זיך אַרײַנגעשניטן די רויע ווייסקייט פון שאָסיי. דאָרט האָבן צוויי משונהדיקע געשטאַלטן זיך הוידענדיק דערווײַטערט: אַ ריז מיט אַ קאַרליק. דאָס איז געווען קאַרל קראָנע אויף זײַן רײַט־פערד און דער דאַלמעטשער ביסטריצקי — צופוס.

איז דער בייער געווען דער לעצטער, וואָס האָט זיי צום לעצטן מאָל געזען מיט זײַנע בלויע אייגעלעך.

צום דריטן באַצירק זענען זיי נישט אָנגעקומען און צוריק אין באַ־ראַק זיך נישט צוריקגעקערט.

אויפן דריטן טאָג האָבן אָרטיקע פּויערים אַרויסגעצויגן פון וואַל־דיקן זומפּ דעם אומגליקלעכן דאַלמעטשער, אינגאנצן אַ צעפּרעסענעם פון וואַלד־שטשורעס נישט צום דערקענען. אָבער די דאָקומענטן זענען געווען ביי אים אין פולער אָרדענונג. מען האָט אויך געפונען עטלעכע רוסישע אימפּעריאַלן, אײַנגענייט ביי אים אין אונטערשלאַק. אַפילו די שטיוול זענען געווען נישט גערירט. איז דאָס קיין רויב־מאָרד זיכער נישט געווען.

די דײַטשן האָבן דערלאָזט דעם געדאַנק, אַז קאַרל קראָנע האָט דעם דאַלמעטשער אָפּגעשיקט אַליין צום דריטן באַצירק, און יענער, אַנשטאָט צו גיין מיטן גלײַכן וועג, האָט זיך פאַרנומען אָן דער זײַט, צו אַ פּוי־ערטע אין דאָרף. האָבן די פּויערים אים צורעכט געמאַכט אויס נקמה. און אפשר איז דער דאַלמעטשער שיכור געווען, און אפשר האָט ער זיך פרײַוויליק דאָס לעבן גענומען אויף אַזאַ משונהדיקן אופן. ווער וועט דען אין אַזאַ גרויסער צײַט זיך פאַרנעמען ערנסט מיט דעם טויט פון אַן אומגליקלעכן קריגס־געפאַנגענעם דאַלמעטשער?

בלויז די בערדיקע לאַנדשטורמיסטן פֿון ערשטן באַצירק האָבן זיך אָנגעשטויסן, וועמעס שטיקל אַרבעט דאָס איז. די זאַך איז זיי באַזונ־דער אַריין אין נאָז, ווען ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז קאַרל קראָנע איז טאַקע אַוועק אין אורלויב. ער באַווייזט זיך נישט מער. דאָס האָט זיין רוצחיש בלוט אים נישט דערלויבט קיין אורלויב צו נעמען, ביז ער וועט נישט פֿאַרטיק מאַכן דעם פֿאַרהאַסטן דאַלמעטשער.

— יאָ, דער מענטש האָט געהאַט אַ פֿאַרגעפּיל! — האָט דער רויט־בערדיקער בייער מעלאַנכאָליש אָפּגעזיפֿצט. — אָבער איך האָב אים דאָך געוואָרנט.

און פּלוצלונג:

— כאָ — כאָ — כאָ! ווי ער פֿלעגט עס קונציק אים נאָכמאַכן! אַ שאָד. אַן אמתער אַקטיאָר געווען! און ערגעץ אין אַ הינטערשטער הויזנקעשענע האָבן אים געביסן די באַהאַלטענע צוויי אימפּעריאַלן מיטן צעטעלע — דער לעצטער אָנדענק נאָכן טראַגיש אומגעקומענעם דאַל־מעטשער.

**4**

# די פֿילאָסאָפֿיע פֿון ברויט מיט פּאָווידלע

אַ סאָלידער הער אין גאָלדענע ברילן, אָבער אין אַן אָפּגעטראָגע־נעם דעמי־סעזאָן מאַנטל און אין אַ פֿאַרמלחמהדיקן קאַפּעליוש מיט ברייטע ראַנדן האָט פֿאַרזיכטיק געשפּאַנט פֿאַרביי די מויערן און ביידע הענט זענען אים פֿאַרנומען געווען. אין דער רעכטער האַנט האָט ער גע־טראָגן אַ גראָבן שטעקן, געטראָגן אים פֿאָרזיכטיק, ווי אַ גלעזערנע וואַזע. אין דער לינקער — אַ קליין רענצעלע, אויך אַזוי פֿאָרזיכטיק, ווי דערין וואָלט געלעגן אַ באָמבע.

אַזאַ מין גענגעלע האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי לעאָן ברוינערן אין דער צייט פֿון דער דייטשישער אָקופּאַציע. אַ מענטש דאַרף זיין פֿאַר־זיכטיק. און צוליב פֿאָרזיכטיקייט פֿלעגט ער פֿון דער ווייטן נאָך אָפּ־טרעטן דעם וועג יעדן דייטשישן אוניפֿאָרמירטן באַאַמטן אין זיין שטייפֿן היטל מיט דער אויפֿגעשטעלטער דענקע, ווי אַמאָל פֿלעגן טראָגן די רוסישע „מאָראָזשעניקעס".

לעאָן ברוינער איז איצט געגאנגען צוריק פון דער באַן, ווו ער האָט אַ נייטיקן צוג פאַרשפעטיקט און אויף זיין סאָלידן פּנים האָט זיך אָפּגעשפיגלט אַ קליין ביסעלע שעמעוודיקייט און מורא, אַז אָט די אַלע אוניפאָרמירטע, מאַשינעלע און פינקטלעכע דייטשן זאָלן זיך נישט אָנשטויסן, אַז דאָס קומט זיי אַנטקעגן אַ שלימזלדיקער פאַרשפּע־טיקער.

גייענדיק צוריק אין שטאָט האָט ער זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער פאַרגיין אַהיים אויף די פּאָר שעה ביזן צווייטן צוג, צי זאָל ער זיך שלינג און שלאַנג אַרומדרייען איבער די גאַסן. פאַר אַ סאָלידן שריפטשטעלער איז אַזאַ צופעליקער שפּאַציר אַמאָל איינע פון די וויכ־טיקסטע זאַכן.

אויף בעליאנסקע האָט ער באַמערקט, אַז די רייכטימער פון דער וועלט זענען פאַרטיילט לגמרי נישט יושרדיק.

אויף איין זייט גאַס, דווקא אויף דער שאָטנדיקער, האָבן די גרויסע שויפּענצטער פון די פיין־פּרעסערישע שפּייז־געוועלבער ממש די אויגן געריסן מיט דעם איבערפלוס פון כל־טוב. און פון וואַנען האָבן זיך עס דאָ גענומען אַזויפיל שפּייז־געוועלבער?

גאַנצע לאקסן זענען פון די פענצטער אַרויסגעקראָכן מיט דעם גוטמוטיקן פּעטן שמייכל פון זייערע ראָזע, אויפגעשניטענע בייכער. איבערגעשניטענע שווייצער־קעז, פּיראַמידן גאַנצע, האָבן אַלט גע־טרערט מיט די טויזנט אויסגערונענע אויגן־לעכער. אויף אַן אייפּל־טורעם פון סארדינען־שאַכטלען איז געזעסן אַ קלוגער אַנאַנאַס און ווי אויסגעקוקט אויף אַ שריפה. און שאָקאָלאַד, טערקישע ניס, רייך מונ־דירטע קאָנפעטן זענען געווען אָנגעשאָטן ווי שטיינער — ממש, כאָטש נעם ברוקיר די גאַס מיט זיי. גאַנץ באַזונדער האָט זיך געבלויט אַ קופּע אָנגעהאַקטער היטל־צוקער — עכטער פאַרמלחמהדיקער צוקער, אָן ראַ־פינאַד. און אויף אַ בכבודיקן אָרט האָט זיך געהנדלט אַ טונקל לעקעד־ברויטל — עכטער פּומפּערניקל.

און אויף דער אנדערער זייט גאַס — אויף דער זוניקער, זענען ביי די גרעל־געלע ווענט געזעסן אין אַ ריי גוססדיקע בעטלער־קינדער. גסיסה איז נישט עפּילעפּסיע, וואָס יעדער פּעאיקער שנאָרער מיט אַ מויל צעקייטן זייף קאָן עס נאָכמאכן. צו גסיסה דאַרף מען טאַקע האָבן

אַ שעת הכושר: מען דאַרף טאַקע האַלטן אין גוססן. איז דאָ געזעסן אַ ריי פון הונגעריקע גוסס־קינדער אין זייער פאַנטאַסטישן ברוד און פאַנטאַסטישע שמאַטעס מיט פאַרבויגענע קעפּלעך אויף דין־ביינערנע העלדזלעך, מיט הענטלעך ווי די קברים־גאָפּלען — טונקל פּיאָלעטע פינ־גערלעך מיט בלויע נעגל. די, וואָס האָבן געקאָנט פּישטשען — האָבן געפּישטשעט. די וואָס מען האָט זיי אַריינגערוקט אין האַנט אַ סקאָ־רינקע ברויט — האָבן נישט געהאַט קיין כוח צו קייען און צו שלינגען.

אַזוי זענען געזעסן די גוססדיקע הונגער־קינדער, וואָס פּעאיקע בעטלער האָבן זיי אָפּגעדונגען ביי די עלטערן און געוויזן פאַר דער וועלט.

און לעאָן ברוינער האָט עס צוגעזען מיט זיינע אויגן און זיין האַרץ און האָט דערביי נישט אַ ציטער געטאָן. און זיין האַרץ איז דאָך געווען נישט ערגער ווי ביי אַנדערע מענטשן, אָבער אַז די צייט האָט באַפוילן, אַז פון נערוון זאָלן ווערן שטריק — זענען זיי געוואָרן. צו וויכטיק איז דאָס אייגענע לעבן, אַז עס זאָל נישט מאַכן בלינד און טויב פאַר די צרות פון דער גאַנצער וועלט.

און אגב איז לעאָן ברוינער איצט פאַרנומען געווען מיט הויכע מחשבות. דווקא אָט דער קאָנטראַסט פון דער זויַקער און שאָטנדיקער זייט אויף בעליאַנסקע האָבן אים אויף די הויכע מחשבות אָנגעשטויסן.

זיי האָבן זיך געדרייט — די מחשבות אַרום דער סענטענץ: זיי צופרידן מיטן ווינציקן. אוודאי האָבן תּנאים דאָס צוגעטראַכט אין אַ מלחמה־צייט!

ווען אַ מענטש פון לעאָן ברוינערס שניט — אַ גייסטיקער אַרבע־טער — קאָן איצט טראַכטן וועגן דער גאָלדענער גלאָז טיי מיט די פיינע שטיקלעך עכטן צוקער און וועגן די דריי פענעצלעך ברויט מיט פּאָ־ווידלע, וואָס וועלן זיין אָנגעגרייט אויף זיין טעלערל ווען ער וועט זיך זעצן צום טיש — ווען אַ מענטש קאָן איצט וועגן דעם טראַכטן, איז עס אַוודאי אַ פילאָסאָפישע מדרגה.

אַ מענטש דאַרף האָבן אַ גלאָז טיי און ברויט מיט פּאָווידלע. דאָס דאַרף אַ מענטש, דאַן איז ער דער גליקלעכסטער. לעאָן איז טאַקע גליק־לעך און דאַנקבאַר.

ער איז דאַנקבאַר דעם מלחמהדיקן גאָט, וועלכער באַוועגט זיך דאָ

אָן דער זייט אויף זיין מוראדיקן טאַנק, לאנגזאם און אומברחמנותדיק באַוועגט ער זיך, דריי פערטל וועלט האָט ער חרוב געמאַכט און אים, לעאָן ברוינערן, האָט ער צורו געלאָזט, ווי נישט באַמערקט אינגאנצן.

ער האָט אים נישט דערהויבן און נישט צעטראָטן, נאָר איבערגע־לאָזט אָן דער זייט מיט זיין פילאָסאָפיע פון ווינציקן. און דעריבער טאַקע האַלט זיך לעאָן אָן דער זייט, נעגטער צו די מויערן, ווען ער גייט איבער דער גאַס. און דעריבער טאַקע מיידט ער אויס יעדע העפטיקע באַגעגעניש: טאָמער איז דאָס אַ בייזער שליח פון מלחמהדיקן גאָט?

און ווי לעאָן שפּאַנט אַזוי איבער בעליאַנסקע מיט זיין שטעקן און רענצל און נענטער צו די מויערן — כאַפּט ער אַריין פון דער זייט און פון הינטן אַרום אַ העפטיקן שפּריץ בלאָטע פון אַ פאַרבייפליענדיקן גלאַנציקן מחבל.

אויטאָמאָבילן זענען אַזוי ווי פערד, פון פּראָסטערער און איידע־לערער ראַסע, מיט פּראָסטע און מיט איידעלע נטיות. אָבער אַזאַ איי־דעלער אויטאָ, ווי דער וואָס איז פאַרבייגעפלויגן, זאָל האָבן אַזאַ מיאוסע טבע, ווי שפּריצן זיך מיט בלאָטע — דאָס איז שוין לעאָנען אַ חידוש.

אַגב: די רונדע פּלייצע מיטן פעטן קאַרק און מיטן ספּאָרט־היטעלע, וועלכע האָבן אָנגעטריבן דעם אויטאָ, האָבן אים אַוועקגעטריבן נישט ווייט פאָרויס און טאַקע באַלד אָפּגעשטעלט. דער פעטער קאַרק האָט זיך אָנגעקנייטשט און די ספּאָרט־היטעלע האָט זיך אויסגעדרייט צו לעאָנען מיטן דאַשעק און מיט די פּירקאַנטיקע שוץ־ברילן.

— האַללאָ, הער ברוינער! שוין לאַנג נישט געזען!

ברוינער האָט זיך נישט אויף אַ שפּאַס דערשראָקן פאַרן מלחמה־גאָט. וואָס האָט אים אַזוי פּלוצלונג באַמערקט. צו אים זאָל מען אַראָפּריידן פון אַ גלאַנציקן אויטאָ!

אָבער באַלד איז די שרעק זיינע לינדער געוואָרן. אונטערן דאַשעק מיט די פּירקאַנטיקע שייבלעך האָט ער דערקענט אידעס מאַן, דעם ספּעק־קולאַנט אשר פּאָדלאַסקי, וועלכער האָט זיך לעצטנס גאָר שטאַרק אַרויפגעאַרבעט.

לעאָן האָט געהאַט אַ פאַרעלטערטע שנאה צו אויטאָמאָבילן בכלל. פון דעם טאָג פון פרצעס לוויה, בעת ער האָט געטראָפן זיין באָסיען אין

אויטאָמאָביל אַ שיכורע, איז די דאָזיקע דערפינדונג פון מענטשלעכן זשעני געווען פאַר לעאָנען אַ סימבאָל פון אומגליק און פאַרניכטונג, אַ לעבעדיקער סימבאָל, וואָס טראָגט זיך דורך דער וועלט מיט אַ הייזעריקן שלוקערץ און מיט הונגעריקע גלאָצערס.

און אָט זיצט אין זיין בלוילעכן גלאַנציקן אויטאָמאָביל אשר פּאַד־לאַסקי, דער שותּף פון דעם מענטשן, וועלכער האָט אים, לעאָנען, אומ־גליקלעך געמאַכט און מיט אַ פריינדלעכן זשעסט פון דער לעדערנער הענטשקע ווינקט ער צו אים.

— קומט זשע גיכער, הער לעאָן! וויי, וויי, ווי אַ מענטש האָט עס צייט צו גיין לאַנגזאַם!

— און וואָס האָב איך צו פאַרשפּעטיקן — פּרוּווט לעאָן פילאָסאָ־פירן, און דאָ דערמאָנט ער זיך, אַז די באַן האָט ער טאַקע פאַרשפּעטיקט.

אשרס אויטאָמאָביל טרייסלט זיך דערווייל מיטן גאַנצן שוואַרצ־בלוילעכן ראַסאָוון גוף.

— איך זע, איר גייט מיט אַ רענצל, פון דער באַן אוודאי, טראַכט איך: לאָמיך באַדינען אַ תּלמיד־חכם און אָפּפירן אַ דיכטער אַהיים — האַ, וואָס, נישט אַזוי?

ווען לעאָן האָט זיך מודה געווען, אַז די באַן האָט ער טאַקע פאַר־שפּעטיקט און ער דרייט זיך אַרום שלינג און שלאַנג איבער די גאַסן, האָט אשר זיך דערפרייט.

— טאָ רעדט זשע אַזוי, גאָט איז מיט אייך! זעצט זיך אַריין שנעלער און לאָמיר פאָרן! איך זוך שוין לאַנג די געלעגנהייט צו כאַפּן אַ שמועס מיט אייך.

אשרס פרייד איז געווען אַ קינדישע. דאָס פּנים פון אַן אָפּגעפּרעסן יינגל, אָבער דער טאָן זיינער, כאָטש אַ פריינדלעכער, איז געווען אַזוי באַפעלעריש, ווי דער מענטש וואָלט אויף קיין רגע נישט דערלאָזט, אַז עמעץ קאָן זיך אָפּזאָגן צו טאָן זיין רצון.

— אָבער וווהין וועט איר מיך פירן?

— אַ דאגה האָט איר, מענטש!

דער אויטאָ האָט מיט אַ ווילדער הנאה אַ שלוקערץ געטאָן און מיט אַ ליידנשאַפטלעכן ציטער זיך אָפּגעריסן פון אָרט. לעאָן איז צוגע־

פאַלן מיטן רוקן צו די ווייכע קישעלעך און געבליבן האַלב ליגן מיט אַ ציגישער רחבות.

— מערקווירדיק!...

און געפרעגט האָט ער תמימותדיק:

— ס'אַ „פאָרד“?

— ס'אַ „בענץ“ — קלערט אים אויף אשר אויפמערקזאַם קירע־ווענדיק — אַ „בענץ“ אויף זעקס צילינדערס. צען פאָרדלעך קאָן מען קויפן פאַר דעם געלט. ס'איז אָבער ווערט.

און אשר האָט זיך פלוצלונג און מיט קנאה צעלאַכט.

לעאָן האָט זיך גוט צוגעהערט צו אשרס קינדישן געלעכטער, זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט פון דער זייט צו זיין ערנסטער קינדישער מינע ביים קירעווען און לעאָן האָט אין געדאנק געמאַכט דעם אויספיר:

— ס'אַ קינד... ווי אַ שד.

צוריק מיט אַ יאָר דריי האָט ישראל דער שטריקער אַמאָל אַריינגע־פירט לעאָנען צו אשרן אין טריקאָטאזש־פאַבריק. לעאָן האָט צוליב אַ נאָוועלע געדאַרפט האָבן אַ פּאָר טעכנישע טערמינען פון טריקאָטאזש־פאַבריקאַציע. האָט ער זיך באַקאָנט מיטן פאַבריקאַנט, מיטן חבר־באַלע־באָס, נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ שקאָצישן לאָק צוגעקלעפּט צום פאַרשוויצטן שטערן. פּונקט מיט אַזאַ הנאה האָט אשר דאַן מאָנטירט אַ נייע מאַשין. ער איז דאַן געווען אויסגעשמירט ווי אַ רוח און זיך גע־שפּילט אין פּראָלעטאַריאַט. איצט שפּילט ער אין דזשענטלמענישער שאָפערײ. אָבער ווי גליקלעך דאַרף זיין דער מענטש, אויב ער קאָן פון דעם טייערסטן אין לעבן זיך מאַכן אַ שפּיל!

— און איר, ה' ברוינער, האַלט טאַקע ביים ענדיקן דעם ערשטן טייל פון אייער ראָמאַן? אַזוי אומגעריכט איז געווען די ספּעקולאַנטישע פראַגע, ווי ער וואָלט פּלוצלונג פאַרקירעוועט מיטן אויטאָ אויפן טראָ־טואַר. לעאָן האָט זיך פאַרלוירן, ווי געכאַפּט ביי אַ גנבה.

— ווער' שרייבט עס איצט ראָמאַנען?

— מען ווייס, ה' ברוינער, מען ווייס! וואָסט מיינט איר עפּעס: מיר ספּעקולאַנטן האָבן שוין גאָר קיין אינטערעס נישט פאַר העכערע ענינים?

האָט לעאָן אָפּגעענטפערט מיט אַ שמייכל. ס'הייסט: פאַרשטיי ווי דו ווילסט.

מען איז דורכגעפאָרן אַ שטיק „ניי־וועלט" און פאַרקערעוועט אין אַ שטילער, אַריסטאָקראַטישער גאַס.

— וווהין פירט ער מיך? — איז לעאָן געוואָרן אומרואיק.

ער האָט דערקענט די גאַס פון זיין אומגליק, די גאַס, ווו באַסיע האָט מיט ביסטריצקין געוווינט. און אַנשטאָט וואָס שנעלער דורכצו־לויפן די גאַס, האָט דער אויטאָמאָביל גאָר גענומען גיין איינגעהאַלטע־נעו', ווי מיט דער דעה זיך אָפּצושטעלן. אָט איז דאָס גרויסע שיינע הויז, ווו זי האָט זיך אַראָפּגעשליידערט פון פערטן שטאָק אויף די שטיינער. באַלד וועלן די ברייטע גומענע רעדער זיך לאַנגזאַם אַריבערוועלגערן אי־בער דעם אָרט, ווו עס מוז דאָך נאָך ערגעץ זיין אַן אַטאָם, אַן איבער־בלייבעניש פון איר פאַרשפריצט בלוט און מאַרך.

ביי לעאָנען האָט זיך דאָס האַרץ אָפּגעשטעלט. און דאָ, ביי דעם טויער, האָט זיך טאַקע אָפּגעשטעלט דער אויטאָמאָביל.

— נו, לעאָן, מיר זענען אין דער היים. דאָ ווין איך. קומט, זייט מוחל! אשר האָט אין זיין זעלבסטצופרידנקייט אַפילו נישט באַמערקט וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן און וואָס מיט לעאָנען קומט פאָר.

קיין ליגן האָט ער נישט געזאָגט. דאָ האָט ער טאַקע געוווינט. ער האָט זיך אַריינגעצויגן אין זיין שותפס — ביסטריצקיס פּרעכטיק איינגע־אָרדנטע וווינונג, כדי זי צו ראַטעווען פון דער דייטשישער רעקוויזיציע.

ער האָט לעאָנען געהאָלפן אויסשטייגן פון אויטאָ און אים צוגע־פירט צום פייערלעכן, פּריצישן אַריינגאַנג. און ערשט איצט, צוליב לעאָנס שווערע, וואַקלדיקע טריט, ווי ער וואָלט פלוצלונג קראַנק געוואָרן, האָט אשר זיך אָנגעשטויסן, וואָס דער מענטש דאַרף דאָ איבערלעבן.

אשר האָט זיך אַפילו פאַרוווּנדערט אויף זיין אייגענער גראָבהויטי־קער' נאַרישקייט און קעצישן מוח, פּונקט ווי אויף לעאָנס שוואַכן כאַראַק־טער', ווייל ער האָט געפאָלגט און איז געגאַנגען. ס'איז שוין אָבער שפּעט געווען צו ראַטעווען די סיטואַציע: לעאָן ברוינער האָט מיט זיין רענצל און שטעקל געשפּאַנט אויף די מאַרמאָרנע שטיגן אַרויף, ווי צו דער' עקידה.

און אין לעאָנען איז איצט פאַרגעקומען, שוין נישט צום ערשטן מאָל פאַר דער לעצטער צייט, אַ מאָדנער פּסיכישער פּראָצעס. ער האָט גע־וואָלט פּראָטעסטירן און — רעזיגנירט, אפשר צוליב שוואַכקייט. און

אפשר צוליב אַ שיין פון באַוווסטזיין, אַז רעזיגנאַציע איז אַ לייכטערער און קליגערער וועג ווי פּראָטעסט. און דאָס איז מערקווירדיק, אַז לעאָן האָט שוין אַ פעאיקייט צו קוקן אויף דער גאַנצער געשעעניש אַ ביסל פון דער זייט, מעשה באַאָבאכטער. אין דער איצטיקער רעזיגנאַציע שפּירט ער — ליריק. און אין זיין שטייגן אויף די ברייטע מאַרמאָרנע שטיגן, צו דער טיר פון זיין פאַרלאָפענעם אומגליק — דראַמאַטישן עקזאַטיזם. ווייזט אויס, אַז אַ יאָר צייט איז גענוג, אַז אַ מענטשלעכע וווּנד זאָל זיך פאַרציען מיט אַ גראָב הייטל. און דאָס אומגליק איז שוין געשען הע־כער אַ יאָר. העכער אַ יאָר נאָך איר טראַגישן אומקום גייט ער צו גאַסט צו איר — לעאָן ברוינער. עפּעס אַ פאַנטאַזיע, וואָס פּאַסט פאַר עדגאַר פּאָ.

אָבער אויב ביי לעאָנען איז שוין אָפּגעטעמפּט די וווּנד, איז ער דאָך פאַרבליבן אַ מענטש מיט אַ שאַרפן חוש הריח. און שוין ביי די ערשטע טריט אין די צימערן דערשפּירט ער אַ מין דופט־זכר פון איר לעבעדיק לייב. דער ריח פון איר לעבעדיק לייב האָט זיך נאָך נישט אויסגעוועבט פון דער ווינונג. ער איז מאַטעריאַליזירט געוואָרן אין דער לופט, אין די ווינקלען ערגעץ. ער לעבט. און דאָס שאַפט פאַר לעאָנען אַ שרעקלעכע אילוזיע, איבערהויפּט, ווען ער דערהערט פון אַ ווייטערן צימער ווייכע פרויען־טריט.

דער געצווונגענער עקספּערימענטאַלער וויזיט אַהער האָט זיך אַרויס־געוויזן איבער זיינע כוחות, ער איז גרייט צוריק צו לויפן אָן דעם הוט און אָן דעם מאַנטל, אָן שטעקן און רענצל אַפילו. ער פילט — ער וועט ערשט כאַפּן דעם אָטעם אויף דער גאַס.

אָבער די ווייכע פרויענטריט אין די ווייטערע צימערן זענען נישט קיין אילוזיע, און אַ באַקאַנטע פרויען־שטים ווי אַ מעלאָדישע פלייט, באַ־רויִקט אים. ער האָט דערקאָנט האַנקעס שטים, די שטים פון דער העלדין פון זיין ראָמאַן. מיט אָט דער שטים רעדט זי דאָרט ביי אים און מיט אָט דער שטים ווירקט זי עראָטיש אויף מענער.

און אשר, וואָס האָט, צעמישט פון זיין אייגענער אומטאַקטישקייט, איבערגעלאָזט זיין גאַסט אין די פאָדערשטע צימערן, לויפט איצט ווידער אַרויס צו אים אַ שמאַלציק־צעשמייכלטער מיט פלוידעריש־צעשפּרונגענע אייגעלעך.

— נו, לעאָן, אַ סוף, לעאָן, קומט אַריין. וואָס, נישט אַזוי?

לעאָן איז אים נאָכגעגאַנגען דורך די גרויסע, סאָליד־מעבלירטע צימערן. די טעפּיכער האָבן פאַרשלונגען זייערע טריט. געקוקט האָט לעאָן אויף די שווער־סודותדיקע, גאָלדיקע פאָרטיערן אויף די פענצטער און געפּרוווט צו טרעפן פון וועלכן פענצטער באַסיע האָט זיך אַרויסגעשליי־דערט אויף דער גאַס. אָבער געפילט האָט ער זיך פיל רואיקער, ווי ער האָט עס אַליין דערוואַרט. מענטשן זענען אַזוי ווי קאָרטן אין אַ טאַליע. קיין מאָל ווייסטו נישט לעבן וועמען ס׳וועט אויסקומען צו ליגן ביים איבערטאַשן און וועלכע קאָרט ס׳וועט אַרונטערפאַלן אונטערן טיש. אָט איז אידע, די פיינע, האַרציקע אידע אַרויסגעפאַלן פון דער שפּיל און אפשר — מיט האַנקען גאָר.

פאַר סלאַווען וועט לעאָן זיכער זיך נישט אויסריידן וועגן זיין היינטיקן משוגענעם וויזיט. דאָס וואָלט איר נאָר געפעלט נאָך איר שאַר־פער נערוון־קרענק. איצט ציטערט ער איבער סלאַווען, ווי ער ציטערט בכלל איבער זיין לעבן, אַזוי ווי איבער אַ גלעזערנער וואַזע, וואָס איז איינמאָל שוין אַראָפּגעפאַלן פון דער פּאָליצע און געוואָרן אָנגעפּלאַצט.

— אַך, הער דיכטער, ווי פיין דאָס איז, וואָס איר געדענקט אָן אונדז!

— אויף די בעליאַנסקע האָב איך אים געפאַנגען. אויף די בע־ליאַנסקע, האַניוסיו!

לעאָן האָט זי פריער דערהערט ווי דערזען.

האַנקע איז אַרויסגעשווומען פון הינטער אַ שיטערן יאַפּאַנישן פאַר־טיער, אַ גרויסאַרטיקע, אַ ראַסאָווע, איינגעוויקלט אין בלאַס־ראָזן זייד און אין אַ פאַרחלשטן שפּיצן־איקריו, און אין דעם גאַנצן איידעלן געוועב האָט זי אויסגעזען מער נאַקעט, ווי אָנגעטאָן. עפּעס אַ מין מעכטיק־צע־בליטע בלום וואָס האַלט זיך ביים אַרויסגליטשן פון איר שוואַכער, זייד־פּאַפּירענער הילע.

זי האָט לעאָנען אָפּגעבריט מיט דעם שוואַרצן גלאַנץ פון איר גע־קרויזטער האָר־פּאַפּאַכע און מיט דעם דאָרשטיקן פלאַם פון אירע גרויסע אויגן. זי האָט אַ בלענד געטאָן פאַר זיינע אויגן מיט איר גאָלדיקער בלויער האַנט, וואָס האָט, ווי אַ גראַציעזע שלאַנג, אַרויסגעשאָסן פון דעם

זייד און שפּיצן־נעסט ביז צום אָרעם און זיך אויסגעשטרעקט צו זייגע ליפּן, אויפצונעמען אַ קוש.

— איצט, אַז איר זענט שוין יאָ געקומען, הער ברוינער, זייט איר ווערט מען זאָל אייך עפּעס ווייזן.

אויף אַ רגע איז האַנקע פאַרשוווּנדן, איבערלאָזנדיק לעאָנען אַן אַרומגעוועבטן, אַ באַרוישטן פון איר פליישיקער דופטיקייט, וועלכע האָט דאָ אָנגעפילט די גאַנצע לופט און וועלכע האָט אים פריער געבראַכט צו אַזאַ געפערלעכער אילוזיע פון דער לעבעדיקער באַסיען.

אַשר האָט זיך אַרומגעדרייט אַרום אים, צופרידן די הענט געריבן, שקאָציש־פאַרשעמט אָן אַ זייט געקוקט און אַלץ נישט געפונען דעם טאָן, מיט וועלכן אויסצוגלייכן זיין באַגאַנגענע אומטאַקטישקייט, וואָס ער האָט אים פאַרשלעפּט אַהער אין ביסטריצקיס וווינונג.

האַנקע האָט ווידער אַרויסגעשוועבט פון אונטערן יאַפּאַנישן פּאַר־טיער. אָבער איצט איז זי געווען נישט אַליין. אויף דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ מערקווירדיקע קאָפּיע פון זיך אַליין, אַ פּרעכטיק מיידעלע ווי אַ ליאַלקע מיט ריזיקע פליישיק־שוואַרצע גלאַנציקע אויגן. דאָס קינד איז אויך געווען איינגעהילט אין זייד און אין שפּיצן און מיט אַ ריזיקער קאָקאַרדע אין די געקרייזלטע האָר.

ענלעך צו דער מאַמעס איז געווען דעם קינדס שמייכל — אַ פּרויען־שמייכל ביי אַ האַלב־יאָריק קינד און מיט די בלויזע פּולינקע הענטעלעך האָט זי גראַציעז געמאַכט צו לעאָנען דעם איינגעחזרטן „פּאַ! פּאַ!“

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו מיין ווערק, הער דיכטער? פּאַ, עוווניו, פּאַ! מאַך „פּאַ“ פאַרן דיכטער אין די ברילן. זאָל ער זאָגן, אַז דו ביסט אין דער מאַמען געראָטן, זאָל ער!

און ליידנשאַפטלעך האָט זי צוגעדריקט צו זיך און געקושט דאָס קינד, פּרעסנדיק גלייכצייטיק לעאָנען מיט די אָנגעצונדענע קושנדיקע אויגן.

זי האָט אַ הייב געטאָן איר טעכטערל צו דער הייך, אויף די קאָ־לאָנעס פון אירע אנטבלויזטע, גאָלדיקע הענט און מיט אַ שרייאיקער אומפאַרשעמטקייט האָבן אויף איר גאָלדיקן לייב שוואַרץ געגלאַנצט די געקרייזלטע האָר אונטער די פּאַכוועס.

דאָס קינד האָט באַלאַנסירט מיט די הענטלעך, געקוויטשעט פאַר פרייד און פאַר שרעק.

— זאָגט, ה׳ ברוינער! וואָלט נישט געווען אַ יושר, אַז אַ פּאַריזער אַקאַדעמיע זאָל באַשטימען אַ יערלעכע פּרעמיע און אָנשטעלן מיך מיט אשרן קינדלען?

אשר האָט איצט געהאַט אַן אויסזען פון אַ צערייצטן, פאַרשעמטן בוהיי, אויב מען קאָן זיך נאָר אַזוינס פאָרשטעלן.

לעאָן האָט מיט אַ שטוינענדיקן שמייכל אָנגעקוקט די אימפּראָווי־זירטע גליקלעכע משפּחה און געטראַכט וועגן דעם, אויף וויפל דאָס לעבן איז מער ראָמאַניסט פאַר אים.

ווען וואָלט דען איינגעפאַלן אַזאַ סענטימענטאַל־גליקלעכער סוף פאַר דער צעלאָזענער האַנקען און אַ סוף אַזאַ ביטערער, אַזאַ נישט פאַרדינטע באַליידיקונג פאַר דעם פּרעכטיקן מענטש און פּרעכטיקער פרוי — אידען?

אגב, אז ער איז שוין דאָ, וועט ער טאַקע איבעררעדן מיט אשרן וועגן אידעס אומדערטרעגלעכער לאַגע. אָן עק זאָל עס נעמען. זאָל ער איר געבן גט!

5

## מאַרסיאַנער

נאָך אַ גרויסאַרטיקן מיטיק איז לעאָן ברוינער געלעגן אויסגעצויגן אויף דער נידעריקער סאָפקע ביי אשרן אין קאַבינעט און אַראָפּגעקוקט צו דעם ריזיקן בילד אין דער גאָלדענער ראַם — צו ריטאָווס „חווה“, וועלכע האָט פון דעם פלאַץ פאַרטריבן באַקונינען.

לעבן דער סאָפקע, אויף אַ טאָטעריש נידעריק טישעלע מיט אינקרוסטאַציעס, איז געשטאַנען אַ זילבערנער מכשיר אונטער אַ גלעזער־נער יאַרמלקע און מיט אַן עלעקטרישן קאָנטאַקט. אונטער דער גלעזער־נער יאַרמלקע האָט זיך געבלעזלט און געבולבעט קאָכנדיקע קאַווע. אשר איז דאָס געווען דער מאַשיניסט פון עלעקטרישער קאַווע־קאָכעריי, און ער האָט זיך געעסקט ביים מכשיר מיט הנאה און מיט פאַרזאָרגטן קינ־דישן ערנסט.

לעאָן האָט געזען אשרס פּנים דורכן בלוילעכן רויך פון דער האַוואַ־נער ציגאַר, פון וועלכן עס האָט אים שוין אין מוח גענעפּלט, און אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער הוידעט זיך אויף די וועלן פון אַ שטורעמדיקן ים.

אשרס פּנים איז דורכן רויך־שלייער ברייטער ווי לענגער געוואָרן און באַלד איינגעאַנצן צעשוווּמען אין אַ פאָרמלאָזער מאַסע.

— אַ בעל־עוולה איז דער, וואָס באַרויבט דעם צווייטן, און אַ נאַר איז, ווידער, יענער, וואָס לאָזט זיך אַליין באַרויבן. — אַזוי האָט אשר — די פאָרמלאָזע מאסע — פילאָסאָפירט.

און ווייטער:

— יעדער מענטש האָט דאָס רעכט אויף זיין אייגן ביסל גליק אין דער קורצקייט פון לעבן, פריינד לעאָן. אַי — דיין גליק איז פאַרבונדן מיט יענעמס אומגליק, איז — תיקו, ווי די חכמים האָבן געזאָגט. וואָס, נישט אַזוי? נישט איך האָב די וועלט געבויט. האָב טענות צום רבונו־של־עולם.

אשרס פּנים הייבט אָן אָנצונעמען מענטשלעכע פאָרמען. אַ נייע כוואַליע רויך ווישט אים איינגאַנצן אָפּ פון לעאָנס קוק־ווינקל.

— איר זאָגט, לעאָן: אידע ליידט. און וואָס מיינט איר, פריינד מיינער, וואָלט איך נישט אָפּגעגעבן, אַז זי זאָל ווייניק ליידן? וואָס? מיין אייגענער טאַטע איז דאָך מיר אַ שונא געוואָרן צוליב האַנקען און לאָזט מיך אויף דער שוועל נישט אַרויף. ער וויל אַפילו נישט, אַז מיינע קינדער זאָלן זיך געפינען אין דער זעלביקער שטאָט, וואָס זייער טריפהנער טאַטע, און קלייבט זיך זיי אַרויסצושיקן קיין קולעש.

און אַלץ צוליב וואָס?

ווייל איך האָב צופעליק געטראָפן מיין שטיקל גליק אין לעבן — האַנקען.

טשששש! איר האָט ליב שטאַרק זיסע קאַווע, לעאָן, אָדער אויף טאַ־טעריש, מיט שטיקלעך צוקער?

— זאָל זיין — טאַטעריש.

אָבער טרינקט, כל־זמן ס׳איז הייס. זייט איר אַ מבין, ס׳אר אַ קאַווע דאָס איז? פאַרדין איך עס אַלע האַלבע שעה, וואָס די מאַשינקע האָט מיר אָפּגעקאָסט, שוין מיטן שוואַרצן די גרענעץ.

האָט ער, הייסט עס, פאַרשלעפּט לעאָנען צו זיך אַהיים, כּדי מיט טאָטערישע שוואַרצע קאַווע און מיט זיסע ריידעלעך אַריבערציען אים, לעאָנען, אידעס פריינד — אויף זיין צד? וויל ער אים, הייסט עס, דער־ווייזן, אַז ער איז דער גערעכטער? אָבער אידע פאַרלאַנגט דאָך פון אים נישט מער ווי א גט. זאָל ער איר די הענט אויפבינדן. וואָס טייגן זיינע פילאָסאָפיעס!

— יאָ, די קאַווע איז גוט.

— איר זייט אַ מבין? אַ שטיק טערקישע חכמה שטעקט דאָך דעריין. כ׳לעבן, זיי זענען קליגער און מענטשלעכער פאַר אונדז, די טערקן. וואָס, ניין? ביי זיי איז אַ פרוי אַ פראַגע פון פאַרמעגלעכקייט. האָסטו די קלינגערס — איז נעם דיר פרויען וויפל דו ווילסט, ווער שטערט דיר דען!

לעאָנען איז איינגעפאַלן, אַז ער דאַרף זיך אָוועקזעצן און אַראָפּ־לאָזן אשרן אַ געזונטן פּראסק איבער די צעשוואומענע פּיסקעס. אידעס כּבוד האָט עס געפאָדערט.

און אויב לעאָן האָט עס נישט געטאָן, איז טאַקע נאָר צוליב מענטשלעכער שוואַכקייט. ס׳איז אים אַ שאָד געווען צו ענדערן די באַ־קוועמע פּאָזיציע אויף דער סאָפקע.

אָבער נאָך אַלעמען איז ער דאָך אַ גאַנצער רעוואָלוציאָנער — דער ספּעקולאַנט. האָט געדאַנקען: יעדער האָט רעכט אויפן ביסל גליק... נעם, וואָס עס לאָזט זיך... איז אַן אָנהענגער פון ביגאַמיע... און וואָס נאָך? הער, זאָלסטו לעבן! אָשר פּאָדלאָסקי האָט זיך צערעדט וועגן העכערע אינטערעסן. אָן העכערע אינטערעסן איז דאָס לעבן — זאָגט ער, ווערט אַ שיסקע פּולווער מיט אַלע זיינע גליקן. ער וועט עס דערווייזן — זאָגט ער — אין אַ בוך, וואָס ער פאַרמעסט זיך אָנצושרייבן. זאָל נאָר אַרי־בערגיין די „גראַטשקע“, וועט ער דאָס בוך, זאָגט ער, אָנשרייבן. אַ טאָג־בוך פון אַ ספּעקולאַנט — וועט עס הייסן.

לעאָן האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, ווי אַן אָפּגעבריטער. צי האָט ער זיך פאַרהערט? צי האָט זיך עס אים געחלומט?

לויטן פאַרשעמט חוצפּהדיקן ייִנגלשן פּנים, וואָס האָט זיך איצט ווידער אויספאָרמירט פאַר זיינע אויגן, האָט ער געזען, אַז דער ספּעקו־לאַנט שפּאַסט נישט, אַז ער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט געזאָגט.

און ער וועט דאָך שרייבן — אַ בראַנד אין זיינע ביינער אַריין! און מענטשן וועלן דאָך עס לעזן און — ווער ווייסט? — אפשר לעקן די פינגער פון דעם?

איז וואָס־זשע וויל ער פון אים, פון לעאָנען? וויל ער אים אפשר מאַכן פאַר אַ רעדאַקטאָר פון זיינע ספעקולאַנטישע מעמואַרן?

אָשר האָט אפשר אליין נישט געוווסט, וואָס ער פאַרלאַנגט פון זיין גאַסט, צוליב וואָס ער האָט אים פאַרשלעפּט צו זיך אין וווינונג. אשר איז אַלע מאָל געווען אַ מענטש מיט אַ סוד, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט ביי אים דערגיין די מחיצה צווישן יאָ און ניין.

אין געשעפט האָט ער אָבער געוווסט וואָס עס טויג פאַר אים און דעם יאָ און ניין האָט ער געהאלטן פאַר זיך.

עפּעס אַנדערש איז אויף די ברייטע וואַסערן פון גייסטיקייט, וווהין ער האָט ריזיקירט אַרויסצושווימען. דאָ האָט ער שוין נישט געוווסט, וווהין צו פאַרקערעווען, וואָס אַרויסצולייגן און וואָס צו באַהאלטן. און שולדיק זענען גאָר געווען די פיר ווענט.

אשר האָט שטענדיק געהאט דרך־ארץ פאַר ביסטריצקיס באַלעזנ־קייט. ער האָט אַפילו געגלויבט, אַז אָט די באַלעזנקייט העלפט זיין שותף אַרויס אין מסחר. איצט, אַז ער האָט איבערגענומען ביסטריצקיס וווינונג מיטן קאַבינעט, מיט דער סאָלידער ביבליאָטעק, — האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַ וואָלוועלער אוצר. ער האָט זיך אַנגעזעצט אויף די אַלע ביכער אָן שום סיסטעם און באַוואָרעניש און אין זיין קאָפּ איז געוואָרן אַ כאַאָס פון אַנאַרכיסטישע אידעען, וועלכע, ווי אים האָט זיך געדוכט, זענען פונקט צו אים צוגעפּאַסט.

פון לעאָנען פאַרלאַנגט ער נאָר — אָט וואָס ער פאַרלאַנגט פון אים! — ער זאָל אים ווייזן אַ וועג, אַביסל אַרויספירן פון כאַאָס.

אַז געלט האָט ער דאָך — עס וואַלגערט זיך גאָלד אין דער בלאָטע! — און טאָן עפּעס דאַרף מען דאָך. איז וואָס זאָל ער טאָן און ווי זאָל ער טאָן, דאָס געלט ווי אַמצוועקמעסיקסטן אויסצונוצן?

אפשר וואָלט אַ פּלאַן געווען אונטערצושטיצן עפּעס אַ רעוואָלוציאָ־נערע פּאַרטיי? און אפשר — גאָר בויען אַ יידיש טעאַטער? און אפשר זאָל ער טאַקע זיין דער אַרויסגעבער פון לעאָנס נייעם ראָמאַן, וואָס, ניין?

און, צוריקגעשמועסט, וואָס איז ער ערגער פאַרן פעטער בערל

פּאָדלאסקי? יענער מעג באַגראָבן דעם טאטנס גראָבע געלטער אויף משונהדיקע סאָציאַלע עקספּערימענטן?

אגב, ווייסט ער מן הצד, אַז אידע קאָרעספּאָנדירט גאָר שטאַרק מיטן פּעטער בערל, זינט די דייטשן האָבן פאַרנומען ליאָסאָווע. און ער האָט מורא, אַז דער סוף וועט זיין: דער פּעטער בערל וועט איר אָנריידן צו נעמען גט. עפּעס איז דאָרט נישט גלאַט ביי זיי. וואָס, ניין?

אַ חזיר זייט איר, אשר! אַ הונט מיט אויערן — אָט וואָס!

לעאָנען האָט זיך געדוכט, אַז ער האָט עס אויסגעשריען בקול רם, אַזוי האָט זיך דער געשריי ביי אים פון האַרצן געריסן. ער האָט עס אָבער נישט אויסגעשריען, נאָר אויסגעמורמלט אונטער דער נאָז.

הייסט עס: אשר האָט אים צו זיך פאַרשלעפּט, כדי צו דערגיין ביי אים סודות פון אידעס קאָרעספּאָנדענץ.

אָבער וואָס ציטערט ער אַזוי אָט דער רייך געוואָרענער ספּעקולאַנט איבערצורייסן מיט אידען? ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אַז ער וועט דערביי טרוקן נישט אָפּשניידן. אַ מערקווירדיקער ציניש־פּחדנישער פאַרלאַנג ביי אים צו באַוואָרענען זיך פון אַלע זייטן: אי לעבן מיט האַנקען און קינדלען מיט איר, אי זיך אָנהאַלטן ביי אידעס פאַרטעך, טאָמער לאָזט זיך אויס פון זיין ליבעס־גליק אַ בוידעם.

— אָבער פאַרוואָס ווילט איר אידען נישט גטן? פאַרוואָס ווילט איר אידען נישט גטן? — האָט לעאָן איצט געקלאַפּט מיטן פויסט אָן טאָטעריש טישל.

— גאָט איז מיט אייך, לעאָן! ווער זאָגט: איך וויל נישט? איך מיין דאָך איר טובה! וואָס וועט נעבעך זיין מיט איר, אַז איך וועל זי שוין יאָ גטן?

— וואָס איז אייער באַבעס עסק, וואָס מיט איר וועט זיין?

— וואָס הייסט? גאָט איז מיט אייך! זי איז דאָך מיין ווייב! די מאמע פון מיינע צוויי קינדער.

ניין, ביי זיין גאַנצער ספּעקולאַנטישער חריפות איז אשר פאַרבליבן — אַ יינגל. ער איז אַבסאָלוט נישט צוגעגרייט צו לייזן דאָס האַרבע פאַמיליען־פּראָבלעם, וואָס דאָס לעבן האָט פאַר אים אַוועקגעשטעלט. און אפשר מאַכט ער זיך בלויז אַזוי תמעוואַטע?

און צוריק געשמועסט, וואָס נעמט ער, לעאָן, זיך אַזוי איבער מיט

פרעמדע פאַמיליען - אַנגעלעגנהייטן? וואָס קאָכט ער זיך אַזוי צוליב דעם? און ווו? אין די פיר ווענט, ווו עס האָט זיך אָפגעשפּילט זיין איי־גענע פאַמיליען־טראַגעדיע? אַ מערקווירדיקע כלי איז אַ מענטש. געגליכן צו אַ בריוו־קעסטל. דער אינהאַלט בייט זיך. און אַמאָל איז עס — פּוסט.

אָבער לעאָן האָט נאָך אַלץ נישט געטראָפן וווהין אשר נייגט מיט זיינע פילאָסאָפישע ריידעלעך. אַ געפיל האָט ער געהאַט, אַז ער דאַרף זיך האַלטן פאָרזיכטיק מיט דעם דאָזיקן ספּעקולאַנט און, אַזוי צו זאָגן, קוקן אים אין די הענט אַריין, איבערוועגן זיינע פאַרדעכטיקע ווערטער. אָבער באַרוישט פון דער שוואַרצער עלעקטרישער קאַווע מיט די דופּטי־קע טראָפּנס, וואָס אשר האָט דערין אַריינגעטאָן, האָט לעאָן געפילט, אַז דער כוח פון מענטשנקענעריי פאַרלאָזט אים.

און אויסגוזצנדיק זיין שוואַכקייט, איז דער ספּעקולאַנט שוין איצט געזעסן אויף אים רייטנדיק.

— איר זעט דאָך, לעאָן, אַז מיט געלט קאָן מען אַלץ אויפטאָן, אפילו מאַכן רעוואָלוציעס, ווי מיין פעטער בערל. איז פרעג איך טאַקע אייך: ווי לאַנג איז דער שיעור צו זיין אַ בטלן? פאַרוואָס זאָלט איר אַליין ניט אַ פּרווו טאָן דאָס מזל אין מסחר? איר, מיט אייער קאָפּ, מיט אייער וועלט־קענטעניש, ווען איר פּרוווט נאָר איצט אַ ספּעקוליר טאָן — איר הערט? אין גאָלד וואָלט איר געגאַנגען, ווי איר זעט מיך לעבן!

אָט איז דער פּועל־יוצא פון דער קאַווע מיט האַוואַנאַ־רויך!

ערלעכע, באַשיידענע, ראָמאַנטישע מוציאס ברויט מיט פּאָווידלע! ווו זייט איר?

לעאָנען איז שוין איצט אין לעבן געגאַנגען איבערצוצייגן אשרן, אַז ער איז נישט קיין בטלן, און אַז זיין אייגענע פילאָסאָפיע איז אויך עפּעס ווערט.

— פאַרשטייט איר כאָטש, קאָפּ! קאָפּ — מוח — מאַגיסטראָט! פאַרשטייט איר כאָטש, אין וואָס פאַר אַ לופט מיר לעבן איצט? מיר לעבן אויפן מאַרס! אויפן מאַרס לעבן מיר! און די שיטערע לופט פון מאַרס איז גורם דערצו, אַז דער מענטש מוז זיך איינשרומפּן, שטעלן פאָרזיכ־טיקע טריט. ווייל דער קעגנדרוק איז אַ שוואַכער. און טאָמער טוסטו, חלילה, איין ענערגישן שפּרייז, טוסטו אַ שפּרונג, ווי אַ פרוי, קאָנסטו אַריבערשפּרינגען איבערן אייפל־טורעם!

אָשר האָט צוגעשמייכלט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ מיט דער פול־סטעו׳ הסכמה.

— אָט־אָט־אָט! אויפן מאַרס טאַקע! אויפן מאַרס! וואָס דען? נישט אויפן מאַרס? אָבער פונוואַנען איז עס געדרונגען, אַז מען דאַרף זיך איינ־שרומפּן? טאָמער פאַרקערט? אַז דער קעגנדרוק — ווי איר זאָגט אַליין — איז אַ שוואַכער, טאָ פאַרוואָס נישט אַ שפּרייז און אַ שפּרונג טאָן, אַז דער אָטעם זאָל פאַרכאַפּן? וואָס איז דען? צוויי מאָל לעבט מען דאָך נישט. וואָס, נישט אַזוי?

— אומדערטרעגלעכער מענטש, וואָס איר זייט! פאַרשטייט, וואָס מען רעדט צו אייך! —

לעאָן האָט געהאַלטן אָשרן פאַרן לאַץ, מיט דעם פולסטן באַשלוס, אים צו באַקערן אויפן דרך־הישר פון באַנוגענען זיך מיט ברויט און פּאָ־ווידלע, אָבער אין טיר האָט מען אַנגעקלאַפּט. האַנקע האָט אַריינגעשטעקט איר פיין־געקרויזטן קאָפּ מיט די פליישיקע אויגן און מיט אַ פאַרגיביקן שמייכל.

— וואָס שרייט איר אַזוי, מאַנספאַרשוינען! איר וועקט דאָך מיר איבער דאָס קינד!

און צו אָשרן האָט זי אויסגעשטרעקט איר בלויזע האַנט, שטיפעריש פאָכנדיק מיט אַ פּאַקעט.

— זע נאָר, אָשר, אפשר אַ נייטיקער בריוו אָנגעקומען?

אָשר האָט מיט אַ שקאָצישן שמייכל דעם בריוו איבערגעכאַפּט, די ציגאַר אָפּגעלייגט, און אויסזופנדיק מיט הנאה די לעצטע טראָפּנס קאַ־ווע, האָט ער אויפגעריסן דעם קאָנווערט.

קיין סך צו לעזן האָט ער נישט געהאַט, אָבער פון די פּאָר ווער־טער איז פון זיין צעשוווּמען פּנים דאָס בלוט אָפּגעלאָפן און דער מויל האָט זיך אים פאַרקרימט אָן אַ זייט. ער האָט מיט אַ קינדערשער אומ־באַהאָלפנקייט אָנגעקוקט לעאָנען און אויסגעשטרעקט צו אים דעם בריוו.

— זעט... מער ווי איין מאָל לעבט מען נישט...

לעאָן האָט איבערגעלייענט: 17,428.

„דערמיט מעלדן מיר אייך, אַז דער וואַרשעווער איינוווינער טאַדע־אוש ביסטריצקי איז געשטאָרבן אין געפאַנגענשאַפט.

קריגס־בריקן־בוי אָם וועסט״.

6

# לעאָן אויף דער ברייטער וועלט

זינט די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן האָט די ברייטע וועלט זיך געענדיקט פאַר לעאָנען מיט אַן אויסזיכט אויף דער ווייסל ביים וואַרשע־ווער ציטאַדעל. ער האָט מורא געקראָגן פון דער שטאָט אַרויסצופאָרן. און טאָמער האָט ער זיך איין מאָל שוין אָנגענומען מיט מוט אַרויסצופאָרן אויף אַ פאָרלעזונג אין אַ נאָענט שטעטעלע, האָט ער די באַן פאַרשפּע־טיקט און אַריינגעפאַלן צו אָשרן, ווו ער האָט אַזוי צופעליק באַקומען די ידיעה פון ביסטריצקיס טויט.

נישט אַזוי גיך האָט ער זיך שוין אויסגעקליבן אויף אַ צווייטער רייזע. און אַז ער האָט זיך אויסגעקליבן, איז שוין געווען איינגעשטעל־טער ווינטער. און די רייזע איז געווען אַ ווייטע, ניין שעה פון וואַרשע, אין אַ שטעטל אין פּאָלעסיע. און די טעמע פון דער פאָרלעזונג, וואָס איז אים דאָרט פאָרגעשטאַנען — זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע: „מלחמה און שלום אין שיין פון יידישן געוויסן“.

אָבער לעאָן ברוינער האָט זיך איצט נישט געשראָקן, נישט פאַר דעם ווייטן מהלך, נישט פאַר דער פאַראַנטוואָרטלעכער טעמע, וואָס דאַרף זיך אויסווייזן פאַרדעכטיק פאַרן דייטש.

זינט ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די וואָגשאָל פון גערעכטיקייט איז אויסגעגלייכט און דער שונא פון זיין לעבן איז טויט — האָט ער באַקו־מען דאָס נייטיקע ביסעלע דרייסטקייט: וואָס הייסט, ער וועט אָפּטרעטן דעם וועג פאַר דעם דייטשישן שטייפן אוניפאָרם־היטל? וואָס הייסט עפּעס: ער וועט נישט פאָרן, בעת עס גלוסט זיך אים?

האָט ער זיך אַריינגעזעצט אין וואַגאָן צווייטע קלאַס און אַריינגע־פאָרן אין דער ברייט־פאַרשנייטער וועלט.

נו, די וועלט איז שוין אַ ביסעלע צו ברייט און צו ווייס פאַר זיינע אָפּגעוווינטע אויגן. צום ערשטן מאָל קומט לעאָנען אויס צו קעמפן מיט אַ מאָדנע קרענקלעך געפיל: מיטן פחד פאַרן שטח. די פאַרשטייענדיקע ניין שעה רייזע ווייזן זיך אים אויס ווי אַן אייביקייט, ווי דער מהלך פון דער ערד ביזן מאַרס. און אָנשטאָט גובר צו זיין דעם פחד פאַרן שטח,

פּיקט זיך נאָך אויס ביי אים אַ צווייטער פּחד: דער פּחד פאַר דער מאַסע, פאַר וועלכער ער וועט דאַרפן אַרויסטרעטן.

און די דערוויייטערונג פון וואַרשע און פון דער היים ווירקט אויף אים קאַפּ־שווינדלעריש, ווי ער וואָלט זיך אויפגעהויבן אויף אַ לופט־באַלאָן, און דער באָדן לויפט אַוועק, פאַרזינקט אַלץ טיפער. וואָס העכער די דערהויבונג, אַלץ טיפער וועט זיין דאָס פאַלן.

און ווי אַ שיין פון פאַרלאָרענעם גן־עדן פינטלט זיך פאַר זיינע אויגן זיין לאָמפּ אויפן טיש, זיין גלאָז טיי, זיינע דריי פּענעצלעך ברויט מיט פּאָווידלע.

צום גליק אָבער האָט זיך לעאָן פאַראינטערעסירט צו פאַרנאָטירן אין געדאַנק זיינע איצטיקע קאָמפּליצירטע איבערלעבענישן און דאָס טאַ־קע האָט אַוועקגענומען זייער שאַרפקייט און זיי פאַרוואַנדלט אין ליטע־ראַרישן שטאָף.

אויף דער ערשטער גרעסערער סטאַציע האָט לעאָן, קעגן זיינע גע־וווינהייטן, געמאַכט אַ היפּשע כוסהביים בופעט און דאָס האָט אין אים אויפגעוועקט זיין פולע אַמביציע.

ער האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט אין אַ מאַרס־מענטש פון אַשרס נוסח, אין אַ באַשעפעניש, וואָס וויל פון קיין צוימען נישט וויסן, אין אַ פלוי, וואָס שפּרינגט איבערן קלויסטער.

ער האָט שוין איצט אַליין געלאַכט איבער זיינע שרעק־איבערלע־בענישן.

זיי האָבן אים דערמאנט די מעשה מיטן ציטערדיקן בן־יחיד, וועל־כער האָט אין טורמע באַקומען פּערציק גראַד היץ פון דעם, וואָס די חברים האָבן אים אויסגעלערנט אויסצושנייצן די נאָז. אַ שיינער רעוואָ־לוציאָנער!

ווער האָט עס לעאָנען פאַרציילט אָט די ווילדע מעשה? שייקע — אַ בראַנד אין זיינע ביינער! שייקע פּייפּער! פאַרלאָרן געגאַנגען אין דער מלחמה אַזאַ ווילדער בחור! ווי אין וואַסער אַריין! פאַרוואָס עפּעס: ווי אין וואַסער אַריין? פייער איז דען בעסער?

ניין שעה רייזע איז — סוף־כל־סוף נישט קיין אייביקייט. לעאָן האָט זיך אַפילו פאַרוווּנדערט און באַדויערט, ווען ער האָט דערהערט פון

דייטשישן קאָנדוקטאָר, אַז ער דאַרף שוין זיך צוגרייטן אויסצושטייגן. ער האָט געמיינט: ער האָט נאָך צו פאָרן און צו פאָרן.

אויף דער סטאַציע איז געווען חושך־מצרים, נאָר דייטשישע זעלנער האָבן מאַרשירנדיק געקלימפּערט מיטן געווער.

דערפאַר אָבער אין דער הילצערנער, ביז צום צעזעצט ווערן, אָנגעהייצטער בודע פון וואָקזאַל האָט לעאָנען אָפּגעוואַרט אַ סיורפּריז. דאָרט האָט געוואַרט אויף אים אַ האַלב שטעטל. לעאָן האָט זיך אַזש דערשראָקן פאַר זיין אייגענער פּאָפּולאַריטעט און פאַר אַזאַ רוישיקן קבלת־פּנים.

— פאַרשטייט איר מיך, חבר דיכטער — האָט דער פאָרזיצער פון פּרץ־ביבליאָטעק אים אויפגעקלערט — דאָס שטעטל האָט נישט געגלויבט, אַז איר וועט טאַקע אַראָפּקומען אין אַזאַ העק, איז מען געגאַנגען אין געוועט. טייל האָבן געזאָגט, אַז איר קומט, טייל — אַז איר קומט נישט. אויפן מאַרק, אויף דער בערזע — אומעטום האָט מען זיך געוועט. נו, פאַרשטייט זיך, אַז דער אינטערעס איז אויסגעוואַקסן. איך אַליין האָב איינגעשטעלט אויף אייך פּופּציק מאַרק פון מיין אייגענער קעשענע.

— און געוווּנען האָט איר וויפל?

— ניין, פאַרשפּילט. כ׳האָב נישט דערוואַרט פון אייך אַזאַ דרייסטקייט.

*****

זיצט דער דיכטער אין „סאַלאָן" פון קליינשטעטלדיקן האָטעל, ביי אַ גרינלעכער גלאָז טיי מיט פאַרדעכטיקע קיכלעך, אָפּלאַקירטע אויף געל. די שטוב איז איבערפולט מיט נייגעריקע אָנצוקוקן דעם גאַסט. די, וואָס זענען נישט געווען ביי דער באַן, זענען געקומען אין האָטעל אַריין, די דרייסטערע זיך פאָרשטעלן, די באַשיידענערע — צולייגן פון דער ווייט אַן אויער צום געשפּרעך.

לעאָן רעדט ווייניק. ער פרעגט אויס און פאַרנאָטירט די טרויעריקע און ביטער־קאָמישע געשיכטע פון אַ יידיש שטעטל בעתן קריג.

האָט געלעבט אַ שטעטעלע פאַר דער מלחמה, געלעבט פון שער און אייזן און פון נייען גראָבע שטיוול פאַר די ווייטע, פּויערישע מערק. האָט

מען אין דער וואָכן געגעסן קאַרטאָפל מיט הערינג און אויף שבת געהאַט אַ שטיקל פיש.

האָט די יוגנט זיך גרופירט אַרום די פּאָר פאַריינען און דער עלטע־רער דור איז געגאַנגען שבת מנחה הערן אַ מגיד אין דעם אַלטן בית־מדרש. איז אויסגעבראָכן די מלחמה און אַלץ האָט זיך איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ. די מאַגאַזינערן זענען אַוועק מיט פּאָניען אין טיף ראַ־סיי, דער מין מלאכה איז געוואָרן אויסגעטריקנט, די נייי־ און שטעפּ־מאַ־שינען זענען פאַרזשאַווערט געוואָרן און דאָס שטעטעלע איז געבליבן אויפן פלייש־באַנק.

הונדערטער משפחות זענען געבליבן פּוכניען פון הונגער. מענטשן זענען געפאַלן ווי די פליגן...

לעאָן קוקט זיך צו צו די געשטאַלטן, וועלכע רינגלען אים אַרום, און עפּעס זעט ער נישט איין, אַז די דערציילונג זאָל דאָ שטימען מיט דערווירקלעכקייט. ער זעט נישט קיין הונגער אין די פּנימער און ער זעט נישט קיין אָפּגעלאָזנקייט אין דער קליידונג. דווקא פאַרקערט: די יוגנט אַרום אים איז אָנגעטאָן מיט אַ האַלב־מיליטערישער, האַלב־ספּאָרטישער אָדער יעגערישער עלעגאַנץ. פרענטש־הויזן, טולפּן־שטיוול, קורצע פּעלצלעך מיט אַ טאַליע און מיט קווערע קעשענעס ביי דער ברוסט. בכלל מאַכן דאָ אַלע כמעט יונגעלייט דעם איינדרוק פון גאַנץ פאַרמעגלעכע פּריזיוניקעס.

היינט ווו איז דאָ דער הונגער, און ווו איז דאָ די נויט?

און נאָך עפּעס:

אָנשטאָט דערשלאָגנקייט זעט ער אין די אַלע פּנימער אַ מין חוצפּה־דיקע דרייסטקייט, אַ מין אָפענע גרייטקייט אויפצונעמען אַ קלאַפּ און צו געבן אַ קלאַפּ. אַפילו אין זייער באַנעמען צו אים שטעקט עפּעס אַ שטיקל איראָניע, אַ קוק פון אויבן אַראָפּ.

— וואָס־זשע קומט דאָ פאָר? פונוואַנען לעבט איר פאָרט? — וווּנדערט זיך לעאָן.

— כע־כע־כע, כמעט אַ גראַם! — צעלאַכט זיך אַ בחור מיט שוואַר־צע טשוועקלעך אויפן פאַררויכערטן פּנים — און איך וועל דערויף ענט־פערן: נישט מען לעבט און נישט מען שוועבט, נישט אויפן הימל, נישט אויף דר׳ערד. ער האָט פאַרשטאַנען, הער דיכטער? — און דער בחור

האָט חוצפּהדיק אַ שליידער געטאָן פאַרביי לעאָנען, צום ווינקל זיין אויס־געראויכערטן פּאַפּיראָס.

— אַשרס ראַסע! — האָט לעאָנען אין מוח אַ פּיק געטאָן. — הייסט עס: מען ספּעקולירט? — האָט ער נאַאיוו געפרעגט.

— מ־הם! מען שפּיגילירט, איך בעט אייך צו פאַרצייען — דער בחור מיט די טשוועקלעך איז דאָ, ווייזט אויס, געווען דער ראש־המדב־רים — מען נאַרט אָפּ דעם דייטש, מען נאַרט איינע די אַנדערע, מען נאַרט זיך אַליין, אַבי די קישקע נישט אָפּצונאַרן. איר זעט דאָך: מען לעבט, נישט צו פאַרזינדיקן. אַלע — זאָט, אַלע באַקליידט און באַגייט. אָבער דאָס איז אַלץ אונדזער גוואַרדיע, חבר דיכטער. די שלימזלס זע־נען טאָקע אויסגעשטאָרבן. פּשוטו כמשמעו, חבר דיכטער: אויס־גע־שטאָרבן.

דער עולם אַרום איז, ווייזט אויס, געווען צופרידן פון זייער בחור מיט די טשוועקלעך און געשליפן פּיסקל. ס'איז געוואָרן אַ הייטערע שטימונג.

— אי, איז מען געשטאָרבן! ווי די מייז! אַ האַלב שטעטל אויס־געשטאָרבן.

— און מיר צאַפּן דערפאַר משקה פון דער וואַנט.

— שוין איין מאָל משקה, אַ רוח אין יעקעס טאַטן אַריין!

— אונדזער משקה האָט אַ שם. מען שמוגלט אַזש קיין דייטשלאַנד, אין אויסגעהוילטע בערוועגעס. מען פירט יעקען ביי דער נאָז.

— וועלוול אַליין — זאָגט מען — מאַכט קידוש איבער אונדזער משקה.

— ווער איז וועלוול? — איז לעאָן געווען טשיקאַווע צו וויסן.

האָט דער עולם זיך צעלאַכט איבער דעם וואַרשעווער פרייער. דאָס מיינט מען ווילהעלמען. מען האָט שוין דאָ גאָר פאַרגעסן אים צו רופן אַנדערש ווי וועלוול.

הכלל, פאַר לעאָנען איז קלאָר געוואָרן, אַז די פאַרצווייפלטע שוס־טער און שניידער זענען געוואָרן גוטע פאַכלייט פון געהיימע ברייזלעך.

— אָבער נישט אַלע מאַכן דאָך בראָנפן. וואָס טוען די איבעריקע?

— וואָס טוען די איבעריקע? — האָט דער בחור מיט די טשוועקלעך געלאַכט — טייל לעבן פון יאָ מסרן און טייל — פון נישט מסרן. גאָר

די גייטראַלע פירן זיך גלאַט אַ ברייטן שמוגל מיט וואָס עס לאָזט זיך.

— וואָס איז דאָ צו ריידן, חבר דיכטער! מען שאַצט אונדז אין גאָלד. אָבער, גלויבט מיר, צו קיין זעקל פעפער קומט עס נישט.

דאָס האָט שוין געזאָגט אַ צווייטער יונגערמאַן מיט אַ טשופּרינע. ער האָט, ווייזט אויס, דעם בחור מיט די טשוועקלעך נישט פאַרגונען זיין דערפאָלג.

שפּעטער האָט אַפילו לעאָן פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער האָט אים נישט פאַרגונען. דאָס זענען געווען פאַרשטייער פון צוויי פאַרטייען: „בונד" און „פּועלי־ציון", אָבער אויף דער הייסער מינוט האָט לעאָן זיך פאַראינטערעסירט מיט עפּעס אַנדערש.

— וואָס מיינט: אַ זעקל פעפער?

האָבן אָנגעהויבן צו פליען פאַרטייטשונגען פון אַלע זייטן:

— דאָס איז אַזוי ווי סאַכאַרין.

— ווי קאַקאָס־פּוטער.

— ווי אַ וואַגאָן ציבעלעס.

— ווי מאַנופאַקטור.

מיט איין וואָרט: אַ טייערער אַרטיקל. חברה שמוגלערס האָבן געלאַכט. זיי האָבן אַריינגעפּאַקט פון וואַרשע דעם אמתן פּרייער.

און וואָס וועט ער טאָן מיט דער מאָרגנדיקער טעמע? מיט מלחמה און שלום אין שיין פון יידישן געוויסן?

ווי עפּנט מען גאָר אַ מויל פאַר דער חברה, וואָס דאָס געוויסן איז זיי גאָר פאַרקראָכן און מיט רעכט אין דער קישקע אַריין?

אָבער אָט איז צו אים אַן אומגעריכטע הילף געקומען. פון צווישן דער כמאַרע אויסגעשטשירעטע, יונג־וועלפישע פּנימער האָט זיך אַרויסגערוקט אַ בלאַסע חברטע מיט אַ פאַרבענקטן אָפּענעם מויל שיטערע ציין, מיט אַ פאַרחלומטן, פאַרמלחמהדיקן אויסזען.

— זי האָט געוואָלט — זאָגט זי — שטעלן דעם חבר דיכטער אַ פראַגע וועגן די צילן פון לעבן, האָט זי געוואָלט.

אָבער צו דער פראַגע אַליין איז נישט געקומען.

מיט אַ געפערלעכן בראַזג האָט זיך אַן עפן געטאָן די גלעזערנע טיר פון דער גאַס און אַ הויכער בחור אין אַ היטל מיט אויערן איז אַריינגעפאַלן האַלב דערשראָקן, האַלב לאַכנדיק, אינאיינעם מיט אַ קנויל פּאַרע.

— חברה! דער מלאך־המות גייט!

איז געוואָרן אַ געלויפעריי און אַ שטיקעניש. חברה האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבער די שוואַכע, סקריפּענדיקע שטיגן אויפן צווייטן שטאָק אַרויף. בלויז עטלעכע מיידלעך און געציילטע יונגעלייט זענען פאַרבליבן אויף זייערע ערטער. דער פאָרזיצער האָט לעאָנען באַרואיקט.

— צו אייך האָט עס קיין שייכות נישט. פאַראַן, פאַרשטייט איר, אַ קאָמענדאַנט ביי אונדז, שלעפּט ער די יוגנט צו דער אַרבעט.

— און ווו־זשע באַהאַלטן זיי זיך אויס?

— דער דאַך, פאַרשטייט איר מיך, איז אַ סטראָמער, זיצן זיי אויפן דאַך, פון דער זייט פון הויף און שפּילן אין קאָרטן ביי אַן עלעקטריש לעמפּל.

— און אייך טשעפּעט מען נישט?

— איך בין אַ פּריווילעגירטער — האָט דער פאָרזיצער געשמייכלט — איך האָב אַ דאַרע האַנט.

אויפן קאָמענדאַנט האָט מען לאַנג און אומזיסט געוואַרט. דער עולם איז ביסלעכווייז אַראָפּגעקראָכן פון דאַך און, צוזאַמען מיט פרישע קעלט און בלאָטע, אַריינגעבראַכט אין צימער אַ מין פּראָסטיקע פאַרשעמט־קייט. דער הויכער בחור מיט די אויערן איז באַצייטנס פאַרשוווּנדן. חברה איז גרייט געווען צערייסן אים אויף שטיקער.

***

פאַר לעאָנען האָט מען צוגעגרייט אַ מלכותדיק געלעגער, הויך ווי אַ טורעם און ווייך ווי אַ קופּע שניי. אָבער איינשלאָפן האָט ער נישט געקאָנט, אַ האַלבע נאַכט האָט ער אָפּגעחלומט אויף דער וואָר, אַז דער קאָמענדאַנט גייט און דער בחור מיט די אויערן שלעפּט אים אין איינע אונטערוועש אויפן „סטראָמען" דאַך אַרויף, אונטן שטייט דאָס גאַנצע שטעטל, וואָס איז אים געקומען מקבל־פּנים זיין. אַפילו די טויטע, די געשטאָרבענע פון הונגער זענען געקומען אין די תכריכים. און מען לאַכט פון אים דאָס גרויסע געלעכטער.

— קוקט אים נאָר אָן, דעם יאָלד אין די גאַטקעס! ער ווייסט נישט, וואָס אַ זעקל פעפער איז!

— אין וואָס געוועט, אַז ער וועט באַלד אַראָפּפאַלן פון דאַך?

— אין דריי מאַרק! אין צען מאַרק! אין פופציק מאַרק! אין אַ וואָגן ציבעלעס!

— חברים און חברטעס: אונדזער געערטער גאַסט, דער דיכטער פון וואַרשע (ווי איז אייער נאָמען?) לעאָן ברוינער וועט האַלטן אַ טעמע אויף דער פאָרלעזונג: מלחמה און שלום אין שיין פון יידישן וויסן. האַ? פון יידישן געוויסן, איך זאָג דאָך אַזוי. שטערט מיר נישט, חברים. איז אין וויפל וועט איר זיך, אַז ער וועט אַראָפּפאַלן?...

אָבער דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז פון דער איצטיקער נסיעה וועט קיין גוטס נישט אַרויס!

אין דער פרי, ווען דורך אַ שווערן שלומער האָט לעאָן דערהערט פעסטע מיליטערישע טריט אין קאָרידאָר, האָט ער שוין געוווסט אויף זיכער, אַז דאָס שפּרייזט דער קאָמענדאַנט, און אַז געקומען איז ער נאָך אים.

ער האָט געהערט דעם דייטש ריידן אין קאָרידאָר מיט דער באַלע־באָסטע פון האָטעלעכל. שפּעטער האָט ער געהערט זיין אייגן האַרץ קלאַפּן און נאָך שפּעטער האָט די באַלעבאָסטע לייכט אָנגעקלאַפּט אין טיר און איז אַריין. דאָס האָט זי אַריינגעברענגט וואַסער צום וואַשן זיך. זי האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, פונוואַנען ער ווייס, אַז דער קאָמענ־דאַנט איז דאָ געווען און זיך געפרעגט אויף אים. יאָ, ער איז טאַקע גע־ווען דער קאָמענדאַנט און ער האָט באַפוילן לעאָנען זיך צושטעלן אין דער קאָמענדאַנטור פונקט ניין.

לעאָן האָט שוין כמעט גלייכגילטיק אויפגענומען די בשורה. דאָס קאַלטע וואַסער האָט אים אָפּגעפרישט און באַרואיקט. און פאַרן קאָמענ־דאַנט האָט ער סוף־כל־סוף קיין מורא נישט. זיין געוויסן איז ריין. ער האָט אָבער נאָר געוואָלט וויסן, וואָס דער קאָמענדאַנט פאַרלאַנגט פון אים.

אָבער דאָס האָט די באַלעבאָסטע נישט געקאָנט אים אויפקלערן.

אַ פרוי אַ ציכטיקע און גאָרנישט קיין יונגע, אָבער וואָס האַלט זיך אין יינגערן, מיט אַ ברייט־דעקאָלטירטן, אַלבאַסטער־ווייסן האַלדז, האָט זי מאָדנע צווייַדייטיק געשמייכלט נישט צו לעאָנען, נאָר צום פּאָרטרעט פון דעם קאָוונער רב, ר׳ יצחק־אלחנן.

— פונוואנען זאָל זי וויסן, וואָס זיי, די דייטשן, קאָן איינפאַלן צו פאַרלאַנגען? אפשר פאַרלאַנגען זיי דעם גאַסט צוליב דער רעוויזיע?

— וועלכע רעוויזיע?

די פרוי האָט זיך געהאַלטן מיט די הענט אין די באָקעס, געשרויפט מיטן פּוס אין אַ קליין גלאַנציק לעטשל איבער דער פּאָדלאָגע און גע־קווענקלט אַרויסצוזאָגן איר השערה.

ענדלעך האָט זי זיך צעשמייכלט צום קאָוונער רב.

— ווייל, פאַרשטייט איר מיך, טאָמער האָבן די דייטשן עסקים מיט היגע יידישע פרויען, ווילן זיי זיין באַוואָרנט, צי אַלע יידישע מע־נער' זענען אין אָרדענונג, אַז זיי, די דייטשן, זאָלן זיך דורך די יידישע מענער נישט אָנשטעקן...

לעאָן איז געבליבן שטיין מיט אַ נאָס פּנים און מיטן האַנטעך אין די הענט.

— וואָ־אָס?

7

# פאַרגלייכנדיקע פעלקער - פּסיכאָלאָגיע

לעאָן האָט געוואָלט זיין פּינקטלעכער פאַרן דייטש. דרייפערטל זייגער האָט ער שוין געוואַרט אין קאַנצעלאַריע פון דער קאָמענדאַנטור. דאָ האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דער קאַזאַרמע־ריח איז אינטערנאַציאָנאַל. אין דער קאַנצעלאַריע האָט געוועלטיקט דער איינגעפונדעוועטער קרויט־און שוויס־ריח פון די אַמאָליקע רוסישע קאַזאַרמעס. אַ רויטער וואַכ־מיסטער מיט ווייסע, אָפּגעמעקטע אויגן, האָט גאַנץ נישט העפלעך צו־גענומען פון זיין האַנט די וויזיט־קאַרטע אויף צו מעלדן, אַזוי ווי ער וואָלט מיט אים אַ גרויס חסד געטאָן. ער האָט אָבער נישט געאיילט זיך אים אַריינצורופן צום קאָמענדאַנט.

אינטערעסאַנט, דאָס רוב אין שבתדיקע בגדים, דאָס רוב שעמעוו־דיק־צעשראָקענע, אַ קליינער טייל איינגעגעסן־בעטנדיקע, האָבן זיך אַלע אָן היטלען געריבן ביים באַריער פאַר די שרייב־טישן און צוגעוואָרפן לעאָנען פאַרחידושטע בליקן, פאַרוואָס ער רייבט זיך אויך נישט, נאָר ער זיצט גאָר אָן אַ זייט, ווי ער וואָלט דאָ שבת געהאַלטן. דער וואַכ־

מיסטער האָט דורכגעשפּאַנט פאַרביי לעאָנען מיט אייזערנע טריט, און אַפילו פון דער נאָענט האָט לעאָן געצווייפלט, צי האָט ער גאָר אויגן, דער רויטער דייטש, און צי זעט ער אים. אַ סברא, אַז אויגן האָט ער געהאַט, כאָטש זיי זענען געווען אָפּגעמעקט. ער האָט אויסגעמיטן לעאָנען און אַריינגערופן אַ צווייטן אינטערעסאַנט און שפּעטער — אַ דריטן. לעאָן האָט זיך שוין געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל ער נישט אָנווענדן דעם אַמאַליקן היימישן מיטל און נישט נותנען דעם יעקע אין יד אַריין. ער האָט עס אָבער נישט געקאָנט ביי זיך פּועלן.

פּונקט דריי פערטל עלף איז דער זעלביקער וואַכמיסטער אויסגעוואַקסן פאַר לעאָנען און זיך אויסגעצויגן ווי פאַר אַן אָפיציר, די הענט ביי די נעט פון די הויזן און אויסגעבויגן אין די עלנבויגנס, פון וואָס דער דייטש האָט באַקומען דעם אויסזען פון אַן אַלטער רויט־ליימענער וואַזע מיט צוויי לאַנגע אויערן ביי די זייטן.

ער האָט לעאָנען פייערלעך ראַפּאָרטירט, אַז אַליין דער הויפּטמאַן פאָן־ראָאָפּ וואַרט אים אָפּ ביי זיך אין קאַבינעט.

לעאָנען איז ביי דער מעלדונג אַפילו געוואָרן הייס אין רוקן, אָבער נאָך צוויי שעה זיצן ווי אויף הייסע איז דאָס געווען אַ דערפרייענדיקע היץ. ער האָט זיך מאָמענטאַל באַרואיקט. ער וועט האָבן צו טאָן מיט אַ העכערן ראַנג־אָפיציר, מיט אַן אינטעליגענטן מענטשן און יענער וועט אים זיכער נישט אָנקומען גראָב. און כאָטש צום ערשטן מאָל האָט ער היינט געהאַט אָפיציעל צו טאָן מיט די דייטשן, איז ער דאָך אַריין צום הויפּטמאַן אין קאַבינעט מיט דער פולער שריפטשטעלערישער זעלבסט־ווערדע.

זיין רואיקייט האָט אים אַליין געוואונדערט. אָבער פיל מער האָט אים פאַרוואונדערט און פאַראינטערעסירט דער אויסזען פון הויפּטמאַנס קאַבינעט.

לעאָן האָט זיך פּלוצלונג דערפילט אַריבערגעטראָגן אין שטילן גראָס־בערלין, ביי האַלענזיי אָדער שלאַכטענזיי ערגעץ, אין געמיטלעכן אַר־בעטס־צימער פון אַ דייטשישן געלערנטן.

אַרום די ווענט — רויע פּאָליצעס מיט גראָבע ביכער, אָנגענאָגלטע דיאַגראַמעס, ריזיקע לאַנד־קאַרטעס.

אויף אַ לאַנגן, שוואַרצן טיש — אַ ריזן־גלאָבוס און צענדליקער

פּרעציזע אינסטרומענטן און מכשירים, צייכענונגען, פּלענער, אונטער גלעזערנע שויבן מוסטערן פון שטיין, פון זאמד, פון מינעראַלן.

דער קאַבינעט פאַרנעמט אַ לאַנגן זאַל מיט זעקס פענצטער. און אַלע זעקס פענצטער פאַרהאַנגען מיט שווערע, בורזשואַז־געמיטלעכע פאַר־טיערן, וועלכע מאַכן דעם צימער טונקעלער און געמיטלעכער, שאַפן אַ שטימונג צו קאָנצענטרירן זיך אין דער אַרבעט.

אָבער ווען לעאָן האָט געווענדט זיין בליק צום שוואַרצן שרייב־טיש ביי איינעם פון די פענצטער און דערזען דאָרט פאַר זיך די איבער־געבויגענע ווי פון קיזלשטיין אויסגעהאַמערטע פיגור מיט גלייכווינקל־דיקע פּלייצעס און פירקאַנטיקן פּנים אונטער דער פּיקל־הויב, — איז אים אַדורך אַ פרעסטל איבערן לייב פאַר דעם אָנבליק פון אַ דייטשישן געלערנטן ביים פּראַנט.

לעאָן האָט נאַטירלעך, געוואַרט און געשוויגן. דער דייטש האָט אים אָנגעקוקט און, דאַכט זיך, נישט געזען.

— ממ—יאָ! — איז דער הויפּטמאַן ענדלעך אַרויס פון זיין שטיי־נערנער טראַכטעניש — וואָס ווינשן זי דען?

— וואָס זאָל איך דיר ווינטשן, וואָס?" — האָט לעאָן פאַרביטערט אַ טראַכט געטאָן.

ער איז געגאַנגען צו אַ מענטשן און אָנגעטראָפן אויף אַ שטיין.

— איך בין ברוינער — האָט ער זיך, מעגלעכסט ווערדיק, פאַר־גייגט פאַרן דייטש.

— זאָ, זאָ! — האָט דער דייטש זיך געכאַפּט פאַר דער וויזיט־קאַרטע אויפן שרייבטיש, — ביטע, ביטע, הער ברוינער, נעמען זי פּלאַץ!

און ער האָט מיט אַ ברייטן, גראַציעז־האַמעטנעם זשעסט אָנגעוויזן לעאָנען אויף אַ ווייכן פירקאַנטיקן לעדערנעם פאָטעל קעגנאיבער זיך, ביים שרייבטיש.

לעאָן האָט זיך אַריינגעזעצט אין פאָטעל, ווי אין אַ תפיסה־קאַמער און דער דייטש האָט אים גלייך אָנגעהויבן עקזאַמינירן, פון וואַנען ער שטאַמט, אין וועלכער צייטונג איז ער מיטאַרבעטער, און וועלכע פאַר־בינדונגען האָט ער מיט דער זשורנאַליסטישער וועלט אין אויסלאַנד, אין בערלין, צום ביישפּיל. ענדלעך איז ער אַריבער אויף די טעזיסן פון

לעאָנס פאַרלעזונג. ערשטער טעזיס: די פּסיכאָלאָגיע פון אַן אַלט פאָלק.

אַט ביי דער פּסיכאָלאָגיע איז דער דייטש אינגאַנצן פאַרענדערט געוואָרן. ער האָט זיך געריבן די פאַרמעטענע הענט מיט אַ גערויש פון טרוקענע בלעטער. אויף זיין פּירקאַנטיקן פּנים אונטערן פּיקל־הויב האָט אויפגעשטראַלט אַ געעלטערטער שמייכל און ערשט איצט איז פאַר לעאָ־נען קלאָר געוואָרן, אַז דאָ זיצט, אייגנטלעך, פאַר אים אַ באַיאָרנטער מאַן, בעת פריער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז די צייט האָט זיך בכלל אָפּגעשטעלט און האָט מער קיין שליטה נישט אויף דעם שטיינערנעם פּנים און אויב די האָר אויף די שלייפן זענען אים ווייס, איז דאָס נישט פון עלטער, נאָר פאַר דער פאָרם וועגן: אַ הויפּטמאַן דאַרף האָבן ווייסע האָר.

איצט זענען אַפילו די טונקל־שטאָלענע אויגן זיינע, די מיד־אונ־טערגעבעטע מיט געשוואָלענע קישעלעך, אויך געוואָרן באַוועגלעכער, מילדער און אַפילו בלויער.

— פּסיכאָלאָגיע, הער ברוינער, דאָס איז אייגנטלעך מיין באַליבטער קעגנשטאַנד, הויפּטזעכלעך: פאַרגלייכנדיקע פעלקער־פּסיכאָלאָגיע. נו, יאָ, אויסער דעם בין איך אינזשעניער און בריקן־בויער, אָבער דאָס איז שוין אַ נעבן־זאַך.

געזעדט האָט ער צו ברוינערן פאַרטרוילעך, ווי צו אַ פאַך־קאָלעגע און מיט זיין אַלט־מעטאַלענער שטים באַמיט זיך אויסצודריקן זיין סענ־טימענט פאַר דער באַליבטער וויסנשאַפט. ער וועט זיך באַנוצן מיט הער ברוינערס ליבנסווירדיקייט און פאַרצייכענען, לויט זיינע אָנווייזונגען, אייניקע ווערק פון די פּוילישע אָדער רוסישע געלערנטע.

און צופעליק האָט זיך דער אַלטער הויפּטמאַן נישט אַנטוישט. ברוי־נערס איצטיקע פאָרלעזונג איז נאָר געווען אַ קיצור פון אַ גרעסערער אַר־בעט, צו וועלכער לעאָן האָט זיך ערנסט צוגעגרייט, נישטערנדיק אין די בעסטע ביבליאָטעקן. ער האָט לייכט אָנגערופן ביי אַ האַלב טוץ נעמען פון פּוילישע און רוסישע און אַפילו ענגלישע ספּעציאַליסטן איבער דעם קעגנשטאַנד, וועלכער האָט דעם הויפּטמאַן אַזוי אינטערעסירט.

דערביי האָט לעאָן געפּרוווט טרעפן די פּסיכאָלאָגישע רעטעניש, ווי אַזוי אַן אַלטער דייטשער געלערנטער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רוי־מישן קריגסמאַן און אָנגענומען די שטייפקייט פון אַ גרויען קיזלשטיין.

דאָס פּירקאַנטיקע פּנים, די זילבערנע האָר אויף די שלייפן, דער האַלב־רונדער, דינער קלאַמער פון די שטייף־פאַרפּרעסטע קליינע ליפּן און דער שטאָלענער גלאַנץ אין די בלוילעכע אויגן — דאָס אַלץ האָט פּאַרט געהערט צו עפּעס אַן אַלטער קריגס־ראַסע, פּונקט ווי דער אייזערנער קרייץ אויף דער שוואַרץ־ווייסער סטענגע, וועלכער איז צוגעוואַקסן לינקס, צום הויפּטמאַנס ברוסט.

ווען די ערשטע פרייד פון קורצן פאַך־געשפּרעך האָט אין די בלוילעכע אויגן זיך אויסגעלאָשן, האָט זיך לעאָנען אויסגעוויזן, אַז אַ שטיינערנער טרויער האָט זיך אין די זעלביקע אויגן באַזעצט, אַ טרויער אַן איבערמענטשלעכער, ווי די אַלטע אייגן וואָלטן איינגעשלונגען דעם ווייטיק פון גאַנץ דייטשלאַנד. דעם הויפּטמאַן איז אַלץ שווערער געוואָרן אויפצורייסן די פאַרפּרעסטע דינע ליפּן.

דאָך האָט ער זיך אַ כוח אָנגעטאָן און לעאָנען צום געזעגענען פריינטלעך די האַנט פאַרהאַלטן און ווי עפּעס שווער און לאַנגוויילליק איבערגעקייט.

— יאָ, ממ—יאָ... ער בעט דעם הער ברוינער נאָך צוּוואַרטן אַ ווײַלע. ער וויל ביי אים נעמען נאָך איין קליינע אינפאָרמאַציע...

דאָ האָט דער הויפּטמאַן פאַרשידענע פּאַפּירן אויפן שרייבטיש איבערגעלייגט און לעאָן איז געשטאַנען און געוואַרט.

— ממ—יאָ! הער ברוינער האָט דאָך געוויס אַ ברייטן קרייז באַקאַנטע אין וואַרשע, צי קען ער נישט איינעם אַ קויפמאַן, אַ געוויסן הער פּאָדהאַלסקי. אָסקאַר פּאָדהאַלסקי, ממ—יאָ!

לעאָן האָט נאָכגעדענקט און געצויגן מיט די אַקסל.

— נו, יאָ! — האָט דער הויפּטמאַן גיך פאַרבעסערט — נישט פּאָדהאַלסקי, אייגנטלעך, נאָר פּאָדלאַסקי...

און לעאָן האָט נישט געבעטענערהייט זיך אַראָפּגעזעצט אין טיפן לעדערנעם פאָטעל. יאָ זאָגן? נישט זאָגן? וואָס וועט ער דאָ אויסגעווינען? אויף ביין האָט מען קיינמאָל קיין חרטה נישט... אָבער דער אמת איז אַמאָל דער בעסטער ליגן...

— נו, יאָ, ער קען דעם קויפמאַן פּאָדלאַסקי, ער קען אים.

האָט דער הויפּטמאַן זיך ווידער געריבן די הענט מיט אַ טרוקענעם בלעטער־גערויש.

— נו, אויב הער ברוינער קען אים, האָט ער אפשר אויך געקענט דעם שותּף זײַנעם, דעם הער... דעם הער טאַדעוש ביסטריצקי?

שוין בײַם דערמאָנען פּאָדלאַסקיס נאָמען האָט לעאָן זיך געפילט, ווי געפּאַנגען אין די אָרעמס פון פּאָטעל. איצט, נאָך דער צווייטער פראַגע, האָט ער דערפילט, אַז עס קומט פאַר מיט אים עפּעס נישט גוטעס, עפּעס ווי דער פאַרשטאָרבענער שונא זײַנער וואָלט אים געשלעפּט בײַ די פּיס אין תהום אַרײַן.

בײַ לעאָנען האָט אָנגעהויבן ציטערן אַ קני. ער האָט געפילט, אַז מיט דעם דאָזיקן ציטער ווענדט ער אָן קעגן זיך אַן אומזיסטן חשד און ער מאַכט זיך אומגליקלעך, אָבער באַהערשן האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט. און בעת זײַן גאַנץ ווען איז געוואָרן וואָס אַ רגע, אַלץ מער צעשרויפט, האָט דער קאָפּ בײַ אים קאַלט און אויסגערעכנט געאַרבעט. ער האָט געפילט, אַז עס פּאַסט נישט, אַז די ברילן זאָלן זיך אים איצט פון דער נאָז אַראָפּגליטשן, האָט ער געוואָלט פאַרריכטן די ברילן מיט דער האַנט, און די האַנט האָט בשום אופן דעם וועג נישט געטראָפן. האָט ער זיך געשעמט און געוואָלט אַ שמייכל טאָן איבער זײַן שלימזל־דיקייט. האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ דראָבנעם געלעכטערל און שוין מער נישט געקאָנט אויפהערן לאַכן.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז שוין לעאָן געזעסן מיט אַן אויפגעבונ־דענעם קראַוואַט און אָפּגעשפּילעטן קראַגן און געקלאַפּט מיט די ציין אָן דער גלאָז וואַסער, וואָס דער הויפּטמאַן אַליין האָט צוגעטראָגן צו זײַנע ליפּן.

נאָך נישט אײַנגעגאַנצן זיך באַרואיקט, נאָך קעמפנדיק מיט דער נאָכ־ווייעניש פון היסטעריקע האָט לעאָן אָנגעהויבן צו פאַרענטפערן זיך, שיטן מיט ווערטער, דערציילן.

צי די בושה פון היסטערישן אַטאַק האָט אים געשטויסן דערצו, צי זײַן אָפּגעשוואַכטער ווילן, צי די שרעק פאַר דער געפאַר, וועלכע עס דראָט אים, אויב ער וועט נישט דערציילן, האָט לעאָן דערציילט פאַר דעם הויפּטמאַן אַלץ, וואָס מען האָט גאָרנישט געפּאָדערט פון אים, אויפגע־וויקלט די גאַנצע טרויעריקע ראָלע, וואָס ביסטריצקי האָט אָפּגעשפּילט אין זײַן פאַמיליען־לעבן.

און פאָן־ראָאָפּ האָט אויפן שוואַרצן טיש אָנגעלענט איין פאַרמע־

טענע פויסט אַן דער אַנדערער, אַנגעשפּאַרט אַן זיי זיין קליינע, רונד־געטאָקטע גלאַטע קין און מיט קאַלטע שטאָלענע אויגן באַוואַכט לעאָנס היסטערישן ווידוי.

און גראָד דאַן, ווען לעאָנען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער איז פאַר־משפּט ביז צו דער ענד פון זיינע טעג צו זיצן און צו ריידן פאַר אַ טויבן, שטיינערנעם ספינקס, האָט דער אַלטער אַ פינטל געטאָן מיט די אויגן און שווער אָפּגעזיפצט.

— ממ—יאָ! אַזוי זעט אויס דאָס מענטשלעכע לעבן!... ווייסט איר שוין, הייסט עס פון פריער, אַז ביסטריצקי לעבט שוין נישט?

נו, געוויס ווייס ער, ער איז דאָך געווען ביי פּאָדלאַסקין, בעת ס'איז אָנגעקומען די מעלדונג פון קריגס־בריקן־בוי־אַמט.

דער הויפּטמאַן האָט דאַן אַרויסגענומען איינעם פון דעם שטויס פּאַפּירן אויפן טיש און פאָרזיכטיק אויסגעשטרעקט אים צו לעאָנען. לעאָ־נען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די הויפּטמאַנישע האַנט אין קאָרעקט־ווייסן מאַנקעט פון גרויען אַרבל האָט אַ ציטער געטאָן.

— ביטע, הער ברוינער, לעזט, אייך וועט דאָס פאַראינטערעסירן.

נעמט ברוינער איבער דעם פּאַפּיר און ער לעזט, ווו עס לאָזט זיך, וואָס עס איז נישט אויסגעשטראָכן מיט רויטן טינט:

. . . און איר, הער הויפּטמאַן, וואָס די בעסטע אייערע יאָרן האָט איר אָפּגעגעבן דער דינסט פאַרן פאָטערלאַנד, איר, וואָסביידע אייערע זין, אָטטאָ און עגמונד, זענען העלדיש אומגעקומען אויף די פעלדער פון פלאַנדריען — ווי קאָנט איר מיט אייער גראָען קאָפּ, מיט אייער נאָמען און אווטאָריטעט דעקן אַזאַ העסלעך פאַרברעכן? צי וואָלט איר אויך אַזוי געהאַנדלט, ווען נישט דער אומגליקלעכער ציוויל־געפאַנגענער ביסטריצקי זאָל זיין דער קרבן, נאָך אייער ליבלינג און פראָטעזשע — דער בעסטיאַלישער באַראָן קראָנעבערג וועל — קאַרל קראָנע, ווי מען האָט אים גערופן ביי דער קאָמפּאַני. דער מערדער קראָנעבערג געניסט פון אייער שוץ און געפינט זיך אויף אורלויב. און דאָס בלוט פון דעם אומשולדיק אומגעקומענעם ציוויל־געפאַנגענעם ביסטריצקי שרייט נאָך גערעכטיקייט!

מיר וועלן אָנווענדן אַלע מיטלען, אויסנוצן אַלע פאַרבינדונגען, אַז

דער אמת זאָל אַרויסשווימען. און דאַן, הער הויפּטמאַן, וועט איר אַליין זיין קאָמפּראָמיטירט!...

— אָבער קוואַטש! — האָט דער הויפּטמאַן מיט זיין אַלט־מעטאַלע־נער שטים אַ זאָג געטאָן און אַרויסגעריסן דעם בריוו פון לעאָנס האַנט, גלייך לעאַן וואָלט עס גענומען לעזן אין זיין דערלויבעניש.

— איך מיין, איר פאַרשטייט, הער ברוינער, אַז דאָס איז אַ גע־פערלעכע רכילות פון אַ שפּיאָנען־באַנדע? דעם באַראָן קראָנעבערג קאָן איך נאָך אַלס קינד. זיין זעליקער פאָטער איז געווען מיין יוגנט־פריינד. און דער באַריכט דערציילט אונדז, אַז די געשיכטע איז גאַנץ אַנדערש פאַרלאָפן. דער ציוויל־געפאַנגענער האָט געמאַכט אַ פּרווו צו אנטלויפן און איז דערטרונקען געוואָרן אין זומפּ.

אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט, נישט איך און נישט איר וועלן זיין טויט נישט באַדויערן. וויכטיק איז עפּעס אַנדערש צו דערגיין:

ווער — צום טייוול — אויפן קריגס־געביט וואָגט עס אונדז צו דראָען מיט רעוועלאַציעס? און ווי קומען צו דער שפּיאָנען־באַנדע אַזעלכע איינצלהייטן, ווי... ווי מיינע קינדער... אָטטאָ און עגמונד... מיינע אָרע־מע זין... אין פלאַנדריען... דאָנער־וועטער!

דער אַלטער הויפּטמאַן האָט פּלוצלונג איינגעביסן זיין פאַרמעטענע פּויסט און זיך צעברומט און זיך פאַרקייכט, ווי אַ פאַרווונדעטע חיה. דאָס פּירקאַנטיקע פּנים איז פּיאָלעט־בלוי געוואָרן, דער פּיקל־הויב האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אייז־גרויען רונדן קאָפּ און די שטאָלענע אויגן האָבן אויף זייער אָרט איבערגעלאָזן נאָר צוויי געלבלעכע ווייסלען.

ערשט איצט איז לעאָן געקומען אינגאַנצן צו זיך.

ער איז אויפגעשפּרונגען, אונטערגעכאַפּט דעם פאַלנדיקן הויפּט־מאַן אונטער די אָרעמס און גענומען אים גיסן פון זיין גלאָז וואַסער אין כאָרכלענדיקן מויל און געגומען שרייען נאָך הילף.

אַ דערשיטערטער, אַ צעבראָכענער, איז לעאָן ברוינער געזעסן איז אַ ווינקל, שוין נאָך דעם, ווי ער האָט אָפּגעגעבן זיינע דערקלערונגען פאַר די באַאמטע און דאָקטוירים, וועלכע האָבן איצט געהאַט אַרומגערינגלט דעם הויפּטמאַן. אַ געפיל האָט ער געהאַט, ווי נישט עפּעס אַ פרעמד דייטשישער הויפּטמאַן, נאָר ווי דער נאָענטסטער פריינד זיינער וואָלט באַקומען דעם אַפּאָפּלעקסישן אַטאַק. די קאָנצעלאַריע פון דער קאָמענ־

דאַנטור האָט ער פאַרלאָזן, נישט פריער, ווי ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער הויפּטמאַן איז צו זיך געקומען און פילט זיך שוין בעסער.

לעאָנס פאַרלעזונג איז פאַרגעקומען אין פולער אָרדענונג און ביי אַ פול געפאַקטן זאַל. דאָס גאַנצע שטעטל איז געלאָפן אָנקוקן דעם רעדנער, וועלכן מען האָט אַ האַלבן טאָג פאַרהאַלטן אין דער קאָמענדאַנטור.

דער פאָרזיצער מיט דער דאַרער האַנט האָט אים געטרייסט,

— דאָס איז גאָרנישט, חבר דיכטער! ביי אונדז האָט מען אייבעם אַ רעדנער פאַרהאַלטן אויף גאַנצע דריי טעג און שפּעטער אים אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ אין זיין געבורט־שטעטל!

— חברים און פריינט! מיין היינטיקע פאָרלעזונג איז אויף דער טעמע: מלחמה און שלום אין שיין פון יידישן געוויסן. ערשטע טעזע: די פּסיכאָלאָגיע פון אַן אַלט פאָלק...

אין דער ערשטער ריי האָבן די פעלצלעך מיט טולפּן־שטיוול גע־קנאַקט באַני־קערן.

8

# אַהיים

קאָן דען זיין אַ גרעסערער גליק ווי אָפּרייסן זיך פון דער תליה און מיט דעם שטריקל אויפן האַלדז לויפן אַהיים?

לעאָן האָט אַריינגעשטיגן אין וואַגאָן נישט נאָר מיט אַ גליק־געפיל, נאָר אויך מיט ווילדע שרעק־קאָשמאַרן — מיטן שטריקל אויפן האַלדז.

אמת, פון סכנה איז ער, דאַכט זיך, אַרויס אין יענעם מאָמענט, ווען דער הויפּטמאַן האָט צוריק געעפנט די אויגן און צוריק באַקומען לשון. ער האָט דאָך אוודאי דערציילט פאַר זיינע לייט, אַז לעאָן ברוינער האָט נישט געמיינט אים צו דערוווּרגן און נישט אָפּצוסמען מיט דער גלאָז וואַסער. אַנדערש — ווי שיקט זיך עס, וואָס די דייטשן האָבן אים פריי געלאָזט?

אָבער די זיכערקייט האָט דאָך געפעלט. אויף דער ערשטער בעסטער סטאַציע קאָן אים אָניאָגן אַ טעלעגראַפישער באַפעל, קאָן מען קומען רעווידירן די וואַגאָנעס, אים אויסגעפינען און צוריקשיקן אין שטעטל אַריין.

און דאַן ערשט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר לעאָנען אַ נייע סדרה שרעקעניש: אַז ער פאָרט גאָרנישט אַליין. אַז ערגעץ אין פינצטערן ווינקל פון דעם זעלביקן וואַגאָן האָט זיך פאַרשטעקט דער טויטער ביסטריצקי און ער פאָרט מיט אים מיט. ער פאַרפאָלגט לעאָנען. טויטערהייט שטעלט ער אים אונטער אַ פיסל און שטויסט אים אין אַן אומגליק אַריין.

אמת: ס'איז נישט רעאַל, היסטעריש — אַזאַ שרעק.

אָבער לעאָנס היסטעריע אין הויפּטמאַנס קאַבינעט איז דאָך שוין יאָ רעאַל. און דעם הויפּטמאַנס אפּאָפּלעקסישער אַטאַק איז דאָך אויך נישט אויסגעטראַכט. און ווער שטעקט דאָ אין דער מיט, אַז נישט דער טויטער ביסטריצקי?

אַלס צולאָג צו זיינע קאָשמאַרן האָט לעאָן נאָך מיטגעפירט מיט זיך אַ לייוונטענעם זעקעלע מיט פינף קילאָ ווייס־מעל — אַן אומגעריכטע מתנה פון דער בלאָסער חברטע פאַר דער אומבאַקאַנטער חברטע ברוינער. די מתנה איז אים געגעבן געוואָרן האַרט פאַרן אָפּגיין פון צוג.

ביי לעאָנס איצטיקן געמיט איז דאָס געווען, ווי ער וואָלט דורכן קריגס־געביט געשמוגלט פינף קילאָ פּיראָקסילין פאַרן שונא. דאָס האַרץ איז אים אַנטרונען יעדעס מאָל, ווען דער קאָנדוקטאָר איז פאַרבייגעגאַנ־גען די געפערלעכע פּאָליצע.

און אַזוי האָט לעאָן זיך געהוידעט אין ווינקל פון האַלב־פינצטערן וואַגאָן, זיך געהוידעט ווי אויף אַ ריזיקער וויג, צווישן גליק־געפיל און שרעק.

און אַזוי זיך הוידענדיק, איז ער אַנטדרעמלט געוואָרן.

ווען ער האָט אויפגעריסן די אויגן פון אַן אומגעריכטן שטויס, האָט ער שוין מער נישט אונטערשיידט קאָשמאַר פון ווירקלעכקייט.

דער לאָקאָמאָטיוו האָט ערגעץ נאָענט אומאויפהערלעך - קלאָגנדיק געוואָיעט אין דער נאַכט אַריין, ווי אין אומגעלומפּערטע ריזן־עופעלע, וואָס מען וויל עס שלעכטס טאָן. דער צוג האָט זיך באַוועגט לאַנגזאַם שטאָלפּערדיק, ווי זיך איינגעשפּאַרט מיט אַלע רעדער און נישט געוואָלט גיין, וווהין דער שיקזאל האָט אים געשטויסן.

דורכן וואַגאָן זענען געלאָפן קאָנדוקטאָרן, ווי די פאַרסמטע מייז און נאָך זיי — צעשראָקענע פּאַסאַזשירן מיט נאָכפראַגעס: וואָס געשען?

פאַר לעאָנען איז קלאָר געוואָרן, אַז די קאַטאַסטראָפע איז אומפאַר־

מיידלעך. און אָט זעט ער זיך פּלוצלונג שטיין אין דער ליכטיקער אוביקאציע פון וואגאָן.

נאָך וואָס איז ער, אייגנטלעך, געלאָפן אַהער?

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין אוביקאציע איז פאַראן אַ וואַנטשפּיגל און אים האָט זיך פּײנלעך פאַרגלוסט אָנצוקוקן זיין פּנים אַ מינוט פאַרן טויט.

דאָס איז געווען אַ ריין שריפטשטעלערישע באַדערפעניש, וועלכע איז איבערגעשטיגן אַפילו די שרעק. האָט ער דערזען אין שפּיגל אַ רויט פּנים מיט אַ ווייסער נאָז און ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיין וואָכעדיק אויסזען אין אַזאַ טראַגישן מאָמענט.

דערווייל האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט ראַפּטעם און לעאָן האָט זיך אָנגעשטויסן מיטן שטערן אָן דער וואַנט. דאן האָט דער צוג אָנגעהויבן צו גיין אויף צוריק און לעאָן האָט ווידער געהאלטן אין באַלאַנסירן. און ווען ער האָט זיך ענדלעך אַרויסבאַקומען פון דער אוביקאַציע, איז דער צוג שוין אינגאַנצן געשטאַנען, פאַרטייעט שווייגנדיק.

פון דער ווייט האָט זיך געהערט דער אויסגעצויגענער יאָמער פון אַ צווייטן לאָקאָמאָטיוו. און דער קאָנדוקטאָר האָט אַריינגעשטעקט אין קופּע אַ שטראַלנדיק פּנים.

קיין קאַטאַסטראָפע וועט שוין נישט זיין. ביידע צוגן האָבן זיך גלייכצייטיק באַמערקט פון דער ווייטנס אויף איין ליניע און זיי איז געלונגען באַצייטנס זיך אָפּצושטעלן, נישט ווייט איינער קעגן אַנדערן.

איצט האָבן די פּאַסאַזשירן מיט די קאָנדוקטאָרן זיך אַרויסגעשאָטן אויף דער פרייער, פינצטערער שניי-זאַווערוכע, אָנקוקן, ווי צוויי לאָקאָמאָטיוון שטייען מיט די גלאָצערס איינער קעגן אַנדערן און שווער סאָפּענדיק, ווי אומצופרידן פון דעם, וואָס מען האָט זיי נישט געלאָזט אַריין אין אַ צוויי-קאַמף.

די דייטשן האָבן געשריען און געשאָלטן און געפאָדערט אונטערשריפטן צו זייער פּראָטאָקאָל. מען איז זיך שיער נישט קעגנזייטיק חושד געווען אין פאַרראַט. עס איז פאַר יעדן געווען קלאָר, אַז די קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געקאָנט פּאַרקומען, איז געווען אַ צוגעגרייטע שפּיאָנען-אַרבעט.

און דאָ האָט לעאָן בולט-וואָרהאַפטיק דערפילט, ווי דער טויטער

ביסטריצקי מיט זיין שפּיאָנען־באַנדע רייט אַרום אין דער פינצטער אויפן ווינט, שטאַרק אומצופרידן פון דעם, וואָס דאָס טייוולשע שטיקל אַרבעט איז אים דאָס מאָל נישט געלונגען.

ווידער אַ באַווייז, אַז דער טויטער האָט לעאָנען אויפן אויג און אַזוי גיך וועט ער פון אים זיך נישט אָפּטשעפּען.

איז לעאָנס פרייד פון זיין איצטיקער רעטונג ווידער פאַרסמט גע־וואָרן פון נייע סכנות. אָבער מער האָט שוין אונטערוועגס קיין אויסער־געוויינלעכס נישט פּאַסירט, הגם לעאָן איז גרייט געווען יעדע רגע די סכנה אויפצונעמען.

צוליב דער באַגעגעניש פון ביידע צוגן איז אויסגעקומען לאַנג צו וואַרטן אין פעלד, ביז דער צווייטער צוג וועט אָפּגיין צוריק אויף אַ וועקסל־סטאַציע. דאַן איז אויסגעקומען שעהן לאַנג צו וואַרטן אויף יעדער גרעסערער סטאַציע, ווייל צוליב דער ערשטער פאַרשפּעטיקונג איז פאַרפּלאָנטערט געוואָרן דער פּאַרפּלאַן.

קיין וואַרשע איז דער צוג אָנגעקומען אויפן צווייטן טאָג נאָך מיטיק, מיט אַ פינפשעהדיקער פאַרשפּעטיקונג.

ערשט דאָ, אין וואַרשע, אונטערן שיין פון די באַצייטנס אָנגעצונ־דענע עלעקטרישע פּערל אין געלבלעכער ווינטער־דעמערונג, האָט לעאָנס האַרץ אָנגעהויבן אָפּגיין פון שרעק און זיך אָנפילן מיט גליק.

און דאָס גליק איז געשטיגן מיט יעדער מינוט, וואָס האָט אים דער־נענטערט צו זיין היים. די גאַנצע סכנהדיקע רייזע זיינע האָט שוין אָנ־גענומען די נעגלדיקע פאָרמען פון אַ פאַנטאַסטישן, האַלב אויסגעוועבטן חלום.

סלאַווע איז אַרויס אין פּאָדערצימער באַגעגענען איר מאַן. מיט לויכטנדיקע אויגן, מיט חן־גריבלעך אין די אויפגעבליטע באַקן האָט זי אים אנטקעגן געטראָגן די היימישע וואַרעמקייט פון איר שוואַנגערן לייב, די זאַפטיקייט פון אירע הייסע ליפּן.

באַרינקע — דאָס געוויקסיקע בחורל זיינס פון ערשטן זיווג — אַ יינגעלע מיט דאַרע פיסלעך און מיט אַ גלאַטער קאַסקע, מאַט־שוואַרצע האָר איבער די אויערן — האָט אַרומגעכאַפּט דעם טאַטנס האַלדז און נישט געוואָלט אָפּלאָזן.

אויפנעמענדיק דעם צערטלעכן און פריילעכן ברוך־הבא אין דער היים, האָט לעאָן געטראַכט:

— בעסער אַזוי. זאָלן זיי בעסער ניט וויסן, וואָס פאַר אַ בייזן חלום איך בין אויסגעשטאַנען. און אויף סלאַוועס פראַגע, ווי עס איז צוגע־גאַנגען אויף דער רייזע, האָט ער געענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל:

— גאַנץ גוט... זיך דורכגעלופטערט אַ ביסל.

די היימישע שמחה איז אָבער נישט פול געווען. אַ גאַסט האָט גע־שטערט. לעאָן האָט דעם גאַסט געטראָפן שוין אין עס־צימער.

אַן עלטער׳ע פרוי אין אַן אַלט־מאָדיש סאַמעטן קלייד, אין אַן אַלט־פרענקיש קליין היטעלע, אַרויפגעזעצט „פּאָ קאָזאצקו״ אויפן פּארוק, איז ביים טיש געווען אַריינגעטאָן אין טרינקען טיי מיט מאַלינעס.

האָט זי ביי לעאָנס אַריינקומען אָפּגעווישט די ליפּן מיט דער דלאָניע און אויף איר געעלטערט פּנים האָט זיך באַוויזן אַ קאָקעטיש שמייכעלע.

— איר דערקענט מיך שוין נישט, הער ברוינער!

— פייגע־פּעסיע, דאַכט זיך? אָ, אַ גאַסט, אַ גאַסט! וואָס מאַכט מען עפּעס, פייגע־פּעסיע?

— אָט, וואָס זאָל מען מאַכן, פריינד? מען לעבט אויף צרות.

פייגע־פּעסיע האָט גלייכצייטיק אי געזיפצט אי געשמייכלט און פון אירע ביטערע זיפצן און קאָקעטישן שמייכל האָט זיך באַקומען דער איינדרוק פון דער פיינלעכסטער מענטשלעכער אומבאַהאָלפנקייט. זי האָט זיך באַמיט צו האַלטן לייטיש, אַפילו העלדיש, נישט אָנצוואַרפן אויף ליבע גליקלעכע מענטשן דעם עול פון אירע אייגענע צרות. אירע צרות זענען אָבער אַזוי גרויס געווען, אַז זיי האָבן זיך געריסן אינדרויסן און פייגע־פּעסיע האָט געצוקט מיט די אַקסלען און געווישט מיט דער דלאָניע די טרערנדיקע אויגן, בעת אירע אויסגעקרימטע, בלאַסע ליפּן האָבן פאַרציילט, אז זיי שעמען זיך פאַר איר שוואַכקייט און אַז זיי באַמיען זיך צו שמייכלען.

לעאָן האָט נישט געהאַט פאַר איר דעם געהעריקן טרייסט־וואָרט. איר טאָכטער דינה — סלאַוועס געוועזענע חברטע — מיט אירע אומ־גליקלעכע קינדערלעך וועט ער נישט לעבעדיק מאַכן. עס האָט נישט געהאָלפן, נישט די פרישע לופט פון בערל פּאָדלאַסקיס מאַיאָנטקעס,

נישט די גוטע אויפזיכט. די קראַנקע פרוי מיט אירע קראַנקע קינדער זענען אַוועק פון דער וועלט.

געטראַכט האָט לעאָן אָפּט וועגן ישראל דעם שטריקער, וועגן אָט דעם פּשוטן האַלב־אינטעליגענט, דעם יידישן אַרבעטער, וועלכער האָט זיך פאַרפּייניקט מיטן האַרבן פּראָבלעם פון יידישן סאָציאַלן רענע־סאַנס, גענומען אויף זיינע שמאָלע פּלייצעס די אחריות פאַר אַ פאָלק נביאים, קדושים, לופטמענטשן און פּראַצענטניקעס און נאָך באַקומען אַלס צולאָג אַזאַ גרויסע פאַרציע אייגענע פאַמיליען־צרות. ווי וועט ישראל אַריבערטראָגן זיינע צרות? צי וועט ער נאָך פעאיק זיין צום לעבן און עפּעס אויפצוטאָן אין לעבן, נאָך דעם, ווי ער האָט באַגראָבן דאָס ווייב מיט צוויי קינדער?

וועגן דעם האָט לעאָן אָפּט געטראַכט. פאַר אים איז דאָס געווען אַ ליטעראַריש פּראָבלעם. אָבער וועגן פייגע־פּעסיען, דער עלנטער אומ־גליקלעכער מאַמען, איז אים עפּעס נישט איינגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן. אמת, די אַלטע איז אים נישט אַזוי נאָענט, ווי ישראל, אירע צרות וואָלט גיכער געקאָנט פילן סלאַווע, דינעס געוועזענע חברטע.

אָבער דאָ כאַפּט זיך לעאָן, אַז ער אַליין געפינט זיך דאָך אין אַ מין טראַגישער קרובהשאַפט מיט פייגע־פּעסיען. פונקט ווי זיין אייגן לעבן האָט דאָך אויך איר יינגערער טאָכטערס, דאָרעטשקעס לעבן צעבראָכן דער זעלביקער מענטש: ביסטריצקי.

ווידער ביסטריצקי!

צי ווייס זי כאָטש, אַז ער לעבט שוין נישט, אָט דער צעשטערער און אומגליק־טרעגער? אפשר וואָלט זי כאָטש אין דעם אַ שטיקל טרייסט געפונען.

ווען סלאַווע זאָל דאָ ביים טיש נישט זיצן, וואָלט לעאָן איצט פאַרפירט מיט איר אַ שמועס וועגן ביסטריצקיס ביטערן סוף. אָבער אין סלאַוועס קעגנוואַרט וויל ער בעסער זיין נאָמען נישט דערמאָנען. ער קוקט מיט פאַרדרוס, ווי סלאַווע ווישט זיך איצט די שיינע אויגן אירע. דאָס העלפט זי פייגע־פּעסיען באַוויינען די טאָכטער אירע, דינהן. לעאָן איז חושד, אַז פאַר זיין אָנקומען האָבןביידע פרויען שוין גאַנץ גענוג זיך אָנגערעדט און אָנגעוויינט. און סלאַווע טאָר זיך נישט ערגערן, בפרט אין איר איצטיקן מצב, אין שוואַנגערשאַפט.

— יאָ, מיין פריינד, אַ מענטש קאָן זיך גאָרנישט העלפן — קומט ער אָפּ זיין נישט געבעטענעם צרהדיקן גאַסט מיט אַ זיפץ, ווי מיט אַ נדבה.

עס פאַרדריסט אים, וואָס אין דעם גליקלעכן געפיל פון זיין אַהיימ־קומען האָט זיך אַריינגעריסן אַזאַ פינצטערער שאָטן, ווי פייגע־פעסיע. און זיין זיפץ, אַז אַ מענטש קאָן זיך גאָרנישט העלפן, האָט אויך אַ שייכות צו אים אַליין.

אַ מענטש קאָן זיך נישט העלפן, ווען עמעץ קומט און צעשטערט זיין ליכטיק געמיט, און שוין אין דער רעזיגנאַציע אליין שטעקט אַ שטיקל טרייסט און באַרואיקונג.

אָט די רעזיגנאַציע איז ווי אַ נייטיקער טאָן אין זיין גאַנצער פילאָ־סאָפישער גאמע פון יוצא־זיין מיט ווינציקן. דער קלאָרער טישטעך איז אַזוי יום־טובדיק באַלויכטן פון עלעקטרישן הענגלאָמפּ. די מוציאס ברויט מיט פּאָווידלע זענען צעלייגט אויף טעלערלעך, ווי דער פיינסטער דעליקאטעס. און עס גאָלדיקט זיך די פיינע גלאָז טיי פאַר אים אַזוי ווי ער האָט ליב. נישט צו־שטאַרק, נישט צופיל און, דאַכט זיך, אויך נישט צו הייס.

פייגע־פעסיע איז אָבער אַ פילבאַרער מענטש, זי פילט, אַז זי איז אַן איבעריקער שאָטן ביי דעם באַלויכטענעם טיש. איילויק פאַרענדיקט זי לאָבן זיך מיט דעם ביסל מאַלינעס אויפן טעצעלע, לאָבט זיך און פּאָסמאָקעוועט, ווי געפונען אַ היילונג צו אירע צרות. רוישיק זופּט זי אויס ביז אַ טראָפּן דאָס רעשט ביסל טיי פון איר גלאָז, און אָפּגעווישט די ליפּן, נעמט זי זיך אַנטשולדיקן און דאנקען און געזעגענען זיך. און אַלץ מיט איר קאָקעטיש שמייכעלע אויפן פאַרפינצטערטן פּנים. מיט גע־וואַלד שטופּט איר סלאָווע אונטערן אָרעם עפּעס אַ פּעקעלע, וואָס זי האָט צוגעגרייט פאַר אירטוועגן. פייגע־פעסיע מאַכט אַ באַליידיקטע מינע, לאָזט זיך לאַנג בעטן.

— צו־וואָס, סלאָוועשי, צו־וואָס? אַז איך האָב אין דער היים פון אַלעם גוטן!

אָבער איר שטים אַליין דערציילט, אַז זי זאָגט אַ בפירושן ליגן, אַז אין דער היים האָט זי גאָרנישט.

פייגע־פעסיע מיטן פּעקעלע איז ענדלעך אַוועק. סלאָווע איז אַ

לענגערע צייט געזעסן אַן ערנסט־שווייגנדיקע, דעם קאָפּ אויף דער האַנט אָנגעלעגט.

— ווייסטו, לעאַן, ווו איך האָב זי געטראָפן, פייגע־פּעסיען? וועסט נישט טרעפן.

— ווו אַ שטייגער?

— ביים זאַקסישן גאָרטן איז זי געשטאַנען אין דעם אַלטמאָדישן סאַלאָפּ אירן. אין דעם היטעלע.

— נו, איז וואָס?

— וואָס הייסט וואָס? זי איז געשטאַנען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. געבעטלט אַ נדבה.

לעאָן האָט זיך פאַרקרימט, ווי פון אַ פּלוצלונגן ווייטיק.

ווי האָט ער דאָס נישט אַ טראַכט געטאָן, פונוואַנען עס לעבט אַזאַ אָרעמע יידענע! ער האָט גלייכצייטיק זיך דערמאָנט אַן די פינף קילאָ וויס מעל, וואָס ער האָט אריינגעשמוגלט קיין וואַרשע און דער שטערן איז אים רויט געוואָרן פאַר בושה.

— סלאַווע, קינד מיינס! וואָס פאַר אַן אומגליקלעך פאָלק זיי זע־נען — די מענטשן!

אויפן טאַטנס איצטיקן אויסגעשריי האָט באַרינקע אויפגעהייבן אַ פּאָר טונקל־מאַטע פאַרשטענדיקע אויגן — באַסיעס אויגן.

סלאַווע איז צום פענצטער צו און פאַרצויגן די פאָרטיער, אַז די מרה־שחורה פון ווינטער־אָוונט, וועלכער האָט פאַרשלונגען פייגע־פּעסיען, זאָל שוין מער קיין שליטה נישט האָבן אויף איר שטיל, היימיש ווינקעלע.

דאַן איז זי צוריקגעקומען צום טיש און לעאָן האָט איר געמוזט דערציילן וועגן די פיל אָנגענעמע איבערראַשונגען און מאָראַלישע דער־פאָלגן זיינע אויף דער פּראָווינץ.

— יאָ, גוט, וואָס זי האָט אים צוגערעדט צו פאָרן. ער האָט אַ ביסל זיך דורכגעלופטערט.

## 9
# ניסים מיט אידענע

נישט מיטאמאָל איז פייגע־פעסיע געקומען צו יענעם טרויעריקן מצב, אין וועלכן סלאַווע האָט זי געפונען ביים זאַקסישן גאָרטן.

פייגע־פעסיעס לעבן איז צעבראָכן געוואָרן ביסלעכווייז.

פון דער באַרימטער קאָמונע איז שוין לאנג קיין זכר נישט פאַר־בליבן. פייגע־פעסיעס לאָקאַטאָרן זענען נאָך אין דעם ערשטן מלחמה־יאָר זיך צעלאָפן פון דער קאָמונע ווי די מייז פון אַ לעכערדיקער שיף. דער־ביי האָבן זיי, נאַטירלעך, פייגע־פעסיען אָנגעזעצט. נישט באַצאָלט פאַר לאַנגע חדשים עסן און נאַכטלעגער.

דער לעצטער האָט אָנגעהאַלטן אין דער קאָמונע דער אַלטער פאַ־ראַליזירטער מאיר דוד און כל־זמן ער האָט געלעבט, האָט נאָך אָנגע־האַלטן די קליינע שטיצע פון זיינע רייכע און אָפּגעפרעמדטע קינדער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט האָבן דעם פּאַראַליזירטן טאַטן ביי זיך.

און אַז מאיר־דוד איז, ענדלעך, אויך אַוועק פון דער וועלט, האָט פייגע־פעסיע זיך אַרומגעזען, אַז זי איז פאַרבליבן אַליין אין די גרויסע פאַרדומפּענע צימערן, אַליין מיט די מייז און מיט די פּרייסן, גרויס ווי מייז.

מיט דער טרויעריקער ידיעה וועגן דער טאָכטערס טויט, האָט פייגע־פעסיע זיך פאַרשלאָסן אין איר גרויסער ליידיקער דירה און זיך אויסבאַהאַלטן פון דער וועלט. און וויפל צייט דאַרף דען די וועלט אויף צו פאַרגעסן אַ מענטשן? בפרט נאָך אין אַזאַ יאָר, ווען מען האָט נישט געלעבט קיין לעבן, נאָר זיך געראַטעוועט פון אונטערגאַנג — אין דעם יאָר פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. האָבן אָן פייגע־פעסיעס עקזיסטענץ פאַרגעסן די פּאָר מענטשן, וועלכע האָבן זי נאָך געקאָנט. איז די פרוי פאַרבליבן אַליין מיט איר וויסטער איינזאַמקייט.

אָבער אויסבאַהאַלטן זיך האָט זי נישט פאַרן לעבן, נאָר פאַרן טויט, וואָס האָט געשפּרייט אַרום איר זיין פאַרוויסטונג. דאָס לעבן איז איר טאַקע נישט ניחא געווען, אָבער פאַרן טויט האָט פייגע־פעסיע זיך געשראָקן איצט מער ווי אַלעמאָל.

זי האָט געפילט, אַז אויף יענער וועלט וועט זיך קיינער פאַר איר

נישט איינשטעלן. נישט דער ערשטער מאַן, דער חזן, נישט דער צווייטער — דער אַלטער בעל־מגיה. איז איר שוין בעסער צו פאַרבלייבן אויף דער וועלט, איידער רוקן זיך מיט איר שווער פעקל זינד און מיט איר איינזאַמקייט אויף יענער וועלט.

פייגע־פעסיע איז געווען צעקריגט מיט גאָט און זי האָט פאַר אים מורא געהאַט. איר איז שוין ניחא געווען, אַז גאָט זאָל אינגאנצן פאַרגעסן אָן איר עקזיסטענץ — אָט דער גרויזאַמער אייביקער פּראָצעסניק, וואָס דעם חוב פון די עלטערן מאָנט ער אויף נאָך מיט אַן עודף ביי די קינדער.

אין דער טעמפּער באַדערפעניש די נשמה צו דערהאַלטן, אין דעם באַגער נאָך אַ לעפל געקעכץ האָט פייגע־פעסיע אָפּט דערטרונקען די שרעק פאַר איר איינזאַם און אומזיניק לעבן, איר טרויער נאָך דינהן מיט די קינדער און איר בענקשאַפט נאָך דאָרעטשקען — איר איינציק שטיקל האָפענונג.

פאַרשטעקט אין אַ ווינקל פון איר גרויסער, פאַרוויסטער וווינונג, זיצט אַ פאַרוואָגלטע יידענע, סקראָבעט מיט כוונה פון דעק טעפּל אַרויס אַ קאַלט ביסל קרופּניק, וואָס זי עסט צו צום פאַרשימלטן דייטשישן באָנע־ברויט און זי איז אַזוי פאַרטאָן אין איר אָרעמען מאָלצייט, אַז זי הערט אַפילו נישט, ווי כמעט ביי אירע פיס דרייען זיך אַרום און פּישטשען די מייז.

זי ווייס אָבער פון זיי — פון אירע קליינע, אומזיסטע פרעסערס. נאָכן עסן פאַרוויקלט זי דאָס רעשט פון דעם פאַרשימלטן ברויט אין אַ פינצטערן, פאַרזייערטן האַנטוך, קריכט אַרויף אויף אַ בענקל און הענגט אויף איר ביסל שפּייז אויף אַ טשוואָק, אַז די מייז זאָלן נישט דערלאַנגען.

און די היימישע מייז פאָדערן אויפן קול. זיי געדענקען נאָך די גוטע צייטן, ווען פייגע־פעסיע איז נישט געווען אַזוי קאַרג, ווען אין קיך האָט זיך געפונען פון כל־טוב.

פייגע־פעסיען איז אַפילו היימלעכער אין דער געפּישטשעריי פון לעבעדיקע באַשעפענישן, — אירע היימישע מייז. איר דאַכט זיך אַלץ, אַז זיי פּישטשען מיט אַ פאָרוואורף:

— פע, פייגע־פעסיע! ווי שעמסטו זיך נישט אויפצוהענגען אַ דאַר שטיקל ברויט, בעת מיר, דיינע אַלטע לאָקאַטאָרן, זענען אַזוי הונגעריק.

מיט די היימישע מייז וואָלט זי שוין ווי עס איז דורכגעקומען. שלעכט איז אָבער מיט די פרעמדע, מיט די אָנגעלאָפענע.

לעצטנס זענען אָנגעלאָפן קיין וואַרשע פרעמדע מייז. פון אַלע פאַר־וויסטע דערפער און ישובים, פון אַלע אויסגעלאָדענע שייערן זענען זיך אָנגעלאָפן די מייז אין דער הויפּטשטאָט.

פון זיי איז שוין גאָר קיין אויסבאַהאַלטעניש נישט געווען. זיי האָבן פּשוט פון די הענט געריסן. און זייערע ביינאַכטיקע מלחמות, וואָס זיי האָבן געפירט אין פייגע־פעסיעס רחבותדיקע, ליידיקע צימערן, האָבן די עלנטע פּרוי שיער נישט דערפירט צו משוגעת.

פלעגן זיך אַ לאָז טאָן זייערע שאַרן מיט געפּויקערײַ פון די עקלעך אָן דער פּאָדלאָגע, ווי שרויט וואָלט זיך אויסגעשאָטן. אַ מחנה אין איין ריכטונג, אָ מחנה אין דער צווייטער. און פון זייער קוויטשערײַ און פּײַ־פערײַ — יאָ, די ווילדע מייז האָבן געפּייפט — פלעגט פייגע־פעסיע זיך אָפּגיסן מיט אַ קאַלטן שווייס. צי זענען דאָס נישט די שלוחים פון בייזן גאָט, וואָס זי האָט זיך פון אים אויסבאַהאַלטן און איצט האָט ער זיי אונטערגעשיקט, זיי זאָלן זי אויפפרעסן לעבעדיקערהייט.

פייגע־פעסיע וואָלט דעם לעצטן ביסן פון מויל אָפּגעשפּאָרט אויף איינצוקויפן סם פאַר די מייז. זי האָט אָבער מורא געהאַט, אַז אין אַ וויסטער מינוט פון פאַרצווייפלונג קאָן זי אַליין דעם מייזן־סם אויפּנאַשן.

האָט זי געקעמפט מיט די מייז מיט אַ טרוקענעם שייט האָלץ, וועלכן זי פלעגט נאָכוואַרפן אין דער פינצטער אין דער ריכטונג פון זייער צע־הוליעטער קאָמאַנדע.

און יעדן אינדערפרי, נאָך דעם ביינאַכטיקן קאַמף מיט די מייז, האָט פייגע־פעסיע געזען אַ שטיקל נס אין דעם, וואָס זי איז אויפגעשטאַנען אַ לעבעדיקע.

דער צווייטער נס איז געווען, וואָס זי האָט זיך אין די ביטערע צייטן אויסגעפונען איר חיונה און געלעבט, אַזוי צו זאָגן, פון גרייטן קאַפּיטאַל.

ביידערנאַכט, מיט אַ ליכטל אין איין האַנט, מיטן שייט האָלץ אין דער צווייטער, אין איר וואַטאָווען סאַלאָפּ און מאיר־דודס שטעקשיך, פלעגט פייגע־פעסיע זיך אַוועקלאָזן איבער די קאַלטע פינצטערע צימערן זוכן אוצרות. און יעדעס מאָל פלעגט זי אויסגעפינען עפּעס נייס, וואָס עס לאָזט זיך מאַכן צו געלט. אַזוי האָט זי אַנטדעקט אין אַ ווינקל אונ־

טער אַ צעבראָכענעם בעט אַ גאַנצע קראַם פון עכטער פאַרמלחמהדיקער סחורה: סקאַרפּעטן, שעלקעס, בליִיפעדערס און נאָטיץ־ביכלעך. דאָס איז געווען דעם ליטוואַקס פאַרגעסענע קראַם. ער האָט איר מאַרגעסן צו באַ־צאָלן, דער ליטוואַק. ער האָט אָבער אויך זיין סחורה פאַרגעסן ביי איר. ער האָט זיך געהאַט אָפּגעריסן פון געשעפט, ווייל אין דער מלחמה־צייט האָט ער גאָר געהאַנדלט מיט צייטונגען.

אַ היפּשע צייט האָט פייגע־פעסיע זיך געשפּייזט פון אָט דער אי־בערגעבליבענער גאַלאַנטעריי־קראַם. זי האָט אויספאַרקויפט די סחורה צו ביסלעך, בלויז אַזויפיל, וויפל זי האָט געדאַרפט פאַרברויכן אויף אַ פּאָר טעג לעבן. און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי לעבט מיט אַ חשבון, די סחורה איז פון וואָך צו וואָך געשטיגן אין פּרייז.

שפּעטער האָט פייגע־פעסיע אויסגעפונען דעם זייגערמאַכערס וואַר־שטאַט מיט אַ גאַנצן אַרסענאַל שרייפלעך און צעבראָכענע זייגערלעך. געווען איז דאָס אַ קנאַפּע סחורה, אָבער ביים זייגערמאַכער האָט זי גע־פונען אַ הילצערנע שאַכטל אָנגעשפּיקעוועט מיט ברילן. איז פייגע־פּע־סיע געוואָרן אַ ברילן־הענדלערין.

ווען די שעה האָט געשלאָגן און פייגע־פעסיע האָט זיך געמוזט אַ נעם טאָן צו מאיר־דודס ספרים־שאַנק כדי אויסצופאַרקויפן די ספרים, האָבן איר די הענט געציטערט און אין האַרצן האָבן געזעצט שווערע האַמערס.

איר האָט זיך געדאַכט, אַז דער אַלטער בעל־מגיה קוקט אויף איר קרום און זייטיק פון אַ ווינקל אַרויס און קלויבט זיך איר מאַכן דעם רעכטן סקאַנדאַל.

האָט זי מיט אים זיך געאַמפּערט אויפן קול.

— וואָס־דען? אַ סך האָסטו מיר איבערגעלאָזן? די מאַיאָנטקעס דיינע?

ענדלעך האָבן זיך די אוצרות אויסגעשעפּט.

אמת, אין די ערדיש־שמוציקע ציכן האָט זיך געוואַלגערט אַן אַ שיעור בעטגעוואַנט, אָבער אָנצורירן דאָס בעטגעוואַנט האָט שוין פייגע־פעסיע קיין האַרץ ניט געהאַט. דאָ איז איר שוין פאַר די אויגן געשטאַנען איר איינציקע שטיקל האָפענונג — דאָרעטשקע און פון די מרחקים, ווו זי איז איצט פאַרוואָגלט געווען, האָט זי אויסגעשטרעקט צו דער מוטער

אירע ווייסע הענטלעך און געבעטן זיך רחמים, אַז מען זאָל נישט פאַר־קויפן איר שטיקל נדן.

האָט פייגע־פעסיע, אָנשטאָט צו פאַרקויפן אַ קישן, פאַרקויפט בע־סער צוועלף אייזערנע בעטן אויף שמעלץ.

אין קיך איז געוואָרן ליידיק און גרוים, נאָך דעם ווי מען האָט די צעבראָכענע בעטן אַרויסגעטראָגן.

אָבער ווען די טרעגערס האָבן געשליידערט דעם צעבראָכענעם אייזן פון די שטיגן אַראָפּ, האָט פייגע־פעסיען ביים האַרץ געצופּט.

— גיב זיי בעטן, גיב זיי — די לאָבוזעס.

און קוקנדיק אויף די ליידיקע ווינקלען פון קיך, האָט זי זיך יאָמער־לעך צעוויינט. די ווינקלען האָבן גערעדט צו איר, געטענהט:

— וואָס האָסטו געטאָן, פייגע־פעסיע? פאַרוואָס האָסטו אונדז צע־שיידט מיט אונדזער היימישן ברוכוואַרג.

שוין גאָר אין די שטאַרקע הונגער־טעג האָט פייגע־פעסיע פאַרקויפט אַ קישן. איין קישן. זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט מיט דעם קישן פון איר וווינונג ווי מיט אַ גנבה. דאָס האָט זי דאָס באַגנבעט דאָרעטשקען. שפּע־טער איז איר נישט געקראָכן דער ביסן אין האַלדז. אויב זי האָט געקאָנט ביי זיך אַזוינס פועלן — דאַן קאָן זי שוין אַלץ!

און זי האָט זיך אויסגעפּוצט אַלט־פרענקיש, יום־טובדיק און אַוועק אָפּקלאַפּן די טירן צו מאיר־דודס קינדער.

איז זי ביי דער ערשטער טיר געבליבן שטיין מיט אַן אויסגע־שטרעקטער האַנט, נישט אָנגעקלאַפּט. דאַן האָט זי שטיל און שטאַלץ פאַרקערעוועט, אַראָפּ פון די רייכע שטיגן, אַוועקגעלאָזן זיך צום טויער פון זאַקסישן גאָרטן און דאָרט האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צו דער וועלט.

— וועלט, לאָז נישט אומקומען אַן עלנטע יידענע, וואָס וויל נישט פאַרקויפן איר בעטגעוואַנט!

איז דאָס געווען דער דריטער נס, וואָס האָט זי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. אַ דריטער, אָבער נישט דער לעצטער.

ניסים האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף איר פון אַלע זייטן.

10

# ניסים ונפלאות

צוויי וואָכן זענען פאַרלאָפן נאָך דעם טיי מיט די מאַלינעס, וואָס פייגע־פעסיע האָט געגאָסן ביי סלאַווען. און אָט כאַפּט עמעץ אָן ביי דער האַנט די דורכגעפרוירענע יידענע אויפן ראָג, ביי דעם „אייזערנעם טויער".

פייגע־פעסיע ציטערט אויף, קוקט זיך אום און עס ווערט איר פינצ־טער אין די אויגן: ווידער סלאַווע!

כדי אויסצומיידן אַ צווייטע באַגעגעניש ביים זאַקסישן גאָרטן, האָט פייגע־פעסיע געביטן דעם פּלאַץ און זיך אַוועקגעשטעלט שטיין ביים „אייזערנעם טויער". האָט סלאַווע זי אויך דאָ אָפּגעפונען!

און די חרפּה איז נאָך גרעסער געווען צוליב דעם, וואָס פון דער זייט איז איצט געשטאַנען דער בכבודיקער שריפטשטעלער אין די גאָל־דענע ברילן און ברייטן קאַפּעלוש; לעאָן ברוינער איז מיט סלאַווען מיטגעגאַנגען.

איצט דערנענטערט ער זיך לאַנגזאַם און באַגריסט פון דער ווייטן נאָך די אומגליקלעכע אַלטמאָדיש־אויסגעפוצטע בעטלערין מיט גאָר אַ ליבלעכן שמייכל.

— מיר זוכן אייך אום, פייגע־פעסיע, ווי מיט ליכט. צוויי מאָל גע־קלאַפּט אין אייער טיר — קיינער ענטפערט נישט.

דאָס האָט לעאָן געזאָגט, און סלאַווע איז געווען אַזוי איבערגעלאָדן מיטן גלאַנץ פון איר בליק און מיט דער גליקלעכקייט פון איר איי־גענעם שמייכל, אַז זי האָט נישט געקאָנט אויסריידן קיין וואָרט.

ווייזט זיך אַרויס: זיי האָבן פאַר פייגע־פעסיען אַ גוטע בשורה. אַ גרוס פון דאָרטשקען און נאָך עפּעס. זייער, זייער וויכטיקס.

— קומט, פייגע־פעסיע, קומט! מיר פאָרן תיכף צו אונדז אַהיים. איר' וועט ציילן געלט!

ווי אין חלום האָט זי זיך געוויגט אויפן קאָטש מיט די גומענע רע־דער, זי צווישן סלאַווען מיט לעאָנען, זי, — די אַראָפּגענומענע פון איר בעטל־פונקט ביים „אייזערנעם טויער". וועלכע געלט? ווי קומט זי, פייגע־פעסיע, צו ציילן געלט?

און ביים געדאַנק, אַז דאָס האָט דאַרעטשקע דאָרט אוודאי דעם ביסן פון מויל אָפּגעשפּאָרט און צוגעשיקט דער עלנטער מאַמען אַ פּאָר צענדליק מאַרק, דערפילט פייגע־פעסיע, אַז דאָס האַרץ גייט איר אויס.

פייגע־פעסיע איז אַלעמאָל געווען טעמפּ אויפן חשבון און זי האָט זיך נישט געכאַפּט, אַז די סומע, וואָס לעאָן און סלאַווע האָבן אָנגערופן, וואָלט דאַרעטשקע נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן פאַר צען יאָר לערערישער אַרבעט.

ערשט דאַן, ווען די געפּרווירענע יידענע האָט זיך אַביסל דערוואַרעמט ביי סלאַווען אין געמיטלעכן עסצימער און דערקוויקט דאָס האַרץ מיט אַ זודיקער גלאָז טיי, איז זי אַרויס פון איר מטושטשן צושטאַנד און אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס לעאָן פון איין זייט און סלאַווע פון דער אַנדערער זייט טענהן מיט אַ שמייכל אַריין אין איר.

דאָס געלט שיקט איר נישט דאַרעטשקע, נאָר בערל, בערל פּאָדלאַסקי, דער לעגענדארישער עושר, וואָס ביי אים אין דאָרף אַרבעט דאַרעטשקע אַלס לערערין. שיקן שיקט ער פינף טויזנט מאַרק, אַז זי זאָל מער צו קיינעם נישט דאַרפן אָנקומען נאָך הילף און ווייל עס קאָן זיך מאַכן, אַז צוליבן פּראָנט זאָל מען ווידער אויף אַ לענגערער צייט בלייבן אָפּגעריסן. אַדרעסירט האָט ער דאָס געלט צו לעאָנען מיט סלאַווען און ער בעט זיי פריינדלעך דאָס געלט צו באַזאָרגן און אגב אָן עצה געבן פייגע־פעסיען, וואָס מיט דער סומע צו טאָן, דאָס געלט זאָל נישט צעקראָכן ווערן.

האָט פייגע־פעסיע איצט באַטראַכט די גרויסע פּרעמדפּנימדיקע אַסיגנאַציעס, וואָס זענען געלעגן פאַר אירטוועגן אויפן טיש, און זי האָט זיך שטיל און איינפאַך צעוויינט. צעוויינט פאַר גליק און פאַר צער און פאַר בושה פון איר געפאַלנקייט און פאַר דאַרעטשקעס גוט האַרץ, וואָס האָט אויסגעפּועלט ביי דעם עושר אַזאַ אומגעהייערע מתנה פאַר דער מאַמען, און געוויינט האָט זי אויך פאַר דעם פרייז, וואָס די איינציקע טאָכטער אירע האָט אפשר באַצאָלט פאַר דער גוטסקייט פון יידישן פריץ בערל פּאָדלאַסקי.

און אַז פייגע־פעסיע האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט זי זיך באַרואיקט, באַרואיקט זיך מיטאמאָל און מיט איר פלוצלונגער רואיקייט איז געשען אין איר אַ מאָדנע ענדערונג. דאָס באַוווסטזיין, אַז זי איז

שוין מער נישט קיין בעטלערין און נישט קיין באַלעבאַטישע קבצנטע אַפילו, דאָס באַוווסטזיין, אַז זי האָט שוין געלט, האָט ממש באַוויזן אַ מופת און פייגע־פעסיע איז שוין געזעסן צווישן אירע פריינט לעאָן און סלאַווע, גאַרנישט די זעלביקע, וואָס פריער.

ווי זי וואָלט וועלן זיך פאַרגעלטן פאַר איר פריערדיקער געפאלנ־קייט און בזיונות, ווי זי וואָלט וועלן סלאַווען און לעאָנען איינשמועסן, אַז זיי האָבן זי גאָר קיינמאָל נישט געזען אויף דער גאַס מיט אַן אויס־געשטרעקטער האַנט, האָט פייגע־פעסיע גלייך פון דער שטעל, ביי דער צווייטער גלאָז טיי גענומען אַ טאָן פון אַן עלטערער קאָקעטירנדיקער יחסנטע, וועלכע פאַרשטייט, ווי זיך צו שעצן.

זי איז גאָר ייִנגער געוואָרן. ערשט איצט האָט לעאָן באַמערקט, אַז מיטן שייטל האָט זי זיך צעשיידט נאָך אין דער היים. לעאָן האָט נישט געקאָנט וויסן, אַז דאָס האָט דער שייטל זיך צעשיידט מיט איר. צעפאלן געוואָרן אויף שטיקער און מער נישט געקאָנט דערפילן זיין פונקציע. איצט איז פון דער פאַרחושכטער ייִדענע מיטאמאָל געוואָרן אַ קאָמיִשע, פריצייטיק ־ געעלטערטע דאַמע, מיט צייכנס פון געוועזענער שיינקייט אַפילו.

און דאָס קליינע לעפעלע מאַלינעס האָט זי שוין געהאַלטן אין דער האַנט מאַנירלעך, ווי עס פאַסט פאַר אַ וווּיל־דערצויגענער דאַמע; דאָס קליינע פינגערל אָפּגעשטעלט ווייט פון די איבעריקע. און געגעסן האָט זי די מאַלינעס גאָר פאַמעלעך, קוים טועם געווען, ווי זי וואָלט זיי, די מאַלינעס, די גרעסטע טובה געטאָן, וואָס זי רירט זיך צו צו זיי.

— סלאַוועשי! מיר זאָלן שוין זוכה זיין עסן אויף שמחות! מאַלי־נעס — עכטער בורשטין. מיין זעליקער מאַן, וויסן זי, איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון קאָנפיטורן...

אָט פון דעם „זעליקן״ מאַן מיטן „וויסן זי״ האָט לעאָן שיער נישט אויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער. ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן באַצייטנס.

סוף־כל־סוף איז דאָך איר איצטיקער אָנשטעל געווען אַ גאַנץ סימ־פּאַטישער. ער האָט עדות געזאָגט, אַז די עלנטע פרוי פאַרמאָגט נאָך אַ געוויסן שטאָלץ און זעלבסטוווּרדע, וואָס זי אינטערפּרעטירט זיי לויט איר אייגענעם פאַרשטאַנד.

ער האָט געפּרוווט איר אַרויסוויַיזן זיין פּראַקטישע פריינדשאַפט לויט בערל פּאָדלאסקיס שריפטלעכער בקשה.

— און וואָס וועט זי באמת טאָן מיט אַזאַ הויפן געלט? ביי היינ־טיקע צייטן איז פינף טויזנט מאַרק אַ סומע, מיט וועלכער עס לאָזט זיך איינפעדימען אַ גאַנץ נישקשהדיק געשעפטל.

האָט אָבער פייגע־פעסיע נישט געלאָזט צו זיך ריידן. זי האָט גע־לאַכט. און אַז מען האָט געלט — לאַכט מען גאָר אַנדערש.

— לאָזן זי צורו, הער לעאָן! וואָס פאַר איין קויפמאַן בין איך? איך בין פון צו־הויזע מונדלאַק, מיין פאָטער האָט נישט געהאַנדלט און איך וועל די זאַכע נישט קענען. סיידן — זעט איר — מיט אייך בשותפות — האָט זי מיט אַ שמייכל אים קאָקעטירט.

איצט האָט לעאָן געלאַכט, האַרציק געלאַכט פון איר משונהדיקער פאַנטאַזיע. ער האָט זיך געזען בשותפות מיט דער קאָמישער יידענע. שקר און שלימזל — אַ פּאָר וואַזשנע סוחרים.

און אַז לעאָן האָט געלאַכט, האָט זי מיטגעלאַכט — פייגע־פעסיע. איר האָט הנאה געטאָן, וואָס זי האָט דאָ געמאַכט אַ ביסל פריילעך.

אין איין פּרט האָט זי אָבער אַרויסגעוויזן פעסטקייט אין כאַראַק־טער. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטצונעמען דאָס גאַנצע געלט. זאָל בעסער דאָס געלט ליגן ביי לעאָנען און זי וועט שוין אָפּנעמען צו ביסלעך און ווען זי וועט דאַרפן. אויף דערווייל האָט זי איבערגענומען צוויי הונ־דערט מאַרק. מער ווי צען מאַרק אַ וואָך וועט זי דאָך נישט פאַרלעבן, אַז זי זאָל זיך אַפילו אויפפירן ווי אַ נגידותטע...

לעאָן האָט שטאַרק חשק געהאַט זיך אַרויסצומאַכן פון דער אַפּוטרופּסות איבער אַזאַ היפשער סומע פרעמד געלט. ער האָט זי אַפילו געפּרוווט אָנשרעקן.

— און ווי — זאָל די שעה נישט זיין, אַז אייער געלט וועט פאַר־ברענט ווערן, אָדער גנבים וועלן עס צונעמען.

— וואָס דאַרפסטו ריידן, לעאָן! צו־וואָס דאַרפסטו אַזוי ריידן! — האָט סלאַווע זיך אַריינגעמישט מיט אַ טאָן פון אויפרעגונג. קיינער קאָן דיך נישט צווינגען צו האַלטן ביי זיך פרעמד געלט, אָבער צו־וואָס — אַ שרפה מיט גנבים, טפו, טפו!

און פייגע־פּעסיע האָט דערביי געמאַכט אַ ברייטן, ממש אַ קיניג־לעכן זשעסט.

— זעט איר שוין, האַ, זעט איר שוין? אַזאַ יאָר מיר, ווי סלאַווע איז גערעכט: מיר זענען אַלע ביי גאָט אין די הענט און פון אַן אָנשי־קעניש איז קיינער פון אונדז נישט געזיכערט. קיין נענטערע מענטשן פאַר אייך האָב איך נישט. און איר, לעאָן, מוזט, איר הערט? איר מוזט זיין דער אפּוטרופּוס איבערן געלט.

אַז זי בעט נישט, אַז זי פאָדערט גאָר, האָט לעאָן געמוזט איינגיין. פייגע־פּעסיע מיט צוויי הונדערט מאַרק אין נאָזטיכל איינגעוויקלט האָט פאַרלאָזן אירע פריינט נאָך אַ פייערלעכער און הויכצערעמאָניאַלער געזעגעניש.

לעאָן האָט שוין אַליין נישט געדענקט, ביי וואָס פאַר אַ געלעגנ־הייט ער האָט זיך אַמאָל אויסגערעדט פאַר סלאַווען, אַז אָשר פּאָדלאַסקי רעדט אים צו צו ווערן אַ ספּעקולאַנט.

איצט האָט זיך עס אָפּגערופן.

ביידערנאָכט האָט סלאַווע זיך צוגעטוליעט צו איר מאַן מיט איר פולער און וואַרעמער גופיקייט, אַרומגענומען זיין האַלדז מיט דער ווייכער און דופטיקער האַנט און האַלב אין שפּאַס, האַלב מיט מורא אים אַריינגערוימט אויפן אויער:

— און מיינסטו, לעאָן, עס וואָלט געווען אַ קרומע זאַך צו מאַכן אַ שטיקל געשעפט בשותפות מיט דער אַלטער?

האָט לעאָן אַ ציטער געטאָן, ווי געפּאַנגען אין דעם וואַרעמען האַלזבאַנד פון זיין ווייבס ווייכן אָרעם, און ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט.

— ביסט אַ קינד, סלאַווע... אגב איז פינף טויזנט מאַרק קיין געלט נישט.

האָט סלאַווע תיכף אונטערגעכאַפּט זיין פון שלאָף־אַרויסגעגליטשטן געדאַנק.

— נו, ווער איז דיר שולדיק, אַז דו ווילסט גלייך אָנהייבן גרויס?

— לאָז מיך שלאָפן, איך בעט דיך...

— זע, ער איז שוין אויפגערעגט. שלאָף, שלאָף! איך הייס דיר דען זאָלסט שוין אויפשטיין מאַכן אַ געשעפט?

פייגע־פּעסיע האָט אויסגעחשבונט, אַז מיט צוויי הונדערט מאַרק קאָן זי ווי אַ פּריצטע אָפּלעבן אַן אייביקייט. אָבער קיין וואָך איז נישט אַריבער פון יענעם טאָג, ווען זי איז פּלוצלונג אויפגעריכט געוואָרן און — אָט איז זי אויסגעוואַקסן ביי לעאָנען אין רעדאַקציע־קאַבינעט פּונקט דאַן, ווען ער האָט זיך געקליבן גיין צו מיטיק.

די ענדערונג, וואָס איז אין איר פאָרגעקומען אין יענער גליקלעכער מינוט פון איר אויפריכטונג, האָט פאַר דער וואָך צייט געמאַכט קאָלאָסאַלע פאָרשריט.

לעאָן האָט זי קוים דערקאָנט.

פאַר אים איז געשטאַנען אַ סאָלידע דאַמע מיט באַשיידענער עלעגאַנץ. זי האָט אויסגעזען באַדייטנד יינגער אין איר איצטיקן עלעגאַנטן אַנטועכץ, יינגער און געוויקסיקער. די גרויע פּריזור אונטערן פּלושענעם היטעלע האָט ביי דער אָנגעפּרעסטלטער ראָזקייט פון די באַקן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערע חשיבות. די ברילן, וואָס זי האָט אָנגעטאָן, האָבן אינגאַנצן געענדערט איר אויסזען. פייגע־פּעסיע האָט אויסגעזען ווי אַ פּראָפעסאָר.

אָבער אממייסטן האָט לעאָנען איבערראַשט דער אויסדרוק אירער.

זי, די עלעגאַנט און יונג געוואָרענע פייגע־פּעסיע, איז געשטאַנען פאַר לעאָנען מיט אַן אויסדרוק פון אַ מין פייערלעכער דערשיטערונג, ווי זי וואָלט נאָר וואָס איבערגעלעבט אַ גרויס שרעק.

לעאָן האָט אויף זיין שטייגער געפּרוווט אויסטייטשן איר צעשראָקנקייט. זי האָט אוודאי אומגעריכט פאַרטאָכלעוועט אויף איר נייעם אָנטועכץ די גאַנצע צוויי הונדערט מאַרק און דאָס האָט זי איבערגעשראָקן. האָט ער זיך צעשמייכלט.

— זיצט, פייגע־פּעסיע! איר זייט אוודאי געקומען מכוח געלט?

האָט אָבער פייגע־פּעסיע אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן דורך די ברילן, אַזעלכע גרויסע, גראָע, טיפע און פאַרחידושטע אויגן, אַז לעאָן איז אליין געבליבן אַ פאַרחידושטער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די פאַרשטאָרבענע דינה, סלאָוועס חברטע, האָט אַזעלכע פיינע אויגן געהאַט, אויגן פול מיט ווייבלעכקייט.

אַז די געעלטערטע פייגע־פּעסיע זאָל עס פאַרמאָגן אַזאַ ווייבלעכן אוצר אין בליק, — דאָס איז אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן.

— געלט? — האָט זי איבערגעפרעגט — פונוואַנען ווייסט איר?

— איך בין מיר משער, אַז איר דאַרפט געלט.

— ווער דאַרף געלט? איך דאַרף געלט? באמת נישטאָ ווער ס'זאָל לאכן! אפשר דארפט איר געלט, לעאָן?

און זי האָט נערוועז אַרויסגעצויגן פון עלעגאַנטן האַנט־בייטעלע און אַ שליידער געטאָן אויפן טיש אַ בייכיק פעקל באַנקנאָטן.

אַ היפשע צייט האָבן זיי איינער ביי דעם אַנדערן זיך נאָכגעפרעגט מיטן בליק, ווער איז דאָ פון זיי דער משוגענער.

ווען לעאָן איז געקומען צו זיך, האָט ער האַסטיק איבערגעדעקט דאָס פעקל באַנקנאָטן מיט זיין קאַפּעלוש, אויפן פאַל, טאָמער גייט עמעצער אַריין אין צימער.

— פאַר מיין צער, לעאָן, פאַר אונדזער צער...

און מיט דער האַנט אין דער לינקער קעשענע האָט זי נערוועז לעאָנס האַנט געגלעט.

זי איז געזעסן קעגנאיבער לעאָנען און דערציילט:

— נעכטן איז דאָס געווען, יאָ, נעכטן. איז געקומען צו איר אַ מענטש פון אָשר פּאָדלאַסקיס קאָנטאָר (לעאָן קאָן דאָך אים, אָשרן?) און פאַרבעטן זי אין אשרס קאָנטאָר אַריין אויף היינט, אַרום עלף.

— איז ער שוין צוריקגעקומען, אָשר?

לעאָן האָט באַדויערט, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט דער פראַגע. ער האָט נישט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל גאָר וויסן, אַז ער לעבט אין שרעק צוליב דעם, וואָס מען האָט אָשרן אַרויסגעפאָדערט ערגעץ אויף אַן אויספאָרשונג. ביי זיך איז ער זיכער געווען, אַז די אויספאָרשונג האָט אַ שייכות צו ביסטריצקיס טויט און צו דעם אַנאָנימען בריוו, וואָס ער האָט געלעזן ביים הויפּטמאַן אין דעם קליינעם שטעטל פון פּאָלעסיע.

ער האָט אויך געציטערט, אַז פריער־שפּעטער וועט ער אויך צוגעצויגן ווערן צו דעם געפערלעכן, געהיימנישפולן ענין. ביסטריצקי וועט אים אַזוי גיך נישט צורו לאָזן, אַפילו נאָכן טויט.

אָבער פייגע־פעסיע האָט אים אָנגעקוקט מיט טיף־גרויע פאַרוווּנדערטע אויגן דורך די ברילן־שייבלעך. זי האָט אַפילו נישט געוווּסט, אַז אָשר האָט ערגעץ באַדאַרפט פאָרן. און, אַגב, וואָס פאַר אַ שייכות האָט

עס דען צו די ווונדער, וואָס מיט איר איז געשען? צו דעם נס, וואָס מיט זיי איז געשען, מיט איר און מיט לעאָנען?

— לעאָן־לעבן! ער לעבט דאָך שוין נישט אונדזער רוצח! ער איז דאָך שוין טויט, ווי אַלע טויטע! פאַר אונדזער צער! פאַר אונדזער פאַרגאָסן בלוט!

לעאָן פאַרשפּאָרט איבערצופרעגן. דאָס רעדט זי וועגן ביסטריצקין, וואָס זי האָט ערשט היינט אוודאי זיך דערוווּסט וועגן זיין טרויעריקן סוף. ביי לעאָנען הויבט אָן ציטערן אַ קני. ווידער ביסטריצקי — דער אומגליק־ברענגער.

אָבער אין פייגע־פּעסיעס איצטיקער געשיכטע דערשיינט ער גאָר־נישט ווי קיין אומגליק־ברענגער.

אָשר פּאָדלאַסקי האָט זי בכבודיק אויפגענומען ביי זיך אין קאַנטאָר היינט, עלף דעם זייגער. ער האָט איר געזאָגט די גוטע בשורה, אַז ביס־טריצקי לעבט שוין נישט און ער האָט עס איר איבערגעגעבן דאָס פּעקל געלט.

ס'איז איר געלט — האָט אָשר איר געזאָגט — נישקשה! זי מעג עס פאַרנוצן געזונטערהייט. דער שׂכל איז אַ פּשוטער: קיין יורשים האָט ביסטריצקי נישט איבערגעלאָזט, זיין פאַרמעגן איז פאַרבליבן אין גע־שעפט און דאָס געשעפט איז איבערגעגאַנגען צו אָשרן. קומט דאָך איר, פייגע־פּעסיען, כאָטש אַ חלק פאַר דער קריוודע, וואָס די טאָכטער אירע האָט געהאַט פון דעם פאַרשטאָרבענעם. וואָס, נישט אַזוי?

פון דער גאַנצער געשיכטע איז לעאָן צעשרויפט און אויפגערו־דערט מער ווי דערפרייט. ער שפּאַנט האַסטיק איבערן רעדאַקציע־צימער און וואַרפט פון צייט צו צייט פאַרוווּנדערטע בליקן אויף דער מזלדיקער פייגע־פּעסיען.

און דער אויסדרוק אירער ענדערט זיך פון מינוט צו מינוט, ווי ביי אַ געניטער פילם־אַרטיסטקע.

בעת זי האָט גערעדט וועגן ביסטריצקיס טויט, וועגן דעם פינצטערן סוף זיינעם, האָט איר פּנים אָנגענומען אַ מין קללה־עקסטאַז. פון אונ־טערן פלושענעם היטעלע זענען אַרויסגעשפּרונגען אַ פּאָר גרויע, שטע־כיקע פּיאות, די אויגן זענען איר גרויס געוואָרן, די נאָז שפּיציק. פייגע־פּעסיע איז געוואָרן העסלעך־שיין אין איר אומבאַגרענעצטער שנאה.

און אַט איז זי אינגאַנצן איינגעשרומפּן און צעבראָכן און וויינענ־דיק־סענטימענטאַל. דאָס רעדט זי וועגן דאָרעטשקען, וועגן איר באַליי־דיקט קינד.

און אַט איז זי אינגאַנצן איינגעשרומפּן און צעבראָכן און מיט אַ בליצל אין אויג, אַן אַלמנה, וואָס האַלט זיך אין איין יינגערן, ווייל עס גייט איר וויל און זי ווייס נישט פון קיין זאָרג.

— נו, לעאָן? מירן מאַכן בשותפות אַ געשעפט?

די פראַגע שטעלט זי אים אין אַ וויציקן, אָבער זיכערן טאָן, ווי זי וואָלט אים געגעבן אָנצוהערעניש, אַז איצט איז דאָס בלויז פון איר אָפּהענגיק.

לעאָן האָט פאַרדעקט זיין איבערראַשונג מיט אַן אָפּגעהאַקטן לאַך.

אָבער די קופּע געלט, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט, האָט ער, איינ־גייענדיק אויף אירע בקשות, געמוזט מיטנעמען אַהיים — קיילעכדיקע צען טויזנט מאַרק.

אים האָט שוין אַ היפּש ביסל באַלעסטיקט די אַפּוטרופּסות איבער פייגע־פּעסיעס אומגעריכטע קאַפּיטאַלן. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט העלפן. דערצו האָט ער נאָך געפילט, אַז עפּעס, וואָס איז שטאַרקער פאַר געלט און פאַר גיסים, בינדט אים צו צו דער מערקווערדיקער יידענע, דאָס איז געווען די פאַרליבטקייט פון אַ שריפטשטעלער אין אַ ליטעראַ־רישן פענאָמען.

פייגע־פּעסיע איז דאָך איצט געווען אַ לעבעדיקע פאַנטאַזיע פון טויזנט און איין נאַכט. אין פאַרלויף פון איין וואָך צייט האָט זי פון אַ בעטלערין זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּרינצעסין, סיי לויט איר פאַרמעגן, סיי לויט איר אויסערלעכקייט און האַלטונג.

איבערראַשט האָט אים אויך די טאַקטישקייט אירע. ווי דער שכל קומט עס אינאיינעם מיטן געלט!

ווען ער האָט זי געפרעגט, פאַרוואָס איז איר איינגעפאַלן צו קומען מיטן געלט צו אים אין רעדאַקציע און נישט אַהיים, האָט זי באַשיידן געענטפערט:

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט, לעאָן. אין אונדזער געוועזענעם אומגליק זענען מיר ביידע שותפים. איר, סלאַווען, האָב איך גאָרנישט

געוואָלט אַריינמישן. זאָל זי נישט הערן אַפילו זיין טריפּהנעם נאָמען דערמאָנען...

סלאווע האָט אָבער אויף לעאָנס פּנים איבערגעלעזן, אַז ער איז גע־קומען אַהיים מיט איבערראַשנדיקע גייס. זיינע אָנגעשטאָפּטע בוזים־קעשענעס האָבן זיך איר געוואָרפן אין די אויגן.

פאַרזיכטיק, נישט צו איבעררעשן זיין שוואַנגער ווייבל, האָט ער איר דערציילט וועגן פייגע־פּעסיעס נייע גליקן.

סלאווע האָט בכלל אויפגעפּאַסט די געשיכטע מער פּראַקטיש, ווי לעאָן האָט דאָס דערוואַרט. צו דעם אומגליקלעכן ביסטריצקין האָט זי בכלל קיין טענות נישט. איר לעאָן האָט ער דאָך נישט צעבראָכן. און איצט דאַרף מען באַקלערן וואָס צו טאָן, אויב דאָס גליק שפּאַרט זיך ממש אין טיר אַריין.

— אפשר וואָלסטו דיך, לעאָן, פאַרט מיישב געווען מיט אַשרן. ס'איז דאָך ממש אַ שאָד, אַז אַזויפיל געלט זאָל ליגן אָן אַ שום פאַר־ווענדונג.

לעאָן איז נישט געווען קיין פאַטאַליסט. אָבער אַמאָל, אין די בע־סערע צייטן האָט ער געהאַט אַ שוואַכקייט צו קאָרטן.

און געוווּסט האָט ער אין דער פּראַקטיק, אַז ווען אַ קאָרט גייט נישט, קאָן דאָ קיין רב און קיין טאַטער נישט העלפן. דאַן קומט עס אויס, אַז די שלעכטע קאָרט האָט זיך איר אייגן באַוווּסטזיין און גייט מיט אַ סיסטעם צו דיר אין האַנט אַריין. דאַן איז די שכלדיקסטע עצה: אויפהערן שפּילן, זיך נישט אַריינלאָזן אין האַזאַרד.

עס טרעפט זיך אָבער, אַז די גוטע קאָרט באַקומט דיך ליב באַלד אין אָנהייב שפּיל און זי קריכט צו דיר אָבער אַמאָל און ווידער אַמאָל מיט דער אומפאַרשעמטקייט פון אַ פאַרליבטער קורטיזאַנע. דאַן, ברו־דער, שפּיל! דאַן איז אַ פאַרברעכן נישט צו שפּילן. די קאָרט האָט דיך ליב באַקומען. זי איז דיינע!

אָט די סטרונע פון אַן אַלטן קאָרטן־שפּילער האָט זיך איצט אָפּגע־רופן אין לעאָנען, ווען ער האָט געטראַכט וועגן פייגע פּעסיעס גליקן. די קאָרט האָט זי ליב באַקומען. עס גייט איר דורך טיר און דורך טויער. אין אַזאַ צייט איז נישטאָ קיין שכלדיקערע זאַך, ווי צושטיין מיט אַ האַנט פאַר אַ שותּף צום מזלדיקן.

דאָס זענען, נאַטירלעך, געווען בלויז טעאָרעטישע חקירות, אָן שום פּראַקטישן ציל. סלאַוועס פּראַקטישע עצות און דערמאָנונגען האָבן לעאָנען שטאַרק געערגערט.

און אויב לעאָן איז נאָך דעם זעלביקן אָוונט אַוועק צו אַשרן אין קאַנטאָר, איז דאָס געווען נישט צוליב סלאַוועס פּראַקטישע עצות. לעאָנען האָט שטאַרק אינטערעסירט, ווי אַזוי אַשר איז, ענדלעך, פּטור געוואָרן פון דער געפערלעכער אויספאָרשונג איבער דעם ענין ביסטריצקי. לעאָנען האָט דער ענין געפּייניקט ווי אַ באַהאַלטענע קרענק. פאַר די אויגן האָט אים געשוועבט דאָס פּיאָלעטע פּנים פון הויפּטמאַן פאַן ריאַפּ אין אַפּאָפּלעקסישן אַטאַק, און געזען האָט ער דעם הויפּטמאַן ווי דורך אַ זיפּ, דורך די שורות פון געהיימנישפולן דראָאונגס־בריוו פון ביסטריצקיס אַ פריינט, וועלכער האָט גערעדט בלשון־רבים: מיר וועלן נישט שווייגן.

און דעם ספּעקולאַנט האָט ער דווקא געטראָפן אין אַ לירישער געלייטערטער שטימונג, ווי דאָס טרעפט מיט אַ מענטשן נאָכן איבערקומען אַ שווערע קרענק אָדער נאָך אַ חשבון־הנפש. אויף אַשרס פּנים האָט זיך די לירישע שטימונג אָפּגעשפּיגלט אייגנאַרטיק: ווי אַ יינגל אַ שטיפער האָט פּלוצלונג באַשלאָסן צו ווערן אַ סטאַטיק און ער וויל מען זאָל אים באַוווּנדערן: איר זעט, וואָס איך קאָן?

פון דער גאַנצער אויספאָרשונג האָט אַשר קיין ווען נישט געמאַכט.

— ווייס איך, וואָס זיי האָקן דאָרט אַ טשייניק, די יעקעס! צי ווייס איך נישט, ווער ס'איז געווען מיט מיין שותף באַפריינדעט אין געפאַנגענלאַגער? צי שרייב איך אליין מיינע געשעפטס־בריוו, צי דיקטיר איך זיי דער מאַשיניסטקע? אָבער די אונטערשטע שורה — פרעג איך זיי — וואָס ווילט איר? קויציע? נאַט אייך קויציע און לאָזט מיך געמאַך. פון וואַרשע וועל איך נישט אַנטלויפן. און טאָמער האָט דאָרט ווער דעם שותף מיינעם צערעכט געמאַכט — האָב איך צו דעם קיין שייכות נישט. נו, האָבן זיי מיך פריי געלאָזט.

לעאָן האָט מורא געהאַט לאַנג זיך צו פאַרהאַלטן אויף דער דאָזיקער טעמע. ער האָט אויסגעדריקט זיין אָנערקענונג אַשרן פאַר זיין פיינעם באַהאַנדלען די עלנטע פרוי פייגע־פעסיע מונדלאַק.

אַשר האָט אויסגעזען, ווי אַ פאַרשעמט יינגל.

— האַ־וואָס? זי האָט שוין דאָס צעפּויקט? גיי הייב זיך אָן מיט אַ יידענע.

ס׳איז אָבער געווען צו זען, אַז אָשרן טוט העכסט הנאה, וואָס לעאָן ווייסט פון זיין גוטסקייט.

— אגב, לעאָן, קאָנט איר מיר אָפּגעבן מזל־טוב.

אָשר האָט אויסגעהאַלטן אַ פּויזע, אָנגעשפּאַרט אָן לעאָנען אַ פּאָר כשרע גאָרנישט שווינדלדיקע אויגן און אַרויסגערעדט פון אַ פרומער פייערלעכקייט:

— כ׳האָב אידען געגעבן גט, אַ סוף זאָל עס נעמען. זאָל זי זיך זיין אַ פרייער מענטש, וואָס, נישט?

— קומט אייך טאַקע אַ מזל־טוב, וואָס איר האָט זיך ענדלעך גע־מעכטיקט — האָט לעאָן אים די האנט געדריקט.

איצט איז פאַר אים קלאָר געוואָרן דעם ספּעקולאַנטס לירישֿ־גע־לייטערטע שטימונג, ווי ביי אַ מענטש, וואָס איז איבערגעקומען אַ שווע־רע קרענק, אָדער געהאַט אַ חשבון־הנפש. אין דעם איצטיקן מאָמענט האָט לעאָן געהאַט פאַר אָשרן די בעסטע געפילן. ער האָט זיך אַפילו אונטערגעשעמט פאַר יענע אָפּטע מאָמענטן, ווען ער האָט געצווייפלט אין דעם, צי איז אָשרס אַ פיינער מענטשלעכער זשעסט טאַקע ערלעך אין גרונט, צי איז דאָס נאָר אַ ספּעקולאַנטישער שפּיצל אַזאַ.

אָבער אָשר אַליין האָט שיער ווידער נישט קאַליע געמאַכט לעאָנס פּלוצלונגע סימפּאַטיע צו אים. אָשר האָט זיך איבערגעפּלייסט אין באַ־גער, אַרויסצווייזן וואָס מער פיינקייט. דאָס האָט אוודאי זיין לירישע שטימונג דערצו גורם געווען.

— איר רעדט וועגן דער פרוי מונדלאַק, לעאָן, איר זאָגט — אַ פיינ־קייט פון מיין זייט. ס׳איז נישט מער, ווי אַ מענטשלעכער חוב, פריינד מיינער! דער יידענע קומט דאָס געלט. דער שותף מיינער האָט גענוג איר בלוט פאַרגאָסן. און אויב מיר זאָלן ריידן אין מענטשלעכקייט אַריין, פריינד לעאָן, און אויב איר וועט מיר צוזאָגן, אַז איר וועט זיך נישט אויפרעגן, קומט אייך אויך געלט... פון דעם שותף מיינעם.

לעאָן האָט אָנגעכאַפּט דעם ספּעקולאַנט פאַרן לאַץ. עס איז אים צוגעפאַלן דאָס בלוט צום פּנים. ער האָט זיך געשטיקט מיט די ווערטער פאַר אויפרעגונג. אָבער ווי האָט ער דען געקאָנט פאַרשווייגן?

— געלט? פאַרוואָס? פאַר דעם ווייב? יאָ, אַ גראַטיפיקאַציע פאַר דעם ווייב, וואָס ער האָט ביי מיר צוגענומען? יאָ? געלט־מענטש! רעדט אַ וואָרט! איין וואָרט!

לעאָן האָט אַליין נישט געפילט, ווי טיף עו האָט געטראָפן. ביי אָשרן האָט געציטערט די אונטערשטע, אַראָפּגעהאַנגענע ליפּ.

דאָס האָט ער דאָך טאַקע אַליין אויסגעצאָלט גאַריעלאָוון פאַר אָפּ־טרעטן אים האַנקען אינאיינעם מיטן בילד.

ער האָט אָבער, אָסור, נישט געמיינט עפּעס ענלעכס פאַרשלאָגן לע־אָנען. זיין חשבון איז געווען אַן אַנדערער. און שטאַרק ביי זיך אַראָפּגע־פאַלן, האָט ער געפּרוווט לעאָנען אויפקלערן:

ווען באַסיע וואָלט געלעבט, וואָלט זי דאָך איצט געווען ביסטריצקיס יורשטע. און אַז באַסיע לעבט נישט, איז דאָך דער איינציקער כאָטש נישט אָפיציעלער יורש באַסיעס קינד, ס׳הייסט לעאָנס קינד, באָרינקע...

— איך דאַרף נישט אַזעלכע געלט, איר הערט! — לעאָן האָט מיט אַ ווילדער גבורה געטרייסלט אָשרן פאַרן לאַץ — און איך זאָל מער פון אייך קיין וואָרט נישט הערן, איר הערט? מער פעלט מיר נישט, אַז מיין זון זאָל זיין דער יורש פון זיין מאַמעס... כשרע פאַרדינסטן!

זיי וואָלטן געוויס נאָך לאַנג זיך העפטיק געאַמפּערט, פּרווונדיק יעדער אויף זיין שטייגער צו באַווייזן זיין מענטשלעכקייט אין באַצוג צו ביסטריצקיס געלטער.

אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט דער טעלעפאָן. מען האָט אָפּגע־רופן לעאָנען. ער האָט, ווי זיין שטייגער איז, אָנגעזאָגט אין דער היים, ווו מען קאָן אים געפינען, אויפן פאַל, ווען ער וועט נייטיק זיין דער רע־דאַקציע. אָבער אָפּגערופן האָט אים נישט די רעדאַקציע, נאָר סלאַווע.

עפּעס אַן אַלטע קריסטין — זאָגט זי — איז געקומען פון פייגע־פעסיען, ווייזט אויס איר הויזוועכטערין. פייגע־פעסיע — זאָגט זי — בעט אים, ער זאָל תיכף צו איר זיך מטריח זיין אַרויפקומען.

נאָך דאָס האָט אים געפעלט, צו ווערן ביי דער אַלמנה אַ שיק־ייִנגל אויף צו שאַפן זיך מיט אים! לעאָן האָט געצויגן מיט די אַקסלען. ווי נעמט זיך עס אַן אַ ייִדענע מיט אַזאַ חוצפה? אָבער געלט, ווייזט אויס, שאַפט וואונדער. אין אַ פערטל שעה אַרום האָט לעאָן זיך געזען שפּאַנענדיק אויף אַלשטאָט.

דאָס הויז האָט ער קוים דערקענט אין דעם פינצטערן ווינטער־אָוונט. די קוים באַלויכטענע קאַטאַקאָמבע האָט אים אַריינגעטעמט אין זיך מיט אַ פאַרדומפּענער קעלער־וואַרעמקייט. דער פאַרענטש ביי די שטיגן איז געווען קאַלט און פאַרשוויצט, ווי אַ דאַרע קראַנקע האַנט. לעאָן איז כמעט זיכער געווען, אַז מיט דער אַלטער איז עפּעס אַן אומגליק געשען. געוויס פּלוצלונג קראַנק געוואָרן, אויב זי פאָדערט אים צו זיך.

אָבער פייגע־פּעסיען האָט ער געטראָפן נישט קראַנק, נאָר איבער־געשראָקן. אירע גרויסע, גרויע אויגן זענען אים אַנטקעגן געלאָפן, די שטים האָט זי אײנגעהאַלטן פאַרלאָרן פאַר איבערראַשונג.

— לעאָן, געזונט זאָלט איר זיין! איר פאַרשטייט דאָך עפּעס, לעאָן?

פון איר שרעק האָט לעאָן געהאַט דאָס געפיל, אַז אין איר גרויסער וווינונג האָבן זיך שדים באַוויזן, טיש און בענק האָבן אָנגעהויבן טאַנצן. באַזונדער שטאַרק איז געווען דאָס געפיל, ווען זי האָט אים גענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט צום ליידיקן ספרים־שענקל.

אָבער ווען זי האָט אַן עפן געטאָן דאָס גלעזערנע טירל, איז לעאָן אָפּגעשפּרונגען איבערראַשט, נישט ווייניקער, ווי פון שדים.

אויף דער מיטלסטער ליידיקער פּאָליצע איז געלעגן אין אומאָרדע־נונג אַ הויפן באַנקנאָטן.

זי האָט אים אָנגעהויבן דערציילן באַריכות.

היינט פאַרנאַכט האָט זי געהאַט אַ ליבן גאַסט ביי זיך. אידע איז צו איר געקומען, אידע פּאָדלאַסקי. זי האָט דאָך שוין גענומען גט פון אָשרן. לעאָן ווייסט פון דעם? איצט קלייבט זי זיך צו פאָרן צום פּעטער בערל אין מאַיאָנטעק אַריין, איז זי געקומען צו איר נעמען אַ גרוס און אַ בריוו פאַר דאָרעטשקען. איז עס נישט אַ פיינקייט?

איז מען געזעסן און מען האָט גערעדט. מען האָט זיך אָפּגערעדט דאָס האַרץ. שפּעטער איז זי אַראָפּ באַגלייטן איר גאַסט פון די שטיגן, דורכפירן זי דורכן ענגן קאָרידאָר. אַזוי האָט זי שוין באַגלייט אידען אויף דער גאַס אַרויס.

ווען זי איז צוריק אַריין אין דער קאַטאַקאָמבע, האָט איר דעם וועג פאַרשטעלט עפּעס אַ דייטשישער מיליטער־מאַן, דאַכט זיך — אַן אָפיציר. ער איז איר אַנטקעגן געקומען פון די שטיגן אַראָפּ.

— איר זייט פרוי מונדלאַק?

— איך.

האָט ער איר איבערגעגעבן אַ פּאַקעט און איבערגעלאָזן זי שטיין אין ענגן קאָרידאָר, אַליין איז ער זיך געלאָזן אַוועקגעגאַנגען.

האָט זי אַרויפגעטראָגן דעם פּאַקעט אין שטוב, געעפנט אים און —

— אָט־אָ, ציילט. איר פאַרשטייט עפּעס?

לעאָן האָט געקוקט אויפן הויפן געלט אַ פאַרחידושטער. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן זיך אומצוקוקן אַרום זיך, ווי זוכנדיק אין צימער אַ באַשייד צו דעם דאָזיקן רעטעניש. אויף דער פּאָדלאָגע אונטערן טיש האָט ער באַמערקט דעם אויפגעריסענעם גרויסן קאָנווערט. האָט ער עס אויפגעהויבן, באַטראַכט פון אַלע זייטן און אַריינגעקוקט אינעווייניק. פון קאָנווערט האָט ער אַרויסגעשלעפּט אַ קליין צעטעלע, וואָס פייגע־פּעסיע האָט פאַר גרויס איבערראַשונג גאָרנישט באַמערקט.

— און וואָס איז דאָס?

ער האָט איבערגעלעזן:

„אין פאַל פון מיין טויט בעט איך אָפּגעבן דאָס געלט דער פרוי פּע־סיע מונדלאַק, וואַרשע אַלט־שטאָט“.

אונטערגעשריבן איז געווען: טאַדעוש ביסטריצקי.

ביי לעאָנען זענען גערונען טרערן פון די אויגן.

עס זענען פאַראַן טרערן פון צער און טרערן פון פרייד, טרערן פון ווייטיק און פון גלעקעטער. מענטשן צעוויינען זיך פון אומבאַהאָלפענעם כעס און אויך פון סענט־מענטאַלער גוטסקייט, ביים פאַרגעבן יענעמס אַן עוולה. גאָר אַנדערע זענען איצט געווען לעאָנס טרערן. ער האָט גע־וויינט פאַר דער וואַנט פון אומפאַרשטענדלעכקייט. פייגע־פּעסיעס הצלחה האָט ער נישט געקאָנט איינבייסן מיטן שכל. דאָס איז געווען אַ פענאָמענאַלע דערשיינונג. אַ פּלוצלונגע בהלה פון אויפקום. עס האָט איר אָנגעהויבן צו גיין דורך טיר און דורך טויער און לעאָן, דער עדות פון איר מזלדיקייט, האָט געפילט אַ שווינדל פאַר די אויגן ווי ער וואָלט זיך אויפגעהויבן הויך אין דער לופט, ווי ער וואָלט געמאַכט יענעם ריזן־שפּרונג איבערן קלויסטער, וועגן וועלכן ער האָט אַמאָל גערעדט מיט אשרן.

לעאָן האָט פּלוצלונג דערפילט, אַז ער איז אַ געפאַנגענער און אַ פאַרקנעכטעטער פון פייגע־פּעסיעס גליקן. ביז צו ווייטיק האָט געגרייכט

זיין קנאַהדיקער פאַרלאַנג צו ווערן תיכף אַ שותף צו איר הצלחה. ער האָט נאָך אָבער מיט די לעצטע כוחות פון זיין זעלבסטווערדע זיך איינגע־האַלטן דעם פאַרלאַנג זיינעם צו פאַרטרויען פייגע־פּעסיען.

ער האָט נאָך אַמאָל באַטראַכט דעם צעריסענעם קאָנווערט פון אַלע זייטן און ווי ביז דעם מאָמענט האָט פייגע־פּעסיע נישט געוווּסט פאַר־וואָס ברוינער וויינט, אַזוי האָט זי אויך איצט נישט געוווּסט פאַרוואָס ער האָט זיך פּלוצלונג צעלאַכט.

— פייגע־פּעסיע, מירן מאַכן אַ געשעפט! אַ גרויס געשעפט, בשותּפות! איר וועט זען, ס'וועט אונדז אַוועקגיין גוט, מירן רייך ווערן!

— נו, אדרבא! דאָס טענה איך דאָך!

און צעלאַכט האָט זיך לעאָן ברוינער פון אַ קליינעם אָפּדרוק אויפן ווינקל פון קאָנווערט. דאָרט איז געווען אָפּגעדרוקט מיט אַ דינעם גאָ־טישן שריפט: באַראָן קאַרל — ריטער פאָן־קראָנעבערג.

ריטער פאָן־קראָנעבערג! לעאָן האָט זיך דערמאָנט, אַז דער זעלביקער נאָמען איז געווען דערמאָנט אין אַנאָנימען בריוו, וואָס דער הויפּטמאַן האָט אים געגעבן צו לעזן, אַלס דער נאָמען פון ביסטריצקיס מערדער.

איצט איז עס אויסגעקומען, אַז דער דזשענטלמעניש מערדער האָט אַליין דערפילט דעם לעצטן ווילן פון זיין קרבן און אָפּגעשיקט צו פייגע־פּעסיען דאָס געלט.

נישט מיטן שכל, נאָר מיטן חוש האָט לעאָן דאָ דערשפּירט עפּעס איין גרויסע מיסטיפיקאַציע — און ער האָט זיך צעלאַכט.

און עס האָט זיך אים פאַרוואָלט פאַרמעסטן אין כוחות, אין וואַ־גונג אָט מיט דעם געהיימנישפולן מיסטיפיקאַטאָר.

אַז יענער וואַגט, פאַרוואָס זאָל ער נישט וואגן? און דווקא מיט יענעמס געלט!

— פייגע־פּעסיע, מירן מאַכן אַ געשעפט.

און אַזוי איז געלייגט געוואָרן אַ גרונטשטיין צו דער גרויסער פירמע „ברוינער עט מונדלאַק", וועלכע האָט גאָר אין אַ קורצער צייט אויפגערודערט גענשע גאַס.

11

# אַ פּרייער מענטש

אַ דייטשישער קאָנדוקטאָר — דאָס מיינט: אַן אָפּגעקראָכענער לאַנד־שטורמיסט אין אַ צעקנייטשטע מיצל, מיט אַ פאַרצעלייענע פּייקע אַרויס־געשטעקט פון דער פאַרחלשטער כאָליעווע — אַ שטיק יעקישער סענדערל די יידענע — האָט זיך אַריינגעשטופּט זייטיק אין קופּע פון לויפנדיקן וואַגאָן און מיט דער קללה פון פלייסיקייט אַרויסגערופן דעם באַרבאַרישן נאָמען פון דער נאָענטסטער סטאַציע:

— ללאַססאָפּפּאָ! אויסשטייגן!

האָט אידע נישט מיטאַמאָל טראַנספאָרמירט דאָס משונהדיקע וואָרט, וואָס דער דייטש האָט אויסגערופן. אָבער פּלוצלונג האָט איר אָפּגעקלונ־גען אין די אויערן דאָס ריכטיקע וואָרט, וואָס דער דייטש האָט געמיינט אַרויסצורייד:

— ליאַסאָווע!

און ס'איז איר באַפאַלן אַ נערוועז איילעניש ביים צונויפזאַמלען די רענצלעך און פּלעדן, ביים אָנטאָן זיך צום אויסשטייגן.

אירע שכנים פון קופּע, אַ פּאָר דייטשישע אָפיצירן מיט האַרטע רונדע ביליאַרד־גאָמבעס האָבן זיך איצט ערשט דורכגעדרונגען מיט אַ פאַרשפּעטיקטער העפלעכקייט צו דער וואַרשעווער דאַמע, בעת זיי האָבן זי דערזען אין דעם עפעקטפולן פּעלץ פון זילבערנע פוקסן און אין די עלעגאַנטע הענטשקעס מיט די גרויסע און ברייטע מאַנקעטן — אַ מין קאַפּריזע נאָכאַמונג פון די מעשענע ריטערישע טורניר־הענטשקעס. די דייטשן האָבן איר געהאָלפן אַראָפּנעמען אירע רענצלעך פון די אייבער־שטע פּאָליצעס און אידע האָט זיי געדאַנקט מיט אַ קאָרגלעכן שמייכל.

אין דער קליינער פיגור פון דער וואַרשעווער דאַמע האָט אונטערן עלעגאַנטן פוקסן־פּעלץ זיך געפילט אַ מעטאַלענע קרעפטיקייט, אַ מין מיליטערישע גראַציע און דאָס האָט, ווייזט אויס, די דייטשן אַממייסטן אימפּאָנירט. זיי האָבן זיך איצט באַמיט מיט צענדליקער קלייניקייטן איר אַרויסצווייזן זייער פאַרשפּעטיקטע העפלעכקייט. אָבער מער ווי די קמצנישע נדבה פון קנאַפּן שמייכל אויפן ווינטיקן פּנימל האָט אידע פאַר זיי נישט געהאַט.

דער צוג איז נאָך געגאַנגען מיטן פולן אימפּעט און אינאיינעם מיט זיין ריטם האָט אידען געקלאַפּט דאָס האַרץ. זי האָט זיך דערנענטערט צו ליאַסאָווע מיט אַ שרעק־געפיל און מיט אַ שווער געמיט. מיט אַזאַ גע־מיט גיט מען אַ בלעטער אויף אַ פאַרגעלט בייגעלע פּאַפּיר מיט אויסגע־וועפּטן טינט — אַ פאַרוואַלגערט יוגנט־בריוול, וואָס האָט זיך אָפּגעפּו־נען אין ווינקל פון שופלאָד.

אידע איז שוין אַמאָל געווען אין ליאַסאָווע. אָבער געשען איז דאָס מיט פערצן יאָר צוריק. אין אַ לויטערן זומער־פרימאָרגן האָט אַ בייכי־קער רוסישער קאָנדוקטאָר, באַרייפט מיטן לאַקירטן פּאַסעק, ווי אַ ביר־פאַס, אויסגעברומט מיט זיין בראַזגעדיקן באַס דעם נאָמען פון דער סטאַ־ציע און אידעס יונג מיידלש האַרץ איז זיך דאַן פאַרגאַנגען אין אַנטציי־קונג־שרעק פון גרויסע דערוואַרטונגען, פּונקט ווי איצט פאַרגייט עס אין שרעק פון ספקות און פאַרצווייפלונג.

דאָס האָט דאַן, מיט פערצן יאָר צוריק, דער מאַן אירער, אָשר פּאָד־לאַסקי, זי אַראָפּגעבראַכט צו דער קרוין פון דער משפחה, צום פעטער בערל קיין פּאָדלאַסיע. צו דעם געהיימנישפולן, באַרימטן און פרעמדן פעטער בערל.

איצט פאָרט זי צו דעם זעלביקן פעטער בערל, ווי צו אַן אייגענעם. ער איז שוין פיל מער איר קרוב איידער אָשרס, אָבער זי פאָרט צו אים אַליין, אַן אָפּגעגטע פרוי מיט אַ פּאַס לעבן הינטער זיך, ווי אַ חורבה נאָך אַן ערדציטערניש.

אידע האָט באַשטימט נישט געהערט צו יענע מהיכא־תיתא־נאַטורן, וועלכע לעבן מיטן חסד פון צופאַל. זי האָט אויך איר פריערדיק לעבן געבויט מיט אַ פּלאַן און מיט אַ חשבון. אָבער דער פּלאַן אירער האָט פאַרפירט, דער חשבון, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געווען נישט קיין ריכטיקער און אין רעזולטאַט — אַן אומברחמנותדיקער קרייץ־שטריך איבער פערצן יאָר פון איר לעבן. אַ לעבן, איבער וועלכן זי קאָן מער קיין באַלעבאָסטע נישט זיין — אַזאַ לעבן איז נישט פאַר איר. האָט זי מיט איין שטריך צעשטערט דאָס, וואָס זי האָט ליידנשאַפטלעך און פּלאַנמע־סיק יאָרן־לאַנג געבויט: איר היים, איר משפחה, איר ווילשטאַנד — אַלץ אָפּגעמעקט און: זי איז אַ פרייער מענטש.

די קינדער — אויפן זיידנס אַפּוטרופּסות, די באַלעבאַטישקייט —

אויספּאַרקויפט, די פאַבריק — ליקווידירט. אַזוי האָט אידע פון איר פריערדיקן לעבן אַ תל געמאַכט און איצט פאָרט זי עס צום קלוגן פעטער בערל אַן עצה זיך האַלטן, ווי אַזוי אין אירע יאָרן אָנצוהייבן פון אלף־בית.

אָבער די פערצן פאַרשטראָכענע יאָר? צי זענען דאָס נישט געווען די שטאַרקסטע, די פולבלוטיקסטע יאָרן פון מענטשלעכן לעבן, וואָס איז איר נאָר איין מאָל געגעבן געוואָרן?

אַנטשלאָסנקייט, גבורה פון ווילן — דאָס איז דאָך ווייניק אויף אָנ־צופילן דאָס לעבן פון דאָסניי, אויב די בעסטע יאָרן זענען שוין אָפּ־געלעבט!

ערשט איצט, צופאָרנדיק צו ליאָסאָווע, האָט אידע פיינלעך דער־פילט אירע אויסגעוואָרצלטע יאָרן, ווי די צונג פילט דעם פיינלעכן ליי־דיקן שטח פון פריש־אויסגעריסענע ציין אין מויל.

דער צוג איז שוין געקראָכן לאַנגזאַם, אידע האָט ארויסגעקוקט דורכן האַלב־פאַרפרוירענעם פענצטער, דערוואַרטנדיק מיט שרעק און אומגעדולד, אַז צו די אויגן זאָל צושווימען דער רויטער מויער פון וואָקזאַל, וועלכער איז איר פאַרבליבן אין געדעכעניש פון איר אַמאָליקן באַ־זוך. און נישט נאָר דעם רויטן וואָקזאַל־מויער פון ליאָסאָווע האָט זיך אי־דע דערמאָנט, אין איר געדעכעניש איז אויפגעשטאַנען די באַצויבערנדי־קע וואַלד־שטילקייט, די געדיכטע קוליסן פון פאַרשיידן־טאָניקן גרינס, הינטער וועלכע דער ליאָסאָווער וואָקזאַל האָט זיך געהאַט אויסבאַהאַלטן. אין דער שטילקייט פון וואַלד איז דער צוג אַליין — געדענקט זי — גע־בליבן שטיין ווי אַ באַצויבערטער. דער צוג אַליין האָט איינגעהאַלטן זיין סאָפּעדיקן אָטעם, פאַרגעסן אָן זיין ווייטערדיקן שטאָלענעם וועג און זיך איינגעהערט ווי די פייגעלעך זינגען.

אָבער איצט האָט אידע אומזיסט געוואַרט אויפן וואָקזאַל.

פאַרביי פענצטער האָט פאַרבייגעשוועבט אַן אָפּגעריסענע, צעשאָ־סענע וואַנט און, צו דער וואַנט צוגעקלעפּט, אַ נידעריקע הילצערנע גע־ביידע, דאַכט זיך: קוים אַ מאַן די הויך, און אויף דער געביידע אַ שוואַרץ־ווייסער אויפשריפט: ליאָסאָווע. אַרום און אַרום — אַ ליידיק פעלד, איז דאָס פאַרענדערט בילד געווען ווי אַן אומברחמנותדיקער סימבאָל פון איר פאַרוויסט לעבן.

דאָס איז אַזוי געווען ענלעך צו דער ליאַסאָווע פון איר געדעכעניש, ווי זי אַליין איז אַוודאי ענלעך צו דער אַמאָליקער עקזאַלטירטער און לעבנסלוסטיקער אידען.

שוין מיט דער קאַלטער רואיקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט נישט צוליב־וואָס און וווהין זיך צו איילן, איז אידע אויסגעשטיגן פון וואַגאָן. אויף איר פנים איז נאָך פאַרבליבן אַ פאַרגליווערטער רעשט פון דעם קאַרגן שמייכל, מיט וועלכן זי האָט געזעגנט אירע דייטשישע מיטפאָ־רער. זי איז לאַנגזאַם נאָכגעגאַנגען דעם טרעגער מיט אירע געפעק צו דער הילצערנער בודע, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער אָפּגעריסענער מויער־וואַנט אינמיטן אַ ווייסער פאַרשנייטער וויסטעניש.

איבער דער שוואַרצער לאַטע פון פעראָן, וועלכן מען האָט צוליב ציכטיקייט אויסגעפלאַסטערט מיט אָפּפאַל פון שטיינקוילן, האָבן אַרומ־געשפּאַנט, כראָמסקענדיק דעם באָדן מיט די טריט, עטלעכע גראָבע מי־ליטער־לייט, ווי אַ זכר פון אַמאָליקן רוסישן גראָבן קאָנדוקטאָר. אויך ווי ביים קאָנדוקטאָר זענען די בייכער זייערע געווען אַרומגערייפט מיט פּאַסקעס, אָבער נישט מיט קיין פראַנטיש־לאַקירטע, נאָר אָפּגעריבענע. און אויפן סאַמע נאָפּל, ווו דער פּאַסעק פאַרשפּיליעט זיך, האָט יעדער דייטש געטראָגן שיער נישט אַ מעטאַלענעם שילד אַ גאַנצן — אַ גרויסע פּירקאַנטיקע ספּראַנזשקע, וואָס פון דער ווייט האָט מען געקאָנט אי־בערלעזן איר אויסגעקלאַפּטן אייזערנעם אויפשריפט: „גאָט מיט אונדז!"

אידען האָט אָנגעהויבן עקלען פון די דייטשן, וואָס האָבן זיך אַרומ־געטראָגן מיט גאָט אויף די בייכער.

זי האָט זיך געשטעלט אין דער ריי צוזאַמען מיט די איבעריקע אויסגעשטיגענע פּאַסאַזשירן, כדי דורכצומאַכן די פיינלעכע פּראָצעדור פון דער רעוויזיע.

די פּאַסאַזשירן זענען געשטאַנען אַרטיק שטיל און מיט אַ סדר, ווי גוט־אויסגעדרעסירטע בהמות. מען האָט פון זיי קיין פּאַרע נישט געהערט.

און הינטער שטעכיק־דראָטיקן פּאַרקאַן ביי דער בודע האָבן זיך גע־קנוילט, ווי עופות אין אַ שטייג, די אַלע היגע פריוואַטע שטאָט־מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט צו דער באַן און דערווייל האָט מען זיי נישט אַרויסגעלאָזט.

די רעוויזיע איז שוין אָנגעגאַנגען.

אַ פּאָר לאַנגע, רויטע, ווי צעפּאַרעטע הענט פון קורץ־פּאַרקאַשערטע אַרבל אַרויסגעשאָסן, האָבן אַרומגעטאַנצט איבער אידעס רענצלעך, פאַר־קראָכן אין זייער אינגעווייד, געזוכט שמוגל. אַ פּאָר בלייענע אייגעלעך פון אונטער שטרויענע ברעמען האָבן זי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, פאַרגלייכט מיט איר בילד אויפן פּאַס און צום לעצטן מאָל איר אַריינגע־קוקט אין פּנים מיטן אויסדרוק:

— דו ביסט די שולדיקע אין דייטשלאַנדס אומגליק!

אין דער הינטערשטער ריי הערט זיך שוין אַ קוויטש: אָלאַ באָגאַ! אַ ברום: — דאָנערוועטער! עפּעס האָבן די דייטשן דאָרט געפּאַקט. אידע קוקט זיך אום און צעשמייכלט זיך צוגלייך מיט אַלע: ביי אַ ברייטלע־כער איבערגעשראָקענער שיקסע האָט עס פּלוצלונג אָנגעהויבן צו שנייען מיט מעל פון אונטערן קורצן שטייפן קליידל אַרויס.

ענדלעך איז שוין אידע מיט אירע רענצלעך אויף יענער זייט פון דראָטענעם פּאַרקאַן. זי קוקט אין פאַרלעגנהייט אויף דעם געזעמל פאַר־גרעבטע, פאַרווינטיקטע, אַרומגעפּעלצטע פּנימער און ווייס נישט צו וועמען זיך צו ווענדן.

די גאַנצע צייט האָט זיך אידען געדאַכט, אַז דער צוג, וואָס האָט זי געבראַכט קיין ליאַסאָווע, וואַרט נאָך. אָבער איצט האָט זי דערזען אויף יענער זייט פּאַרקאַן אַ ליידיקן וויסטן פּעראָן. דער צוג איז ווי אויסגע־טריקנט געוואָרן, ווי מען וואָלט אים צוגעגנבעט הינטער אירע פּלייצעס. און דאָ שטייט פאַר איר עפּעס אַ פורמאַן מיט אַ האַרטער מעשענער באָרד, וואָס איז איינגעשרומפּן דורך דעם אויפגעשטעלטן שעפּסענעם קאָלנער. דאָס פּוטערנע היטל אַראָפּגערוקט איבער די אויערן און, דאַכט זיך, דאָס וויסטע באַוואַקסענע פּנים באַמיט זיך צו שמייכלען צו איר.

— איר דערקאָנט מיך נישט, אידע?

ניין זי דערקאָנט נישט. זי האָט מורא צו דערלאָזן דעם געדאַנק.

— יאָ, אידע, ווי איר קוקט מיך אָן, איך בין דאָס טאַקע, ישראל...

און די אַרומיקע אָנגעפּעלצטע יידן מיט פאַרצוקערטע וואָנצעס און קעלנער פון פראָסטיקן אָטעם, קוקן אָן פאַרחידושט, ווי אַזוי די וואַרשע־ווער דאַמע אין די רייכע פּעלצן און דער בערדיקער פורמאַן מיטן שעפּ־סענעם קאָלנער נעמען זיך אַרום און צעקושן זיך מיט אַ לאַנגן טרויעריק־טרייסטנדיקן קוש.

באַלאָדן מיט אידעס רענצלעך, שלאָגט דורך ישראל אַ וועג פאַר זיך און פאַר איר דורכן נייגעריקן עולם. אידע גייט אים נאָך ווי אין שווערן הינערפלעט.

— וואָס פון אַ מענטשן קאָן ווערן, גאָט מיין איינציקער!

עס איז איר שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אָט דער קרענקלעך־געבויגענער, באַפּעלצטער און באַלאָדענער רוקן, אַז אָט דער געמאָסטענער פויערישער שלעפּטריט, אַז דאָס באַוואַקסענע פּנים אין שעפּסענעם קאָלנער — דאָס אַלץ זאָל זיין עפּעס אַ לעבעדיקע איבער־בלייבעכץ פון ישראלן.

אין ברייטן פּריציש־דאָרפישן שליטן ליגן אָנגעגרייט פאַר איר אַ בערן־פּעלץ מיט וואָליקעס.

— טוט אייך אָן, — פאָרעט זיך ישראל אַרום איר — טוט אייך אָן, וואָרעם ס׳וועט קאַלט זיין.

— אָבער ווי איז דאָס מעגלעך, ישראל? ווי איז דאָס מעגלעך?

איר פראַגע איז געווענדט אויף עפּעס אַנדערש, פיל וויכטיקערס, ווי דער פּעלץ מיט די וואָליקעס, און ישראל רעדט איר צו:

— שעמט אייך נישט, אידע. אויפן דאָרף שעמט מען זיך נישט. טוט אָן!

איצט, אין דעם פּעלץ מיט די וואָליקעס, דאַכט זיך איר, אַז זי איז אַריינגעקראָכן אין אַ חיהשער פעל, זיך דורכגעדרונגען מיט חיהשן צער, וואָס עטעמט אַראָפּ, סיי פון דעם פאַרווילדטן ישראלן, סיי פון דער גאַנצער וויסט־פאַרשנייטער געגנט.

און די גלעקלעך אויף די פערדישע כאָמוטן צעקלינגען זיך טרויעריק אין איינקלאַנג מיט איר איינגעגעסענער פראַגע:

— ווי איז דאָס מעגלעך?

און קוים פאַרקערעוועט אויפן געלבלעך־גלאַנציקן אויסגעפּראָרענעם שליאַך, קערט זיך אָפּ צו איר ישראל פון זיין הויכן פורמאַנישן פּלאַץ, נעמט אַוועק דעם הויך־שטייענדיקן קאָלנער פון זיין אויער און זיין פּנים דריקט אויס אַ פאַרפרוירענעם פראַגע־צייכן.

— האַ, אידע, איר זאָגט עפּעס?

ער באַנוגנט זיך מיט איר פיינלעכן שווייגן. ער איז זיכער, אַז ער

האָט דערהערט, וואָס זי האָט געזאָגט אָדער וואָס זי האָט געמיינט צו זאָגן. ער שאָקלט צו מיטן אָנגעפּעלצטן קאָפּ.

— יאָ, יאָ, אידע, דאָס לעבן האָט מיך פּיין צורעכט געמאַכט! אַי, האָט דאָס לעבן מיך צורעכט געמאַכט? האַ, וואָס?

משונהדיק שמייכלען אַרויס די גאָלדענע ציין פון דעם מויל פון פאַרחושכטן, פאַרוואַקסענעם פּורמאַן.

און וואָס זאָל זי אים זאָגן — דעם ווילד־אָפּגעפרעמדטן געוועזענעם פריינד אירן? מיט וואָס זאָל זי אים טרייסטן אין זיין אומגליק? אויף זיין פאַרוואַקסן פּנים איז אויסגעגאָסן אַ מין גרעלע פאַרווונדערונג, אַ פאַרווונדערונג פון גרויל.

און אָט מיט דער פאַרווונדערונג און הייזעריק־פּראָסטיק דערציילט ער צווישן איין שמיץ מיט דער בייטש און דעם צווייטן:

דאָס לעצטע קינד — משהלע האָט עס געהייסן, אַ בלאָנדס געווען און דער מאַמעס אויגן געהאַט — איז עס אים אָוועקגעקומען האַרט פאַר די גרויסע פרעסט. דאָס קבֿרל נאָך אַפילו נישט אַרומגעמויערט... יאָ, דאָס לעבן האָט אים צורעכט געמאַכט, נישטאָ וואָס צו ריידן... וויאָ!

די אויסגעפּאַשעטע פערדלעך — ביידע פון קאָווע־קאָליר, דאַכט זיך זיי שטאָלצירן מיט די מעשענע קנעפּלעך און פליטערלעך פון זייער פּריצישן געשפּאַן. זיי זענען פלייסיק צו לויפן מיטן געלבלעכן שאָסיי אין דער גרוי־וויסטער אומענדלעכקייט אַריין.

דער ברייטער שליטן פאַרנעמט זיך אַלץ אָן אַ זייט איבערן גלי־טשיקן וועג, וויל, דאַכט זיך, אַריבעריאָגן די פערדלעך און די גלעקלעך פילן אָן די לופט מיט אַ מרה־שחורהדיק־נאָגנדיקן טענצל.

אידע וואָלט איצט גערן זיך צעקלאָגט אין די וויסטע פעלדער אַריין, ווען איר האַרץ זאָל נישט זיין אָנגעטרונקען מיט פראָסט און פאַר־גליווערט. אין בערן־פּעלץ איז איר וואַרעם, אַפילו הייס. פאַרגליווערט איז נאָר דאָס האַרץ, וואָס שפּייזט זיך מיט פראָסטיקן אָטעם.

איצט קאָן זי זיך דאָך מודה זיין, אַז ווען זי איז געפאָרן קיין ליאַ־סאָווע, האָט ישׂראל פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין איר באַוווסטזיין.

ווי איז דאָס געשען, אַז באַלד אויף דער שוועל פון איר קומען איז צו־נישט געוואָרן איינע פון אירע לעצטע האָפענונגען צו טרעפן זיך מיט

אַ פריינד. דאָס אומגליק האָט פון פריינד אַ קריפּל געמאַכט, אַ פּאַרוויסט־פאַרטעמפּט באַשעפעניש.

און דאָס איז דאָך איר שולד, וואָס זי האָט נישט אויסגעמאָסטן דעם חילוק צווישן אירע ליידן און זיינע. איצט שעמט זי זיך מיט איר פּעקל נאַרישע צרות אָט פאַר דעם אויסגעבויגענעם רוקן, דעם אויסגעבעטן מיטן פעלץ, דעם ריטמיש־געוויגטן אויף זיין שמייסער־פּלאַץ.

— וויאָ — ווישטאָ!

און אָט איז ער ווידער מיטן פּנים צו איר, מיטן אויער וואָס קריכט אים פון אונטערן קאָלנער אַרויס, צו כאַפּן אירס אַ וואָרט.

— האַ, אידע, איר זאָגט עפּעס?

און דאָס איז דאָס פיינלעכסטע, וואָס ער מאָנט, דאַכט זיך, אַז זי זאָל אים עפּעס זאָגן. און אַז אידע זאָגט אים גאָרנישט, ווערט ער אַליין באַריידעוודיק, און דאָס איז שוין גאָרנישט אַריבערצוטראָגן. ער, ישראל, וואָס דאָס לעבן האָט אים צורעכט געמאַכט, באַקלאָגט זיך שוין נישט מער, דאָס וויל ער איר גאָר אַמוזירן אין דעם לאַנגווייליק־ווייטן ווינ־טער־וועג.

אידע געדענקט דעם ליטוואַק פּינעסן, וואָס ער האָט אים אַמאָל אויס־געפונען אויף די נאַלעווקעס, בעת ער איז געגאַנגען צו דער אַרבעט? נו, האָבן די רוסן אים דערשאָסן אָט־אָ־דאָ, ביים וועלדל, אַ פּאָר קילאָ־מעטער פון ליאַסאָווע.

ישראל ווייזט אָן מיט דער בייטש אויפן גרויען חלל, ווו קיין וועלדל זעט זיך נישט, נאָר ווו גרויער נעפּל און ווייסער מדבר האָבן געמאַכט יד־אַחת.

און אַז די רוסן זענען אַוועק — דערציילט ער ווייטער, זיצנדיק מיט אַ זייט צו אידען — האָט מען פּינעסן אויסגעגראָבן און צו קבורה גע־בראַכט אויפן ליאַסאָווער בית־עולם, ווו בערל האָט געשענקט אַ בכבו־דיקן פּלאַץ נעבן זיין פאַמיליען־קבר. בערל האָט אויך געלאָזט שטעלן אַ גרויסאַרטיקע מצבה אויף פּינעסעס קבר. און די מצבה האָט געמאַכט דער זעלביקער לובלינער סקולפּטאָר, וואָס האָט געאַרבעט ביי פּאָדלאַסקיס מאַוזאָלעאום און צוליבן אַפּטרעטן פון די רוסן האָט ער שוין נישט גע־קאָנט אַהיימפאָרן.

— צוליב וואָס דערציילט ער דאָס מיר אַלץ? — האָט אידע מער

געגרוילט, ווי געוווּנדערט זיך אויף ישראלס עפּישן, שטיינערדיק־רואיקן טאָן.

אָבער ישראל האָט נאָך די דערציילונג נישט פאַרענדיקט.

און אַז די דייטשן זענען אַריין אין ליאַסאָווע — האָט ער ווייטער איר געשניטן דאָס האַרץ מיט זיין שטיינערנער רואיקייט — און זיי האָבן זיך דערוווּסט — די דייטשן, אַז דאָ איז צו קבורה געבראַכט אַ מענטש, וועלכן די רוסן האָבן דערשאָסן ווי אַ שפּיאָן, האָבן זיי ביי פּי־נעסעס קבר אָפּגעריכט אַ גאַנצן מיליטערישן פּאַראַד און אַ חודש צייט דאָרט געהאַלטן אַן ערן־וואַך. זיי זענען פאַרבליבן פעסט איבערצייגט, אַז דער מענטש איז דאָ אומגעקומען פאַרן דייטשישן „פאָטערלאַנד" און ביז היינטיקן טאָג הענגט נאָך אויף דער מצבה דער דייטשישער אייזערנער קראַנץ.

צו איר גרויסער שרעק באַמערקט אידע, אַז אין ישראלס שטיינער־דיק־רואיקע רייד הייבט אָן אויפצופינקלען אַ שטילער הומאָר. זי וויל אים בעטן, ער זאָל אויפהערן דערציילן, אָבער זי ווייסט נישט ווי אַזוי דאָס צו טאָן.

— און דער דייטשישער קאָמענדאַנט, ווידער — וועבט ישראל זיין דערציילונג — איז שטאַרק נתפּעל געוואָרן פון פּינעסעס גרויסאַרטיקע מצבה און געוואָלט דעם סקולפּטאָר באַזונדער באַלוינען. האָט זיך טאַקע באַלד געמאַכט די געלעגנהייט. דער סקולפּטאָר האָט געהאַט די איינציקע בקשה צום קאָמענדאַנט: יענער זאָל אויספּועלן ביי דער עסטרייכישער אָקופּאַציע, אַז מען זאָל דערלויבן זיין ווייבל אַראָפּקומען פון לובלין. האָט דער קאָמענדאַנט אים דאָס צוגעזאָגט און געהאַלטן וואָרט.

איז אַראָפּגעקומען דעם סקולפּטאָרס ווייבל און אָנגעמאַכט אַ רושם אין ליאַסאָווע. אַ יונג, חנעוודיק ווייבל מיט פּעפּערלעך. אָבער אַזאַ פרו־מע נשמה האָט נאָך ליאַסאָווע נישט אָנגעזען. אַ שייטל איבער די אויערן און האַלט אין איין ריידן מיט גאָט. האָבן גבאיטעס זיך אַרומגעפּירט מיט איר', ווי מיט אַ גוטן ייד, און אַלע היינט־וועלטיקע ווייבלעך די אויגן געשטאָכן מיט דער לובלינערינס יידישקייט.

און דעם סקולפּטאָר, ווידער, האָט מען איינגעשמועסט, אַז ער דאַרף גיין באַדאַנקען דעם קאָמענדאַנט פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס ער האָט מיט אים געטאָן. האָט ער געפאָלגט און איז געגאַנגען און ער האָט נאָך

מיטגענומען זיין פרום חנעוודיק ווייבל: זאָל זי אויך דאַנקען. האָט זי געדאַנקט. און דער קאָמענדאַנט איז נתפעל געוואָרן פון דעם ווייבל נאָך מער ווי פון פינעסעס מצבה.

און קיין חודש איז נישט אַריבער — איר הערט, אידע? — ווי דער קאָמענדאַנט איז אַוועקגעפאָרן און גלייכצייטיק איז דאָס פרומע, חנעוו־דיקע ווייבל פאַרשוווּנדן, ווי אין וואַסער אַריין — כאַ!

— הערט אויף, ישראל! הערט אויף, טייערינקער! — האָט אידע זיך געבעטן מיט אַ דערפרוירן האַרץ.

— וואָס איז? איר מיינט דען איבערגעוואַלד האָט זי דער קאָמענ־דאַנט אַוועקגעפירט? זי איז אַליין מיט אים אַנטלאָפן. איבערגעלאָזן דעם שייטל מיטן קרבן־מנחה, מיט אַ בריוועלע צום מאַן, ער זאָל איר מוחל זיין און באַמיען זיך צו פאַרשטיין איר האַרץ און — איז אַנטלאָפן מיטן דייטש. זיצט דער סקולפּטאָר און באַמיט זיך צו פאַרשטיין. — כאַ!

דאָס איז געווען ביי ישראלן אַ געלעכטער אַזאַ, ווי אַריינגעהאַקט אַ האַק אין אַ שייטל האָלץ.

— וויאָ — ווישטאָ! — האָט ער זיך אויסגעקערעוועט צו די פערד־לעך — און די כאָמוט־גלעקלעך, וואָס זענען אַליין געווען פאַרשיכורט פון זייער קלאָגעדיק געקלאַנג, האָבן זיך איצט צעקלאָגט מיט אַ פרישן אימפּעט.

דער נעפּל האָט זיך גידעריק געשפּרייט פוןביידע זייטן שליאַך. ערד און הימל צוזאַמענגעגאָסן אין אַ ברודיקער מילכיקייט. קיין וועלדל, קיין ישוב, אויף וואָס דאָס אויג אָנצושפּאַרן. אַ מילכיקער תהום, אַ חלל צווישן פּלאַנעטן. און נאָר די זינגענדיקע טעלעגראַף־סלופּעס טויכן אַרויס פון צייט צו צייט ביים וועג, האַלטן זיך ביי די הענט מיט די גראָב־אָנגע־פּראָסטיקטע, שוואַר־אַראָפּגעהאַנגענע פינגער־דראָטן און גיבן איבער זייער זמרל פון איין פּלאַנעט צו דער צווייטער.

און דורך דעם וויסטן מילכיקן חלל, פון איין וועלט אָפּגעריסן, צו אַ צווייטער נישט דערגרייכט — פּאָרט עס, שליטלט זיך דער פרייער מענטש — אידע. אָן אחריות און אָן אָן אינהאַלט. איז דער פירער אי־רער — ישראל — אַליין פון לעבן אַרויסגעשטויסן — אַ מין כיראָן. וועגן לעבן דערציילט ער הייזעריק־הילצערדיק מיט אַן אָפּגעהאַקטן „כאַ!“ אַזוי דאַרף אַ בלינדער דערציילן וועגן בלומען. זענען די פערדלעך ווי אַ

חלום וועגן פּעגאַזן, מער אויסגעטראַכטע ווי לעבעדיקע. פון נעפּל זעען זיך קוים די סילועטן פון זייערע קעפּ אַרויס. און אָט איז דער צערבער אויך, ווי פון אונטערן שליטן האָט ער זיך אַרויסגעקוילערט מיט אַ היי־זעריק בילעריי און זיך געוואָרפן — אַ לעבעדיקער טונקעלער קנויל — צו די פערדישע פּאָדקאָוועס.

כיראָן איז אים מכבד מיט דער בייטש און מיט אַ באַליידיקטן קוויטש איז צערבער פאַרשווונדן אין דער מילכיקער אייביקייט.

איז דאָס אייניציק־וואָרהאַפטיקע אין דער רייזע, בלוט און פלייש פון דער ערד — דער נאָגנדיקער געיאָמער פון די כאָמוט־גלעקלעך, וועל־כע האָבן זיך אַליין דערעסן און איצט קלאָגן זיי שוין, וואָס זיי קאָנען פון זיך נישט פּטור ווערן.

כיראָן אויף דער קעלניע האָט פאַרריסן דעם שווער־באַהיטלטן קאָפּ, אַריינגעשטעקט זיין האַרטע באָרד אין חלל און אַ צי געטאָן די לופט מיט דער נאָז שווער־שטורעמדיק.

— עס וועט זיך אויסלייטערן.

## 12

# ביים פעטער אין דער מדינה

דער באַרג־אַרויף האָט זיך געענדיקט. די פערד האָבן אויפגעהערט צו גיין פוס־טריט און צו שאָקלען מיט די קעפּ, ווי מתמידים ביים לער־נען. איצט זענען זיי געלאָפן מיט אַ גלייכן וועג און אידען האָט זיך אויס־געוויזן, אַז זיי לויפן שוין באַרג־אַראָפּ.

די גלעקלעך, וואָס האָבן פריער געהאַלטן שוין ביים לאַנגזאַמען גוססן, האָבן זיך אויפגעכאַפּט מיטן לעצטן אימפּעט, וועלנדיק אויסשיטן זייער לעצט ביסל קלאָגעריי.

איצט האָט דער נעפּל זיך אָפּגעטאָן פון ווייסן פעלד און ס'איז גע־ווען אַ רחבות פאַר די אויגן, ווי מען וואָלט זיי פון תפיסה אַרויסגעלאָזן. אָבער די וועלט האָט איצט אויסגעזען, ווי מיטן קאָפּ אַראָפּ. הימל און ערד האָבן זיך געביטן מיט די ראָלן. דער הימל האָט זיך געקנוילט טונקל־ברודיק און די ערד האָט זיך אויסגעשפּרייט קלאָר־ווייס, כמעט לויכטנ־

דיק. די זון האָט, דאַכט זיך, נישט דורכן הימל, נאָר דורכן ווייסן באָדן פון דער ערד דורכגעשיינט, ווי דורך אַ מילך־שויב.

אין דער ווייט האָט דאָס גאַנצע ניי־שטעטל זיך שאַרף אויסגעצייכנט אין צוויי שורות ווייס־באַשנייטע דעכער אויף דער טונקעלער סעפיע פון הימל. גרויסע קודלאַטע הינט זענען שוין געלאָפן מיטן ווייסן וועג, אַנטקעגן דעם אָנקומענדיקן שליטן און מקבל־פּנים געווען די באַקאַנטע קאַווע־פערדלעך מיט אַ היימישער בילעריי. די פערד האָבן זיי אָפּגעענטפערט מיט אַ כראָפּענדיקער ניסעריי, פאַרנייגנדיק, ווי פאַר העפלעכקייט, די קאַווע־קעפּ צום ווייסן באָדן.

שוין דאָ, פאַרן אַריינפאָר אין שטעטל, האָט זיך אידען אין די אויגן געוואָרפן, אַז אַלץ וואָס דאָ איז אויסגעבויט אָדער פון דער נאַטור באַשאַפן, איז געבויט אָדער באַשאַפן געוואָרן לויט איין געוויסן טיפּ און מוסטער.

די קודלאַטע הינט, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום שליטן און פאַרהילכט די לופט מיט זייער מעטאַלענער קלאָרער בילעריי, האָבן אויסגעזען, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט. און די צוויי שורות הייזער פון ביידע זייטן שאָסיי, הייזער מיט הויכע דעכער און הויכע גאַניקעס, זענען געווען ווי פון איין פורעם אויסגעגאָסן. אַפילו די גערטלעך פאַר די הייזער פון איין גרויס און פון איין שניט די שטאַכעטן אַרום די ווייסע גערטלעך. זעלטן־ווו מען האָט געקאָנט מיטן אויג כאַפּן אַ קליינעם אונטערשייד אין אַ פאָרהאַנגל ביים פענצטער, אין אַ בוימל ביי דער טיר. און אַז אויף דער ברייטער גאַס האָבן אויסגעשאָטן באַפּעלצטע יידן, זענען זיי אַלע געווען בערדיקע און געדיכט־באַברעמטע און אָנגעכמורעט־שמייכלענדיקע און אַלע ווי מיט איין מחשבה פון נייגער און אומצוטרוי צו דעם אָנקומענדיקן גאַסט.

אידע האָט פון דער ווייטן דערקענט דעם פעטער בערל. אין אַ קורץ פעלצל, אין הויכע שטיוול און אין אַ פאַפּאַכע האָט ער באַזאַכט געשפּאַנט צו איר אַנטקעגן אינמיטן דער ברייטער ווייסער גאַס.

זי האָט אַרויסגעפּלאָנטערט פון בערן־אַרבל די פאַרשלאָפענע האַנט אין דער הענטשקע און באַגריסט דעם פעטער פון דער ווייט.

בערל פּאָדלאַסקי האָט אונטערגעהויבן די פאַפּאַכע און דעם טריט נישט פאַרשנעלערט. שוין פון פעטער בערלס געמאָסטענעם טריט האָט

אויף אידען אַ שטראָם געטאָן מיט טרייסט און באַרואיקונג. עס האָט זיך געלוינט פאָרצונעמען די גאַנצע נסיעה, כדי אַליין זיך צו באַרואיקן נעבן אָט דער אויסגעמאָטערטער, אייזערנער נאַטור.

אמת טאַקע, זי איז געקומען צום פעטער אַן עצה זיך האַלטן, ווי ווייטער צו לעבן, וואָס ווייטער צו טאָן. אידע איז אָבער נישט אַזוי נאַאיוו, אַז זי זאָל גלויבן אין מענטשלעכע לאָגישע עצות. דערצו נאָך איז דער פעטער בערל אַ מענטש, וואָס פילאָסאָפירט נישט און חקרנט זיך נישט. זיינע אַ ווערטלעכע עצה וואָלט פאַר אידען דעם מינדסטן ווערט נישט געהאַט. פעטער בערל איז נישט קיין ביכער־חכם. ביי אים שטעקט די חכמה אין די ביינער. זי רינט ביי אים אין בלוט. ער פאַרשטייט מיטן חוש זיך אויסצולעבן אויפן מענטשלעכן שטייגער, פונקט ווי די חיה פאַרשטייט דעם וועג פון איר חיהש לעבן, און דעריבער איז אפשר דעם פעטערס קער און ריר אַזוי עלאַסטיש־געמאָסטן. אַזוי באַוועגט זיך אַ מענטש מיט אַ קלוגן געזונטן גוף, זיינע באַוועגונגען זענען צוועקמעסיק, נישט מער, און אין דעם איז זייער לעמפּערטישע גראַציע.

איז טאַקע אידע אַראָפּגעקומען קיין פּאָדלאַסיע נישט צו ד ע ר־פ ר ע ג ן ביים פעטער, נאָר צו ד ע ר פ י ל ן, זיצנדיק נעבן אים, וואָס זי האָט ווייטער צו טאָן אין לעבן, זי איז געקומען זיך אָנשטעקן מיט זיין אינסטינקטיווער לעבנס־חכמה.

זיי האָבן זיך פעסט די הענט געדריקט און חבריש צעקושט. בערל האָט זיך זייטיק און עלאַסטיש אַרויפגעכאַפּט אויפן שליטן און געהייסן ישראלן ווייטער פאָרן.

— נישט געקאָנט, אידעשי, צו דער באַן קומען. געהאַט אַן אסיפה פון היגן קאָאָפּעראַטיוו.

איצט פאַרשטייט שוין אידע, פאַרוואָס עס דרייען זיך אויף דער גאַס אַרום די ביי־שטעטלדיקע באַלעבאַטים אַזוי יום־טובדיק און שמועסן, צעשאָטן אין קלענערע גרופּקעלעך. דאָס קילט מען זיך אָפּ נאָך דער גרויסער אַסיפה.

— ישראל, וועסט צופאָרן צו דער שול. מירן מיטנעמען דאָרטן אויף מיטיק.

— דאָרטע איז דען אין ביי־שטעטל? — האָט זיך אידע פאַראינטערעסירט — איך האָב צו איר אַ גרוס פון דער מאַמען.

— אָ, זייער פיין. זי לערנט דאָ מיט די קינדער אין ניי־שטעטל.
— ביי דיר, פעטער, ווערן לייט פון אַלע ליידיקגייער.
— נו, וועגן דאָרען קאָן מען נישט זאָגן, אַז זי זאָל זיין אַ ליידיק־גייערין. נישט אַזוי, ישראל?
— כאָ!

אידע האָט געדענקט דאָרעטשקען פון יענעם פינצטערן פעריאָד, ווען פאַרשטויסן פון ביסטריצקין, האָט זי זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען און זיך אַרומגעבלאָנקעט איבער וואַרשע מיט אַ ציגיינערישער אָפּגעלאָזנקייט און הפקרות. ס'איז איר שווער געווען זיך פאָרצושטעלן דאָרעטשקען אַנדערש, ווי זי האָט זי געדענקט.

אָבער דאָס לעבן, ווייזט אויס, שטייט נישט אויף איין אָרט. וואָלט אידע צו יענער צייט געקאָנט דען פאָרשטעלן זיך אַליין אין איר איצ־טיקער לאַגע?

דאָרעטשקע איז אַן אַנדערע געוואָרן. ביסטריצקי — דער איז שוין גאָר נישטאָ אויף דער וועלט. אידע האָט געוואָלט דערציילן ישראלן, אַז ביסטריצקי לעבט שוין נישט. זי האָט זיך אָבער מיישב געווען, אַז מיט אַזעלכע בשורות איז נישטאָ וואָס צו איילן זיך און זי האָט עס אָפּגע־לייגט אויף שפּעטער.

דערווייל האָט דער שליטן זיך דערנעענטערט צו דער שול און אַ גוט־איינגעשטודירטער קינדער־כאָר האָט זיך געלאָזט הערן פון דער גרויסער הילצערנער געביידע, ווי עקסטרע מקבל־פּנים צו זיין די געסט. אָבער ווען דער שליטן האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער שול־וועראַנדע, איז דער כאָר אַנטשוויגן געוואָרן און קינדערשע פּנימלעך האָבן זיך אָנ־געזעצט אויף אַלע אונטערשטע שויבן פון די ברייטע פענצטער.

צווישן די קינדערשע פּנימער האָט אידע דורכן פענצטער דערקענט דאָרעטשקען, מיט די העל־בלויע אויגן, מיטן הויכן, בולטן שטערן און מיטן חוצפּהדיקן שמייכל פון אַמאָל. צווישן די קינדער האָט דאָרעטשקע אַליין אויסגעזען, ווי אַ קינד — אַ שדל, מיט וועלכן מען דאַרף זיך באַ־גיין זייער פאָרזיכטיק.

אידע האָט קוים באַוויזן מיט דאָרעטשקען זיך איבערצושמייכלען דורכן פענצטער, ווי דער פעטער בערל מיט דער לערערין האָבן פאַר־קניפּט צווישן זיך אַ העפטיקן מימישן געשפּרעך. אַנדערש ווי דורך מי־

מיק האָבן זיי נישט געקאָנט ריידן. דער טומל פון די קינדער האָט אַרויס־געהילכט אַזש אויף דער גאַס און פון דעם טומל האָט דאָרעטשקע זיך שטיפעריש פאַרשטאָפּט מיט די פינגער ביידע אויערן.

און דער מימישער געשפּרעך האָט אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון אַ שטומער העפטיקער אַמפּעריי. די קינדער אין פענצטער האָבן אויך מיט מינעס און געלעכטער אָנטייל גענומען אין געשפּרעך. דאָרעטשקע האָט געוויזן אויפן זייגער, אַז זי קאָן נאָך נישט מיטפאָרן אויף מיטיק. בערל האָט פאַרלאַנגט, זי זאָל דורכויס פאָרן און תיכף. און אידען האָט זיך אָפילו אויסגעוויזן, אַז אין מיטן דער מימישער אַמפּעריי האָט דאָרעטשקע מיט אַ שמייכל געוויזן דעם פעטער בערל אַ צונג.

אידע איז געווען מיד און אויסגעמאַטערט פון וועג. דער איצטיקער געשפּרעך האָט זיך פאַר איר צו־לאַנג געצויגן און זי איז שוין געווען אַ שונא דער קליינער לערערין, פאַרוואָס זי איז אַזוי נישט נאָכגיביק אויף בערלס פאָדערונגען.

אָבער דאָרעטשקע האָט, ענדלעך, נאָכגעגעבן. אַרויסגעלאָפן אין נישט פאַרשפּילעטן מאַנטל און מיטן הוט אין דער האַנט און באַגלייט מיט אַ פריילעכן הוראַ פון די באַפרייטע קינדער.

עטלעכע קינדער זענען אַרויסגעלאָפן גלייך נאָך איר, שרייענדיק:

— אַ גוטן טאָג דער לערערין! אַ גוטן טאָג דער לערערין!

דאָרעטשקע האָט זיך געוועריט פון זיי, ווי פון יונגע צוציקעס.

— ציפע! ציפע! נעמט אַריין די קינדער! זיי וועלן זיך פאַרקילן.

אידע איז געווען אָנגענעם איבערראַשט צו הערן דאָרעטשקעס שטים, כאָטש זי איז איר איצט געווען אַ שונא. אָבער — אויס שנאה. זי פאָרט דאָך שוין מיט. אויפן גאַניק איז אַרויסגעלאָפן אַן עלטערע פרוי — אַ מין קאָזאַק אַ יידענע מיט פאַרקאַשערטע אַרבל און אַ רויט טיכל, כוואַט־סקע פויעריש פאַרדרייט אַרום קאָפּ. די יידענע האָט גענומען טיילן מיט דער ברייטער דלאָניע די אַרויסגעלאָפענע קינדער איבער די געזעסלעך.

— אַ קיש דאָ קאָטוכו! אַ קיש!

און מיט איר אייגענעם ברייטן געזעס אין מולטענעם געקעסטלטן קליידל האָט זי די גאַנצע ווערענדע פאַרשטעלט.

לאָכנדיק, איז ער געפאָרן באַרג־אַראָפּ, פאַרביי דער טויטער הויטע

מיט די אויסגעזעצטע שויבן, פאַרביי דעם ברייטן ווייסן קוואַדראַט פון דער פאַרפרוירענער אַזיערע.

דער פעטער בערל מיט דאָרעטשקען זענען געזעסן אין שליטן קעגנ־איבער אידען. די קליינע לערערין האָט אָן צערעמאָניעס זיך אָנגעלענט אויפן פעטערס ברייטן אַקסל און בערל האָט מיט דער האַנט אַרומגענו־מען איר האַלדז, כדי צוצוהאַלטן איר אויפגעשפּילעטן קראַגן פון מאַנטל.

— שלימזל! — האָט ער כמורנע געברומט אויף דאָרעטשקעס אַפּגעלאָזנקייט.

און די קליינע לערערין האָט לאַבוזעוואַטע און בלוי אַרויסגע־שמייכלט צו אידען פון אונטער דעם פעטערס האַנט אַרויס, ס׳הייסט: זעסט, ווי ער זאָרגט פאַר מיר, דער פעטער דיינער?

אידע האָט מיט אַ שמייכל אַוועקגעקוקט אָן דער זייט און דער נער־וועזער צוק פון איר אייגן שמייכל איז איר נישט צו האַרצן געווען.

זי האָט געוואָלט וואָס גיכער זיין אין אַ וואַרעמער שטוב און אַליין מיט זיך. און אויב דאָס איז נישט מעגלעך געווען אין דער מינוט, האָט זי כאָטש געוואָלט פאַרקוקן זיך אויף דעם אַרומיקן.

אין זכרון איז איר פאַרבליבן דאָס אַמאָליקע בילד פון פּאָדליאַסער הויף, ווי עפּעס אַ מין אינדזל פון אַ בעקלין־קאָמפּאָזיציע, אַן אינדזל איבערן וואַסער, ווי אַ באַרג פון פלאַטערדיקן גרינס. דאָס איצטיקע בילד איז געווען אומדערוואַרט אַנדערש, אָבער נאָך מער פאַנטאַסטיש.

ס׳איז געווען אַ מין צוקער־קאָמפּאָזיציע אויסגעוועבט פון אַ דינע, ווייסע נעץ אויף דער סעפּיע פון הימל. דער ווינטער־נעפּל האָט זיך אָפּ־געזעצט אויף די צווייגן פון דער ריזיקערביימער־קופּע, וואָס האָבן גע־בילדעט דער פּאָדלאַסיער הויף, און האָט אויסגעוועבט אַ מערקווערדיקן שוואַרץ־ווייסן אַזשור, אַ לופטיקן צוקער־שלאָס.

און אַליין די סעפּיע פון נאָענטן הימל — דער פאָן פון דער שוואַרץ־ווייסער צייכענונג — האָט אָפּגעשלאָגן פון זיך אַ מין פאַרהוילענעם קאַרמין־טאָן, ווי עס וואָלט געחלומט וועגן זאַפט פון קאָנפיטורן. צו דער גאַנצקייט פון דער צוקער־קאָמפּאָזיציע האָט זיך אידען אויסגעוויזן, אַז די באַגעגנטע שליטנס מיט האָלץ, דער יעגער, די פאַרבלאָנדזשעטע איינ־זאַמע טעליצע ביים סטאַוו — דאָס אַלץ איז געמאַכט פון שאָקאָלאַד און עס לעבט און באַוועגט זיך אויף חידושים.

איצט האָבן אויך די צוויי קאַווע־פּערדלעך באַקומען אין אירע אויגן אַ גייעם חן. דעם פּעטערס שטים האָט זי אויפגעוועקט פון איר פאַנטאַס־טישן צוקער־חלום.

— ישראל! ווייסט וואָס זיי טענהן דאָרט אין שטעטל?

— נו?

— אַז מיר האָבן פאַרזייט ווייניק ווינטער־ווייץ.

— כאַ!

— די וועלט ווילן זיי איינשלינגען — און גאָר. יידן ווייסן דען פון אַ מאָס?

די טעליצע האָט פאַרבלאָנדזשעט אויפן בריקל, זיך דערשראָקן פאַרן שליטן און אַנטלאָפן האַלדז־און־נאַקן־ברעכנדיק מיט אַן אויפגעהויבענעם עק. בערל האָט צו עמעצן געשריען, מען זאָל זי כאַפּן. די טעליצע איז שוין געווען אויף דער הרעבליע און זיך געגלימטשט ביי יעדן טריט. און די בהמה און די פוכיק־פאַרשנייטע הרעבליע האָבן זיך אין אידעס אויגן צוזאַמענגעגאָסן אין אַ שטיק ראָזן שוים. פון ערגעץ האָט אויף זיי אַ פאַרבאָרגענער שטראַל אַ גלאַנץ געטאָן. אָבער דער שליטן האָט פאַרקי־רעוועט אין טויער און דער ראָזער שוים איז פאַרשוווּנדן פון אויג.

אַ בחור מיט אַ שטאָטישער טשופּרינע איז געלאָפן פון הויף, ווייזט אויס, כאַפּן די טעליצע. מיט צייכנס האָט ער אָנגעוויזן דעם פּעטער בערל, אַז די בהמה האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון שטאַל. בערל איז אַראָפּ־געשפּרונגען פון שליטן, גישט וואַרטנדיק ביז ער וועט זיך אָפּשטעלן. ער איז פאַרלאָפן דעם וועג עפּעס אַ יונגנמאַן אין אַ סוועטער און מיט אַ פּייקע אין ווינקל מויל און מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס.

— האַללאָ, דאָקטער!

— האַללאָ, פּאָדלאַסקי!

— וואָס מאַכט דזשעק?

— ביטעווי.

דער יונגערמאַן האָט באַפרייט אַ האַנט פון קעשענע, אַרויסגענומען די פּייקע פון מויל און אויסגעשפּיגן צווישן די ציין אַן דער זייט אויף אַ מהלך, ווי אויסגעשאָסן.

— וואָס וועט שוין דאָ העלפן די אָפּעראַציע, אַז זיי האָבן אים אַלע געדערים צעקנאָדערט.

— ווער איז דזשעק? — האָט אידע צעשראָקן געפרעגט ביי דאָ־רעטשקען.

און יענער האָט איר מיטן פולן ערנסט דערקלערט, אַז דזשעק — דאָס איז בערלס יאַגד־הונט, וואָס די וועלף האָבן אים צורעכט געמאַכט בעת אַן אָבלאַווע.

האָט אידע — די קלוגע אידע אין דעם מאָמענט נישט געוווּסט, צי זאָל זי זיך באַליידיקן אויפן פעטער בערל, וועלכער האָט פאַר דער טיר אַן איר פאַרגעסן צוליב עפּעס אַ פאַרוווּנדעטן הונט, צי זי זאָל דאָס אָננעמען פאַר ליב.

זי האָט בכלל נישט געוווּסט, ווי אַזוי זי וועט זיך אַריינפּאַסן אין דעם היגן וועלטל מיט זיין אייגנאַרטיקן, ווילד־פרעמדן ריטם.

## 13

# מ ע ן ע ס ט

אידע האָט קוים באַוויזן זיך אַרומצוואַשן און איבערצוטאָן. זי האָט זיך נאָך נישט אָנגעזעטיקט מיט דער וואַרעמקייט פון צימער, ווען אויפן הויף האָט זיך דערהערט אַ מעלאָדישע שברים־תרועה פון אַ וואַלד־האָרן. אידע איז צו צום פענצטער און דערזען יונגעלייט לויפן פון אַלע עקן הויף אין איין ריכטונג, צום הויז, ווי אויף אַ שרפה. עלטערע, גע־זעצטע יידן זענען אין דער זעלביקער ריכטונג געגאַנגען נישט געאיילט, מיט מיושבדיקע דאָרפישע טריט און מיט כוונה.

דאָרעטשקע, וואָס האָט געהאַלטן אין בלעטערן אידעס אויסגעפּאַק־טע פרישע ביכער, האָט איבערגעריסן איר אַרבעט.

— מיר מוזן זיך צעאיילן, אידע, אַז נישט, וועלן מיר בלייבן נישט געגעסן.

האָט אידע זיך צעשמייכלט אויפן פעטער בערלס קאַזאַרמע־רע־זשים, אויף זיין איינפאַל צו רופן צו מיטיק מיט אַ וואַלד־האָרן.

מיט דאָרעטשקען האָט זי נאָך כמעט נישט גערעדט. זי איז געווען אויף דער וואַך, זיך צוגעקוקט צו איר און געוויגן און געמאָסטן, וואָס זי האָט מיט איר צו ריידן. פון דעם פעטערס באַנעמונג צו דאָרעטשקען

האָט אידע געדרונגען, אַז זי דאַרף זיין באַזונדערס פאָרזיכטיק מיט דער קליינער לערערין.

דאָרעטשקע אַליין איז אויך געווען צוריקגעהאַלטן. זי האָט זיך גאָר באַנוגנט מיט אַ פּאָר פראַגן וועגן דער מאַמען און זיך אָנגענומען מיט געדולד, ביז אידע וועט אויספּאַקן דער מאַמעס בריוו.

אידע האָט זיך אַפילו געוווּנדערט אויף דאָרעטשקעס צוריקגעהאַלטנקייט. זי האָט זיך גאָר פאַרגעשטעלט, אַז די קליינע לערערין איז אַ גרויסע פלאַפּלערין.

דאָרעטשקע האָט, ווייזט אויס, זיך אויסגעלערנט שווייגן אונטער פעטער בערלס השפּעה. אידען האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז די קליינע לערערין האָט איבערגענומען אייניקע תנועות און גענג פון דעם פעטער בערל און זי באַמיט זיך אים נאָכצומאַכן. אַפילו די מענער־בלוזע מיטן פאַסיק, וואָס זי האָט געטראָגן מיט אַ גראַציעזער נאַכלעסיקייט און וואָס האָט זי געמאַכט מער מענעריש — אַפילו די בלוזע איז ענלעך געווען צו דעם פעטערס באַרימטע טאָלסטאָווקע. אויך געקעמט האָט זיך דאָרע מענעריש, די האָר אַרויף און מיט איר הויכן בולטן שטערן האָט זי אויך געכאַפּט די ענלעכקייט צום פעטער בערל.

— מוזן מיר, הייסט עס, גיין עסן? — האָט אידע קאָמיש אָפּגעזיפצט און געקוקט מיט פאַרבענקטע אויגן אויף דער אויסגעבעטער בעט.

דאָס בלוט האָט איר ערשט אויפגעשפּילט אין די אָנגעפרוירענע באַקן און אין די אויערן האָבן אָפּגעהילכט די גלעקלעך פון שליטוועגס.

ווי גוט ס׳וואָלט געווען אונטער זייער עכאָ איינצושלאָפן!

דאָרעטשקע האָט אידען געטרייסט, אַז דעם מיטיק וועט מען גיך איבערקומען, ווייל אין פּאַדלאַסיע פאַרזיצט מען זיך נישט ביים טיש. פאַראַן קיין עין־הרע עסערס, וואָס פטרן נישט קיין צייט.

מעשה היימישער מענטש, האָט דאָרעטשקע זי אַראָפּגעפירט אין דער קאַנטינע. די לאַנגע צוויי צימערן מיטן נידעריקן געוועלבטן סופיט, מיט די געדיכט־באַזעצטע בענק אַרום די געדעקטע טישן, מיטן טומל פון גערייִדעריי און געקלאַפּעריי פון געפעס האָבן אין דעם אויגנבליק געמאַכט אויף אידען אַ שווערן קאַזאַרמע־איינדרוק.

די קאַנטינע איז געווען אין אונטערשטן שטאָק, כמעט אין קעלער. די פענצטער, פון אינעווייניק גאַנץ הויך געבויט, זענען פון דרויסן אויס־

געקומען נידעריק ביי דר׳ערד און דאָ האָט שוין געהערשט אַ גרויער בין־השמשות.

און אָט דער טומלדיקער מאָלצייט אין בין־השמשות, אונטערן גע־וועלביקן, נידעריקן סופיט האָט שוין אין דער צווייטער רגע געשאַפן גאָר אַן אַנדער בילד פאַרן גאַסט.

— ס׳איז נישט קיין קאַזאַרמע, ס׳איז אַ נעסט פון אַ רויבער־באַנדע!

און דער קבלת־פּנים, וואָס מען האָט איר באַלד געמאַכט אין ערשטן צימער, איז אויך געווען אין סטיל פון אַ הפקרדיקער רויבער־באַנדע.

ביי איר אַריינקומען האָט זיך איינגעשטילט דער מוראדיקער טומל, פון אַלע בין־השמשות־ווינקלען האָט זי דערשפּירט אויף זיך אָנגע־שטעלטע אויגן און אויפן שטעל האָט זיך אָרגאַניזירט אַ העפטיקע כאָר־דעקלאַמאַציע.

— ווײַן! ווײַן! מיר ווילן טרינקען ווײַן! פּאָדלאַסקי האָט אַ גאַסט! מיר ווילן טרינקען ווײַן!

און אָט האָט דער פעטער אין זיין גראָער טאָלסטאָווקע זיך באַוויזן אין דער ברייטער גאַראַזש־טיר פון צווייטן צימער.

— חברה! זאָל זיין שטיל! כ׳קאָן אייך פאָרשטעלן מיין גאַסט, מיין פּלימעניצע אידע. זי איז אייערע אַ דעקלאַרירטע ציוניסטקע.

— הידד! מיר ווילן טרינקען ווײַן!

— אַ פייג וועל איך אייך געבן. דאָס איז אויך אַן ארץ־ישראלדי־קע פּרי.

בערל איז געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט אין אַן אַרויספאָדערנ־דיקער פּאָזע, בעת חברה ביי די טישן אין ערשטן צימער האָט אָנגעהויבן אַ שטורעם פון פּראָטעסט.

— אַזאַ נבלה! וואָס טראַכט ער זיך עפּעס! מען שטרייקט! ווײַן זאָל זיין!

— פאַרהאַלטן דעם גאַסט! נישט דורכלאָזן דעם גאַסט! חברה! בלייבט מיט אונדז!

אָבער אונטערן שוץ פון פעטערס מעכטיקע פּלייצעס האָבן אידע מיט דאָרעטשקען זיך דאָך אַריינבאַקומען אין צווייטן צימער.

ער האָט אויסגעזען פונקט ווי דער ערשטער. נישט מער, דער עולם, וואָס איז געזעסן אַרום טיש, האָט זיך געהאַלטן פיל אַרטיקער און רו־איקער. דאָ זענען געווען די עלטערע אַרבעטער און די אַדמיניסטראַציע פון פאָדלאַסיע.

פאַר אידען מיט דאָרעטשקעס זענען געשטאַנען גרייט צוויי שטולן נעבן פעטער בערל, בעת די מענער זענען געזעסן אויף פּראָסטע דאָרפי־שע בענק.

אָבער איידער נאָך פעטער בערל האָט באַוויזן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ, איז פון אונטערן טיש ערגעץ מיט אַ קוויטש אַרויסגעשפּרונגען אַ פלינק נפשל מיט אַ טשופּרינע איבער די אויגן.

— עס איז דאָ! — האָט דאָס נפשל געקוויטשעט, זיך אַרויסדרייענ־דיק פון אונטער די הענט — עס איז דאָ!

— כאַפּט אים! כאַפּט אים!

— בורגונדער! טאָקאַיער! עס איז דאָ!

— הידד! — האָט מען געראָוועט פון ערשטן צימער.

האָט דער פעטער בערל דערקלערט, אַז ער קאַפּיטולירט און אַרויס־באַקומען פון ערגעץ נאָך צוויי פלעשער. דאָס זענען אַלץ געווען מזל־ברכהדיקע רעשטלעך פון פאָדלאַסקיס פאַרמלחמהדיקן וויינקעלער, רעשטלעך, וועלכע האָבן זיך נישט געוואָלט אויסשעפּן.

פאָדלאַסיע האָט אַפילו לעצטנס קיין ווייַן נישט געטרונקען. דאָס האָט בערל געמאַכט אַ שטיקל יום־טוב לכבוד דעם גאַסט זיינעם — אידען.

אָבער חוץ דעם ווייַן, צוגעפּראַוועט מיט אויסברוכן פון געזונטן גע־לעכטער, איז דער מיטיק אין דער קאַנטינע געווען גאָרנישט קיין פּריי־צישער.

מען האָט דערלאַנגט צו די טישן דאָרפישע מאכלים, האַרבע און זעטיקע: גאַנצע פישלעך, געפּרעגלטע אין מעל, גאַנצע שטויסן האַלב־דורכזיכטיקע קאַרטאָפלנע לאַטקעס, אַ פינצטערע קאַשע, וואָס איז גע־ווען אי פעט, אי טרוקן, און הייס, ווי דער גיהנום. איבערן לאַנגן טיש האָבן אַרומשפּאַצירט גרויסע קאַראַפן עפּל־קוואַס. דער טומל ביי די טישן האָט זיך שוין לאַנג איינגעשטילט. מען האָט געטאָן מיט אַ סדר אַ וויכ־טיקע זאַך: מען האָט געטאָן עסן.

איז פון דער שטילער אכילה אויסגעוואַקסן אַ מין מיסטעריע פון יענער רויער־גרויער צייט, ווען פראַווען טיש איז געווען אַן עבודה, וואָס האָט געדאַרפט צו האָבן זיין כוהן־גדול.

איז טאָקע דער בערדיקער פעטער בערל געזעסן אויבנאָן ווי אַ פירשט צווישן זיינע לייב־קנעכט. עס האָט נאָר געפעלט, ער זאָל צע־טיילן מוציאס מיט דער אייגענער ברויט־געבערישער האַנט.

און צי איז טאָקע די וועלט נישט אַוועק אויף צוריק, צו יענע רויע־גרויע צייטן פון פינצטערן מיטלאַלטער?

אין דרויסן — שווערער ווינטער. עס בושעווען הונגעריקע וועלף און עס טשאַטעווען הונגעריקע דייטשן, ביי וועלכע דער גאַנצער טעווטאָ־נישער אונטערשלאַק איז אַרויסגעקראָכן אין דרויסן. דאָ, אונטער בערלס אייזערנער האַנט, האָבן זיך מענטשן פאַרייניקט אין אַ לאַנד־קאָאָפּע־ראַטיוו מיט דעם איינציקן וויכטיקן ציל: צו דערהאַלטן און באַשיצן דאָס אייגענע לעבן. בלויז אין אַזעלכע אומרואיקע, פאַרווילדעטע צייטן קאָן מען דאָך פילן די אמתע טייערקייט פון לעבן, די ברכה פון וואַרעמקייט אין שטוב און פון זאַטקייט אין מאָגן.

פאַר אידען איז פּלוצלונג פאַרשטענדלעך געוואָרן דער פעטער בערל מיט זיין רעזשים און מיטן גאַנצן בין־השמשותדיקן מיטלאַלטערלעכן מאָלצייט, וואָס האָט געשמעקט אי מיט פעאָדאַליזם, אי מיט קאָמונע.

פאַר איר האָט זיך אַנטפּלעקט דער זין פון די איינפאַכע אוראַלט־וואָכעדיקע רייד, וועלכע האָבן זיך צוגעקניפּט ביים טיש, בעת דער ער־שטער הונגער איז געשטילט געוואָרן. מען האָט גערעדט וועגן אויסגראָבן קאַרטאָפל פון דער באַהעלטעניש, אַז דער דייטש זאָל נישט באַמערקן. מען האָט גערעדט וועגן דער ריזיקע פון דעם גרויסן סכום ווינטער־ווייץ, וואָס מען האָט פאַרזייט אויף בערלס אחריות, און וועגן דער חוצפּה פון די הונגעריקע וועלף האָט מען גערעדט, וואָס זיי לויפן שוין גאָר סטאַ־דעסווייז. ס'געהערט? סטאַדעסווייז! — האָט מען זיך געבייזערט אויף די וועלף, ווי זיי וואָלטן געבראָכן דעם אָפּמאַך צו לויפן בלויז איינציק־ווייז. — אויך דאַרעטשקע האָט געהאַט וואָס צו זאָגן. וואָס הערט זיך מיט האָלץ פאַר דער שול אין ניי־שטעטל? ווען וועט שוין ישראל ברענ־גען דאָס צוגעזאָגטע האָלץ?

— כאָ! ער וועט זיכער ברענגען! וואָס פאַר אַ פראַגע, וואָס?

ישראל האָט ווייניק גערעדט און פלייסיק געגעסן און מיט כוונה געקייט. נאָך זיין גרויס אומגליק איז דער מענטש — ווייזט אויס — אַריין אין זיין אייגענעם גוף און דאָרט געפונען אַ באַהעלטעניש.

אָבער אין דעם אַלעם האָט געשטעקט אַ העכערער זין, דער זין פון דערהאַלטן זיך ביים לעבן אין אַ מבול־צייט אָדער אין דער צייט פון אַ ווילדער מגפה.

און גאָר אומגעריכט — פלוצלונג האָט אויפגעבליט אַ ליכטיקייט אין אַלע ווינקעלעך פון קאַנטינע און די מיטלאַלטערלעכע מיסטעריע איז פאַרשוווּנדן.

— אַלע, חוץ אידען, האָבן באַגריסט די ליכטיקייט מיט אַ פריילעך אויסגעצויגענעם:

— אַ—אַ—אַ!

פעטער בערל האָט פאַר אידען אויפגעקלערט די שמחה:

היינט צינדט זיך אָן די עלעקטריע נאָך אַ לענגערער הפסקה. ישראלן איז ערשט היינט געלונגען צו באַקומען אין ליאַסאָווע די נייטיקע ער־זאַץ־מכשירים.

און אין ערשטן צימער האָט שוין חברה געפּאַטשט בראַוואָ און גע־ליאַרעמט הידד! דאָס האָבן די חלוצים, וואָס האָבן געאַרבעט אין פּאָד־לאַסער הויף, געמאַכט אַן אָוואַציע זייער חבר דעם מעכאַניקער, וואָס אים איז געלונגען צו מאַכן זיי ליכטיק אין די אויגן.

איצט איז ער געשטאַנען אַ פאַרשעמטער פון דער אָוואַציע און גע־פינטלט מיט די אויגן און זיך געווישט די הענט מיט פּאַקליע. דאָס איז ער אַריינגעקומען אין זיין פאַרשמאַלצוואַטן בלויען ספּענצער בלויז אַ קוק טאָן, צי עס ברענט זיך ווי געהעריק די עלעקטריע. צוליב דעם מאָנ־טאַזש האָט ער נאָך קיין מיטיק נישט געגעסן, ער האָט זיך געאָפּערט פאַרן כלל.

האָט טאַקע דער כלל איצט געלאַכט פון אים דאָס גרויסע געלעכ־טער און זיך גערייצט מיט אים, אַז מיט זיין מיטיק האָבן זיי זיך שוין לאַנג אַן עצה געגעבן.

און טאָמער איז דאָס ווייניק געווען, האָט מען אים נאָך אַריינגע־שריען גוזמאות אין די אויערן, וועגן דרייסיק פלעשער ווין, וואָס מען האָט היינט ביי פּאָדלאַסקין אַרויסבאַקומען און אָט זענען שוין אַלע שיכור.

און אפשר וויל ער — דער מעכאַניקער — וועט מען אים נעמען פאַר אַ הענטל, אָט ווי ער שטייט און גייט, און מען וועט אים פאָרשטעלן פאַר בערלס פלימעניצע, די וואַרשעווער דאַמע.

— און יענע איז טאַקע אויך אַ ציוניסטקע און זי וועט זיך באַלד פאַרליבן אין דיר. און חברה איז שוין אויפגעשפּרונגען פון די טישן און איינגעשלאָסן דעם הונגעריקן מעכאַניקער אין אַ רעדל און געכאַפּט אַ ריקודל, די הענט אויף די אַקסל.

— העי, חברה!...

ותתן לנו בנים
בנים ובני בנים
עוסקים בתורה ובעבודה — אַה!...

האָט אידעס האַרץ אויפגעציטערט, ווי פון דעם ריח פון פאַרגעסע־נעם בעז. דאָס האָט פאַרשמעקט מיט דעם פרילינג פון איר אייגענער ערשטער יוגנט. אָט די אַלע יונג־בחורישע פּנימער, וואָס האָבן איצט אין פּראָפיל פאַרבייגעהעצקעט פאַר אירע אויגן — זיי אַלע זענען געווען ווי אַלטע גוטע באַקאַנטע. זי וואָלט זיי געקאָנט — דאַכט זיך — ביי די נעמען אָנרופן.

אָט דעם יונגנמאַן מיט די איידעלע וואָנצעלעך מיטן חשובן פּנים, וואָס ער האָט ביי דער משפּחה געירשנט — אַוודאי אַ זון פון אַ וואַלד־סוחר־בן־וואַלד־סוחר.

זי קאָן אויך אָט דעם אינטעליגענטן בחורל מיט דער לאַנגער שמאָ־לער קין מיט די בלאָנדע זיידענע האָר, וואָס פאַלן אים אויפן הויכן שטערן. דער שטאַמט געוויס פון רבנים. און אויך יענעם ליב־מיאוסן פלעבעאישן חבר מיט די באַקנביינער, מיט די גרויסע ציין און זומער־שפּרינקלעך אום ווינטער. זי קאָן אויך דאָס מיידל אין דעם קורצן שומרישן כאַקי־קליידל — דאָס מיידל מיט דער שוואַרצער ברעם, מיט דעם מאַט־ווייסן אָוואַל פון פּנים — די איינציקע חלוצה צווישן די בחורים אין רעדל — די טרעגערין פון אידעס נשמה אין איר ערשטער בליענדיקער יוגנט, ווען עס האָט געשמעקט מיט בעז פון דער היגער היים און מיט עקזאָטישער פאַרפום פון דער נאַציאָנאַלער היים — פון פאַנ־טאַסטיש־נאָענטן רעאַל־ראָמאַנטישן ארץ־ישראל.

ווי ווייט איז יענער צימער, וווּ די חלוצים טאַנצן, פון דעם, וווּ זי זיצט מיטן פעטער בערל! ווי העכער איז דער זין פון יענער פרייד פאַר דעם זין און תכלית פון דער היגער האַרעוואַניע, צו דערהאַלטן דאָס לעבן אין די פינצטערע צייטן פון באַנייטן מיטלאַלטער!

אידען דאַכט זיך, אַז זי האָט אַ לאַנג־פאַרלוירענעם אוצר געפונען. און דער פעטער בערל אין דער טאָלסטאָווקע רויכערט געלאַסן זיין נאָכ־מיטיק־ציגאַר און רעזאָנירט האַלב־שפּאַסיק.

— אַז מען האָדעוועט שונאים אין שטוב! דאָ, אין גלות, חבר פאָד־לאַסקי, וועט איר קיין גוטס נישט דערלעבן! אייער קאָמונע וועט זיך צע־פליען ביים ערשטן פּאָגראָם! אַ, לאָבוסעס! צאַן־קדשים! שטילער דאָרט!

אָבער די האָראַ איז ערשט אַריין אין רעכטן ברען. זיי האָבן אַפילו נישט באַמערקט, ווי דער מעכאַניקער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון רעדל. ער איז זיי מער נישט אָנגעגאַנגען, זיי האָבן געדאַרפט עפּעס מער, ווי זעטיקן די יונגע מאָגנס. זיי האָבן געדאַרפט אויסלאָדן זייער לעבנס־ענערגיע אין שטורמישע באַוועגונגען. און זיי האָבן געדאַרפט האָבן פאַר די אויגן אַ הויכן, אַ ליכטיקן ציל. האָט די האָראַ זיי געטראָגן צום ליכ־טיקן ציל — צו דער מאַמע־ציון.

הענט אויף אַקסל, מיט פאַרביסנקייט אויף די פּנימער, מיט אַ נעפּל אין די אויגן, האָבן זיי געוואָרפן קעפּ, האָבן זיי געוואָרפן פיס און גע־דרייט זיך אין איין צוזאַמענגעשלאָסענער, צוזאַמענגעוואַקסענער ריט־מישער מאַסע — אין אַ לעבעדיקן רינג.

ותתן לנו בנים
בנים ובני בנים...

איין גאָט דער לעבעדיקער, דער גאָט פון ציון, ווייסט וואָס פאַר אַ טיפע כוונות זיי האָבן אַריינגעלייגט אין די דאָזיקע ווערטער. די „תורה" און די „עבודה" — דאָס וויסן און די אַרבעט זענען געווען פאַר זיי דער לויכטנדיקער דאָפּל־שטערן, אָבער ענין „בנים", דער פאַרלאַנג צו קינד־לען, דער עראָטישער שטורעם פון יונגן, געהאַמעוועטן בלוט האָט דאָ אויך נישט געפעלט. עס האָט מיטגעריסן.

ותתן לנו בנים
בנים ובני בנים...
עוסקים בתורה...

דער זמר איז באַרייכערט געוואָרן מיט אַ לויטערן קלינגענדיקן אַלט, וועלכער איז געווען שטאַרק און יאָדערדיק, ווי אידעס מוסקולע־רער גוף.

זי האָט מיטגעזונגען, זי האָט מיטגעטאַנצט, און נישט אַליין.

צו אַלעמענס שטוינונג האָט זי מיטגעשלעפּט דעם באַוואַקסענעם ישראלן פאַרן אַרבל.

— זינגט ישראל! טאַנצט!

ותתן לנו בנים...

און אין צימער פון די עלטערע אַרבעטער איז געוואָרן אַ פּלוצלונגע בראַוואָ־פּאַטשעריי.

— הורא! ישראל גייט טאַנצן!

14

## דער פעטער בערל איז נישט פון אייזן

— בערל, זאָג דעם אמת, דיר האָט דיין אַרבעט זיך שוין צוגעגעסן, דעריבער ווילסטו אַנטלויפן עק וועלט, נישט אַזוי?

בערל איז געזעסן אין ווינקל, ביים פענצטער פון קאַנטאָר, פאַר־לייגט איינע אויף דער אַנדערער די פיס אין די הויכע שטיול און דורך דעם רויכל פון ציגאַר האָט ער באַטראַכט אי פלטיאלן אי זיין שדישן שאָטן אויף דער וואַנט, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט פון אָפענעם פלאַ־מענדיקן אייוועלע. פלטיאל איז געווען ווי באַשאַפן צו זיצן פאַר אַן אָפן אייוועלע. דער רויטער פלאַם — דאָס איז געווען זיין אמתע שדישע סטיכיע.

בערל האָט נערוועז, נישט לויט זיין טבע גאָר, אַ צוק געטאָן מיטן אַקסל.

— אפשר... אפשר, פלטיאל, ביסטו גערעכט. איך אַנטלויף נאָך אָבער נישט, נישט היינט און נישט מאָרגן. און אויב איך האָב דיך איינ־געשפּאַנט אין דער אַרבעט — איז דאָס נאָר אויף יעדן פאַל, וואָס קאָן זיך מאַכן.

פלטיאל הייבט אויף זיינע שפּיציקע ברעמען און שמייכלט פאַרן שיין פונעם אייוועלע. בערל האָט אים איינגעשפּאַנט אין די קאַנטאָר־בי־

כער, אַרויסגעשלעפּט פון דער סמאָליאַרנע און געמאַכט פאַר דעם עקאָ־נאָם אין ליאַסאָווע. נישט צוליב זיין שוואַכן כאַראַקטער איז פּלטיאל אַזוי נאָכגיביק צו גיין אין שפּאַן. ער לאַכט דאָך אים אויס, בערלען, מיט זיינע אידעאַליסטישע אויפטועכצן. און אויב ער לאָזט זיך שפּאַנען — איז עס בלויז צוליב נייגעריקייט, צוליב שדישער נייגעריקייט. אַנו, לאָמיר זען, וואָס דערפון וועט אַרויס.

פאַר פּלטיאלן איז די גאַנצע ליאַסאָווער קאָאָפּעראַטיווע באַלעבאַ־טישקייט — אַ וויץ. אָבער דאָס ליגט שוין אין זיין טבע: אַזוי לאַנג, ווי ער האַלט די ביכער אין זיינע הענט — וועט זיין אָרדענונג. אַפילו פּע־דערס שאַנעוועט ער און פּוצט זיי אָפּ נאָכן באַנוצן. אַ פּעדער — זאָגט ער — קאָן אָפּדינען אַ לעבן לאַנג, מען דאַרף נאָר וויסן, ווי זיך צו באַגיין דערמיט.

נו, און פאַר זיין בוכפירונג האָט דאָך בערל געוויס נישט וואָס מורא צו האָבן. פּלטיאל דער וואַלד־שד איז צו אַלעם פעאיק, אַפילו צו ציילן מאָן.

נעמט ער אַ פידל אין האַנט אַריין — שפּילט זי. נעמט ער בלע־טערן אַן אַלטע עקאָנאָמישע צייטשריפט — וואַקסט אויס אַ פּראָיעקט צום פינאַנץ־מיניסטער וועגן אַן אינערלעכער הלוואה. אין דער סמאָ־ליאַרנע זענען ביי אים געוואַקסן העברעאישע שירים און שפּעטער האָט ער מיט זיי דעם אויוון געהייצט.

אָט דאָס איז זיין גליק און זיין אומגליק פּלטיאלס, וואָס ער קאָן זיך אָנצינדן ביי יעדער זאַך, אָבער קיין זאַך פאַרכאַפּט אים נישט ביזן גרונט און, אַזוי לייכט, ווי ער קאָן זיך אָנצינדן, אַזוי לייכט קילט ער זיך אָפּ.

בערל קאָן אים מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות דעם אַלטן שד — דעם פּאָדלאָסקי־ביין. ער זעט אין אים זיין אייגענעם קרומען שפּיגל און ער האָט אים ליב אַזוי ווי ער איז.

אָבער שאַנעווען, שאַנעווען זיי זיך ביידע נישט. בערל, ווען ער איז נאָר אויפגעלייגט צו ריידן, זאָגט ער אַריין אין דעם פּאַמיליאַנט זיינעם, וואָס נאָר אין דער קאָרט שטייט.

פּלטיאל, ווידער, מאַכט אָפּן חוזק פון בערלס אידעאָלאָגיע.

איצט האָט ער דערפילט בערלס שוואַכע מינוט און ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו אים מיטן גאַנצן ברען פון זיינע שדישע אויגן.

— זעסטו שוין, בערל, זעסטו שוין? דו מוזט אַליין מודה זיין, אַז איך בין גערעכט. מה־דאָך אַ מענטש קאָן זיך אַליין דערעסן — בפרט נאָך אַנדערע מענטשן... אַ מיאוסער פאַך, קרוב מיינער, וועלן מענטשן גליק־לעך מאַכן. האָסט זיך אויסגעקליבן אַ מיאוסן פאַך. איך קאָן דאָך דיך פון אַלעמאָל. וואָלסט געקאָנט זיין אַ נישקשהדיקער בעל־תפילה, אַ גור־טער מעכאַניקער און וואָס נישט? האָסטו דיר גאָר אויסגעקליבן אַ פאַך — מענטשן!

און אַז בערל האָט געוואָלט צום וואָרט קומען, האָט ער אים אי־בערגעשלאָגן:

— און — שאַ, וואָס הערט זיך עפּעס מיטן ווייץ? האָסט שוין פאַר־זאָרגט דאָס ניישטעטל מיט ווייץ? וואָרט, וואַרט! וועסט נאָך לעקן האָניק פון זיי! דער דייטש וועט, אם־ירצה־השם, דעם ווייץ דיינעם רעגולירן — לאָמיר נאָר האָבן אַ גוט גערעטעניש — און די יידן דיינע וועלן פון דיר פּאַסן שניידן — הערסט?

— בייס דיר אָפּ די צונג, שד איינער! וועסט שוין זען, אַז מיין אויס־רעכענונג איז געווען אַ ריכטיקע. דער דייטש וועט ביזן נייעם שניט אָנהאַלטן.

אָבער אין גרונט גענומען, איז בערלען געווען אָנגענעם, וואָס דער פאַמיליאַנט זיינער זאָגט אַרויס אַזעלכע אַפּיקורסישע געדאַנקען וועגן מענטשן און זייער אומדאַנקבאַרקייט.

בערל אַליין האָט געהאַט כּוח געהאַט אין זיך די זעלביקע געדאַנקען צו דערשטיקן.

יאָרנלאַנג האָט ער מיט פריצישער עקשנות און מיטן טאַטנס פאַר־מעגן געהאַלטן אין פאַרווירקלעכן אַ שטיק סאָציאַלע אוטאָפּיע, און ווער זענען געווען זיינע מיטהעלפער? קיינער נישט פון דער זייט און קיינער נישט פון די, וואָס ער האָט אין שפּאַן געטריבן, נאָר זיין אייגענער פעס־טער ווילן און די טיפע איבערצייגונג, אַז ער טוט אַ גוטע, אַ מענטשלעכע זאַך. דער מענטשן־מאַטעריאַל, איבער וועלכן אים איז אויסגעקומען צו אַרבעטן, איז געווען האַרט, נישט נאָכגיביק. אים איז אויסגעקומען צו האַקן ווי פון שטיין.

איז טאַקע אויסגעקומען אַזוי, אַז ער, בערל פּאָדלאַסקי, דער רייכער עקספּערימענטאַטאָר, האָט ליב מענטשן אין דער טעאָריע. אין דער פּראַק־טיק אָבער איז ער קריגעריש צו זיי, ווי דער סקולפּטאָר מיטן האַמער איז קריגעריש צו דעם שטיק מאַרמאָר.

— גראַף ליובאָמירסקי קולטיווירט קירבעסן, פּירשט בעקלעמישעוו — זייד־וועריִם, און דער קרוב מיינער, בעריש פּאָדלאַסקי, האָט זיך גע־נומען צו קולטיווירן מענטשן.

דאָס איז געווען פּלטיאלס אַלט שטעכווערטל, צו וועלכן ער פלעגט נאָך צוגעבן:

— און ער ווייס נישט — דער קרומער קאָפּ, אַז זיין פאַנטאַזיע איז די אומדאַנקבאַרסטע און די שעדלעכסטע.

אויף דעם האָט בערל געהאַט פאַר זיין קרוב איין גרייטן ענטפער:

— פאַר מיין פאַנטאַזיע זאָל דיר דער קאָפּ נישט דאַרן. טו, וואָס מען הייסט!

און ער פלעגט שמייכלען דערביי מיט אַ וועלפישן שמייכל.

דעם זעלביקן שמייכל האָט בערל געהאַט, ווען ער פלעגט הערן די מיינונג וועגן אים, אַז ער האָט קיין האַרץ נישט, אַז ער זעט קיין מענטשן נישט, נאָר הענט און פּלייצעס, אויף דורכצופירן זיין רצון.

ער האָט אַליין מיטגעווירקט, אַז די מיינונג וועגן אים זאָל זיך פאַר־ברייטערן. ער פלעגט זיך אויסבאַהאַלטן מיט האַרציקייט, ווי מיט אַ גנבה, ווייל ער האָט שוין לאַנג זיך אַרומגעזען, אַז מענטשן זענען די גרעסטע עקספּלאָאַטאַטאָרן פון יענעמס האַרציקייט.

ער איז אַנגעגאַנגען אין זיינע עקספּערימענטן מיט אַ פעסטער האַנט און ווען נישט די מלחמה, וואָלט ער שוין געהאַלטן אויף אַ דרך.

די מלחמה האָט צעשטערט פיל פון זיינע דערגרייכונגען, אַ תל גע־מאַכט פון זיינע נייע פּלענער.

אָבער בערל האָט קיין צייט נישט געהאַט זיך אָפּצוגעבן מיט שווערע שטימונגען. די לאַגע פון די לעבעדיקע מענטשן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין זיין רשות, איז געווען אַ ביטערע. די נויט האָט געטריבן צו וויי־טערדיקער אַרבעט.

און דאָ ערשט האָט בערל זיך אַרומגעזען, וואָס פאַר אַ טייערן מיט־העלפער ער האָט אין דער מלחמה. די נויט האָט געשאַפן וווּנדער. דער

מענטשן־מאַטעריאַל איז געוואָרן ווייך און נאָכגעביק און זיך געלאָזט קנעטן אַזוי, ווי ער האָט געוואָלט און פאַרשטאַנען.

און אָט זענען די רעזולטאַטן:

אַ ישוב פון יידישע האַרעפּאַשניקעס, וועלכע לעבן פון זייער אייגע־נער שווייס און מי, און האָבן פון כל־טוב, בעת אין די שטעטלעך גייט מען אויס פאַר הונגער.

איז טאַקע בערלס מדינה ווי אַן אינדזל פון שפע אינמיטן דעם הונ־געריקן ים. און דווקא איצט, אין דער צייט פון זיינע ממשותדיקע דער־גרייכונגען, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ נערוועזע שטימונג און ער איז גרייט אַלץ אַוועקצוּוואַרפן און אַנטלויפן.

וואָס־זשע איז געשען? צי האָט זיך אין אים צעפּלאָקערט די פּאַד־לאַסקישע קללה פון צעשטערן מיט די אייגענע הענט דאָס אויפגעבויטע?

פלטיאל האָט דאָס אים אַמבעסטן פּותר־חלום געווען.

אָט זיצט ער ביים אָפענעם אויוון, אַרומגענומען זיין שפּיציקע קני, ווי אַנטאָקאָלסקיס מעפיסטאָפל, און צעלייגט פאַר בערלען אויף טעלער־לעך זיין איצטיקן משונהדיקן צושטאַנד:

— און פון וואַנען זאָלסטו זיין צופרידן, בעריש, אַז דו זעסט שוין אַליין, וווהין דיין תורה האָט דיך פאַרנאַרט.

דיינע פריש־געבאַקענע פויערים זענען אַריינגעקראָכן אין דעם ווייץ און אין די קאַרטאָפלעס מיט קאָפּיטעס און אַזוי גיך וועסטו שוין פון דאָרטן זיי נישט אַרויסיאָגן. חומרדיקע דערגרייכונגען. און דו ביסט דאָך נישט אַזאַ טיפש, אַז דו זאָלסט וועלן מאַכן יידן פאַר אידיאָטן, בעת עס איז פאַראַן אַ קלוגע, ליכטיקע וועלט. איז עס דען אַ לייזונג פון יידישן פאָלקס־פּראָבלעם, זייער קאָסמאָס אַריינצוטרייבן אין מאָגן?

יאָ, ס׳איז טיילווייז אמת, וואָס פלטיאל זאָגט.

בערל האָט זיך שלעכט געפילט אין דעם קולט פון זאַטקייט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט זיין לאַטיפונדיע. דאָס איז געווען דער קעגנפּאָלוס פון זיינע אידעאַליסטישע שטרעבונגען.

מען האָט דאָ געפרעסן מיט כוונה, ווייל מען האָט געפילט, ווי עס הונגערט די וועלט!

בערל וואָלט אָבער אויף קיין פאַל נישט נאָכגעגעבן פלטיאלן, ווען עס געשעט נישט אין דעם מאָמענט אַ קאַטאַסטראָפע. נעמלעך: דער אָש

פון זיין ציגאַר, וועלכן ער האָט לויט זיין אַלטער פּריציִשער געוווינהייט אָפּגעהיט, ווי אַן אבן־טוב, האָט פון אַן אומגעלונגענער באַוועגונג מיט דער האַנט זיך אַראָפּגעשאָטן. דאָ האָט בערלען זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט שוין בכלל נישט וואָס צו פאַרלירן. און ער האָט נאָכגעגעבן:

— פלטיאל, ביסט גערעכט.

— אַהאַ, זעסטו שוין! — האָט יענער אויפגעהויבן אַ שפּיציקן שדישן פינגער פאַרן אייוועלע און אויפן שאָטן אויף דער וואַנט האָט דער פינ־גער זיך אויסגעצויגן אין אַ גאַנצער שפּיז.

אָבער מערקווערדיק זענען די וועגן פון מענטשלעכן האַרץ! אַפילו פלטיאלס האַרץ איז ווייך געוואָרן פון דעם, וואָס בערל איז מיט אים מסכים און, אַנשטאָט אים ווייטער זיך איינצועסן אין די ביינער, האָט ער אים גאָר גענומען מאַכן קאָמפּלימענטן.

— און, מיינסטו, בעריש, מיר געפעלט נישט דיין איצטיקער צוג אויף צוריק? דיין דראַנג אַוועקצולויפן פון דיין אויפטו, ווו שוואַרצער פעפער וואַקסט? עס געפעלט מיר דווקא זייער. אַדרבא, עס איז גאָרנישט קיין סתירה צו דיין הנהגה. דאָס שטרייכט אונטער די גאַנצקייט פון דיין כאַראַקטער. בערל, דו ביסט אַן אומהיילבאַרער אידעאַליסט. און גאַנצע אידעאַליסטן זענען אַלעמאָל נאָר האַלבע אויפטוער. אויף צו זיין אין אָר־דענונג מיט זיך מוזן זיי זיך אָפּשטעלן אינמיטן וועג.

בערל האָט אַוועקגעלייגט די נישט דעררויכערטע ציגאַר, אויפגע־שטאַנען און אויסגעקנאַקט די ביינער. דערביי האָט ער זיך אָפּנהאַרציק אויסגעגענעצט.

— און דו, קרוב מיינער, — האָט ער געזאָגט — ביסט נאָר פּעאיק אָנצוטאַפּן אַ האַלבן אמת. נישט די זאַך מיינע גופא האָט מיר דערעסן, נאָר פון ענגשאַפט ווער איך דערשטיקט. איך בין דעם מאָסשטאָב אַרי־בערגעוואַקסן. עס האַנדלט זיך דאָ נישט מער אין זאַט מאַכן אַ פּאָר הונ־דערט מענטשן, ווען עס הערשט אומגליק און הונגער אויף דער וועלט. די גאַנצע מענטשלעכע טבע דאַרף מען איבערברעכן. פאַרשטייסט? און צו דעם זענען ווינציק פּריוואַטע עקספּערימענטן. דאָ, ברודער, פּאָדערט זיך אַן איבערקערעניש, אַ רעוואָלוציע, פאַרשטייסט?

פלטיאל האָט זיך די הענט געבראָכן אין קאָמישער פאַרצווייפלונג.

— קינדערלעך מיינע! דער מענטש איז אַ פאַרפאַלענער! מיט רע־

וואָלוציעס וויל ער איבערמאַכן די מענטשלעכע טבע! ערשטנס — האַלט נאָך ניט ביי קיין רעוואָלוציע. און צווייטנס — וואָס איז אַזוינס טבע — פויערישער קאָפּ? וואָס איז אַזוינס טבע? ווען מענטשן דען אויפ־הערן צו עסן און צו שלאָפן? משתין צו זיין און צו קינדלען? געבוירן ווערן און פאַרלוירן ווערן? און אָט פון דער נעבעכדיקער, אומהיילבאַ־רער אומפּולקומענהייט זייערער שטאַמען דאָך אַלע אומגליקן אויף דער וועלט, פון אַ שילשול ביז דער וועלט־מלחמה, פון אַ ווייב אַ שלאַק ביז — סאָציאַלע אומגלייכהייט...

פלטיאל האָט נאָך געהאַט לאַנג צו ריידן און געשמאַק צו ריידן אויף דער דאָזיקער טעמע. אַ גאַנצער אַרסענאַל פון אייגנאַרטיקן פּילפּול איז אים געשטאַנען צו הילף.

אָבער אין די רייד איז אים אַריינגעפאַרן לוקיאַן מיט אַ פּראַסט אויף די וואָנצעס און מיט שניי אויף די שטיוול. ער איז אַריינגעפאָרן, ווי אויף דער ביקס רייטנדיק, ווייל ער האָט זי מיט געראַש נאָכגעשלעפּט פון הינטן, בעת די פּאַפּאַכע איז אים גאָר פאַרקראָכן אויף דער נאָז.

— עך, מאַט' מאַיאַ, ניסים, פּאַנטעליימאָן אַבראַמאָוויטש! — האָט ער אויפגערודערט די קאָנטאָר מיט זיין דונער־קול. ער האָט אָבער איצט באַמערקט פּאָדלאַסקין אין ווינקל און ער האָט זיך שעמעוודיק פאַרקייכט.

דאָן איז ער צוגעגאַנגען, ווי אים האָט זיך געדאַכט, שטיל און אויף די שפּיץ פינגער צום קאָנטאָר־טיש און אַוועקגעלייגט די לעדערנע טאָר־בע מיט דער פרישער פּאָסט, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געבראַכט פון ליאַסאָווע.

און מער זיך איינהאַלטן האָט ער שוין ניט געקאָנט.

— פאַרשטרייקט, באַריס יאַקאָוולעוויטש, יעי באָהו פאַרשטרייקט! דער צאַר־באַטיושקאַ האָט זיך אָפּגעזאָגט פון טראָן און — ניטאָ ווער ס'זאָל קיניגן אין רוסלאַנד!

בערל האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אויף לוקיאַנען, אַ פינטל געטאָן מיטן אויג און זיך אַ שנעל געטאָן איבערן האַלדז.

לוקיאַן האָט פאַרשטאַנען די אָנדייטונג און גענומען זיך צלמען.

— וואָט־טע כריסטאָס, פאָרשטרייקט! גאַנץ ליאַסאָווע קאָכט,

פלטיאל האָט שוין באַוויזן אַריינצוקוקן אין דער דייטשישער צײַ־טונג און דער אויסדרוק זיינער איז געוואָרן ענלעך צו לוקיאַנס.

— האָסט דאָך געוואָלט אַ רעוואָלוציע, פריץ מיינער! האָסטו זי. ניקאָלאַי האָט אַבדיקירט.

— אָט־אָ! לעזט, לעזט ווייטער! דאָרט שטייט אַלץ! — האָט זיך לוקיאַן פאַר פרייד געקראַצט.

## 15

# דעם פעטערס צווייטער פּראָבלעם

בערל האָט נאָך מיט אידען אויג אויף אויג קיין צוויי ווערטער ניט גערעדט פאַר דער צייט פון איר אָנקומען.

— זאָל זי זיך אויסרוען, זאָל זי זיך דורכשלאָפן — האָט ער זיך אַליין פאַרענטפערט.

אָבער די אמתע סיבה, פאַרוואָס ער האָט זי אויסגעמיטן, איז גע־ווען די, וואָס ער האָט אַ ביסל מורא געהאַט פאַר אַ טיפערן געשפרעך מיט איר. זי איז דאָך געקומען צו אים נאָך אַן עצה. איז זי אָבער אָנגע־קומען אין אַזאַ צערודערטער צייט, ווען ער בייטיקט זיך אפשר אַליין אין אַן עצה. ווייניקער פאַר אַלץ איז ער איצט פעאיק געווען צו זאָגן אידען מיט דער פולער אַחריות: טו דאָס און דאָס. אַז ער האָט ניט גע־ווּסט מיט זיך אַליין וואָס צו טאָן.

און אויב ער איז איצט געלאָפן פון קאָנטאָר גלייך צו אידען, איז עס דערפאַר, ווייל אים האָט אָנגעשפאַרט דער פאַרלאַנג, מיט עמעצן זיך צו טיילן וועגן די גרויסע געשעענישן אין רוסלאַנד.

דאָ, הינטערן דייטשישן פראָנט, איז דאָך אויסגעקומען, אַז רוסלאַנד איז ערגעץ הינטער די הרי־חושך אָדער אפשר גאָר אויף אַן אַנדער פּלאַ־נעט. אָבער אין דעם דאָזיקן אויפגעוואַכטן רוסלאַנד איז דאָך איצט גע־לעגן זיין האַרץ און זיינע האָפענונגען.

און בערל האָט איצט געפילט די באַדערפעניש זיך אויפצורייזן מיט אַ פּאָר נענטערע מענטשן, וועלכע זאָלן אויפנעמען זיינע רייד, ניט ווי פלטיאל — דער אייביקער סקעפּטיקער. און ביי אידען וועט ער

דאָך אוודאי טרעפן נאָך מענטשן, ישראלן אפשר, דאָרעטשקען. אויב נאָך מיטיק האָט אידע זיך אויסגעשלאָפן, זיצט מען דאָרט אַוודאי און מען רעדט וועגן וואַרשע.

און בערל האָט טאַקע אידען געטראָפן אַ מונטערע, אָן אויסגעשלאָפענע, האַלב זיצנדיק אין אַנטועכץ אויפן בעט און לעבן איר אויפן ראַנד פון בעט איז, ווי אַ שווערער זאַק מיט צרות, געזעסן ישראל מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט. עס איז שווער געווען זיך פאַרצושטעלן, אַז אָט דער זאַק מיט צרות איז היינט צו מיטיק געווען אַריינגעצויגן אין חלו־צים־טאַנץ.

און ווי ישראל איז געזעסן אַראָפּגעבויגן צו דר׳ערד פון זיין אייגענער האָפענונגסלאָזיקייט, אַזוי איז ער אויך געבליבן זיצן ביי בערלס אַריינקומען.

אידע האָט אָבער פריידיק אויפגעפלאַטערט, ווי אַ פרישער ווינט וואָלט אויף איר פּנים אַ בלאָז געטאָן און צעשטויבט אַרום פּנים דאָס דינע רויכל פון אירע קאַפּריזנע האָר. צוזאַמען מיט די הענט האָט זי אויך אויסגעשטרעקט צום פעטער בערל דאָס ווינטיקע פּנימל מיט די שאַרפע קנייטשלעך ביי דער נאָז, ווי זיך אָנגעבאָטן אויף אַ קוש.

האָט דער פעטער זיך צעקושט מיט איר.

— האָסט דיך שוין אויסגערוט, אידע?

— יאָ, פעטער!

— האָט זיך שוין אָנגערעדט ווי אַ פּויק? — האָט ער אַ ווונק געטאָן אויף ישראלן.

— יאָ האָט אידע אָפּגעענטפערט מיט אַ זיפץ.

און דאָ האָט זיך בערל געכאַפּט, אַז עפּעס פעלט אים. יאָ, ס׳האָט טאַקע געפעלט. דאָרעטשקע איז דאָ ניט געווען.

געלאָפן אהער איז ער מיט דער דעה קודם אַרויסצולייגן די ציי־טונג. אָבער אין דעם איצטיקן מאָמענט האָט ער פּלוצלונג דערפילט, אַז דער פאַרלאַנג אַרויסצולייגן די גרויסע נייס וועגן רוסלאַנד איז אין אים ראַפּטעם אָפּגעשטאָרבן.

ער האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַרן דאָזיקן טויט־געפיל, וואָס איז געקומען צו אים דווקא איצט, ווען ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז דאָ־רעטשקע איז דאָ נישטאָ.

ווען בערל וואָלט ניט געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום עלעקטרישן ליכט, וואָלט אידע לייכט געקאָנט באַמערקן, ווי בלאַס ער איז פּלוצלונג געוואָרן.

און בלאַס איז ער געוואָרן פון דער שווערער אַנטדעקונג, אַז די קליינע לערערין פון ניי־שטעטל האָט אויף אַ רגע געקאָנט פון אים פאַר־שטעלן די רוסישע רעוואָלוציע.

ער האָט אַ צי געטאָן מיט די ברייטע אַקסל, ווי אַראָפּצעוואַרפן אַ לאַסט פון זיי, אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, ווי לויז צו מאַכן דעם קאָלנער פון דער טאָלסטאָווקע, און אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט צו ליכט, האָט אידע דערזען זיין שמייכל פיל ברייטער, ווי געוויינלעך, ווייל גע־וויינלעך פלעגט בערל ניט שמייכלען מיטן פולן מויל.

— האָסט פאַרשלאָפן דעם סוף פון אַ תקופה, אידע! זיך געלייגט אין דער צייט פון רעאַקציע און אויפגעשטאַנען אינמיטן דער רע־וואָלוציע.

ער האָט געלאָזן אַרויסגעצויגן פון קעשענע די צייטונג.

אידע האָט קינדיש מיט די הענט אַ פּאַטש געטאָן, דערזעענדיק דאָס גרויסע סענסאַציאָנעלע קעפּל. אויך ישראל איז אַרויס פון זיין פאַרגליווערטן צושטאַנד, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם לעבעדיקן מת.

געוועדט האָבן שוין אַלע.

אידע — וועגן אַ ניי לעבן אויף דער וועלט, וואָס האָט זיך ביי איר אַסאָציאירט מיט איר אייגן ניי לעבן...

ישראל — וועגן יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. דער אינטערעס פאַר יידישע מאַסן איז — ווייזט אויס — ביי אים ניט אָפּגעשטאָרבן, נאָר געלעבט אונטערן אייז פון זיין אומגליקס־פאַרגליווערונג.

און בערל האָט געוועדט, כדי זיך אַליין צו הערן און זיך אַליין צו איבערצייגן, אַז דער אינטערעס פאַר דער רעוואָלוציע איז אין אים ניט אָפּגעשטאָרבן.

און ריידנדיק, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאָס וויל ער אויך איבערצייגן די קליינע לערערין, וועלכע הערט אים.

— אָבער ווו איז עפּעס דאָרע? — האָט ער אינמיטן ריידן, ווי פאַרבייגייענדיק, געפרעגט. איז ביי אידען פּלוצלונג אָפּגעפאַלן די באָ־

גייסטערונג און ישראל איז צוריק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זאַק מיט צרות.

דאָרע איז אַוועק ניט לאַנג פאַר בערלס קומען.

—ביידערנאַכט? אַליין? — האָט זיך בערל געוווּנדערט — ישראל, ווי דערלאָזטו דאָס, האַ?

ביי אים איז רעכט געווען, אַז די לערערין האָט אַליין אַוועקגעמאַרשירט אין ביי־שטעטל. זי איז פּעאיק געווען אויף אַזעלכע ווילדע גענג.

אָבער דאָרעטשקע האָט זיי ניט געזאָגט, אַז זי גייט אַוועק. זי האָט זיך אַרויסגעשלייכט ניט געזעגנט. האָבן זיי געמיינט: טאָמער וויל זי זיך אויסוויינען אין דער שטיל.

— וואָס עפּעס וויינען? — איז בערל געוואָרן נאָך מער אומרואיק. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אידע מיט ישראלן דערריידן עפּעס ניט.

אָבער אידע האָט דעם פעטער אָנגענומען ביי דער האַנט און האָט זיך מודה געווען אין איר שולד: זי האָט זיך אויסגערעדט פאַר דאָרעטשקען, אַז ביסטריצקי איז געשטאָרבן.

— ביסטריצקי?

— נו, יאָ, ביסטריצקי, דאָרעטשקעס אַמאָליקער האַרץ־פריינד. ער איז אומגעקומען ערגעץ ביי די דייטשן אין געפענגעניש. גאַנץ וואַרשע האָט זיינער צייט מיט דעם געקאָכט. מען האָט אַפילו געשמועסט וועגן אַן אויספאָרשונג, ווייל מען איז חושד, אַז ביסטריצקין האָט מען דערהרגעט און באַרויבט.

אידע האָט זיך פאַרענטפערט. זי זאָל געווען זיך פאָרשטעלן, אַז אויף דאָרען וועט די ידיעה מאַכן אַזאַ רושם, וואָלט זי דאָס צום מויל ניט געבראַכט. זי האָט געמיינט, אַז דאָרעטשקע האָט שוין לאַנג איבערגעקרענקט איר אַמאָליקע אומגליקלעכע ליבע צו דעם אויסוואורף.

אידעס פּנים האָט אָפּגעשפּיגלט אַ דאָפּלטע שפּיל: אי פון אויפריכטיקער חרטה, אי פון שעלמישן, אוברחמנותדיק־ווייבלעכן בייגער, ווי אַזוי וועט פעטער בערל איצט רעאַגירן אויף דעם.

און בערל האָט רעאַגירט גאַנץ איינפאַך. ער האָט אָנגעטאָן די פּאַפּאַכע, אַרויפגעכאַפּט דעם פעלץ אויף זיך און אַוועקגעלאָזט זיך אין דער נאַכט אַריין, אָפּזוכן דאָרעטשקען.

דאָס וואָלט דאָך געווען אַ פּשוטער משוגעת פון איר זייט, אַוועק־צולאָזן זיך איצט פון פּאָדלאסיע קיין ניי־שטעטל אָן אַ באַגלייטער. וועלף האָבן געבאַלעבאַטעוועט אויף די וועגן, אַ פּאָר מאָל זיך שוין אַריינגעריסן אין שטאַל. ביידערנאַכט פלעגט קיינער ניט אַרויס פון הויף אָן אַ רעוואָלווער. אָבער אויף דאָרעטשקען איז אַלץ צו גלויבן. און ניט נאָר אין אַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג — ביי איר איז סתם געווען אַ קרן צו פאַרשאַפן אַ נאָענטן מענטשן שרעק און עגמת־נפש. זי האָט דאָך זיכער געוווסט, אַז בערלען וועט זי פאַרשאַפן קרענקונג מיט איר פלוצלונגדיקן פאַרשווינדן פון הויף אין שפּעטן ווינטער־אָוונט. און אויף דעם האָט זי טאַקע געוויס אויסגערעכנט. בערל האָט, אַגב, אויך פיינט געהאט צו בלייבן איר שולדיק. און אַזעלכע ווילדע באַציאונגען האָבן זיך שוין איינגעשטעלט צווישן זיי: אַ מין ספּאָרט פון פייניקן איינער דעם צווייטן. אָט וועט ער זיך נאָר דערקונדיקן, צי זי איז דערגאַנגען צו זיך אַהיים בשלום. און אויב ביי איר אין צימער איז נאָך ליכטיק, וועט ער פאַרקערעווען צוריק און דאַן מאָג זי שוין לאַנגע וואָכן זוכן די געלע־גנהייט מיט אים זיך צו באַגעגענען.

פאַר בערלען איז זיין אייגן געפיל צו דער קליינער לערערין געווען אַן אָפּקומעניש, דאָס איז געווען אַ געפיל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט כאָאָס און צעוואָרפנקייט אין זיין אויסגעמאָסטן סיסטעמאַטיש לעבן. בערל פּאָדלאסקי טאָר ניט האָבן אַזעלכע געפילן צו אַ פרוי. בערל פּאָד־לאַסקי קאָן זיין מיט אַ פרוי באַפריינדעט, מעשה חבר. ער קאָן אויך האָבן מיט אַ פרוי אינטימערע באַציאונגען. אָבער אין לעצטן פאַל וויקלט זיך גאָר שנעל אויף פאַר אים די גאַנצע מיספאַרשטייעניש, די ווילד־פרעמדקייט צווישן מאַן און פרוי ביי די אינטימסטע באַציאונגען און דאַן זוכט ער וואָס שנעלער אַן אויסוועג, אַ באַפרייאונג פון דער רעלאַ־טיווער אינטימקייט. פּאָדלאסקין קאָן אַ פרוי געפעלן, זי קאָן אפשר אַמאָל אויך זיך איינעסן אין אים. אָבער אַז פּאָדלאסקין זאָל אַ פרוי ווייטאָן — דאָס איז שוין גאָר אַ זעלטענע דערשיינונג. צו דעם דאַרף שוין די פרוי האָבן גאָר באַזונדערע אייגנשאַפטן, וואָס מען טרעפט זיי טאַקע נאָר אין דער אייגענער פּאָדלאסקי־משפחה. ניט אומזיסט האָבן די פּאָדלאסקיס ניט געקאָנט זיך צוקלייבן קיין ווייבער פון דער פרעמד.

און די פּאָר זעלטענע פאַלן, ווען אַ פרוי האָט אים ווי געטאָן, דער־

מאַנט זיך איצט בערל מיט אַ מין חיהשן טראַגיזם. ווייל ער פילט, אַז דער ווייטיק האָט זיך אים אָפּגערופן. די קליינע, קרענקלעכע לערערין מיט די בלויע חוצפּהדיקע אויגן — זי טוט אים וויי. און צו אַזעלכע פּרויען, וואָס קאָנען וויי טאָן, האָט בערל קיינמאָל קיין גליק נישט גע־האַט. דאָס איז שוין נישט קיין פרוי, דאָס איז אַ מין באַרוועסער גאָט, וואָס שפּאַנט איבער זיין האַריקער ברוסט, בעת ער ליגט צו דער ערד אַ צוגענעגלטער — שפּאַנט איבער זיין ברוסט און ווייסט דעם סוד פון זיין הינטערבאַוווסטזיין.

און ווער איז זי — דאַרעטשקע — אָט די קליינע פרוי מיט די סו־דות פון איר קרענקלעכער פאַרגאַנגענהייט, וועלכע זי האָט אַלע ביז איי־נעם אויפגעדעקט פאַר אים, כדי אים וואָס מער וויי צו טאָן? נאָך אַלעמען איז זי דאָך קעגן אים אַ קינד. און וואָס שטעקט מער אין זיין ווייטיק־לעכער זאָרג איבער איר? מאַן, וואָס גאַרט נאָך דער פרוי, אָדער מאַן, וואָס גאַרט זיינע נישט אויסגעלעבטע פאָטער־געפילן אויסצולאָדן? און וואָס איז, אין גרונט גענומען, דאָס ווילדע גערעאַנגל, וואָס זיי פירן צווישן זיך שוין פון אַ לענגערער צייט, ווי צוויי חיות אין וואַלד. וואָס שטויסט זיי אָפּ איינער פון דעם אַנדערן, און וואָס בינדט זיי צוזאַמען? אויב מען זאָל דאָס אַלץ באַצייכענען מיט דעם טראַפאַרעטן וואָרט „לי־בע", דאַן איז די מענטשלעכע טערמינאָלאָגיע קיין שמעק טאַבאַק נישט ווערט.

אין דער שטילער, נישט־פּראַקטיקער נאַכט, שפּאַנט בערל האַסטיק, באַרג־ארויף צו די פייערן פון ניי־שטעטל. ער שלינגט מיט גרויסע טריט דעם סקריפּענדיקן שניי און קוקט צום לויטערן הימל מיט זיינע קליינע ווייטע איינגעפּרוירענע און צאַפּלדיקע פייערלעך. דאָס זענען בריליאַנ־טענע גלי־ווערים, וואָס צאַפּלען זיך אין שפּינוועבס פון דער קאַלטער אייביקייט.

בערל האָט אַראָפּגעקוקט און געטראַכט:

— אייביקע געזעצן! וואָס האָט איר בכלל פאַר אַ שייכות צו דעם מענטש, וועלכן ס'איז נישט קאַלט און נישט וואַרעם פון אייער קרישטאָ־לענער, נאַריש־געטלעכער האַרמאָניע? אַ מענטש איז נישט קיין טייל פון דער נאַטור, נאָר אַן אויסנאַם. אַ כופר! יאָ, אַ כופר בעיקר, ווייל ער איז פאַר זיך אַליין דער עיקר.

ער האָט זיך דערוווייל דערמאָנט, אַז פאַר דער צייט האָט ער זיך נישט אומגעקוקט אויף ביידע זייטן וועג, צי ליגט נישט ערגעץ דאָרע־טשקע אַ פאַרחלשטע, אַ פאַרצוקטע. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס לויפט ער זי זוכן דורך דער אייביקייט. און שוין נישט צום ערשטן מאָל לויפט ער אַזוי, נאָר זיין געלאָף חזרט זיך איבער אין אייביקן קרייז. דאָס יאָגט ער זיך נאָך איר? צי דאָס יאָגט ער זיך נאָך זיין אייגענעם שאָטן אין דער אייביקייט?

און אין דער צייט, ווען בערל איז געלאָפן זי זוכן מיטן וועג צום ביי־שטעטל, איז דאָרעטשקע שוין ווידער געזעסן ביי אידען אין צימער און, כלומרשט אַ רואיקע, אַריינגעקוקט אין אידעס אַ בוך. אויף אידעס באַמערקונג, אַז דער פעטער איז געלאָפן זי זוכן, האָט זי נאָר מיט אַ גרינגשעצונג אַ הייב געטאָן דעם שמאָלן אַקסל.

— אַוודאי געלאָפן אין ביי־שטעטל, דער משוגענער.

— אַ משוגענער? — האָט זיך אידע באַליידיקט פאַרן פעטער בערל.

— אַוודאי אַ משוגענער...

און שפּעטער האָט דאָרעטשקע אויפגעהויבן פון בוך אַ פּאָר בלויע אויגן, נישט קיין חוצפּהדיקע, נאָר פאַרטרערטע און אָנגעפילטע מיט טיפן צער.

— אַז מען קאָן צו אַזאַ צעבראָכענעם נפש, ווי איך, האָבן זיין באַ־ציאונג — דאַרף מען שוין זיין משוגע.

וועגן ביסטריצקין האָט זי שוין מער קיין וואָרט נישט דערמאָנט, ווי די ידיעה וועגן זיין טויט וואָלט שוין אינגאַנצן זיך אויסגעוועבט פון איר געדעכעניש. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן דער מאַמען און זיך געוווישט די פאַרטרערטע אויגן און ווידער ווי מיט אַ גרינגשעצונג גע־צוקט מיט די אַקסלען, ווען זי האָט אויסגעדריקט איר פאַרוווּנדערונג, וואָס בערל האָט, זי נישט אָנפרעגנדיק, געשיקט דער מאַמען אַזאַ גרויסע סומע געלט.

אויף אידעס פאַרזיכטיקער פראַגע, ווו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן, בעת בערל איז דאָ געווען, האָט זי דערציילט, אַז זי איז געזעסן ביים וועטערינאַר אין אַמבולאַטאָריע, נעבן בערלס פאַרוווּנדעטן הונט.

זי האָט דערציילט וועגן דזשעקסליידן, וועגן דער אָפּעראַציע, וואָס דער וועטערינאַר האָט אים געמאַכט און אירע אויגן האָבן איצט אַן

אויפהער געטרערט און זי האָט שוין די טרערן נישט אָפּגעווישט. און פון איר צאַרטקייט צו בערלס אומגליקלעכן יאַגד־הונט האָט אידע אַרויס־געפילט, אַז די אומגליקלעכע דאַרעטשקע האָט דעם פעטער בערלען שטאַרק ליב.

מיט דער ידיעה וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע האָט זיך דאַרע־טשקע ווייניק־וואָס איבערגענומען. זי האָט נאָר באַמערקט מיט אַ שמייכל דורך טרערן, אַז בערל וועט איצט וועלן איבערקערן אַ וועלט.

אין זייער גאַנצן געשפּרעך האָט ישראל קיין אָנטייל נישט גענומען. ער איז געשטאַנען ביים פענצטער, צו זיי מיטן רוקן, און, צוגענייגט דעם קאָפּ צו דער קאַלטער שויב, האָט ער געזעטיקט זיין פינצטער געמיט מיט דער פינצטערניש פון דער נאַכט.

און פּלוצלונג האָבןביידע פרויען אויפגעציטערט און ישראל האָט אַוועקגעריסן דעם קאָפּ פון דער שויב. דאָס האָט אַ קנאַל געטאָן אַ נאַנ־טער שאָס און זיך צעשפּרייט אין אַ הילכיקן עכאָ. נאָך דעם ערשטן קנאַל — אַ צווייטער. און אָט איז שוין שטיל געוואָרן, אַזוי, אַז די פרויען האָבן געהערט זייערע הערצער קלאַפּן.

— אַ וואָלף אַוודאי — האָט ישראל געפּרוווט זי באַרואיקן.

דאַרע איז געלעגן צוגעפאַלן מיטן פּנים צו אידעס הענט און כמעט נישט געעטעמט. און אידע האָט דערהערט און דערפילט די אַלטע שטיל־קייט אין צימער, די שטילקייט פון די אַלטע פריצישע גאַבעלינען, וואָס קוקן שוין פון די ווענט אַראָפּ לאַנגע יאָרן און וואַרטן אויף עפּעס אַן אומגליק, אַ קאַטאַסטראָפע, אַבי אַרויסצוגיין פון זייער פאַרכישופטער שטומעניש. און אָט איז די דערוואַרטונג אָנגעצויגן ווי אַ סטרונע ביזן העכסטן גראַד. באַלד פּלאַצט זי.

און אויף די שטיגן האָבן זיך דערהערט שטאָלפערדיק־שטייפע טריט. און ס׳איז אַריין דער פעטער בערל אַ בלאַסער, מיט באַהאַלטענע אויגן.

מיט די הענט אין די קעשענעס און אויף קיינעם נישט קוקנדיק האָט ער גענומען שפּאַנען איבערן צימער הין־און־צוריק.

— פעטער! ווער האָט געשאָסן? — האָט אידע זיך דערוועגט צו פרעגן.

האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און זיך אומגעקוקט אויף אידען. און איר האָט זיך געדאַכט — ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— אַ דאגה וועד? איך האָב געשאָסן. האָסטו זיך איבערגעשראָקן?
גערעדט האָט ער קוקנדיק אויף אידען און ס'איז אויסגעקומען ווי ער וואָלט דאַרעטשקען נישט באַמערקט.

האָט דאַרעטשקע זיך אויפגעהויבן צו בערלס פּנים מיט אַ פּאָר אויגן פון אַ סאָמנאַמבולע.

— דו האָסט אים דערשאָסן?

און בערל האָט זיך שלעכט צעשמייכלט מיט אַ האַלבן מויל.

— אַ קראַנקן הונט — דערשיסט מען.

איז דאַרעטשקע אומגעפאַלן מיט אַ ווילדן וויי־געשריי.

— אַי! אַ קראַנקן הונט דערשיסט מען!

16

# אַ מענטש אַליין

ישראלן האָט עפּעס אָפּגעשטויסן פון שלאָף, ווי מען וואָלט אים אין חלום דערמאָנט, אַז אַ וויכטיקע זאַך איז פאַרלאָרן געגאַנגען און אַז ער האָט נאָך נישט ווי געהעריק אָפּגעמאָסטן דעם פאַרלוסט.

ס'איז נאָך געווען שטאָק־פינצטער, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט. אָבער לויט דער ראַשיקער, ניכטערער וואַכקייט, וואָס האָט העל און וויי־טיקלעך זיין מוח אָנגעצונדן, האָט ער געזען, אַז מער מיט קיין אויג צו־מאַכן קאָן ער שוין נישט און אַז מען דאַרף זיך תיכף נעמען עפּעס טאָן.

ישראל האָט זיך אַליין אינסטינקטיוו געהיילט פון דעם גייסטיקן בראָך, וואָס זיין אומגליק האָט פאַר אים פאַרשאַפט. זיין גאַנצע קראַנקייט איז באַשטאַנען אין איין שאַרפן בליץ פון געדעכעניש. עס פלעגט זיך אָנצינדן אומגעריכט, מאָמענטאַל, אויף דער וואָר, צי אין חלום, אַלץ איינס, און דער תהום פלעגט באַלויכטן ווערן:

— אַ ווייב מיט צוויי קינדער! אַ־אַ!

און נאָך דעם בליץ פלעגט שוין מער אין דעם גאַנצן גוף זיינעם נישט פאַרבלייבן קיין איין פינטעלע, וואָס זאָל נישט פילן די אימהדיקע נאָכווייעניש.

ישראל געהאַט נאָר איין מיטל זיך צו ראַטעווען פון ווילדן ווייטיק — איינשפּאַנען זיך אין עפּעס אַן אַרבעט. און מיט דעם האָט

ער זיך געהיילט. ער פלעגט זיך באַהאַלטן פון זיין אומגליק הינטער דער אַרבעט, פאַרהאַרעווען זיך ביז צום פאַרטעמפּן די געפילן און די מחשבות, איינוויקלען זיך אין דעם וואָלקן פון איבערמידקייט און אַריינפאַלן אין אַ שטיינערנעם שלאָף.

האָט מען שוין אין פּאָדלאַסיע זיך צוגעווינט צו זיינע פּלוצלונגע אָנפאַלן פון פלייסיקייט סיי בייטאָג, סיי אינמיטן דער נאַכט.

ווי אַ געניטער חולה, וואָס גרייט זיך אָן רפואות פאַרן שלאָף, אַזוי פלעגט ישראל האָבן אָנגעגרייט אָדער צוגעטראַכט עפּעס אָן אַרבעט, אויפן פאַל, טאָמער וועקט עס אים איבער.

ער איז אויך איצט אויפגעשפּרונגען פון געלעגער, אָנגעצונדן אַ ליכט און איילִיק זיך אָנגעטאָן, מיט דער טעמפּער בענקשאַפט, וואָס גי־כער זיך איינצושפּאַנען.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט ער זיך שוין געפּאָרעט ביי פערד און שליטן אויפן הויף, ביים שוואַכן שיין פון לאַמטערן. פונאַנדערנעמענדיק דעם צוגעפרוירענעם געשפּאַן, האָט ער זיך איבערגעקוקט מיט דעם קרייז פון שטילער פינצטערניש, וואָס האָט אים מיטן לאַמטערן מיטן זיפּצנדיקן פערד אַרומגערינגלט, און זיך געטראַכט:

— אפשר בין איך טאַקע אַ נאַכט־וואַנדלער?

— וויאָ־ווישטאַ — האָט ער דורכגעבראָכן זיין אייגענע הייזערי־קייט און די פאַרטייעטע שטילקייט פון הויף.

און מיט אַ וואַכעדיקן פּוס־טריט אין דעם יום־טוב פון שטילער פינצטערניש האָט דאָס פערד אַרויסגעטראָגן דעם שליטן מיט ישראלן, מיט דעם ברענענדיקן לאַמטערן פון הויף.

אַ האַלבע שעה שפּעטער איז ישראל שוין געפאָרן באַרג־אַראָפּ, צום וואַלד, הינטער ניי־שטעטל, געגליטשט זיך מיט אַ ליידיקער שנעלקייט איבערן שוואַרצן וועג, וואָס האָט זיך פאַרנומען צו דער גראָקייט פון די פעלדער. דאָס פערד איז זיך מעסיק געלאָפן און אין בויך האָט אים לאַנג־ווייליק־ריטמיש געשלוקערצט דער לעבער.

ישראל האָט געפילט דאָס פייכטע ערב־פרילינג־ווינטל אין פּנים און די הענט האָבן אים געשוויצט און געבענקט נאָך די קורצע און דורכ־געפרוירענע שייטן בערעזענע האָלץ, וואָס שטעכן אונטער די נעגל מיטן צוגעפרוירענעם שניי און וואָס פאַלן אין שליטן אַריין, אויף זייער ריכ־

טיקן פּלאַץ אין שטויס מיט אַזאַ פרייליכן טרוקענעם און קורצן קלאַנג. דאָס איז ער געפאָרן אין וואַלד נאָך האָלץ פאַר דער שול און געוואָלט האָט ער זיך פּעדערן מיטן האָלץ אין ניי־שטעטל נאָך איידער די ערשטע פּלייסיקע באַלעבאָסטע צעקריגט זיך מיטן אַלטן, ביים פונאַנדערפירן די ראַשטשינע.

דערווייל איז נאָך גרויע נאַכט אַרום. דערווייל לויפט ער לעבן שליטן, אַנטקעגן דעם ערב־פרילינג־ווינטל, ער לויפט כדי צו זיין אין באַוועגונג. זאָלן די גלידער ניט פאַסטן און דער מוח ניט טראַכטן.

עס טראַכט זיך אָבער. עס טראַכט זיך וועגן דעם, אַז דער בליץ, וואָס האָט אים היינט אויפגעוועקט, דער בליץ פון דערמאָנונג, האָט אַ שייכות צו אידעס קומען. אַ פריינדלעכע האַנט, אַ פריינדלעכער זיפץ און — אָט זענען שוין ווידער אָפן די ווונדן.

ער פאַלט אויפן פלאַכן שליטן, אויפן אונטערגעבעטן היי, ווי אַ געשאָסענער. ער שוועבט אַזוי נידעריק ביי דער בלאָסער, ניט וואָרהאַפּ־טיקער ערד, אַז ער קאָן זיך מיט די הענט אָן איר אָנכאַפּן. און עס זינגט זיך אַ טרויעריק זמרל:

— אַ ווייב מיט צוויי קינדער! אַ־אַ!

שוין פאַרבייגעפאָרן דעם דאָרף באָריסאָווקע מיט געשוואָלענע דע־כעו׳, ווי מאַהאַראַדזשעס מיט פאַרבונדענע קעפּ. פון אַ ווייטן לאָדנשפּאַלט פאַלט אַ פאַס ליכט. דער פייער איז קאַרג. ער וועט ניט ברענען קיין פייער אַזוי אומזיסט־אומנישט. אַפשר שטאַרבט דאָרט אַ קינד? אַ קליינס, אַ בלאָנדס, ווי זיין משהלע?

אָבעו׳, ווען דער פאַס ליכט איז פאַרשוווּנדן, האָט ישראל דערפילט, אַז עס פעלט אים עפּעס. ער בענקט נאָך דעם פאַס ליכט. נאָך דעם שטאַר־בנדיקן קינד בענקט ער.

און פאַרוואָס קומט עס אים, ער זאָל זיין אַ מענטש אַליין, אָן אַרויסגעשטויסענער פון דער פאַרריגלטער, שלאָפנדיקער וועלט וואָס זי שפּירט אַפילו ניט, ווי ער גליטשט זיך איבער איר שניי־פּערענע!

לינקס, ביים עק פון פעלד טאַפּט אָן דאָס אויג די פאַרטייעטע טונקלקייט פון וועלדל און דאָס וועלדל דערמאָנט ישראלן אָן דעם קליינעם פאָדלאסער בית־הקברותל, וואָס האָט זיך דאָרט צוגעטוליעט אין אַ ווינקל,

ווי צייטווייליק. און די דערמאָנונג פּילט אָן ישראַלס פאַרגליווערט האַרץ מיט אַ זודיקער, יאָמערדיקער טרייסט:

אויף דעם פּאָדלאַסער בית־הקברותל האָט ער דאָך זיין אייגן פליייש און בלוט באַהאַלטן, דאָרט ליגט דאָך אונטערן פאַרפרוירענעם שניי זיין בלאָנד קינד, משהלע, וואָס צוליב די פּרעסט האָט מען שוין עס ניט גע־קאָנט אַוועקפירן צו דער מאַמען און דעם ברודערל זיינעם אויפן ליאַסאָ־ווער גרויסן בית־עולם.

פאַרגייט אים איצט דאָס האַרץ אין שניידנדיקן פּיין, אַז דעם קינד איז אַזוי אומעטיק אויפן קליינעם בית־הקברותל ביים וועלדל, אָפּגעריסן פון זיין טויטער מאַמען און טויטן ברודערל. אַן עוולה איז געטאָן געוואָרן דעם קינד!

און צוליב די גרויסע פרעסט איז דאָס קבֿרל אַפילו ניט אַרומגע־מויערט — וויי! אַ פאַרפרוירן בערגל ערד מיט שניי באַדעקט און דאָס איז אַלץ!

און תיכף דערפילט ישראל אַ נאָגנדיק באַדערפעניש צוצופאָרן צום קליינעם בית־הקברותל, געוואָר ווערן דעם קינדס קבֿרל איצט, אין גראָען צודעק פון דער ווינטערדיקער נאַכט, ווען זיי זענען ביידע אַזוי עלנט און אַזוי טרייסטלאָז.

האָט ער פאַרקירעוועט דאָס פערד פון גלייכן וועג אַראָפּ לינקס, צום וועלדל. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין טיפן האַרטן שניי און צוגע־בונדן דאָס פערד צו די נידעריקע ביימלעך. איז ער געקראָכן אין שניי ביז די קני, כדי זיך אַריבערבאַקומען איבערן גראָבן, דורך וועלכן דאָס בית־הקברותל איז געווען אָפּגעשיידט פונעם פעלד. און ערשט איצט, ווען ער האָט שוין אָנגעטראָפן מיט די שטיוול אויף די ערשטע פּאָר מצבֿות, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער וועט דאָס ניט אַרומגעצוימטע קבֿרל אין דעם שניי־פעלד ניט געפינען. איז די פּיין געווען גרויס. לא־די, וואָס ער איז אָפּגעשיידט פון קינד דורך דער מחיצה פון טויט און לעבן, ליגט נאָך צווישן זיי אַ מחיצה פון שניי און ער קאָן דאָס קבֿרל ניט אויסגעפינען!

טאָפּטשעט ער אומבאַהאָלפן אין טיפן שניי אויפן קליינעם שטח, טאַפּט אַרום זיך די בלינדע, קאַלטע ווייסקייט און ברומט:

— קינד מיינס! ווו ביסטו מיר פאַרוואָגלט געוואָרן!

ער פּרוּווט אַפילו אָנרייבן אַ נאַסע שוועבעלע, כדי צו באַלויכטן די

מחיצה צווישן אים און זיין בלאָנד קינד משהלע, וואָס געפינט זיך דאָ ערגעץ נאָענט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, אָבער אויף אַן אַנדער, גאָר אַן אַנדער וועלט.

און פּלוצלונג דערזעט ער, ווי דאָס פּאַרלאָרענע, אָפּגעבראָכענע שוועבעלע איז פאַרטראָגן געוואָרן ווייט אויפן שניי און דאָרט ליגט עס און עס טליעט, גרין־שוועבלדיק. און ניט עס צינדט זיך אָן רויט און ניט עס וויל זיך אויסלעשן, נאָר אַזוי ווי עס וואָלט זיך אָפּגעבראָכן און צע־טיילט אויף צווייען — איין פלעמל לעבן דעם אַנדערן.

און ווען ער רייבט זיך אויס די אויגן מיט דער נאַסער האַנט און גיט ווידער אַ קוק אין דער זעלבער ריכטונג — זענען די גרינע פלעמלעך ניט פאַרשוווּנדן, נאָר זיך ווידער געטאָפּלט. איצט זעט ער שוין צוויי פּאָר טליענדיקע שוועבל־פלעמלעך אויפן שניי.

און גלייכצייטיק דערהערט ער דאָס אומרואיקע כראָפּען פון דעם פערד ביי די בוימלעך, אויף יענער זייט גראָבן.

ווערט אים קלאָר אין מוח: וועלף.

אין דעם געגנט זענען וועלף ניט קיין זעלטנקייט. און ישראל האָט ביי זיך אַ רעוואָלווער. עס נעמט אים אָבער אָפּ די הענט פאַר שרעק, וואָס ער טרעפט זיך מיט די וועלף דווקא ביי זיין קינדס קבֿרל און דאָס קבֿרל איז אונטערן שניי, אַ קליין בערגל ערד, ניט באַשיצט, ניט אַרומ־געמויערט.

און אַזוי ווי אין שטיינערנעם חלום שטייט ער אין שניי איינגעגראָבן און קוקט זיך איבער מיט זיין שרעק, וועלכע האָט גאָר קיין מענטש־לעכע גרענעצן ניט. עס טאָפּלען זיך די גרינע פלעמלעך פאַר זיינע אויגן. שוין דריי פּאָר, שוין פינף.

— אַוועקט! דערהערט ער פּלוצלונג זיין אייגן אָפּגעהאַקט געשריי — אַוועקט!

און ער האָט צוויי מאָל אויסגעשאָסן, פון וואָס די פלעמלעך האָבן זיך תיכף אויסגעלאָשן, כדי אַ פּאָר מינוט שפּעטער אויפצולויכטן פון אַן אַנדער ריכטונג.

דריי דייטשישע מיליטער־לייט זענען געריטן פוס־טריט דורך דער גרויער ווינטער־נאַכט, אויסשפּירנדיק, צי די פּויערים פון דעם געגנט גראָבן ניט אויס ערגעץ קיין קאַרטאָפל פון זייערע באַהעלטענישן. האָבן

זיי דערהערט צוויי ווייטלעכע שאָסן הינטערן וואַלד און זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. שפּעטער האָבן זיי דערזען: הינטערן וואַלד ווערט ליכטי־קער, עס צינדט זיך אָן און עס צעפלאַקערט זיך אַ פייער. זענען זיי שוין צוגעריטן אין גאַלאָפּ. און זיי האָבן דערזען:

אַ מענטש אָן אַ היטל פאָרעט זיך ביים צעוואַקסענעם פלאַקער, ווי ער וואָלט געבראָטן קאַרטאָפל, און עפּעס שרייט ער מיט ווילדע קולות און פון צייט צו צייט שליידערט ער אויף רעכטס און אויף לינקס אַ ראַ־קעטע פון ברענענדיקן היי. זענען די דייטשן אַראָפּגעשטיגן פון די פערד און מיט אָנגעלאָדענע רעוואָלווערן זיך געלאָזט גיין צום פייער־צינדער.

און אַז ישראל האָט דערזען פאַר זיך לעבעדיקע מענטשן, האָט ער זיך צעוויינט פאַר פרייד. און ער האָט דערציילט פאַר די דייטשן וועגן די וועלף און זיין קינדס קבֿרל. האָבן זיי באַהאַלטן די רעוואָלווערן און די אויגן זיך געווישט.

און אַ סך טעג און נעכט האָט נאָך ישראל אָפּגעקעמפט מיט די וועלף, באַשיצנדיק זיין קינדס ניט אַרומגעמויערט קבֿרל, און געברענט האָבן אויף אים זיינע קליידער, וועלכע האָבן זיך אָנגעצונדן פון צע־לייגטן פייער.

און געפרעסן האָט אים די קעלט, ווייל ער האָט שוין אַלץ פאַרברענט אויף זיך און איז געשטאַנען אין פעלד אַ נאַקעטער. און זיין אָרט פאַר־לאָזן האָט ער ניט געקאָנט און ווער עס זאָל אים צודעקן איז ניט געווען, ווייל ער איז געווען איינער אַליין, אַ מענטש אַליין אויף דער וועלט.

אָבער אין די רגעס, ווען ער איז געקומען צום באַוווסטזיין, האָט ער באַמערקט פאַר זיינע אויגן אַ צאַרטע האַנט שוועבן — אַ האַנט ווי אַ טויב אין ראָזן אָפּשיין פון פלאַקער. און ווי אַ טויב האָט די האַנט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זיין שטערן. האָט ער צוגעמאַכט די אויגן, כדי צו פאַרהאַלטן דעם טרייסטיקן חלום וואָס לענגער.

און אַז ער איז איבערגעקומען די שווערע קראַנקייט און געעפנט די אויגן אָן אויסגעניכטערטער, האָט ער דערזען לעבן זיך אידען זיצן. זי איז געזעסן פאַרזאָרגט, אָנגעשפאַרט אויף דער האַנט. און דערקענט האָט ער די האַנט, ווי אַ טויב אין ראָזן פלאַקער.

אָון איינגעזאַפּט האָט ער מִיט די אויגן די זאָרג פון איר אָפּגע־

צערט פּנים. דאָס איז געווען די זאָרג פון אַ שוועסטער און פון אַ מוטער, פון אַן עלטערן פריינד און פון אַן אומבאַהאָלפן קינד.

האָט ישׂראל פאַרשטאַנען, אַז די האַנט פון דער פרוי האָט אים פון טויט אַרויסגעצויגן און די זאָרג פון דער פרוי האָט ווידער אָנגעפילט זיין לעבן און ער איז שוין ניט מער — אַ מענטש אַליין אויף דער וועלט.

## 17

# שייקעס מאַרסעליעזע

העלדישקייט, ווייזט אויס, איז אויך ניט מער, ווי אַ געוווינהייט. דער טויט שוועבט אַ מענטשן פאַר די אויגן, פייפט אים אין אויער אַריין און פליט פאַרביי. זעט ער — דער מענטש, אַז דער טויט האָט אים אויסגעמיטן איין מאָל, אַ צווייט מאָל און אַ דריטס — באַקומט דער מענטש די איינריידעניש, אַז דער טויט איז ניט אים אויסן געווען, אַז דאָס איז אַ בייזער הונט אַזאַ, וועלכער וואַרפט זיך נאָר אויף אַנדערע.

דאַן הויבט זיך אָן די בראַוווּרע, דאָס קריכן מיט דער הוילער האַנט דעם בייזן הונט אין פּיסק אַריין. אַז ער בייסט ניט!

דער קאַוואַלער פון דריי געאָרגי־קרייצן, שייקע זוסמאַן, איז געווען ניט ווייניק איבערראַשט, ווען עפענענדיק די אויגן, האָט ער זיך דערזען מיטאַמאָל אַרומגערינגלט מיט ווייסקייט און זיך דערפילט איינגעוויקלט אין יאָדאָפאָרם־ריח.

מיט קיין אבר אַ ריר טאָן קאָן ער ניט און עס צעגיסט זיך פּלוצלונג אַ הייסער שטראָם פון שרעק איבער זיין לייב און באַוווּסטזיין: ער, שייקע, איז צערעכט געמאַכט. ער ליגט צוגעשמידט צום לאַזאַרעט־בעטל.

נו, איז וואָס איז די שרעק? מסתמא לעבט ער דאָך. און אַז דער קאָפּ איז אים פאַרעמד און ווי איינגעפּאַסט אין אַ קירבעס — איז וואָס? האָט ער קיין ערגערס ניט אָנגעזען?

די שרעק אָבער שטראָמט פון דעם ברענענדיקן ווייטיק אין לינקן פוס און אין דער לינקער האַנט. ווייסט ער, שייקע, פון דער טעאָריע, אַז ווי טאָן קאָן אַ פוס און אַ האַנט אָפּילו דאַן, ווען זיי זענען שוין לאַנג

אָפּגעשניטן. און דאָ קאָן ער מיטן קאָפּ ניט אַ קער טאָן, ניט אַ הייב טאָן זיך, צו זען, צי האָט ער נאָך זיין האנט מיט זיין פוס.

וועגן אַ ריר טאָן מיט דער האַנט אָדער מיטן פוס איז גאָר קיין רייד ניטאָ, גיי ריר מיט אַ טייך הייסן, צעשמאָלצענעם בליי.

און איבער אים — זעט ער — איז אַריבערגעהאנגען דאָס פּנים פון דער קראַנקן־שוועסטער, אויסטערליש לאַנג און שמאָל, און מיט צוויי פאַרשיידענע אויגן: אַ בלויען און אַ גרינעם, און מיט אַן אויסדרוק אַן ערנסטן, אַן אַנגעכמורעטן.

הער אַ מעשה! ברענען, ברענט אויף אים דאָס לייב און זי איז גאָר די אַנגעכמורעטע! צעשמייכלט ער זיך דורך ווייטיק.

— מאָיאָ פּאָטשטעניע, סעסטריצאַ!

— ליג רואיק, זעמליאַק! ריר זיך ניט!

מיט אַ טרומייטערדיקן באַס, האַרט און פּראָזאיש רעדט זי אריין אין אים, ער זאָל זיך וואָס ווייניקער באַוועגן, ווייל קיין געזונט וועט אים דערפון ניט צוקומען.

— שוועסטערל! פיס האָב איך נאָך?

— יאָ.

— און הענט — ביידע?

— ביידע.

— נו, אַ דאנק — צעכליפּעט ער זיך שטיל, מיט אַן אומפאַר־שטענדלעך לייכטן איבערגאנג פון שמייכל צו טרערן, ווי ביידע וואָלטן פון איין מקור געוועזן.

דאָס איז קלאָר, אַז אויב ער האָט זיי נאָר, דעם פוס מיט דער האַנט,

— וועט ער זיי שוין האָבן צייט ער וועט לעבן. שניידן וועט ער ניט לאָזן, שייקע. מען שניידט ניט. זאָל מען זיך אָקאָרשט ביי אים אָנפרעגן, ס׳איז זיינס!

איצט הייבט ער זיך אָן צו גריבלען אין זכרון, ווען, ביי וועלכער סיטואציע, האָט עס אים צורעכט געמאַכט.

אין זכרון פלאָנטערן זיך פאַרשיידענע עפּיזאָדן, ווען דער טויט האָט אים געשוועבט פאַר די אויגן, אָבער ער דערקענט זיי כמעט ניט. דאַן, בעת די בריק האָט אויפגעריסן און ער האָט געפילט, ווי עס טראָגט אים אין דער לופטן, אָדער דאַן, בעת ער האָט דעם פאַרוווּנדעטן קאַפּיטאַן

סעמיאָנאָוו אַרויסגעטראָגן אויף די אַקסלען פון טויטן־פעלד, אָדער דאָן, בעת לויפנדיק אַלץ פאָרויס אין אומאויפהערלעכן אַטאַק, האָט ער זיך פלוצלונג געפונען אין אַ טראַנשיי פון קניענדיקע מתים מיט די ביקסן אין דער האַנט — אַ טראַנשיי אַ פאַרסמטע פון דייטשישע גאַזן — דאַן האָט ער געפילט, ווי נאָענט ס׳איז דער טויט לעבן אים. אָבער די שרעק פאַרן טויט האָט ער ערשט איצט געפילט. און מיט אָט דער שרעק זענען די אַלע עפיזאָדן גאָר אַנדערש באַלויכטן געוואָרן און זיי האָבן זיך געביטן מיט דער צייט. ער האָט ניט געוווסט, וואָס ס׳איז פריער געשען און וואָס שפּעטער. כמעט צוויי יאָר פראָנט־לעבן האָבן זיך צו־זאַמענגעגאָסן פאַר אים אין איין אומאויפהערלעכן טאָג. אָבער דער טאָג, וואָס האָט זיך נאָך ניט געענדיקט אַפילו, איז שוין גלייכצייטיק געווען אַ מהלך ווייט פון אים. ער האָט זיך דערמאָנט די איינצלנע מאָמענטן, ווי אַ זיידע אָן זיינע יוגנט־יאָרן. און ערשט איצט האָט ער זיך געבאָדן אין פאַרשפּעטיקטער שרעק פאַר דעם איבערגעלעבטן.

און גאָר צום לעצט איז אַרויסגעשווומען פאַר זיין געדעכעניש די הילצערנע בודע ביים נאַרעוו. אָט די איינפאכע הילצערנע בודע האָט זיך אָנגעטשעפּעט אָן זיין געדעכעניש און ניט געוואָלט מער אָפּלאָזן. שייקע האָט זיך צעלאַכט. די בודע האָט זיך איצט פאַר זיינע אויגן זייער קאָמיש און זייער בולט איבערגעקוליעט מיטן קאָפּ אַראָפּ. ער האָט זיך ענדלעך דערמאָנט.

— אַ באַבע ביסטו, זעמליאַק, אָט־וואָס! אָט וויינסטו, אָט לאַכסטו — אַזוי האָט איבער אים געטרומייטערט די לאַנג־פּנימדיקע קראַנקן־שוועסטער און עפּעס פאַרריכט אויף זיין געלעגער.

— אַז ס׳איז קאָמיש, שוועסטערל, זייער קאָמיש. הערט אַ מעשה.

און צוזאַמענגענומען די צעשאָטענע געלעכטער־אָרבעס, וועלכע האָבן זיך געשאָטן, ווי פון אַ לעכערדיקן בייטל, דערציילט ער דער שוועסטער, ווי אַזוי מ׳האָט צורעכט געמאַכט.

זאַלבע פינפט זענען זיי געזעסן אַרויסגערוקט אויף אַ היפּשן מהלך פון שוץ־גראָבן, אָבער פאַרשטעלט פון דער הילצערנער בודע ביים נאַרעוו.

— וואָס? אַ שוואַך באַהעלטעניש? שוועסטערל, אונדזערע אַלע

אויפטועכצן אין לעבן זענען דאָך ניט מער, ווי אַ הילצערנע בודע, הינ־טער וועלכער מיר באַהאלטן זיך פאַר טויט־שרעק.

— דו פילאָסאָפיר ניט, זעמליאַק, דו דערציייל בעסער.

דערציילט ער דאָך: זאַלבע פינפט זענען זיי געזעסן הינטער דער בודע, פינף ווילדע יונגען און דער טונקעלער אַקומענקאַ מיט די זיל־בערנע האָר און דעם זילבערן אוירינגל האָט געוואָרפן צו דער הויך אַ זילבערנעם רובל און כישופדיק פאַרויסגעשריען:

— בודע אַריאַל.

— אַריאַל!! — האָט אונדז אַלעמען אַ רעווע געטאָן אין די אויערן און צוגעדעקט מיט אַ גרויס היטל.

ווען שייקע האָט געעפנט די אויגן, האָט ער דערזען די שאָפּע ווייט אין פעלד און איבערגעדרייט מיטן פונדאַמענט אַרויף. און אויף אַן איי־זערנעם סלופּ איז געהאנגען אַ בינטל העלע האָר מיט אַ זילבערן אוירינגל.

— און וואָס איז ווייטער געווען, שוועסטערל, אַ?

דאָס ווייטערדיקע האָט אים שוין דערציילט דער דאָקטער לאַזאַריעוו — אַ דזשענטעלמען מיט אַ געצערטלטער הערצל־באָרד און מיט זייער קלאָרע, שמאָלע הענט.

— דיך, זעמליאַק, האָט מען באַמערקט אין דער אויפגעריעטער בלאָטע ערשט דאַן, ווען איבער דיין פאַרווונדעטן פוס איז איבערגעפאָרן אַ וואָגן מיט פאַטראָנעס.

דער דאָקטער האָט געגלעט דעם פאַרווונדעטן איבערן פאַרבאַנדאַ־זשירטן אַקסל מיט דער אומפילבאַרקייט פון זיינע ווייסע שמאָלע הענט, וועלכע זענען ניט מחוייב צו וויסן, אַז דעם פאַרווונדעטן טוט ווי אַפילו פון אַזאַ באַרירונג. דערביי האָט ער דעם גרוזיני־קאַוואַלער פאַ־טערלעך איינגערעדט:

— פאַר דיין טובה וועגן, זוסמאַן, לאָז דיך שניידן דעם פוס...

— ניין.

— ער איז דאָך געשוואָלן, ווי אַ באַרג. קיין גאַנצער ביין ניטאָ.

— איך וועל ניט לאָזן.

— און אַזוי רעדט עס אַן אינטעליגענטער סאָלדאַט? און נאָך אַ געאָרגי־קאַוואַלער!

— אַזוי רעדט ער. און איר, דאָקטער, שערט אייך בעסער אָפּ די באָרד. זי שטעכט ווי מיט שפּילקעס.

— מען וועט דיך אַ סך פרעגן. מען וועט שניידן. אָט־וואָס.

דאָ האָט שייקע אין ביטערע יסורים געפּרוווט אַ הויב טאָן דעם קאָפּ, וואָס איז איינגעוואַקסן אין אַ קירבעס.

— דריי קרייצן, דאָקטער! דריי געאָרגי־קרייצן! דאַכט זיך גענוג פאַר מיינעטוועגן אויף צו האָבן אַ דעה איבער זיך!

דאָקטער לאַזאַריעוו האָט איבערגעגעבן דעם געשפּרעך זיינעם מיט שייקען דעם הויפּט־דאָקטער מיטן טיטל גענעראַל און מיט אַ פּנים פון אַ שטעכיקן יאָזש, האָט דער יאָזש אין פאַרבלוטיקטן פאַרטעך מיט פאַרקאַשערטע אַרבל זיך אָפּגעשטעלט פאַר שייקעס בעטל און דורך זיין זילבערנעם האָרבערשטל האָבן אַרויסגעבלישטשעט צוויי שאַרפינקע אייגעלעך.

— ווי וואגסטו עפּעס, דו?

האָט שייקע אַריינגעקוקט דעם יאָזש אין זיין בערשטל־פּנים און דורך יסורים האָט אים אָנגעשפּאַרט אַ געלעכטער.

— וואַשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ! זייט העפלעכער צו אַ געאָרגי־קאַוואַלער!

צום ערשטן מאָל האָט איצט שייקע געשלאָגן קאַפּיטאַל פון זיינע מלחמה־פאַרדינסטן. דאָס בערשטל־פּנים איז זיך צעשוווּמען אין דער ברייט. דער יאָזש האָט זיך געהאַלטן ביי די באָקעס און אונטערן בלוטיקן פאַרטעך האָט זיך געהוידעט פאַר געלעכטער זיין סאָליד בייכל.

— כאַפּט אים דער טייוול! נעמט אים אין דער זעקסטער פּאַלאַטע אַריין. יחסנים!

דער זעלביקער יאָזש האָט פונדעסטוועגן פיל מי געלייגט ביים צוזאַמענשטעלן שייקעס צעשמעטערטן פוס. די שוועסטער האָט נאָכדעם דערציילט שייקען, אַז ביי דער אָפּעראַציע האָבןביידע זיך שרעקלעך געזידלט: שייקע פון שלאָף־טרונק און דער יאָזש פון רציחה. אָבער די אָפּעראַציע אליין איז געלונגען. און אויב דער פאַרגיפּסעוועטער געאָרגי־קאַוואַליער וועט ניט שטאַרבן פון קיין אינפעקציע, וועט ער אוודאי בלייבן לעבן. מיט דער האַנט איז שייקע אָפּגעקומען מיט אַ קלייניקייט: צוויי פינגער האָט עס אים צעשמעטערט. דערביי איז פון צווייטן פינגער נאָך פאַרבליבן אַ גוטע העלפט. אַ באַזונדערע שטאנדהאַפטיקייט האָט

אַרויסגעוויזן שייקעס קאָפּ. דעם קאָפּ זיינעם האָט יאָזש אין בלוטיקן פאַרטעך באַטראַכט מיט אַ מאָדנער גרינגשעצונג, ווי אַ מינדערווערטיקן אבר. אַז קיין זייטיקע קעגנשטאַנדן האָבן זיך אונטערן שאַרבן ניט אַריינבאַקומען, דער מוח — ניט אָנגערירט און די אָפענע לעכער — אין אַ גוטן צושטאַנד.

האָט מען שייקעס קאָפּ טאַקע דעם ערשטן באַפרייט פון די באַנדאַזשן און אַ לענגערע צייט האָט שייקען עפּעס אויסגעפעלט: ס׳האָט אים געפעלט דער קירבעס אויף די פּלייצעס.

מיט צען וואָכן שפּעטער איז דער פאַרוווּנדעטער קאַוואַליער שוין געווען לייטן גלייך. אין זוניקן קאָרידאָר פון גרויסן שפּיטאָל האָט ער זיך געלערנט גיין אויף קאַזיאָנע קוליעס.

זיין אויסזען איז ניט געווען איבעריקס וואָס מקנא צו זיין. אַן אָפּגעקראָכענער האָן, וואָס האָט אַמאָל געהאַט רויטע פעדערן. אָבער די כינעזישע אייגעלעך האָבן שוין האָפערדיק געלאַכט פון די איבערגעלעבטע יסורים.

שייקע האָט געהאַט אַ טרייסט צו זיינע צרות: פאַר דער צייט, וואָס ער איז געלעגן, האָט אַ צווייטער געמאַכט נאָך ערגערע געשעפטן פאַר אים: ניקאָלאַי האָט פאַרלאָרן זיין קנעלונג, געוואָרן אויס צאַר. דאָס האָט דעם געאָרגי־קאַוואַליער משונה הנאה געטאָן.

אויף די קאַזיאָנע קוליעס איז ער געווען אויפגעריכט, ווי אַ פרייער בירגער פון דער רוסישער רעפּובליק. אין דעם זוניקן קאָרידאָר האָט ער זיך איצט געפילט ווי דער אמתער העלד, ווייל איצט, נאָך דער איבערקערעניש, האָט זיין מדרגה פון דריי אויסצייכענונגען באַקומען איר אמתע חשיבות. עס האָט געשמעקט מיט אָפיצירן־ראַנג.

היימיש האָט ער זיך דאָ אויך געפילט, צוליב זיין פעסטער פריינדשאַפט מיט דער עלטערער קראַנקן־שוועסטער, וואָס זי האָט אַן אויסטערליש לאַנג פּנים און איין אויג אַ בלויען, דעם צווייטן אַ גרינעם.

קראַנקן־שוועסטער — דאָס איז אייגנטלעך אַ צו־באַשיידענער טיטל פאַר דעם אָרט, וואָס דאָס אויסטערלישע פרויען־באַשעפעניש האָט פאַרנומען אין שפּיטאָל.

מאַריאַ פאַנטעליימאָנאָווא — אַזוי האָט זי געהייסן — איז געווען אין שפּיטאָל אַ האַלבער דיקטאַטאָר. און ניט נאָר דאָקטער לאַזאַריעוו

מיט דער הערצל־באָרד האָט איר אַרויסגעוויזן זיין רעספּעקט — אליין דער רוגזהדיקער אַלטער יאָזש מיטן גענעראַלישן טיטל, דער אָרדינאַטאָר־דאָקטער פּעשל, האָט אין איר קעגנוואַרט אויף גוטע זעכציק פּראָצענט איינגעהאַלטן זיין רוגזה. מיט דעם מאָמענט פון דער איבערקערעניש איז פון מאַריאַ פּאַנטעליימאָנאָווא געוואָרן טאָוואַרישטש מאַריאַ און אויף איר האָבן איצט אַלע געקוקט, ווי אויף דער פאַקטישער מאַכט פון שפּיטאָל.

אין שייקעס פריינדשאַפט מיט אָט דעם לינקן דיקטאַטאָר אין קליידל האָט זיך דווקא אויסגעדריקט אין אומאויפהערלעכן ווערטלען זיך און אין שטיפערישע צולהכעיסן.

— טאָוואַרישטש מאַריאַ! מיין פּוס — אָט איז ער! ווער איז אַ חכם? כ׳וואָלט אייך געפאָלגט, וואָלט ער שוין לאַנג געווען אָפּגעשניטן.

און שייקע פּרוווט זיך עלעגאַנט אַ הייב טאָן זיין נאָך היפּש קלעצלדיקן פּוס.

— אָבער זייט דאָך ניט קיין קלאָון, זוסמאַן! דאָ איז אַ שפּיטאָל, ניט קיין צירק!

לאַכט ער — דער כינטשיק אויף קוליעס — פון גאַנצן האַרצן און לאָזט זיך ווילגיין אין ברייטן זוניקן קאָרידאָר מיט אַ טענצל אויף די קוליעס. וואָס פעלט אים דען? ניקאָלאַי האָט זיך אויסגעגליטשט. און עס זינגען שוין פייגעלעך אין פענצטער. און אָט טאָגט מען פאַרביי אַ מת אויף אַ טראָג־בעטל — ניט אים. מוז מען זיך דאָך אויסלאַכן אַ ביסל. דער טויט איז פאָרט ניט מער ווי אַ היימישער הונט.

אָבער טאָוואַרישטש מאַריאַ טראָגט — ווייזט אויס — אויף אירע מעכטיקע, רונדע פּלייצעס דעם גאַנצן וועלט־שמערץ, זי וויל ניט וויסן פון שייקעס לעבנס־פרייד.

— אַ מויד — אַ פּאָסטאַמענט, און זאָל דאָס אַמאָל אַ שמייכל טאָן — עסט ער זיך די לעבער.

די כינעזישע אייגעלעך זייַנע באַוווּנדערן אירע גרויסע הענט און פיס, איר לאַנג מענעריש פּנים, איר פענאָמענאַלע גראַציע פון אַ מעכטיקן האָלץ־העקער און — דער עיקר — איר פאַרשיידנפאַרביקייט, מיט וועלכער זי איז באַשאָנקען פון דער נאַטור.

ניט נאָר, וואָס אירעביידע אויגן זענען פון פאַרשיידענער פאַרב:

איינער אַ בלויער, דער אַנדערער אַ גרינער, זענען נאָך אירע האָר אויך ניט פון איינהייטלעכן קאָליר. אָט קוקט אַרויס פון אונטערן ווייסן טשעפּיק אַ לאָק אַ ברוינער, אַ צווייטער — אַ גאָלדיק־בלאָנדער.

— וואָס פאַר אַ פוטוריסטישער גאָט האָט די דאָזיקע מאַריאַ פּאַנ־טעליימאָנאָווא אויסגעטראַכט? — וווּנדערט זיך שייקע און האָט דערביי אַ וואַרעם ־ צערטלעך געפיל פאַר איר — און פאַרוואָס איז זי ניט קיין אַרטילערישער אָפיציר — צו אַלדי־גוטע יאָר? אַפילו פאַר איר שטים צי־טערט דאָך דער נידעריקערער פערסאָנאַל. די סאַניטאַרן רופן זי: דער טרומייטער פון יריחו.

אָבער איר טרומייטערדיקע יונג מענערישע שטים איז פאַר שייקעס אויער דאָך זייער אָנגענעם.

און ער, שייקע, וויל דווקא פון אָט דעם לאַנגן פנים, וואָס האָט גע־שוואָרן ערנסטקייט, אַ שמייכל אַראָפּרייסן.

— טאָוואַרישטש מאַריאַ, אַנטלויפט! איך גיי צייכענען פון אייך אַ קאַריקאַטור.

— און איך וועל אייך די הענט אָפּהאַקן, פּרוּווט נאָר!

ניין, ריזיקירן וויל ער ניט. ער האָט שוין — זאָגט ער — אַזוי אויך איין האַנט אַ קאַליקע.

ביים מעדיצינישן פערסאָנאַל האָט שייקע זיך פּאָפּולער געמאַכט מיט אַ געלונגענער קאַריקאַטור אויפן אַלטן יאָזש, דעם דאָקטער פּעשל. ער האָט אים אָנגעצייכנט אין זיין באַפלעקטן קצבישן פאַרטעך, מיט אַ האַק אין דער האַנט און מיט אַן אָפּגעהאַקטן פוס אונטערן אָרעם. און דאָס צוזאַמענגעקניפּטע שטעכיקע בערשטל־פנים האָט ביי שייקען אָנגענומען אַזאַ פאַרביסן־גזלנישן אויסדרוק, אַז ווען דער אַלטער האָט דערזען פאַר זיך די קאַריקאַטור אויף דער וואַנט פון אַמבולאַטאָריע, האָט ער דריי מאָל אויסגעשפּיגן.

שפּעטער ערשט האָט ער זיך אָפּגעקערט צום פענצטער און זיין בויך אונטערן פאַרטעך איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ ספּאַזמאַטישן גע־לעכטער.

דאָקטער לאַזאַריעוו האָט שייקען געשאָנקען אַ סקיצן־בוך מיט פּאַסטעל־פאַרבן און דערמיט האָט ער זיך אויסגעקויפט פון אַ קאַריקאַטור

אויף זיין הערצל־באָרד. דער געאָרגי־קאַוואַליער האָט טאַקע איצט גע־האַלטן אין איין צייכענען.

ער האָט געצייכנט די אויסגעצערטלטע פון קרענק זעלנערישע פּנימער. געצייכנט זיי ביים תענוג פון עסן, ביים גליק פון פּאַרציען אַ רעשטל פון אַ פּאַפּיראָס, ביי דער ליידנשאַפטלעכער קאָרטן־שפּיל, ביי דער פּאַרוווּנדערונג פון אומגעריכטע ווייטיק־אַטאַקן. איין זעלנערל מיט אַ פּאַרווייבערישט פּנים פון לאַנג ליגן אין שפּיטאָל דיקטירט אַ סענטימענ־טאַל בריוול אַהיים. אַ צווייטער — ווי פון קופּער אויסגעשמידט, נאָר מיט אַ פרישן ווייסן גאָט איבער דעם בלייענעם נאַקעטן קאָפּ, זיצט אין טעמפּער אומבאַקוועמלעכקייט און מאַכט אומזיסטע אָנשטרענגונגען צו דערמאָנען זיך ווער ער איז, ווי ער הייסט, אין וועלכן פּולק ער האָט געדינט.

דער גאַנצער שפּיטאָל איז פּאַרוואַנדלט געוואָרן פאַר שייקען אין איין גרויסן צייכן־צימער מיט אומזיסטע מאָדעלן. טאָוואַרישטש מאַריאַ איז געווען אויסער זיך פון שייקעס פּוסט־און־פּאַסעווען.

— נאָר מענטשלעך מאָלן! אַ מענטש זאָל עס נעמען אַ ביכל אין האַנט!

— טאָוואַרישטש מאַריאַ, אַנטלויפט! כ׳וועל מאַכן אייער קאַ־ריקאַטור!

— און איך וועל די הענטלעך אָפּהאַקן. פּרוווט נאָר! אַ ליידיק־גייער דאָס איז!

— טאָוואַרישטש מאַריאַ, טאָוואַרישטש מאַריאַ! — ער היפּט איר נאָך אויף זיינע קוליעס איבערן קאָרידאָר.

— נו? — קערט זיך אום צו אים דער פּאָסטומענט.

— כ׳האָב אייך געוואָלט בלויז זאָגן, אַז איך האָב נאָך אַ פּאַך: איך קאָן פייפן. און, צוגעלייגט דעם אויסגעקערטן פויסט צום מויל, פּאַרגייט זיך שייקע אין אַ הילכיק־טשוויטשערנדיקע מאַרסעליעזע. געשען איז דאָס פּונקט אין דעם אייגענעם מאָמענט, ווען אין דער שכנישער אַמבולאַטאָ־ריע איז אַ קראַנקער, ביים איבערבאַנדאַזשירן זיך, פּאַרגאַנגען אין אַ רע־וועז פון אַן אָקס ביי דער שחיטה.

— הערט אויף, ווילדער מענטש! הערט אויף!

— און דאָס געפעלט אייך, טאָוואַרישטש מאַריאַ? — און ער גיט

אַ מיש אויף אין זיין סקיצן־בוך אַ סצענע פון דריי זעלנער ביי אַ פּאָלי־טישער דיסקוסיע.

די צייכענונג איז איר דווקא יאָ געפעלן. קוקנדיק אויף די זעלנערי־שע צעהיצטע פּנימער, האָט זי געזען, אַז פון די ניי־געברויכטע קלאָציקע ווערטער ביז די אַלטע, גוט באַקאַנטע פּעטש־אַרגומענטן איז איין האָר.

זי האָט אים אָבער אָפּגעשטופּט מיט זיין סקיצן־בוך. נישט פאַרגונען אים קיין קאָמפּלימענט — דעם קלאָון.

שוין כמעט ביי דער טיר, ווו זי האָט געדאַרפט פאַרשווינדן, האָט שייקע אויף זיינע קוליעס זי ווידער אָנגעיאָגט. ווי ער וואָלט זיך אַ נדר געטאָן זיך איינצוועסן איר אין די ביינער.

— און דאָס געפעלט אייך, טאָוואַרישטש מאַריאַ!

זיינע אייגעלעך זענען געווען פול מיט גוטמוטיקן געלעכטער, בעת זיין האַנט האָט געציטערט אַ ביסל פאַר שוואַכקייט און אפשר גאָר פאַר מורא, ווען ער האָט אויסגעשטרעקט אַ בינטל פּאַפּיר מיט קורצע יידישע שורהלעך.

מאַריאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ האָט אַ ריס געטאָן פון זיין האַנט אַרויס דאָס פּעקל כתבים און צו זיין גרויס איבעראַשונג גענומען לייענען טרו־מייטערדיק און פאַרבלאָז, ווי אַ נייע פאַראָרדענונג פון שפּיטאָל:

בײ דעם בלוטיקן שפּיגל פון נאַרעוו
הינטער זאַמדיקע, רויטע אָקאָפּעס
ליגן מענטשעלעך טראַגיש און נאַריש,
ווי צעוואָרפן פאַרגעסענע סנאָפּעס...

און זי האָט אָנגעשטעלט אויף אים צוויי ערנסטע אויגן, איינעם אַ בלויען, איינעם אַ גרינעם.

— אין אַזאַ וויכטיקער צייט, זוסמאַן, פאַרנעמט איר זיך מיט נאַ־רישקייטן! קומט בעסער אַריין צו מיר נאָכן דיזשור. איך האָב מיט אייך עפּעס צו שמועסן.

שייקע איז נאָך לאַנג געשטאַנען אויף זיינע קוליעס אָנגעשפּאַרט און געגלאָצט ווי אַ גולם.

— אָט האָסטו דיר אַ מאַריאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ!

פאַרשטייט זיך, אַז נאָכן דיזשור איז שייקע זוסמאַן געשטאַנען אויף

זיינע קוליעס ביי דער קראַנקן־שוועסטער אין צימערל. און דאָ האָט ער זיך עפּעס דערוווּסט:

— איך הייס נישט מאַריאַ. מירל איז מיין נאָמען. און מיין פּאָטער איז נישט פאַנטעליימאָן, נאָר פלטיאל. אַ גרויסער אָריגינאַל. אָבער דאָס האָט נישט צו אונדזער ענין. אָט לייענט בעסער איבער די בראָשור און פאַר אייער טעמפּן קאָפּ וועלן פיל זאַכן קלאָר ווערן. און אויב איר וועט עפּעס נישט פאַרשטיין, וועלן מיר עס שפּעטער אַרומריידן. נו, נאַ לעוואָ קרוגאָם — מאַרש! איך דאַרף זיך איבערטאָן!

די בראָשור האָט געהייסן: „וואָס ווילן די פּאָראַזשענצעס". שייקע האָט זיך אָנגעשטויסן אין איר אויף נעמען, וועלכע זענען אים געווען אַ ביסל באַקאַנט פון פאַר דער מלחמה: לענין, פּלעכאַנאָוו, בוכאַרין... גוט, ער וועט איר דערווייזן, דער מויד מיט די לאַנגע פיס, אַז ער איז נישט קיין שוואַרצמאַהניק. אַפילו זיין ערשט ליד, וואָס האָט געטויגט אויף כפּרות, האָט ער דאָך אָפּגעדרוקט אין פּראָלעטאַרישן אָרגאַן פון „פּועלי־ציון". צוליב אים איז קיין מניעה נישט — צוליב שייקען. צוליב אים מאָג מען איבעררייסן די מלחמה אַפילו היינט. אַי — ער איז אַ העלד, אַ געאָרגי־קאַוואַליער? — נו, איז וואָס?

— וואָס האָט אייך געצווונגען, זוסמאַן?

— איך הייס שייקע, הייס איך. רופט מיך: חבר שייקע.

— אַזוי? וואָס האָט אייך געצווונגען, חבר שייקע, צו ווערן אַ רו־סישער מלחמה־העלד? זייט איר טאַקע אַזאַ פאַרברענטער פּאַטריאָט?

דאָס מאָל, מיט דער איבערגעלעזענער בראָשור אין דער האַנט, האָט שייקע זיך שוין געפילט פיל היימישער אין איר קליין צימערל. פון איר פראַגע האָט ער זיך פאַרקרימט, ווי פון אַ באַליידיקונג.

— אַ פּאַטריאָט! איך — ניקאָלאַיס אַ פּאַטריאָט! נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן! כ'האָב זיי נאָר געוואָלט באַווייזן, די קאַצאַפּעס, אַז אַ ייד קאָן קענען די מלאכה נישט ערגער פאַר זיי. איר פאַרשטייט, חברטע מירל? ס'איז מיר געגאַנגען אין מיין יידישער אַמביציע.

צי האָט ער דאָס געמיינט ערנסט? צי האָט ער געחוזקט? ווער קאָן דען אַרויסלייענען דעם אמת פון זיינע לאַכנדיקע כינעזישע אייגעלעך!

— וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן, חבר שייקע?

— איר געפעלט מיר. אַזוי, אָן דעם טיכל אויפן קאָפּ. עס נעמט ממש אָן אַ יצר־הרע...

— קלאָון!

— אַ יצר־הרע אייך צו מאָלן.

ענדלעך! ענדלעך האָט ער אַראָפּגעריסן אַ קאַרגן שמייכל פון אירע שטרענג צוזאַמענגעצויגענע ליפּן.

אָ, ווען דער אומגליקלעכער פּוס זאָל אים נישט זיין אַזוי קלעצל־דיק און ווען ער קאָן איצט אַוועקשליידערן די קוליעס!

שייקען האָט זיך זייער געוואָלט אָפּשפּילן איצט אַזאַ מין קלאָוני־שע סצענע:

אַ פאַל טאָן אויף די קני פאַר איר, פאַרברעכן די הענט און אויס־רופן פּאַטעטיש:

— אָ, רעוואָלוציאָנערער מלאך מיינער! דערלויב מיר אויסמאָלן דיין אויסטערלישע געשטאַלט!

ווייל ערשט איצט, ווען ער האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען אָן אַ טשעפּיק אויפן קאָפּ, איז פאַר זיינע אַנטציקטע אייגעלעך אַנטפּלעקט גע־וואָרן איר גאַנצע אייגנאַרטיקייט און — יאָ — איר פּאָסטומענטאַלע שיינקייט.

הינטערן פענצטער האָט געגאָסן אַ געדיכטער פרילינג־רעגן מיט זאַפטיקע דונערן און כמעט רעגלמעסיקע אינטערוואַלן. און דאָס גרויסע מיידל — חברטע מירל — איז געשטאַנען, באַפעלעריש געוועגדט מיטן פּראָפיל צום פענצטער, פאַררייסנדיק דעם לאַנגן קאָפּ צו די דונערן. און דער קאָפּ אירער האָט געטראָגן אַ קרוין פון לאָקן פון גאַנצע דריי קאָ־לירן: קאַשטאַן־ברוין, גאָלדיק־העל און אינדערמיט אַ לאָק אַ ווייסער. ווי אַ פּאָסטומענט פון אַפינאַ־פּאַללאַראַ האָט זי אויסגעזען אין זיינע אויגן אין איר שטומען איבערוווּנק מיט די דונערן.

— וואָס? איר זייט נאָך נישט אַוועק? — האָט זי זיך פאַרוווּנדערט, אָפּווענדנדיק דעם פּראָפיל פון פענצטער.

— ניין, כ׳וועל נישט אַוועק, חברטע מירל! איך מוז אייך מאָכן באַוווּסטזיניק.

און מיט היץ און מיט האַסט, כדי זי זאָל אים נישט איבערשלאָגן, האָט ער גענומען איר אויפקלערן, ווי אָריגינעל זי איז אין געשטאַלט און

ווי נוצלעך דאָס וואָלט געווען פאַר דער רעוואָלוציע, ווען זי לאָזט פון זיך מאָלן... נו, די מאַרסעליעזע, צום ביישפּיל.

אָט איז דער אַלבאָם זיינער — זי זעט? פּנימער סאָלדאַטסקע פון שפּיטאָל, פאָלקס־פּנימער. זאָל זי נישט מיינען, אַז דאָס איז ביי אים אַ שפּיל אַזאַ. שייקע נעמט פיל טיפער. זאָל זי זיך צוקוקן צו די סקיצן: תאווה, הונגער, גיריקייט, ווייטיק, שרעק, שנאה, בענקשאַפט, טעמפּ־קייט, קרעטיניזם — אַלץ איז דאָ פאַראַן. זי זעט? קאַצאַפּעס, אוקראַ־אינער, פּאָליאַקן, יידן, גרוזינער, טאָטערן; אַפילו אַ טשוקטשע.

און אָט די אַלע פּנימער — אַ האָגל פון מלחמה־אַפּפאַל — אַלע מיט אויפגעריסענע מיילער, ווי מיט בראַנדיקע ווונדן, מיט איין אויסגעשריי — פאַרוואָס? —

דאָס וועט זיין דער הינטערגרונט.

און אויפן ערשטן פּלאַן — זי, חברטע מירל, טאָוואַרישטש מאַריאַ, מאַריאַ פּאַנטעליימאָנאָוונא, זי מיט אַ רויטער פאָן אין דער גרויסער האַנט, מיט איר פאַררייסענעם שפּיציקן קאָפּ, ווי אַן איבערגעקערטער הוט צוקער און מיטן יאַפּאַנישן שירעמל פון אירע דריי־פאַרביקע לאָקן — זי פאָרויס, פאַר דער מאַסע.

— עס וועט דונערן, זאָג איך אייך, חברטע מירל! עס וועט אָנ־מאַכן אַ רעוואָלוציע דאָס בילד אַליין! עס וועט אַראָפּריטשען פון לייוונט מיט אַ מעטאַלענעם געהילך:

זאָגט אייך אָפּ פון דער וועלט, פון דער אַלטער,
טרייסלט אָפּ זיין שטויב פון די פיס!

וואָס פאַר אַ ריזיקן רעדנער־טאַלאַנט האָט שייקע געדאַרפט אַרויס־ווייזן ביי זיין פּלוצלונגער קונסט־אַטאַקע, אַז זי, חברטע מירל, די אומ־זיגבאַרע ערנסטקייט פון גאָר אַנדערע וועלטן, האָט אים געמוזט נאָכ־געבן און צוזאָגן, אַז זי וועט פּאָזירן פאַר זיין מאַרסעליעזע.

אפשר האָט זי די טעמע אַליין פאַראינטערעסירט. און אפשר — דער יונגערמאַן מיט זיינע אַגיטאַטאָרישע מעלות, וואָס מען קאָן נאָך פון אים מאַכן אַ לייט.

זיי האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך אַזוי: זי וועט זיך לאָזן מאָלן און ער וועט זיך לאָזן מאַכן פּאָליטיש באַוווסטזיניק.

איצט בלייבט נאָר צו פאַרצייכענען דעם פאַרלויף פון דער מאָלעריי

מיט דער אַגיטאַציע, וועלכע האָבן צוזאַמען פאַרנומען פונקט אַזויפיל צייט, וויפל ס׳איז נייטיק געווען, אַז שייקעס קלעצלדיקער פוס זאָל זיך אָנהייבן נאָרמאַל באַוועגן און ווערן לייטן־גלייך.

— שטעלט אייך פאָר, חברטע מירל, ווי איר מאַרשירט מיט דער פאָן פאָרויס, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, מיט אַן אַנטבלויזטער ברוסט...

— מיט אַן אַנטבלויזטער... וואָס? — האָט די חברטע אַ טרובע געטאָן, אָבער אַ טרובע געטאָן אַזוי, אַז ביי דעם אָרעמען געאָרגי־קאַוואַליער זענען זיך די פּאָסטעל־פאַרבן צעפלויגן אין אַלע ווינקעלעך. ער האָט שיער נישט קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן עסק ביי דעם ערשטן סעאַנס. קוים אויסגעפּועלט, זי זאָל כאָטש נישט פאַזירן אין ווייסן כאַלאַט, וועלער וואַרפט אויף איר פּנים ווילדע רעפלעקסן.

שייקע איז אָבער געווען אַן איינגעגעסענער. צום פערטן סעאַנס האָט אים אָפּגעגליקט אויסצופּועלן ביי זיין געפערלעכן מאָדעל אַ שטיקל בלויזן אַקסל.

— איר פאַרשטייט? חברטע מירל, איר פאַרשטייט? ס׳איז דאָך אַ רעוואָלוציע. אייך קאָן דאָך נישט ליגן אין קאָפּ צו זיין פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלעך.

— פאַרדרייט אייך אַליין דעם קאָפּ, רויטער קלאָון איינער! (ביי שייקען איז שוין אָפּגעוואַקסן די רויטע טשופּרינע) און אַז רעוואָלוציע איז וואָס? באַדאַרף מען פאַרשפּרייטן פאָרנאָגראַפּיע?

אוי, ווו נעמט מען אַ שפּיז! אַנטבלויזן דעם אַקסל הייסט ביי איר פאָרנאָגראַפּיע!

— פאַרזעסן זאָלט איר ווערן, מיאוסע מוידן! — האָט זיך שייקע צעשריען — גאָלדע גדאַליעווונע, וואָס איר זייט! האָט איר דען אַ באַגריף, וואָס פאַר אַ זעלטענע ליניע ביי אייך איז פון האַלדז צום אַקסל אַראָפּ?

— איך הייס נישט גאָלדע — איז דער פאָזירנדיקער פּאָסטומענט צעטומלט געוואָרן און מיט האַרץ אַנטבלויזט איר פולן רונדן אַקסל, ווי זי וואָלט אים אַרויסגעוואָרפן פאַר די הינט.

— און געזעסן בין איך שוין אויך גענוג, — האָט זי שפּעטער צו־

געגעבן מיט אַ זיפץ — איך בין געזעסן, מיין ברודער איז געזעסן... פון ססילקע אַנטלאָפן...

גיי טענה זיך אויס מיט איר, אַז זי ווייס נישט, וואָס דאָס מיינט: פאַרזעסן ווערן!

שייקע האָט אויפגעהערט זיך אויסצוטענהן און צוזאַמען מיט די ריטמישע שמירן פון קוילן־סקיץ גענומען אונטערפייפן די מאַרסעליעזע.

ערשט נאָך אַ וואָך פאָזירן האָט מירל זיך פאַרגונען אַ קוק אַ זייטיקן אויף שייקעס קאָמפּאָזיציע. און מער האָט שוין איר גרינער אויג זיך נישט געוואָלט אָפּרייסן פון איר אייגן געשטאַלט.

מענטשן זענען פאַר זיך נישט לעזבאַר. אַ צווייטער דאַרף קומען און זיי אויסטייטשן, און אין שייקעס אינטערפּרעטאַציע האָט נישט געפעלט נישט קיין ווילדע דרייסטקייט און נישט קיין פלאַמענדיקער טעמפּעראַמענט.

מירלס בליק האָט זיך קודם אָפּגעטונקט אין אַ כאַאָס פון מאַזשאָרע פאַרבן און איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער מאָלער טרייבט איבער איר אַ ווילדן חוזק. אָבער אָט האָט פון אונטער די צעקלונגענע, פאַרביקע קוטשמעס האָר זיך אָנגעהויבן אויסצוטיילן אַ לאַנג־פאַרריסן פּנים, אַ קאָלאָנען־אַרטיקער בלויזער האַלדז, אַ מעכטיקע רונדיקע ליניע פון אַקסל.

— בין איך דאָס טאַקע? — האָט זי מיט פּלוצלונגער שעמעוודיקייט געפרעגט.

— ניין, די באָבע מיינע! — האָט דער מאָלער אומהעפלעך אָפּגעברומט.

ער איז נאָך ווייט נישט צופרידן געווען מיט זיינע דערגרייכונגען. און ביי די סעאַנסן האָט ער זיך אויפגעפירט ממש דיקטאַטאָריש, בעת מירל, די גרויסע מירל, האָט זיך געפילט אומבאַהאָלפן. זי האָט זיך געשעמט פאַר איר נאָכגיביקייט, פאַר איר פאָלגן זיין קאָמאַנדע, פאַר איר שטיין און פאָזירן, ווי אַ ליימענער גולם. דאָס איז באמת געווען אַ צו־טייערער פּרייז פאַר די אויסזיכטן, וואָס זי האָט אויף אים געהאָט.

אָבער גלייך נאָך די סעאַנסן פלעגן זיי זיך בייטן מיט די ראָלן און דער נישט העפלעכער מאָלער פלעגט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ געהאָרכ־

זאַמען שילער, אין אַ נאָכגיביקן טייג אין אירע אַגיטאַטאָרישע, מאַנס־בילשע הענט.

איז דער פּועל־יוצא פון דעם אַלעם געווען גאָר אַ מערקווערדיקער. וואָס ווייטער שייקע איז אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, אַלץ קאָמפּליציר־טער איז געוואָרן זיין קינסטלערישע אויפגאַבע. די זיכערקייט פון די ערשטע עטלעכע סעאַנסן, בעת פון מירלס גראַנדיעזער פיגור האָט ער אַרויסבאַקומען דאָס צאַרט־ווייבלעכע — אָט די זיכערקייט האָט אים שוין פאַרלאָזן, פאַרפאַלגט האָט אים די מירל פון נאָך די סעאַנסן, מירל — דער רעוואָלוציאָנער אין קליידל. צום פופצנטן סעאַנס, ס׳הייסט נאָך דער פערצנטער אַגיטאַציע האָט ער שוין געקוקט אויף זיין מאַרסע־ליעזע מיט די אויגן פון אַן איבערצייגטן באַלשעוויק. און שייקע דער באַלשעוויק האָט זיך געראַנגלט מיט שייקע דעם ראָמאַנטיקער און מיט יעדן נייעם שטריך אָוועקגערויבט ביי דער מאַרסעליעזע אַ ביסעלע פון איר מאַסיווער ווייבלעכקייט.

האָט מירל דאָס צוגעזען און האָט געליטן, ווי איר גורל וואָלט זיך געוויגט אויף אַ וואָגשאָל. איר איז דווקא אַ שאָד געווען די מירל פון די ערשטע סעאַנסן און יעדעס מאָל, נאָך שייקעס אַוועקגיין, פלעגט זי פאַר־זיכטיק אָפּקערן דאָס בילד פון דער וואַנט און מיט האַרצקלאַפּעניש נאָכ־קוקן וויפל פּראָצענט ווייבלעכקייט ס׳איז איר היינט אָפּגעקומען.

און נאָך איינעם אַזאַ סעאַנס, ווען נאָך אַ גרויס ראַנגלעניש האָט שייקע דער ראָמאַנטיקער גובר געווען און אויפגעריכט די געשטאַלט אין זיין פולער ווייבלעכקייט, האָט מירל, פאַרבלייבנדיק אַליין, אָפּגעטאָן אַ זאַך, פון וואָס זי איז אַליין רויט געוואָרן: זי האָט אַ קוש געטאָן דאָס בילד. און נישט נאָר דאָן, אויפן שטעל איז זי רויט געוואָרן, זי האָט זיך געררויטלט אויך שפּעטער, ווען זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער באַגאַנגע־נער נאַרישקייט. איר כעס האָט זי אויסגעלאָזט אויף מאָרגן צו שייקען:

— ווי לאַנג וועט ער זיך נאָך נאַריש מאַכן? ווי לאַנג וועט ער נאָך פּטרן צייט אויף מאַלערייקעס? דער פּוס זיינער איז דאָך שוין כמעט אין אָרדענונג און עס פאָדערן זיך איצט אייגענע מענטשן אויפן פראָנט.

— יאָ, חברטע מירל איז טאָקע גערעכט. ריטאָוו, איך לאָז פון דיר מיט דיינע אַקאַדעמיעס און פּרעמיעס! מירן נאָך אויפמאָלן אַ מאַרסע־ליעזע, אַז אייראָפּע וועט פאַרציטערט ווערן! שייקע פּילט אַ שפּרודלדיקן

קוואַל אין זיין סאָלדאַטסקער ברוסט. דערוויייל אָבער דאַרף מען גיין מאַכן די רעוואָלוציע און אָפּלייגן דאָס מאָלעריי אויף אַ בעסערער צייט.

און מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, דעם שוואַכן פוס צו־הילף, און מיט אַלע דריי געאָרגי־קרייצן אויף דער ברוסט און מיט אַ פריש־אָפּגעוואַק־סענער טשופרינע, נאָך רויטער ווי אַמאָל, האָט שייקע פייפנדיק די מאַר־סעליעזע, זיך אַוועקגעלאָזט אויפן פראָנט מאַכן די רעוואָלוציע.

און מירל איז פאַרבליבן אויף איר שווערן פּאָסטן. זי האָט געקוקט אויף דער נישט־פאַרענדיקטער מאַרסעליעזע, פון וועלכער שייקע האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויסצוטרייבן די מאַסיווע ווייבלעכקייט און אירע אויגן, דער בלויער מיטן גרינעם, זיינען פאַרלאָפן מיט טרערן. אונטער דעם מאַסיוון, בולטן ברוסטקאַסטן האָט שווער געקלאַפּט אַ מיידלש האַרץ.

## 18

## פּריילינג

אין יענעם טאָג האָט די שטאָט ליאַסאָווע זיך געהוידעט אין אַ שיכור־טאַנץ. איבער דעם געווירבל פון מיליטערישן כאַקי און ציוויל־קליידער האָבן די ליאַסאָווער באַרימטע שפּיציקע שינדל־דעכער זיך גע־שטייגערט אין אַריבערטאַנצן איינער דעם אַנדערן. די שטאָט איז פאַר־בליניעט געוואָרן פון מעשענער מוזיק. פון אַלע עקן זענען געשוווּמען אי־בערן געדיכטן מענטשן־שטראָם די צעבראָכענע צעקלונגענע שטיקלעך זון פון די מיליטערישע אָרקעסטערס. דאָס האָבן אַריינמאַרשירט אין דער שטאָט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּאָלקן.

די דייטשן זענען נאָך מיט צוויי טעג צוריק אָפּגעטראָטן אין גרויס איילעניש, איבערלאָזנדיק די שטאָט אויף דער אחריות פון אַ קליינער בירגער־מיליץ מיט בענדער אויף די אַרבעל. האָט שוין מיט צוויי טעג צוריק די שטאָט זיך דערפילט, ווי אַ פרייע, אומאָפּהענגיקע רעפּובליק. די רוסישע פּאָלקן האָבן איצט אַריינגעבראַכט אין דער שטאָט דאָס אמתע, נאַאיוו־ריינע גאולה־געפיל און די שטאָט איז אַרויס מקבל־פּנים זיין משיחן.

דער שטאָט ליאַסאָווע איז באַשערט געווען מיט פאַרשפּעטיקונג אי־

בערצולעבן די קוש־וואָך פון דער ערשטער רעוואָלוציע. אויף אַלע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן אַ יום־טובדיקע פרייד. אין דער שמחה האָבן אָנ־טייל גענומען קינד און קייט. פאַרשלאָסן די ווינונגען און משפּחותווייז אַרויסגעשאָטן אויף דער גאַס.

צו דעם גרויסן תענוג פון די ליאַסאָווער באַלעבאַטים האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין שטאָט זענען פאַרבליבן אַ היפשע צאָל דייטשן. זיי האָבן באַצייטנס זיך געמאָלדן צו דער נייער מיליטער־מאַכט, אָפּגעגעבן דאָס געווער און איצט אַרומשפּאַצירט איבער ליאַסאָווע און זיך געחברט מיט די רוסישע סאָלדאַטן, ווי פרייע בירגער.

וואָס איז אַזוינס רעוואָלוציע?

יעדער חדר־יינגל אין ליאַסאָווע מיטן פאַרדרייטן דאַשיק און צע־שפּאָלטענעם ספּענצער וואָלט געקאָנט אויפקלערן, וואָס דאָס איז אַזוינס.

רעוואָלוציע — דאָס איז אַ טאָג, ווען מען גייט נישט אין חדר, נאָר מען לויפט אַנטקעגן די סאָלדאַטן און מען שרייט: הוראַ! די דרייס־טערע הענגען זיך אַפילו אָן אויף די מיליטערישע וועגענער.

רעוואָלוציע — דאָס איז אַ טאָג אַזאַ, ווען אַ דייטש מיט אַ רוס, ביידע בגילופין, גייען אַרומגענומען, רויכערן פון איין פּאַפּיראָס און זיד־לען יעדער אויף זיין שפּראַך ניקאָלאַיען מיט ווילהעלמען.

יונגע בית־מדרש־בחורימלעך טראַקטירן די זעלנער מיט פּאַפּיראָסן, שטודירן די מאַשינעריע פון קוילנוואַרפער און ווילן פון איין שמועס גע־ווויר ווערן די גאַנצע סטראַטעגיע.

אויף דער גאַס איז אָן ענגשאַפט, אַ פריילעכער יריד. מען טרעט זיך אָן אויף די הינער־אויגן און מען פילט קיין ווייטיק נישט, מען שטויסט זיך מיט די עלנבויגנס און קיינער באַליידיקט זיך נישט. אויף די ראָגן איז שוין נישט קיין ענגשאַפט, נאָר אַ שטיקעניש, אַלע ווילן הערן, ווילן אָנטיילנעמען אין דער דיסקוסיע, וואָס אינמיטן רעדל פירן אַ פּאָר פאַר־ברענטע פּאָליטיקער.

— הורראַ! — פּישטשען אַלטע ווייבער מיט די חדר־יינגלעך אינ־איינעם — הוראַ, רבונו־של־עולם. שוין צייט טאַקע עס זאָל קומען עפּעס אַ שטיקל דערלייכטערונג!

צו־גרויס, צו־שטורמיש איז געווען די פרייד, וואָס די רוסישע אַר־מיי האָט איצט אַריינגעבראַכט אויף אירע שפּיציקע באַגנעטן. דאָס איז

געווען אַ פרייד פון אַ נייער מעשה־בראשית, פון אַ פרילינג, וואָס די וועלט האָט נאָך נישט אָנגעזען. מען האָט געזען פאַר זיך אַ נס: אָט די אַלע פאַרווינטיקטע, פאַרשוויצטע, באַוואַקסענע פנימער פון די איוואַנעס מיט סטעפּאַנעס אין זייער כאַקי־אוניפאָרם — ווי אויסגעאײדלט זיי זע־נען פלוצלונג געוואָרן פון דער רעוואָלוציע! זיי אַליין — די רוסישע אַר־מייער האָבן דאָך קיין רעוואָלוציע נישט דורכגעמאַכט. מען האָט זי אַראָפּגעבראַכט פון מאָסקווע אַ פאַרטיקע אויפן פראָנט, ווי אַ נייעם באַ־פעל אָדער ווי אַ פאַרטיע סוכאַרעס.

קיינער האָט נישט רעכט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס מיינט אַזוינס: רעוואָלוציע.

אָבער אין דעם רונדיקן זאַפּטיקן וואָרט האָט יעדער איינער אַרייַנ־געלייגט זיינע בעסטע כוונות און מענטשלעכסטע האָפענונגען.

אויפן הויכן פּלעצל ביי דער קאַלטער שול איז אָנגעגאַנגען אַ מילי־טערישער מיטינג צוזאַמענגערופן פון אַרבעטער־און־סאָלדאַטן־ראַט.

אויפן גרינעם מיליטערישן וואָגן איז געשטאַנען דער גרויער שלמה לוריע — דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער וואָלף, אין זיינע אָפּגעטראָגענע לעדערנע קליידער פון שטעט־פאַרבאַנד, אין זיין הויכער פּאַפּאַכע מיטן רויטן קרייץ, — איז ער געשטאַנען און געפּאָכט מיט די לאַנגע הענט און מיט זיין גזעלטערטער הילכיק־בלעכענער שטים אַרויסגעלייגט פאַר די צוהערער די מלחמה־אָריענטאַציע פון זיין פאַרטיי, פון די עס־ערן.

צו די ווייטערע רייען פון גרויסן געזעמל האָבן דערלאַנגט נאָר איינצלנע אָפּגעריסענע פראַזן פון לוריעס האַמער־אָן־בלעך, דערלאַנגט בלויז אין דער ריכטונג, וווהין ער האָט זיך אין דעם מאָמענט געווענדט, אָדער וווהין דער קאַפּריז פון לייכטן פרילינג־ווינטל האָט זיינע ווערטער פאַרטראָגן.

— ברידער־סאָלדאַטן! אויף אייך זענען איצט געווענדט די בליקן פון דער גאַנצער פּראָגרעסיווער וועלט... אין אייערע הענט ליגט דער גורל פון דער וועלט־רעוואָלוציע... די איצטיקע שעה איז אַ היסטאָרי־שע... די וואָגשאָל — איז אין אייערע הענט... מיט דער לעצטער העראָ־אישער אָנשטרענגונג דאַרפט איר העלפן באַזיגן דעם שונא... די נעסט פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע...

— אמת...

— שאַרף און צום פּונקט...

— וואָס האַקט ער דאָרט אַ טשייניק?

— אַ מענטש פון טיל... מיר קאָנען זיי. קיין פּולווער נישט גע־שמעקט...

און בערל פּאָדלאַסקי איז געשטאַנען אין דער מיט פון ענגן געזעמל. זיך צוגעהערט צו די צווישנרופן און געביסן די ליפּן פון זיין פריינד און לערערס רייד. ער איז מיט שלמהן נישט מסכים געווען. נאָך פאַרן מי־טינג האָט ער זיך געאַמפּערט מיט אים ביז הייזעריקייט.

בערל האָט זיך נישט אָנגעשפּאַרט אויף קיין דאָקטרינעס. די לאָגיק האָט אים פאַרביטן זיין געזונטער, חיהשער אינסטינקט. און איצט, אין דעם גרויסן געטומל פון באַפרייאונג, אין דער אַלגעמיינער שיכרות פון פרייד, שטייט ער, בערל, אַ ניכטערער.

די רעוואָלוציע, וואָס אירע לאָזונגען האָט ער געטראָגן אין זיך שוין העכער צוויי צענדליק יאָר, וואָס נאָך איר אויסברוך האָט ער אין די לעצטע חדשים פון דער אָקופּאַציע אַזוי געבענקט — די רעוואָלוציע האָט אים איצט נישט מיטגעריסן. און ווי איז דאָס געשען, וואָס בערל איז איר נישט אַנטקעגן געלאָפן צוגלייך מיט אַלע?

אין דער שטאָט ליאַסאָווע, ביי דעם גרויסן אַלגעמיינעם יום־טוב, איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט נישט געקאָנט אָננעמען די רעוואָלוציע אין איר איצטיקן נאַאיוון קאָנפעטן־געשטאַלט. דער אינס־טינקט זיינער האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז עפּעס איז דאָ געפעלשט, נישט עכט. אַז מענטשן וועלן זיך נאָך אַרומקוקן.

און אין אָט־די אַלע פריידיקע אויסגעשרייען פון סאָלדאַטסקע מיי־לער שפּירט זיך אים דער אָנקום פון אַ געשריי אַ דראָענדיקן, פון אַ גע־שריי פון אַ פאַרוואונדעטער און צערייצטער חיה. און דאָס וועט ערשט זיין דאָס אמתע פּנים פון דער רעוואָלוציע.

פאַר בערלען איז קאָמיש־לעכערלעך שלמהס אַגיטאַציע צו די זעל־נער פאַרן פירן ווייטער די מלחמה. מיט אַן אַרמיי אין אַזאַ צושטאַנד גייט מען נישט מלחמה האַלטן. דאָס הייסט פּשוט אַרויסרופן דעם בער פון וואַלד. וויל ער דאָס — שלמה לוריע? וויל ער אויפהייבן די צע־רייצטע מאַסן־חיה? ניין, ער וויל דאָס זיכער נישט. און בערל — צי ער וויל צי ער וויל נישט, אָבער ער זעט פאָר, אַז דער בער וועט פון

וואַלד אַרויס. און דאַן וועט זיך ערשט אָנהייבן דאָס עכטע פון דער רעוואָלוציע.

ווי אַ שווערער יאָך לייגט זיך בערלען אויפן קאַרק אַרויף דאָס פאַר־געפיל פון דעם עכטן אין דער רעוואָלוציע. געוויס וועט ער, בערל, זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם אויפגעבראַוזטן ים. אָבער ווי איז דאָס געשען, וואָס ער׳, בערל, אַן אַלטער רעוואָלוציאָנער, האָט זיך אַזוי ווי דערשראָקן פאַרן פּנים פון דער עכטער רעוואָלוציע? ווי האָט עס געקאָנט געשען, וואָס ער׳, בערל, אַ נאַטור אַ גראַדליניקע און אַ טעטיקע, האָט זיך פּלוצ־לונג דערפילט, ווי פאַראַליזירט פאַרן פּנים פון דער רעוואָלוציע און קאָן פאַר איר טובה וועגן מיט אַ פינגער נישט אַ ריר טאָן?

איז דאָס ביי אים אַריסטאָקראַטיזם פון בלוט? אַנעמיע פון אינטע־ליגענטישקייט? די נאַטירלעכע שרעק פון זיין שטאַנד־אָנגעהעריקייט?

אפשר האָט זיך פון אָט־די אַלע חולאתן ביי אים פאַרוואַלגערט צו ביסלעך, אָבער דער עיקר — פילט ער — איז דאָס נישט.

דער עיקר — פילט ער — איז דאָס, וואָס די רעוואָלוציע רוקט זיך אָן אויף זיין קאָפּ ווי אַ קאַטאַסטראָפע. ער וועט ווערן אויס באַלעבאָס איבער זיין אייגן ווערק, אויס דעה־זאָגער און איניציאַטאָר. פון דעם גע־פיל אַליין צעגיסט זיך אַ בלאַסקייט איבער זיין פּנים. שטייט ער איצט אין דעם פריילעכן געזעמל, אין דעם פּרוזדור פון דער רעוואָלוציע, ווי אַ זייטיקער צושויער אויף אַ פרעמדער חתונה.

און דער גרעסטער אַבסורד איז דאָס, וואָס דער קרוב זיינער פלטיאל, דער שטענדיקער סקעפּטיקער און אָפּשפּעטער זיינער, וועלכער שטייט איצט האַרט לעבן אים, אַקסל ביי אַקסל, פילט זיך דאָ גראַד ווי אַ די־רעקטער מחותן. אָט וועט עס איצט פלטיאל האָבן אַ געלעגנהייט פאַר דאָס גרויסע געלעכטער איבער אים: „גיבור מיינער! ווען ס׳האָט גע־שלאָגן די ריכטיקע שעה, האָסטו זיך איבערגעשראָקן!"

בערלען האָט שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ער האָט היינט מיטגענומען פלטיאלן קיין ליאַסאָווע. און נאָך מער האָט אים פאַרדראָסן, וואָס ער האָט מיטגענומען ישראלן, וועלכער איז נאָך צו די כוחות נישט געקומען נאָך זיין שווערער לונגען־אָנצינדונג. נישט פאַר ישראלן איז עס צו ווערן זיך מיט די עלנבויגנס אין דער מויערדיקער ענגשאַפט.

— ס׳איז דיר וואַרעם, ישראל? טערפּי קאָזאַק! — פּרוווט זיך בערל

אַ שפּאַס צו מאַכן און מיט די אייגענע אייזערנע פּלייצעס האַלט ער אָפּ דעם מעכטיקן דרוק פון די הינטערשטע רייען.

ישראל הערט נישט. ער איז אַריינגעטאָן מיט די אויגן אין דעם יונגן אַגיטאַטאָר, וועלכער האָט איצט פאַרנומען דאָס אָרט פון דעם אַלטן סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער.

אַ כאַקי־העמדל מיט דריי געאָרגי־קרייצן. די לינקע האַנט — אין אַ הענטשקע און דער קאָפּ — ווי אַ קופּערנע קאַסקע אויף דער זון.

— חברים! בירגער! — שניידט זיך אין דער מאַסע אַריין ווי אַ בייטש זיין יינגליש־הילכיקע שטים — טויזנטער גרעסערע העלדן פאַר מיר האָבן ניט דערלעבט אָנצוטאָן אויף דער ברוסט די מעטאַלענע אויס־צייכענונגען. אין זייער נאָמען רוף איך צו אייך: גענוג מיט דער אומ־זיסטער בלוט־פאַרגיסונג! פּויער! אַוועק צו דיין אַקער! אַרבעטער! צו דיין וואַרשטאַט גיי! אייער ווירטשאַפט — פאַרוויסט! אייערע הייזער חרובֿ! ווייב און קינדער שמאַכטן פאַריתומטע...

— ריכטיקע רייד!

— אַ באָלשעוויק, אַן אונדזעריקער!

— רייב זיי, ברודער, אַ מאָרדע, די בורזשויעס!

— נידער מיט דער מלחמה!

עס האָבן אָבער אויך ניט געפעלט קיין אַנדערע צווישנרופן:

— אַ חרפּה פאַר אַ געאָרגי־קאַוואַליער!

— די קרייצן זענען ניט זיינע!

— דער דייטש האָט זיי אים אויסגעבאָרגט!

דער רעדנער האָט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט אָפּגעוואַרט דער שטורעם זאָל זיך איינשטילן, און האָט אַריינגעוואָרפן אין דער מאַסע די פאַר הילכיקע, בייטיקע ווערטער, וועלכע האָבן אויפגעהויבן אַ נייעם שטורעם פון מיטשטימונגען און פאַרטויבט די קעגנערישע צווישנרופן.

ישראל האָט שוין אָבער ניט געהערט, וואָס דער רעדנער האָט ווייטער גערעדט. אין זיינע אויערן האָט נאָך אָפּגעקלונגען די גוט־באַקאַנטע שטים, פאַר זיינע אויגן האָט געפלאַקערט די רויטע טשופּרינע און פאַר ישראלן האָט זיך אָנגעהויבן אַ מין פאַנטאַסטישע שיכרות פון דער לעבעדיקער וועלט.

שייקע איז ביי אים פון לאַנג פאַררעכנט געווען צו דער וועלט פון

די געשטאָרבענע. צוזאַמען מיט ביסטריצקין, מיט פּינעסן, מיטן באַסיען, מיט דער אייגענער משפחה זיינער — האָט שייקע באַטייט פּאַר אים יענע פינצטערע ציגל־וואַנט, וואָס האָט אַרומגעמויערט דעם קבר פון זיין אייגענער נשמה. איצט איז פּלוצלונג איין ציגל אַרויסגעפאַלן: שייקע איז אַ לעבעדיקער געשטאַנען אויף דער טריבונע און אין ישראלס נשמה־קבר האָט זיך אַריינגעריסן אַ שטראַל.

אויב שייקע איז פון צווישן די מלחמה־טויטע אויפגעשטאַנען אַ לע־בעדיקער, דאַן לעבט ער דאָך, ישראל, אַוודאי אויך. און שייקעס מונטע־רע, הילכיקע שטים האָט אים טאַקע געוועקט: ישראל, דו לעבסט!

דער מופת, ווי אַזוי שייקע פייפער איז אין קאַלכאָויוון פון דער מלחמה געוואָרן איבערגעשמאָלצן אין שייקע דעם אַגיטאַטאָר — דער מופת איז איצט ישראלן ניט אָנגעגאַנגען. אַבי ער לעבט.

אָבער בערל האָט זיך צוגעהערט צו דעם יונגן רעדנערס שמייכנ־דיקע אויסרופן מיט אָפענע אויערן. און נאָך מער האָט ער זיך צוגעקוקט צו דעם רושם, וואָס די אויסרופן האָבן געמאַכט אויף דער כאַקי־מאַסע. די זעלנערישע מאַסע, וואָס האָט איצט אין ענגשאַפט געטעמט מיט איר אייגן אויסגעפּרעסטן שווייס, האָט זיך, דאַכט זיך, אויפן אָרט אייג־געהאַלטן בלויז צוליב דעם, ווייל זי איז געווען, ווי פון איין גוס. זי האָט זיך געהוידעט, ווי אַ שטיק יערנדיקער גרינער טויג אין אַ דייזשע. און זי האָט געוואַרט, אַז אַ שטאַרקע האַנט זאָל די דייזשע אַ שטויס טאָן, כדי זי זאָל זיך קאָנען צעגיסן און פאַרגיסן אַלץ, וואָס אַרום.

ווהין איז פאַרשוונדן די נאַיוו־קינדישע פרייד פון די זעלנערישע פּנימער, וועלכע האָבן נאָך ערשט ניט לאַנג געגאָגט דאָס אומבאַקאַנטע צוקערל פון דער רעוואָלוציע? קללהדיקע פינצטערע אויגן, וועלפישע ציין און אויסגעשטשירעטע קאַלמיקישע באַקן־ביינער, אויסגעבלייכטע פון איינגעהאַלטענעם צאָרן.

דער יונגער רעדנער האָט פאַרשטאַנען, ווי אָנצורירן די וואַרהאַפ־טיקע ווונדן פון דער מאַסע און — אָט האָסטו דאָס אָפּגעדעקטע פּנים פון דער רעוואָלוציע.

בערל האָט אַפילו צוגעמאַכט די אויגן, זי ניט צו זען. ער האָט זי אָבער געפילט מיט זיין אָטעם און מיט זיין גאַנצן אורמענטשלעכן וואַלד־וועזן. זי איז געווען נאָענט. זי איז געווען אומפאַרמיידלעך.

— אָט האָסטו דיר די טאָפּלטע בוכהאַלטעריע! — איז בערל אין כעס געוואָרן אויף זיך אליין.

ישראל האָט זיך דערפילט ניט גוט אין דער ענגשאַפט. פלטיאל איז ערגעץ פון אונטער דער האנט אנטרונען. און בערל האָט ווי עס איז מיט די אייגענע פלייצעס און עלנבויגנס דורכגעבראָכן פאַר ישראלן אַ וועג און אים אַרויסגעפירט פון דער ענגשאַפט.

איצט איז שוין אויף דער טריבונע דער רויטער רעדנער ניט געווען. זיין אָרט האָט פאַרנומען אַ הויכער לאַטיש און פון דער ווייט האָבן, ווי פון אַ פרעמדער שפראַך, זיך צעטראָגן זיינע איינצלנע שטאַרק אַקצענטירטע ווערטער. זיין שטים איז געווען פון טשוגון. און אינגאַנצן איז דער לאַטיש געווען אַ טשוגענענער, מאַנאָטאָן און האַרט.

פלטיאל האָט זיך אָפּגעפונען. אַ הויכער, אַ שיינענדיקער אין זיין בלאַסקייט און מיט אַ בלויער באָרד האָט ער חבריש געפירט אונטערן אָרעם דעם פריערדיקן רויטן רעדנער מיט די געאָרגי־קרייצן.

— אָט איז ער, דער יאָט!

שייקע האָט בערלען גלייך דערקענט און גלייך זיך דערמאָנט:

— איר האָט נאָך אַזעלכע מוסקולן, ווי אַמאָל, חבר פּאָדלאַסקי?

אָבער דאָ האָט ער דערזען ישראלן און ער האָט אויסגעשפּרייט די אָרעמס:

— רעדאַקטאָר מיינער!

פאַרטאָן אין זייער פּלוצלונגער באַגעגעניש, זענען די חברים געוואָרן אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט. אָפּגעשיידט דורך אַ גרויזאַם שטיק לעבן, וואָס יעדער האָט פאַר דער צייט דורכגעמאַכט, האָט זיי ביידן פאַרפעלט לשון צו דערציילן און זיך נאָכצופרעגן. זיי האָבן נאָר אַרומגעטאַפּט איינער דעם אַנדערן מיט פאַרזיכטיקע בליקן און זיך געביטן מיט אומבאַדייטנדיקע, בלאַסע ווערטער.

און אַרום דער טריבונע האָט זיך ווידער געשטאַרקט די ענגשאַפט. דאָרט איז, ווייזט אויס, געווען אַ שטיקל נייע אַטראַקציע.

אויף דער טריבונע איז געשטאַנען אַ דייטש, אַן אמתער דייטשישער אָפיציר אין אַ פּיקלהויב און גערעדט רוסיש צו דער פאַרזאַמלונג. און, ווייזט אויס, ער האָט גערעדט אַ גוטן רוסיש און צו דער זאַך, ווייל די צוהערער האָבן מיט אַן אָפטן געבערום אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט.

שייקען האָט פּאַראינטערעסירט אָט דער קריגסגעפאַנגענער אָפיציר, וועלכער האָט באַקומען אַ וואָרט אויף אַ מיטינג פון אַרבעטער־ און סאָל־דאטן־ראַט. אַרומפּאָרנדיק איבערן פראָנט, האָט שייקע, אויף דעם געביט פון דער היגער אַרמיי, געקאָנט כמעט אַלע רעדנער פון אַלע פּאַרטייען. דער דייטש איז געווען אַ פּנים־חדשות און שייקע האָט זיך צוגעשטופּט נענטער, אויב ניט צו הערן דעם רעדנער, איז כאָטש זיך צוצוקוקן צו אים.

ער האָט זיך אָבער באַלד צוריקגעקערט צו ישראלן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: — כאַפּט אים דער וואַטן־מאַכער, דעם קאָמיקער! קום, ישראל! מיר וועלן שמועסן.

ישראלן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז שייקע איז עפּעס צעשראָקן. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטש, וועלכער האָט צופיל געשעפטן צו דערליידיקן און ווייס ניט צו וואָס זיך פריער צו נעמען. אָבער שייקעס פּנים און זיין מעגלעך באַפעסטיקטע פיגור האָבן געשפּרודלט מיט ענערגיע.

— האַ? וואָס פרעגסטו, ישראל? ווי אַזוי קום איך צו פּלטיאלן? ס׳איז אַ גאַנצע מעשה דערביי. טויזנט־און־איין־נאַכט. כ׳האָב זיך באַקאָנט אין שפּיטאָל מיט זיין טאָכטער. זי הייסט: טאָוואַרישטש מאַריאַ פּאַנטעליימאָנאָוונאַ. האַ? ווי געפעלט עס דיר. וואָלסט געמעגט אָנקוקן דאָס טעכטערל. אַ ריז... אָבער ווהין גייען מיר, אייגנטלעך? איך מוז זיין אויסגערעכנט מיט דער צייט... זאָגסטו, אַז פּינעס ליגט טאַקע אויפן היגן בית־עולם? אַך ניין, דאָס האָט פּלטיאל מיר געזאָגט. ווייסטו וואָס, גוטער ברודער? פיר מיך אַריבער צו פּינעסן אויפן קבר.

לעבן שייקעס ברויזנדיקייט דערפילט ישראל ווידער זיין אָפּגע־שטאָרבנקייט, זיין אָפּהענטיקייט. דער וועג צום בית־עולם שרעקט אים מיט זיין ווייטקייט. און שייקע מונטערט נאָך אים אונטער מיט אַ חברישן קלאַפּ איבער דער פּלייצע.

— שלאָג מיך ניט, שייקע, כ׳בין ערשט נאָך אַ קרענק.

— נאָך אַ קרענק, זאָגסטו? הם, מען זעט עס. איך האָב אויך, ברודער, קיין האָניק ניט געלעקט. נו, דערצייל, דערצייל אַלץ. ווי איז דאָס געשען. פון דיין אומגליק ווייס איך שוין אַ ביסל. פּלטיאל האָט מיר דערציילט.

אַז די צונג איז אין מויל ווי אַ ליימענע, און עס גלוסט זיך ניט אָנהויבן דערציילן, אויפהויבן אַ רינגעלע פון דער לאַנגער קייט פון

פּיין, און די פיס גייען, ווי פרעמדע. און די שוואַכע מידע ביינער פּילן אַ קנאה צו דעם געזונטן שייקען, וואָס גייט ריטמיש און מיליטעריש, ווי אַ מאַשין.

ישראל וואָלט אָבער גערן געריעדט מיט שייקען בכלל וועגן לעבן, וועגן אַ ווייטערדיק לעבן. מען דאַרף דאָך לעבן ווייטער, טאָ ווי־זשע לעבט מען פאָרט?

און ווי גיט מען דאָס צו פאַרשטיין אָט דעם ברויזנדיקן, צעטראָגע־נעם באָלשעוויק, וועלכער וויל אַלץ וויסן פאַר אַמאָל און געדענקט איין זאַך פון צען און מיט אַלע זיינע פראַגן שטויסט ער אים, ישראלן, צוריק צו זיין פינצטערער דורכלעבעניש, וואָס איז אַזוי גוט ווי דער טויט.

מען האָט זיך אָבער דאָך צערעדט. אומגעלומפּערט גערעדט, מישנ־דיק די טראַגישע איבערלעבונגען פון די לעצטע פאָר יאָר מיט די פריי־לעך־קאָמישע פאַרמלחמהדיקע דערינערונגען. אין די רייד האָט זיך אַפילו אַריינגעפלאָכטן אַ שטיקל פּאָליטישע דיסקוסיע צוליב זייערע אויסגע־וואַקסענע מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. און פון דעם געשפּרעך האָט ישראל דערפילט דעם פאַרשיכורנדיקן גערוך פון אַ שטיק אויפגעשניטן לעבן, וווּ דאָס פריילעכע און טרויעריקע, קלוגע און נאַרישע — אַלץ איז כאַאָטיש צוזאמענגעמישט.

אויפן בית־עולם איז היינט שטילער געווען ווי אַלעמאָל. אין ליאַ־טאָווע האָט מען, דאַכט זיך, אויפגעהערט שטאַרבן און די לעבעדיקע האָבן פאַרגעסן אָן זייערע טויטע, וועלכע זענען שוין אויסגעגלייכט מיט דער ערד. דער קברן האָט אויפגעהאנגען אַ שלאָס אויפן טהרה־שטיבל און איז אַוועק — אוודאי אויפן מיטינג.

אויפן פּאָן פון אַ פערינע־אַרטיקן פּוכיקן וואָלקן איז אויפן באַרג פון בית־עולם ווי אַ פאַנטאַסטישער טעמפּל אויפגעגאנגען פּאָדלאַסקיס פּאַ־מיליען־מאַוזאָליי. דאָ, פאַרן מאַוזאָליי, איז געשטאַנען פינעסעס מצבה, אַרומגענומען מיט אייזערנע קייטן אויף שטיינערנע סלופּעס און אויף דער מצבה איז געהאנגען אַן אָפּגעבליאַקעוועטער דייטשישער אייזערנער קראַנץ.

און ישראל האָט זיך גאָרניט פאַרגעשטעלט, אַז דעם ליטוואַקס מצבה זאָל מאַכן אויפן לעבנסלוסטיקן באָלשעוויק אַזאַ רושם. שייקע איז צוגעפאַלן מיטן רויטן קאָפּ צו דער מצבה און האָט זיך צעוויינט.

האָט ישראל דערפילט אַ באַדערפעניש אַרויסצוזיפצן זיין אייגענעם טרויער. האָט ער איבערגעלאָזן שייקען אַ וויינענדיקן ביי פּינעסעס מצבה און אַליין איז ער אַוועק אויפזוכן די קברים פון זיין ווייב מיטן קינד. די קברים זענען אים געווען ליב און טייער. אָבער דער טויט האָט זיך שוין מער ניט געוויקלט אַרום זיין אייגן האלדז און ניט געוואָרגן מיט זיין נאָענטן ריח. ישראל האָט געוויינט נאָך זיין ווייב און קינד, ווי אַ לעבע־דיקער נאָך טויטע. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך געזעגנט מיט זיי. ווי אויף אַ שייד־וועג. נאָך שטיל, נאָך ניט דרייסט, האָט ער אין זיין האַרצן געפילט, אַז זיין וועג פאַרנעמט זיך צוריק צום לעבן.

פון דער ווייט, פון שטאָט האָבן אַהער, אין דער בית־עולם־שטיל־קייט, זיך פאַרטראָגן אָפּגעריסענע קלאַנגען פון די אָרקעסטערס. פאַנגענ־דיק מיטן אויער די ווייטע מטושטשע קלאַנגען, איז ישראל געזעסן ביי די קברים פון זיינע נאָענטע און ס׳איז געווען טרויעריק־מנוחהדיק.

אונטן, אין בית־עולם־טאָל, האָט זיין אויג אַנטדעקט אַ לעבעדיק ווייס באַשעפעניש אויפן פאָן פון יונגן פרילינג־גרינס. ישראל האָט גע־מיינט, אַז דאָס איז דעם קברנס ציג. אָבער אָט האָט דאָס באַשעפעניש זיך אויפגעשטעלט און אָנגענומען אַ מענטשלעך געשטאַלט, אַ ווייס מענטשעלע פון אַנדערע וועלטן. און דאָס מענטשעלע איז לאַנגזאַם און געבויגן געשטיגן באַרג־אַרויף און ישראלן איז געווען אַ חידוש, וואָס דאָס ווייסע מענטשעלע ווי פון אַנדערע וועלטן, ווי פון אַ מעשהלע אַרויס, צע־רינט ניט אין דער פרילינג־לופט, ווי אַ האַלוצינאַציע, נאָר דערנענטערט זיך צו אים רעאַל. ישראל האָט שוין דערקענט דאָס ווייסע מענטשעלע. דאָס איז געווען דער אַלטיטשקער ליאַסאָווער תהלים־זאָגער ר׳ נחומטשע אין זיין לאַנגן כאַלאַט. די לעבעדיקע לעגענדע פון אַ וואָרהאַפטיקן למד־וואָוו. האָט פון דער ווייסער, אַלטער פיגורל אַ ווייע געטאָן אויף ישראלן מיט אַ ווייסער שטילער פרייד און ער האָט שוין געוואָלט, אַז דער אַלטער זאָל זיך דערנענטערן און עפּעס ריידן צו אים.

האָט דער אַלטיטשקער, ווי אויף זיין ווונטש, זיך דערנענטערט, טראָגנדיק אויפן מילך־בלאַסן פּנים און אין די לעבעדיקע שוואַרצע איי־געלעך אַ גרויסן אוצר — דאָס אייביק־מענטשלעכע. און דער אַלטיטש־קער האָט צוגעשטעלט זיין לינקע האַנט, ווי אַ דאַשיק צום שטערן, אין

דער רעכטער האָט ער געהאַלטן צו דער ברוסט צוגעדריקט זיין אײַביק תהילימל.

— דו ביסט, דאַכט זיך, פון בערלס חברה, אויב איך האָב קיין טעות ניט? — האָט דער אַלטער אים געפרעגט און זיין זינגענדיקע שטים איז פונקט ווי די אויגן זיינע געוועזן פיל ייִנגער און לעבהאַפטיקער, ווי זיין געבויגן געשטאַלט.

— יאָ, רב נחומטשי. וואָס־זשע טוט איר דאָ?

— הערסט? דאָס דאַרף איך דיך פרעגן. וואָס טוסטו דאָ? איצט, אין אַזאַ ליכטיקן טאָג. גיי, גיי פון דאַנען, פאַר דיר איז דאָ אַוודאי קיין אָרט ניט.

דער אַלטיטשקער האָט זיך אָפּגערוט, אויסגעגלייכט דעם אָטעם נאָכן קריכן באַרג־אַרויף און ווייטער גערעדט:

— אַ צדיק, דער בערל דיינער, לאַנג לעבן זאָל ער. אַ צדיק אַ נסתר. ווער־ווער — איך ווייס. און ער האָט אָנגעהויבן כמעט בעטן זיך ביי ישראלן.

— גיי, קינד מיינס! גיי צו די לעבעדיקע, פאַר דיר איז דאָ קיין אָרט ניט...

און צוגעגעבן נאָך אַ שטיל געלעכטערל:

— און וואָס, מיינסטו, בין איך אַהער פאַרקראָכן? מיין צייט איז נאָך אויך ניט געקומען. ניט מער — געוואָלט מיט די אייגענע אויגן זען, צי טאַקע אמת, וואָס מען דערציילט, אַז אונדזערע צדיקימלעך האָבן היינט אינמיטן מיטוואָך אַרויסגעשטרעקט זייערע מצבהלעך פון דר׳ערד. איז דאָך עס אמת, ליבינקער. אָט האָסטו זיי — דאָרט. משיחס צייטן. וואָרע משיחס צייטן... נו, גיי... הערסט. מוזיקע שפילט. מוזיקע!

ער האָט, דאַכט זיך, געוואָלט ישראלן אַרויסנאַרן ווי אַ קינד פון בית־עולם אַרויס.

— איך גיי, ר׳ נחומטשי, איך גיי. איר דאַרפט מיך ניט טרייבן.

— האָט ישראל דאַנקבאַר געשמייכלט.

שייקען האָט ער געפונען דאָרט, ווו ער האָט אים איבערגעלאָזן. אויף אַ סלופּ ביי דער מצבה איז ער געזעסן, טיף אָנגעבויגן דעם רויטן בלויזן קאָפּ און עפּעס אַרייַנגעשריבן אין אַ נאָטיץ־ביכל. ביי ישראלס אָנקומען האָט ער דאָס ביכעלע האַסטיק - שעמעוודיק באַהאַלטן.

— שרייבסט?

— אָט, גלאַט אַזוי, נאַרישקייט. כ׳האָב עפּעס פאַרצייכנט. יאָ, זאָג מיר נאָר, ישראל, ווער האָט עס געמאַכט די מצבה? ס׳איז דאָך עפּעס אַ פיינע זאַך.

האָט ישראל זיך צוגעזעצט אויף דער קייט לעבן שייקען און האָט געמיטלעך און מיט אַ געלאַסענעם הומאָר אים דערציילט די געשיכטע פון דעם לובלינער סקולפּטאָר מיט זיין ווייבל, די זעלביקע געשיכטע, וואָס ער האָט אַמאָל דערציילט אידען אויפן וועג פון דער סטאַציע צו פּאָדלאַסיע. און ווי קומענדיק אויפן בית־עולם האָט ישראל זיך ניט גע־ריכט, אַז פינעסעס מצבה זאָל מאַכן אויף שייקען אַזאַ שטאַרקן רושם, אַזוי אומגעריכט פאַר אים איז אויך געווען דער רושם, וואָס זיין דער־ציילונג האָט אויף שייקען געמאַכט.

שייקעס איצטיקע געזונטקייט און פעסטקייט זענען, ווייזט אויס, געווען בלויז אויסערלעכע, קערפּערלעכע. זיין געמיט, אויפגעטרייסלט פון די שווערע פּראָנט־איבערלעבענישן, איז ווייט געווען פון גלייכגע־וויכט. שייקעס געמיט האָט זיך געוויגט צווישן צוויי פּאָלוסן, צווישן גע־וויין אָדער געלעכטער. און דאָס געלעכטער, וואָס האָט אים אָנגעכאַפּט נאָך ישראלס דערציילונג, איז געווען גאָר אויסטערליש. ער איז פּשוט פון סלופּ אַראָפּגעפאַלן און זיך אויסגעדרייט אויפן רוקן, אויף דר׳ערד ביי פינעסעס מצבה.

— אוי, אוי! — האָט ער זיך פאַרן בויך געהאַלטן — כ׳וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! איז זי אַנטלאָפן, זאָגסטו? אַנטלאָפן מיטן דייטש? אוי, קרוינדעלע!

— האָסט זי דען געקאָנט?

— ס׳איז דאָך מיין אַמאָליקע כלה, מענטש איינער! געוואַלד, ווו נעמט מען לעכענען! ער וואָלט געשווירן, אַז איך האָב די מעשה אויסגע־טראַכט! און הער! הער נאָר דעם אַבסורד! האָב איך געדאַרפט אָנטייל־נעמען אין פינעסעס עקזעקוציע, כדי די מצבה זיינע זאָל מיר שפּעטער אַרויפברענגען אויף דעם דאָזיקן אַנעקדאָט!

שייקע איז געזעסן אויף דר׳ערד, ביי דער מצבה און דאָס כינעזישע פּנים זיינס האָט געלאַכט און פון די כינעזישע אייגעלעך זענען געוונען טרערן. מיט דער לינקער האַנט אין דער הענטשקע, ווו צוויי פינגער זענען

דעפּאָרמירט־לויז געווען, האָט ער די טרערן צעשמירט איבערן פּנים און אומאויפהערלעך ווייטער געלאַכט.

ישראלן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער געזונטער חבר זיינער, דער פּראַנטאָוויק און באָלשעוויק, איז אַ ביסל אַנגערירט פון מלחמה־משוגעת.

יאָ, לעאָן האָט דאָ איצט טאָקע געפעלט. נאָך אַלעמען איז ער דאָך פאָרט אַ שרייבער. ער וואָלט גיכער פאַרשטאַנען שייקעס צערודערטן צושטאנד.

— דו האָסט דערמאָנט לעאָנען, שייקע. אַ מענטש אַ טינטלער, אָבער ער האָט דאָך זיינע אייגענע גענג. אָט האָט ער, למשל, זיך איינגעשפּאַרט, אַז ביסטריצקי איז ניט געשטאָרבן.

— וואָס איז? ער איז דען יאָ געשטאָרבן?

— נאָך אַ מין שטאַרבן! גאַנץ וואַרשע — דערציילט מען — האָט געקאָכט מיט זיין טויט. ער איז דערהרגעט געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. האָט שייקע אָנגעקוקט ישראלן מיט זיינע שעלמישע כינעזישע אייגעלעך.

— און דו גלויבסט אויך, אַז ביסטריצקי האָט זיך געלאָזט דער־הרגענען?

— איך פאַרשטיי דיך ניט, שייקע. מען דערציילט דיר אַ פאַקט.

— אַ פאַקט? — שייקע איז אויפגעשפּרונגען, אַרומגעצויגן די גימ־נאַסטיאָרקע און שטייפער איינגעצויגן דעם פּאַסיק. זיינע אייגעלעך האָבן ניט אויפגעהערט צו לאַכן.

— אַ פאַקט, זאָגסטו? מיר האָבן שוין געזען אַזעלכע פאַקטן. און ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן?

— וואָס, אַ שטייגער?

— דער דייטש אין פּיקלהויב, וואָס האָט היינט גערעדט אויפן מי־טינג, איז ניט קיין פאַקט?

— וואָס פאַר אַ שייכות?

— ס'האָט שוין יאָ אַ שייכות. קום נאָר אין שטאָט אַריין, לאָמיר אים אויסטאָן דעם פּיקלהויב, וועסטו זען, אַז דאָס איז ער.

— ווער?

— ביסטריצקי, נו!

— ביסט משוגע?

— אויב כ׳האָב נאָך פריער געהאַט דעם מינדסטן צווייפל, בין איך איצט זיכער אין דעם.

ישראל האָט געשטוינט.

צי איז דאָס ביי שייקען אַן אַטאַק פון מלחמה־משוגעת? אָדער קריכן טאַקע די מתים פון זייערע קברים אַרויס?

ווי זאָגט רב נחומטשי? — משיחס צייטן.

1

# ו ו י י ט

איז בערל פּאָדלאסקי געשטאַנען אויף אַ בערגל, ווי אַ געפאַנגענער אין ווייצענעם ים. און ניט ער איינער איז געווען געפאַנגען.

קופּעס בזשאָזעס, ווי גרופּקעלעך נאַקעטע חברטעס מיט צעלאָזטע האָר, האַרציק אַרומגענומען, האָבן זיך געפּרווווט אַריבערשפּאַנען דעם ווייץ־געוויסער און געבליבן שטעקן אין דער מיט. איינזאַמע דעמבעס, ווי אַלטע דזיאַדעס, זענען געקראָכן, געבויגענע אין ווייץ ביזן גאַרטל. און אַ פּאָר נאקעטע סאָסנעס אין דער ווייט מיט שיטערע שירעמלעך אונטערן הימל, אַנגעבויגענע, ווי אין דער אָנשטרענגונג פון גיין, האָבן געשאפן די אילוזיע פון אויסגעדארטע פּאַלמעס אין גאָלדיקן מדבר.

רעכטס און לינקס האָט דער ווייצענער אויסגוס אין דער ווייט זיך געאמפּערט מיט די רויך־בלויע פעלזן־ווענט פון די פּאָדלאסער וועל־דער. פאָרויס האָט דער ווייץ זיך געהויבן אינאיינעם מיטן האָריזאָנט און פּאַרטרונקען אַ זוניק דערפל.

און בערל פּאָדלאסקי איז געשטאַנען אויף אַ בערגל אינמיטן דעם גאָלדענעם ים, געשטאַנען אַ פאַרשיכורטער פון זיינע אייגענע מעשי־ידיו.

אויך דאָס בערגל — אַ פאַרצייטיקער קורגאַן — איז געווען פאַראַ־קערט און אריבערגעפלאָסן מיט ווייץ. איז אויסגעקומען, אַז בערל רייט אויף אַ ווייצענער כוואַליע אינמיטן דעם ווייצענעם ים.

אונטערן בערגל, אויפן שמאָלן קאַרק פון פעלד־וועג, האָט געוואַרט אויף איר באַלעבאָס די באַיאָרנטע בעלאמי, געשפּאַנט אין רייט־וועגעלע. אין זיסן דרעמל האָט זי באַוועגט מיט די אויערן און איר רונדיקער שמאַנט־רוקן האָט זיך לאַנגזאם געוויגט אינאיינעם מיטן ווייצענעם פעלד.

אין דער צעשמאָלצענער בלאָסקייט פון הימל איז ווי אויף אַ גומע־פעדימל געהאַנגען אַ סקאָווראָנעק, זיך געהוידעט אַרויף און אַראָפּ, ווי צוגעבונדן צום אָרט און אַראָפּגעשאָטן פון אויבן זיין מעטאַלענע טרילע־ריי, ערגעץ אין דער טיף פון הימלס פוסטקייט האָבן נאָך אַ פּאָר מעטאַ־

לענע שטימעלעך געטשוויטשערט. בלויז די שטימעלעך זענען פאַרבליבן. די זינגערלעך אַליין זענען צעגאַנגען פאַר היץ.

האָבן די איינצלנע פעדים פון פייגל־געזאַנג געפּרוווט מיט לאַנגע זילבער־שטעך דורכגיין די גיגאַנטישע שטילקייט פון צייטיקע פעלדער. און אין דער גיגאַנטישער שטילקייט זענען זיי בטל געוואָרן.

און בערלס פאַרוויגטער בליק האָט מיטגעשוועבט מיט דער גרוי־אַטלאַסענער שאָטן־כוואַליע, וואָס האָט פאַרויס פאַר זיך דעם זוניקן שויס איבערן פעלד געטריבן. צופוסנס פון קורגאַן האָט זיך איינגעלייגט די כוואַליע מיט אַן אויסגעהויכטן זיפץ, מיט אַ הייסן אָטעם־ווינטל בער־לען אין פּנים אַריין. און פון דער ווייט האָט זיך שוין אָנגערוקט אַ צוויי־טע כוואַליע, וואָס האָט אויסגעקערט דאָס גאָלד פון פעלד מיטן זילבער־גרויען אונטערשלאַק אַרויף.

בערלען האָט זיך געדאַכט, אַז מיט דער אָנקומענדיקער כוואַליע פון מדבר־ווינטל צעטראָגט זיך אַ שטיל געמורמל איבערן פעלד:

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

איז עס געווען, ווי אַהער, אין די פּאָדלאַסער פעלדער, אין זייער מאַיעסטעטישער צייטיקייט, וואָלט פאַרטראָגן געוואָרן אַן אָפּקלאַנג פון דעם אומענדלעכן שאָלן איבערן אומענדלעכן פעלד פון דער יונגער רו־סישער רעפּובליק.

אַמאָל, בעת די צאַרישע גרויסע פּאַראַדן, פלעגט די כוואַליע פון הורא־געשרייען אַזוי קונציק־רעגלמעסיק דורכפליען איבער דער לאַנגער מיליטערישער קייט פון איר איין עק ביזן אַנדערן און צוריק.

איצט איז דאָס גאַנצע רוסלאַנד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן פּאַראַד, וועלכער האַלט שוין אָן חדשים און וויל גאָרנישט אויפהערן.

בערלס שרעק פאַר דעם אָפענעם פּנים פון דער רעוואָלוציע איז נאָך דערווייל מיט קיין מעשים נישט פאַרענטפערט געוואָרן. דאָס לאַנד האָט געשריען: זאָל לעבן די רעוואָלוציע! און די פּאָדלאַסער פעלדער האָבן זיך געגרינט און שפּעטער געגאָלדיקט און אָנגעגאָסן און צייטיק גע־וואָרן, ביז ס'איז געקומען דער טאָג פון אַראָפּנעמען דעם ווייץ.

בערל האָט געהאַט מיט דער רעוואָלוציע אַ דאָפּלטן חשבון:

אָט די צעגאָסענע גאָלדיקע פעלדער — די שטאָלצע אין זייער ציי־טיקייט — זיי זענען דאָך כמעט דורכויס די ברכה פון יידישן שווייס

און מי — אַליין אַ שטיק רעוואָלוציע אין יידישן לעבן, די פּרוכט פון זיין, בערל פּאָדלאַסקיס, פּיליאַריקער עקשנות.

די גאַנצע ווייץ־קאָמפּאַניע האָט ער דורכגעפירט אין האַרבסט אויף זיין אייגענער אחריות און ריזיקע.

אָבער בערל האָט נישט געגלויבט אין קיין אילוזיעס, אין קיין פּאַרווירקלעכטע חלומות. די רעוואָלוציע, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט דעם ריזיקן סכום ווייץ פון דייטשישן אָקופּאַנט, די רוסישע רעוואָלוציע פון בלוט האָט אין איין העלן טאָג געקאַנט צעטרעטן, צעטראַטעוועט די פרידלעכע רעוואָלוציע פון יידישן לעבן, די צייטיקע ווייץ־פעלדער.

איז די שרעק פאַר די ווייץ־פעלדער אים נאָכגעגאַנגען פוסטריט און אים געהאַלטן אין אַ פיבעריש־יעגערישן צושטאַנד: צי וועט ער באַווייזן אַראָפּצושיסן דעם ווייץ איידער די עכטע רעוואָלוציע וועט זיך צע־פלאַקערן?

דער פרילינג איז געווען אַ לינדער. דער זומער — אַ פריער. און רעגנס זענען געפאַלן אין דער נייטיקער מאָס. און צו דער ריכטיקער צייט האָט די זון גענומען באַקן. און דער גרעסטער שטח פון פּאַרזייטן ווייץ איז אויסגעפאַלן אויף יונג־פעלדער נאָך דעם אויסגעוואָרצלטן וואַלד. דאָס אַלץ האָט געגעבן אויסזיכטן אויף אַ גערעטעניש. אָבער דאָס היי־יעריקע גערעטעניש איז איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. דער ווייצן־זאַנג, ווי אַ נאַראָווויסט פערדל מיט אַ שווער אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ, מיט אַראָפּגעהאַנגענער גריווע.

בערל פּליקט אַראָפּ אַ זאַנג, צערייבט אים אין די הענט, צעמאָלט מיט די ציין דאָס צייטיקע בייכיקע קערנדל. און דאָס האַרץ קלאַפּט אים ספּאָרטיש־יעגעריש, ווי אין די לעצטע טריט פאַר דער מעטע.

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע! מאָרגן טרייבט ער אַרויס גאַנץ פּאָד־ל'אַסיע אויפן פעלד!

**
*

האָט דער מאַרש אין פעלד אַרויס זיך אָנגעהויבן פּאַרטאָג און געווען איז ער ענלעך צו אַ מיליטער־מאַרש. בערל האָט אַפילו אַראָפּגעבראַכט פון ליאַסאָווע אַ מיליטער־אָרקעסטער מיט צוויי פעלד־קיכן. די שניט־מאַשינעס זענען געקראָכן איינע נאָך דער אַנדערער, ווי אַ משפחה ריזיקע

שפּינען מיט אַ פּאָר פּאַראַליזירטע פיס אין דער הויך. נאָך זיי — דער מעכאַנישער וואַרשטאַט אין אַ ברעזענטענער בויד אויף אַ לאַסט־אויטאָ. דאָן — אַ גאַנץ פעלד־אַפּטייקל מיט סאַניטאַרן, די פעלד־קיכן, די וועגענערס פון ניי־שטעטל מיט שניטערס און בעבעכעס אויף צום נעכטיקן אין פעלד. די צעקלונגענע יונגוואַרג פון פּאַדלאַסער הויף איז געגאַנגען פאָרויס, נאָכן אָרקעסטער. זייער וואָגן איז זיי נאָכגעפאָרן אַ ליידיקער.

און אויפן בערגל, צווישן דעם ים תבואה זענען געזעסן אויף ווייסע פערדלעך צוויי רייטער אין ווייסן און ביידע שוואַרצבערדיקע. בערל אין זיין טאָלסטאָווקע און ספּאָרט־היטל מיטן שוואַרצן באַנד האָט אויסגעזען, ווי אַ קאַפּיטאַן פון אַ ווייטער עקספּעדיציע. דער לאַנגער פלטיאל אין זיין שטרויענעם הוט מיט די ברייטע ראַנדן איז געווען, ווי פון אַ שפּאַנישן אַלטן געמעל אַראָפּקאָפּירט.

זיי זענען אַרויסגעריטן אין שנעלן גאַלאָפּ, נאָך איידער די שניטער האָבן זיך גערירט פון פּאַדלאַסיע, און איצט, אין דער פרימאָרגן־שטילקייט זענען זיי געווען אויפן בערגל אין פעלד די ערשטע. ווי מרגלים צוויי, האָבן זיי פון דער הויך פון זייערע זאָטלען אויסגעפּלאַנעוועט, ווי אַזוי צו פאַרטיילן די אַרבעט.

די זון איז נאָך ניט אויף, אָבער דער אָפּגעדעקטער מזרח האָט זיך שוין לאַנגזאַם אָנגעגאָסן מיט לעפּלעכער זוניקייט. אַ פּאָר טינט־בלויע וואָלקנדלעך, וועלכע האָבן געגעכטיקט אויפן נאַקעטן מזרח, האָבן אויסגעשטשירעט צו אים פון דר׳ערד די זילבער־פלאַמיקע ציין.

און דאָ איז געשען עפּעס, פון וואָס בערל מיט פלטיאלן האָבן אײַבערגעריסן זייער פּלאַנעוועון און אַמפּעריי און זענען אַנטשוויגן געוואָרן.

זיי האָבן, דאַכט זיך, ביידע דערהערט די פרימאָרגנדיקע שטילקייט, וואָס האָט געשפּרייזט איבערן ריזיקן ווייצענעם טעפּיך.

אַ פעלד־גריל', וואָס האָט ביי די פערדס פיס ערגעץ אַ פּרוביר געטאָן זיין אייזערנעם פּיילכל, צי איז עס נישט פאַרזשאַווערט געוואָרן איבער דער נאַכט — איז אויך אַנטשוויגן. עס איז געווען, ווי אויף אַ רגע וואָלט זיך אָפּגעשטעלט די צייט. און פּלוצלונג האָט אַן איינגעהאַלטענער גערויש, אַ זיפץ פון דערלייכטערונג אַ פאָך געטאָן איבערן פעלד און ווי אַ פעכער זיך אויפגעעפנט און צעשפּרייט. דער טויטער תבואה־ים האָט גענומען אויסטאָן פון זיך זיין מאַט־זילבערנעם צודעק, ווי דעם ליילעך

פֿון דער נאַכט. די וואָלקנדלעך אויף מזרח זענען געהאַנגען לייכטע און ראָזע און האַלב־צערונענע אין דער ראָזקייט אַרום זיי.

און אין דער זעלביקער צייט האָט ערגעץ אין דער ווייט, אָן דער זייט אויפֿגעפּלאַצט אַ מעשענע, קלינגענדיקע באַמבע. דאָס האָט פֿון דער פּאָדלאַסער זייט אָנגעצויגן דער שניטער־מאַרש און דער געבאָרגטער מי־ליטערישער אָרקעסטער האָט מקבל־פּנים געווען דעם אויפֿגאַנג פֿון דער זון.

האָט פּלטיאל אָנגעשפּיצט די ברעמען און שדיש זיך צעלאַכט.

— משוגענער קרוב מיינער! צו־וואָס טויג דיר די נאַרישע אַפּערע?

אָבער בערל האָט אַפֿילו נישט באַוויליקט צו ענטפֿערן. ער האָט האַסטיק אויסגעקערעוועט און אָנגעבויגן צום פֿערדס נאַקן, מיט אַן אויפֿגעבלאָזענער טאָלסטאָווקע, האָט ער שוין אין פֿולן גאַלאָפּ זיך גע־טראָגן אַנטקעגן די שניטער. און ס'איז אויסגעקומען: ער שוועבט איבערן פֿעלד ווי אַן אויסגעשאָסענע ווייסע גראַנאַט.

און וואָס האָט ער זיך געהאַט צו פֿאַרענטפֿערן פֿאַר פּלטיאלן? דער משוגענער פֿאַרמעסט צו פֿאַרזייען הונדערטער דעסיאַטין ווינטער־ווייץ איז דאָך געווען פֿון דעם זעלביקן סטיל, ווי אַרויסגיין אין פֿעלד מיט אַ מיליטערישן אָרקעסטער. בערל האָט זיך דאָ געקאָנט אַרויסווייזן פֿאַר אַ גרויסן לאַנד־חכם אָדער פֿאַר אַ גרויסן דעספּאָטישן נאַר.

אָבער די מוזיק האָט דערווייל אַרויסגעשליידערט אַ שמחה אין פֿעלד און לייכט געמאַכט אין די שניטערס אויגן די קאַטאָרזשנע אַרבעט פֿון אָנקומענדיקן טאָג.

די מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציע האָט צוגעזאָגט אַ וועטער־ענדערונג אין פֿינף טעג אַרום. פֿאַר דער צייט האָבן די הונדערטער דעסיאַטין ווייץ געדאַרפֿט זיין אַראָפּגענומען פֿון די פֿעלדער — אויסגעקערט ווי מיט אַ בעזים.

דער ערשטער וואָגן שניטערס איז פּאָדלאַסקין אויף צעפּוקעניש דע־קאָרירט געווען אין ווייס־בלוי. ווי צונויפֿגעפּרעסטע עופֿות זענען דאָרט געזעסן חברה חלוצים פֿון הויף און מבטל געמאַכט דעם אָרקעסטער מיט זייער אייגן נישט צונויפֿגעזונגען געזאַנג.

גרויסער גאָט, מיר זינגען לידער.
אונדזער הילף ביסטו אַליין.

נעמט צונויף די סנאָפּעס, ברידער,
ביז די זון וועט אונטערגיין!

אַז מען קאָן זיך אָן אַ ליד פון אָרט נישט רירן — פאַרפאַלן. ווער מיט אַ פּסוק — חברה חלוצים מיט אַ זמרל.

אַ פולער וואָגן מיט שוימענדיקער בלוי־ווייסער ענערגיע.

בערל האָט אָפּגעשטעלט דאָס צעגאַלאָפּירטע פערדל און נאָכגעמאַכט די פרימאָרגן־זון מיט די וואָלקנדלעך אין איצטיקן מאָמענט: זיך אָנגע־כמורעט און — צעשמייכלט.

ער איז צוגעריטן צום בלוי־ווייסן וואָגן חוצפּהניקעס פּונקט דאַן, ווען ישראל האָט געוואָלט העלפן אידען אַרויסשטייגן פון הויכן וואָגן און אידע האָט זיך נישט געוואָלט לאָזן העלפן, דווקא אַליין אַראָפּגע־שפּרונגען. זי איז געווען, ווי די צווייטע חלוצה פון דער קאָמפּאַניע, אין אַ סיצן קליידל מיט אַ בלוי טיכל אַרום קאָפּ פאַרדרייט. פון אונטערן טיכל האָבן זיך אַרויסגעריסן אירע קאַפּריזנע ווינטיק־רויכיקע פּיאות און זיך געטוליעט צו די אָנגעקניפּענע באַקן, וועלכע האָבן קופּערדיק אויפגע־נומען די זון. זי האָט געלאַכט צום באַריטענעם פעטער בערל און בראַ־ווירט פאַר אים מיט דעם גאַנצן מוסקולערן קליינעם גוף אירן. זי איך שיך אָן זאָקן, האָט זי מיט די רויטלעכע פיס אירע אויסגעזען, ווי אַ קופּערנע סטאַטועטקע אָנגעטאָן אין סיץ.

אויך ישראל אין אַ צעקנייטשטן שטרויענעם דאַרפישן קאַפּעלוש און מיט אַ בלוי טיכל אַרום האַלדז איז לאַנגזאַם־פויעריש צוגעגאַנגען צו בערלען, האַלטנדיק די הענט פאַרשטעקט אין די קעשענעס פון די ווייסע ברייטע הויזן און שמייכלענדיק פאַרשעמט, פאַרוואָס ער האָט זיך אויך געלאָזט פאַרגרימירן פאַר אַן ארץ־ישראלדיקן קאָווביאַי.

קוקנדיק אויף אידען מיט ישראלן, איינע נעבן די אַנדערע צע־שמייכלטע, האָט בערל אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס לעבן איז פאָרט די בעסטע קוראַציע קעגן אַלע צרות.

— ארץ־ישראל האָט איר מיר דאָ געמאַכט, לאָבוזעס!

— זאָלסטו טאָקע וויסן, פעטער, אַז מיר פאָרן אהין. גלייך נאָכן שניט פאָרן מיר! וואָס, ישראל?

ישראל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און שעמעוודיק געשמייכלט.

אָפּגעשוירן און אָפּראַזירט, האָט ער, דאַכט זיך, זיך אַליין געהאַלטן פאַר אַ פרעמדן.

בערל האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסל און דעמאָנסטראַטיוו אַוועקגעריטן צו די ווייטע וועגענער. אידעו מיט ישראלן האָבן אים נאָכגעלאַכט. די גאַנצע חברה חלוצים האָט מיטגעהאָלפן.

— ס׳איז גוט, ישראל? — האָט אידעו גנביש געפרעגט.

— ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן? — האָט ער איר ביי דער זייט די האַנט געדריקט — לעבן איז אַ מצווה!

איר האַנט האָט שוין די איידעלע שטאָטישע צאַרטקייט פאַרלאָרן. אָבער איר דריק איז געווען הייסער קופּער, וואָס האָט ישראלן געבריט. די מוסקולערע פיגור אירע האָט געאָטעמט צו אים אויף אַ נאָענטן שטח. און דאָס האָט דאָך אייגנטלעך געדאַרפט זיין דער נאַטירלעכער אָנהויב פון זיין יונג לעבן. ווי איז דאָס געשען, אַז ער און זי זענען דורכגעגאַנגען אַזאַ גיהנום איידער זיי האָבן זיך געטראָפן אויף די פאָדלאַסער פעלדער?

ישראל האָט נישט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי דאָס איז געשען, אַז צווישן אים מיט אידען איז געווען אַ סאָציאַלער מהלך. זי — די פאַבריקאַנטין, ער — דער אַרבעטער. דאָס איז דאָך געווען אַן עמהאַרצישער גרייז פון לעבן! נאָך גוט, וואָס דאָס לעבן האָט עס, ענדלעך, אויסגעקאָריגיט. זי איז דאָך אַזוי ווי פאַר אים באַשאַפן געוואָרן! זי איז דאָך אַן אוצר פון באַגייסטערונג און האַרציקער פשטות! ערשט דאָ, אין פאָדלאַסיע, וווּ עס ברעכן זיך אַלע סאָציאַלע ווענטלעך, האָט ער געקאָנט האָבן אויף אידען די ריכטיקע השפעה, ביז צו דעם באַשלוס אירן מיטצופאָרן מיט אים קיין ארץ־ישראל, אָנצוהייבן אַ ניי לעבן דאָרט.

אין זיין גרויסער נאַאיוקייט האָט ישראל אפילו נישט געפּרוווט זיך אָנשטויסן, אַז דער באַשלוס איז נישט זיינער, נאָר אירער, אַז זי האָט אים דעם באַשלוס אונטערגעזאָגט, דיקטירט אָן ווערטער. און אויך די גאַנצע אויפלעבונג זיינע, די צוגעקומענע פרישע ענערגיע, זיינע נייע האָפענונגען — אַלץ איז אירע. דעם גאַנצן מענטש האָט זי אַ פאַרחלשטן פון תהום פון פאַרצווייפלונג אַרויסגעצויגן און אים איבערגעמייסטערט לויט איר אייגענעם ווילן און באַגער.

אידע האָט געבויט פאַר זיך אַ ניי לעבן. איצט וואָלט זי שוין געקאָנט זיך מודה זיין, אַז קיין פאָדלאַסיע איז זי אַראָפּגעקומען נישט אַזוי צוליב דעם פעטערס קלוגער עצה, ווי צוליב ישראלן. זי האָט אים געהאַט אויפן אויג. פון זייער פריערדיקער פריינדשאַפט. ער איז געווען דער פאַסיקער מאַטעריאַל, דער געהעריקער ליים, פון וועלכן זי האָט בדעה געהאַט צו קנעטן פאַר זיך אַ נייעם לעבנס־באַגלייטער.

אויך איר פריערדיק לעבן האָט זי אויסגעקנאָטן מיט אירע אייגענע הענט. פון דעם ייִנגלשעוואַטן אשרן האָט זי דאָך געמאַכט אַ פאַברי־קאַנט מיט אָנזען, אַריינגעלייגט אין זיין האַנט אַריין די פעדים פון איר אייגענער איניציאַטיוו, אָבער אין איר פריערדיק לעבן האָט זי זיך אַנטוישט. דאָרט האָט זי אַ פעלער געמאַכט. צופיל וואָג געלייגט אויף שכל און פּראַקטישקייט און צו־טיף באַגראָבן איר אייגענע עקזאַל־טאַציע און ראָמאַנטיק. איצט האָט זי פון שטייג אַרויסגעלאָזט איר גאָר אַמאָליקן מיידלשן ראָמאַנטיזם, אויף צו־להכעיס דער גאַנצער פּראַק־טישער פאַרגאַנגענהייט. אויב אַ ניי לעבן — איז אויף יסודות נייע. אָבער אויך אונטער דער איצטיקער עקזאַלטאַציע האָט געשפּרודלט דער קאַלטער קוואַל פון שכל און אויסרעכענונג. אַזאַ איז זי שוין געווען פון דער נאַטור: הייסער טעמפּעראַמענט און קאַלטער שכל. האָט זי טאַקע זייער פּראַקטיש אָנגעצייכנט פאַר זיך איר נייעם ראָמאַנטישן לעבנס־פּראָגראַם. זי האָט „איינגעשטימט“ צו פאָרן מיט ישראלן קיין ארץ־ישראל און זי וועט האַלטן וואָרט. קיין „קבוצה“ געפעלט איר נישט. איר געפעלט בעסער אַ „מושב“. דאָרט, אויף דער באַשיידענער נחלה, האַלב אינדיווידואַליסטיש, האַלב־קאָלעקטיוויסטיש, וועט זי זיך אויס־בויען איר אייגענע מענטשלעכע נעסט, פאַרווירקלעכן איר אַמאָליקן יונג־מיידלשן חלום.

***

האָט אַ ים ווייץ געגלעט דאָס אויג מיט זיין עלאַסטישן אויסגוס.

זענען אָנגעקומען מענטשן מיט מאַשינעס, מיט מאָטאָרן, אַ געטער־פעריי פון פערד, מיט הייזעריקע און הילכיקע קולות און — אַ צוגאָב נאָך — מיט אַ מעשענעם אָרקעסטער, און אַ שליידער געטאָן אויפן רו־איקן, גאָלדיקן שטח דעם כאַאָס פון אַ שלאַכט־פעלד.

אין עטלעכע קאָמפּאַניעס האָבן זיך די שניטער צעשיידט אויפן גאָל־דיקן פעלד. און גלייך פון דער ערשטער מינוט זענען זיי אַריין אין אַ סכנותדיקן קאָנקורענץ־געווער, וועלכע קאָמפּאַניע וועט פריער פאַרטיק ווערן מיט איר באַשטימטן באַצירק.

דער אָרקעסטער איז אויף צוויי גרויסע פורן אַרומגעפאָרן פון איין קאָמפּאַניע צו דער צווייטער און צעזייט און צעשליידערט איבערן גאָל־דענעם פעלד זיינע מעשענע קלאַנגען. און פון דעם, וואָס די מוזיק איז אויפגעקומען אַלץ אין אַנדערע פּונקטן פון פעלד, האָבן די פאַרטונענע שניטער די אָריענטאַציע פאַרלאָרן, ווו דרום, ווו צפון.

די שניטער אַליין זענען שוין געווען טויבע מעשענע אויטאָמאַטן מיט ריטמישע באַוועגונגען. זיי האָבן שוין כמעט נישט געפילט זייערע אייגענע איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען, נישט געפילט, ווי מיט שווייס ווערט באַגאָסן זייער לייב. די הענט האָבן געטאָן זייער אַרבעט אויפן באַפעל פון די מעשענע קלאַנגען. אויף דעם זעלביקן באַפעל האָבן די גופים זיך אָנגעבויגן און אויסגעגלייכט, דאַכט זיך, קרעכצנדיק מיט די אָפּגעריבענע זאַוויאַסעס אין אַלע גלידער. אויב אין די געהירן האָט זיך נאָך באַוועגט איין מענטשלעכער געדאַנק, איז דאָס געווען: אַריבער־יאָגן דעם שכן. און אויפן געקאָדערטן פעלד, אויף די אָפּגעגאָלטע שטחים זענען פון אונטער די הענט געוואַקסן די שטייענדיקע געצעלטן פון צו־זאַמענגעשטעלטע גאַרבן, איין ריי נאָך דער אַנדערער, איין לאַגער דאָ, אַ צווייטער — דאָרט.

און די שניט־מאַשינעס האָבן געלאַסן דאָס זייעריקע געטאָן. מיט די ריזיקע רויטע אויסגעקרימטע שפּינען־פיס האָבן זיי זיך באַמיט אַרויפ־צודראַפּען אויפן גליטשיקן אויסגעבלייכטן הימל און פאַרבליבן קריכן איבער דר׳ערד. און איבער וועלכן שטח זיי זענען אַריבערגעקראָכן, דאָרט האָבן זיי — די רויטע שפּינען — געלאָזט הינטער זיך, ווי צעקוועטשטע פליגן, צעוואָרפענע גאַרבן און פון איין גאַרב צום צווייטן האָט זיך גע־צויגן, ווי אַ שפּינוועבס, דאָס שטאַרקע צוקער־שטריקל, מיט וועלכן זיי אַליין, די מאַשינען, האָבן די גאַרבן צונויפגעבונדן מעכאַניש.

אָפּט איז אַ שנייד־מאַשין קאַליע געוואָרן, זיך אָפּגעשטעלט און מיט אַן אויסגעצויגענעם פייף געבעטן הילף. און מיט אַ האַרץ־אויס־שרייענדיקן אימפּעט האָבן דאַן געיאָגט איבערן פעלד פאַרשוויצטע, פאַר־

מורזשעטע מעכאַניקער מיט לעדערנע טאָרבעס מכשירים איבער די אַקסל. דער שווערע אויטאָ מיטן וואָרשטאַט האָט טרייסטנדיק געריטשעט פון ווייטן שאָסיי ערגעץ. אויפן רויען פעלד האָט ער נישט געוואַגט מיט זיין שווערקייט צו פאַרקירעווען.

בערל אין זיין נאָס העמדל, צוגעקלעפּט צום לייב, איז געווען ווי אַ ווינטשפּיגערל. אומעטום און אין ערגעץ נישט. אָט גאַלאָפּירט ער אויף זיין אויסגעמאַטערט פערדל, ביי וועלכן די שווייסיקע באַקעס זע־גען איינגעפאַלן, אָט פאָרעט ער זיך מיט די מעכאַניקער ביי אַ שניט־מאַשין און אָט פירט ער שוין גאָר אָן מיטן שווערן אויטאָ.

ער האָט שוין אַליין נישט געקאָנט לינדערן דעם ווילדן אימפּעט פון דער אַרבעט, די ריטמישע בהלה פון שניט, וואָס איז געווען ווי די בהלה אַ טאָג פאַרן מבול.

צוועלף דעם זייגער האָט ער אויסגעשאָסן פון אַ ביקס. ווי עכאָס האָבן זיך אָפּגערופן ווייטלעכע שאָסן. אַ טרילער געפייף האָט זיך צע־יאָגט איבער די פעלדער, צוזאַמענגערופן די שניטער צו מיטיק און אָפּרו.

די פערד — אויסגעשפּאַנט, די שניטער — צעפאַלן איבערן פעלד, אַליין ווי די אונטערגעשניטענע גאַרבן, יעדער איינער מיט פודן הייס בליי אין רוקן־ביין און אין מוח, מיט אברים — ווי צעבראָכענע, מיט הענט און פיס — ווי פאַרברענטע.

איבער די פעלדער איז מיט איין מאָל אַ גרויס ליידיקייט געוואָרן, ווייל עס האָבן פאַרפעלט קולות, סיגנאַלן און מוזיק. די שניטערס פון אונטער די גאַרבן־ציילן האָט מען נישט אַרויסגעזען, די מאַשינעס אָן פערד זענען געשטאַנען ווי אָפּגעשונדענע סקעלעטן פון פאַרמבולדיקע חיות. נאָר אָפּטרייבנדיק די פליגן מיטן עק האָבן זיך געמיטלעך געפּי־טערט די אויסגעשפּאַנטע פערד.

שפּעטער מיט אַ שעה האָט ווידער געפּלאַצט די מעשענע באָמבע פון מיליטערישן אָרקעסטער און איינגעשפּאַנט פערד און מענטשן אין דעם צווייטן קאַפּיטל פון אַ טאָג קאַטאָרגע.

דאַכט זיך, אַז נאָך אַזאַ טאָג האָבן די ווייץ־פעלדער פון פּאָדלאַסיע געדאַרפט פאַרזינקען אין שטיינערנעם שלאָף גלייך מיטן זון־פאַרגאַנג. די שניטערס האָבן געדאַרפט פאַלן פון די קלאָציקע פיס דאָרט, וווּ זיי זענען געשטאַנען.

אָבער וואָס רייפער עס איז אָנגעקוואָלן דער סאַמעט פון דער שפּעטזומערדיקער נאַכט, אַלץ מער האָט נאָכגעלאָזט די פאַרטייעטע שטילקייט פון איבערמידיקייט. דאָ און דאָרט האָט זיך שוין געהערט אַ שטיל געלעכטערל, אַ פּייף, אַ רוף. גרופּקעלעך סילועטן זענען אויסגעוואַקסן אין פעלד. עס איז געווען, ווי דער ריזיקער טאָג־אימפּעט וואָלט די כוחות ניט אונטערגעזעגט, נאָר געגעבן זיי אַן אַנדערן, אַ ברייטערן מאַסשטאַב, אויפגעטרייסלט אין די מענטשן אַ פאַרבאַהאַלטענעם קוואַל פון ענערגיע און דאָרשט דאָס לעבן אויסצולעבן.

ווייט אין פעלד, אויף דעם אָפּגעשניטענעם שטח הינטערן טייכל, איז אויסגעוואַקסן אַ פאַרכישופטער קווייט פון אָנגעצונדענעם שייטער. דאָס האָבן די פּויערים פון באָריסאָווקע, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן פּאָדלאַסער קאָאָפּעראַטיוו, געפּראַוועט אַ קאַראַהאָד ביים פייער. עס ווימלט דאָרט אַ קרענצל פון שוואַרץ־רויטע מענטשעלעך, עס צעשפּרייט זיך אין דער נאַכט אַריין דער האָניק פון האַרמאָניש־באַהאָפטענע שטימען. פון אַלע עקן פעלד ציען זיך אַהין בויגעוודיקע, טונקעלע געשטאַלטן, ווי דאָרט, ביים פייער וואָלטן זיי זען אַ תיקון פאַר זייערע פאַרבלאָנדזשעטע נשמות.

אָבער די חלוצים שווייגן נישט. זייער פייער האָבן זיי צעלייגט ביים וועלדל, ביי דעם בזשאָזענעם וועלדל, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט ווייך פון אַלע זייטן. זיי מאַכן דאָרט שבת פאַר זיך. זיי טאַנצן אַ האָראַ און זינגען אַ האָפּקע. און אָנשטאָט דעם דערעסענעם מעשענעם אָרקעסטער פון בייטאָג זומט דאָרט איצט, ווי אַ פרידלעכע בין, אַ מאַנדאָלינע און אַ ליימענע קאַרינע פאַרגייט זיך דאָרט אין זויערלעכער מתיקות.

און צווישן איין פייער אין פעלד און אַ צווייטן איז אַ דופּטיקער תהום פון וואַרעמער פינצטערניש. פון דעם תּהום אַרויס רופט אַ לויטערע דאָרפישע פרויען־שטים, רופט ווי אַ קלאַרנעט און עס דאַכט זיך: ביי דער פרוי דאַרפן זיך די קני בויגן אין צייטיקן דאָרשט:

— וואַ—אַ—סיוק! וואַ—אַ—סינקאַ!

איצט, אַז ישראל האָט מיטגעטאַנצט מיט די חלוצים דעם שפּיציקווינקלדיקן יידישן טאַנץ, האָט שוין דאָס קיינעם אַרום נישט געחידושט. אַ מענטש דאַרף — אָדער טאַנצן, אָדער — שטאַרבן.

און אינמיטן דעם לעבעדיקן רעדל האָט באַזונדער געטאַנצט די

חלוצישע מוזע — די שיינע מרים מיט די רונד־געשניצטע ברעמען און צאַרטן אָוואַל. זי האָט געטאַנצט אין איר ווייס קליידל מיט די ווייסע שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס, אין דעם קליידל מיט די שיכלעך, וואָס זי האָט נאָך מיטגענומען פון היימישן טאַטע־מאַמעשן גוטס און אַזוי האָט זי איצט אין דעם קליידל מיט די שיכלעך אָוועקגעטאַנצט פון טאַטע־מאַמע צו מאַמע־ציון. זי האָט נישט אַזויפיל געטאַנצט, ווי מאָ־יעסטעטיש פּאַזירט — די שיינע מרים. זי האָט געוווסט, אַז זי איז שיין און אַז יעדער איר בויג מיטן קאָפּ און קנייטש מיטן אַקסל רופן אַרויס ביי די חברים אַ שטילע פאַרליבטע באַגייסטערונג. און זי האָט געוואָלט אַזוי — די שיינע מרים. זי האָט געוואָלט צובינדן, צוכישופן צו זיך די חברה מיט איר שיינקייט. און אין איר נאַאיווער פרויאישקייט איז גע־לעגן אַ הייליקע עבודה. אַזוי האָט זי מיט איר ריינער שיינקייט געדינט דער מאַמע ציון. זי איז געווען באַרופן דערצו. זי איז געווען די לעבע־דיקע געשטאַלט פון ציון אויף די פעלדער פון גלות. איז דען אַ לעבע־דיקער מענטש מיט גוף און נשמה ווייניקער ווערט ווי אַן אידעע? און איז דען די אידעע נישט לעבעדיקער און טייערער, ווען זי קריגט איר פאַרקערפּערונג אין אַ לעבעדיק געשטאַלט? אין אַ שיין מיידל?

די שיינע מרים האָט די חלוצים באַגייסטערט און מיטגעריסן. זי האָט זיי גערופן מיט איר טאַנץ אַהין, קיין ציון, זי האָט מיט איר טאַנץ געמאָלט לעבעדיקע ביבלישע בילדער פאַר זייערע אויגן. און דאָ, אויף פּאַדלאַסקיס ווייץ־פעלדער, האָבן זיי זיך שוין איצט געפילט צווישן טייטל־ביימער און איילבירטביימער אויף די בערג פון יהודה, ביי די שטיינערנע ברינימער.

האָט אידע אַרויסגעצויגן ישראלן ביים אַרבל פון רעדל אַרויס. מיט האַרטער און הייסער האַסטיקייט האָט זי אים געצויגן ערגעץ טיף, אין וואַרעמען, פינצטערן תהום.

— קום, ישראל, קום! וועסט זיך נאָך פאַרליבן אין דער שייגער מרים, און וואָס וועט זיין?

— טייערינקע מיינע, וואָס רעדסטו, וואָס?

— נו־יאָ! נו־יאָ! —

אידעס שטים האָט געקלונגען גאָר מיידלש־קינדעריש. איר אייפער־זוכט — אַזאַ פלוצלונג דאָרפיש־הייסע און דאָס האַלטן אים שטייף

פאַרן אַרבל אַזוי אָפּנהאַרציק־אומצוטרוילעך, אַז ער זאָל נישט אַנטלויפן — דאָס אַלץ האָט ישׂראלן צום קאָפּ געשלאָגן, ווי אַ שטאַרקער ווײַן. ביז איצט איז ער נאָך אַ פאַרליבטער פרײַנד געווען. איצט האָט ער זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי אַ מאַן און באַשיצער. קיינמאָל אין זײַן פריער־דיקן אומגליקלעכן זיווּג האָט ער זיך נישט געפילט אַזוי מענעריש און באַשיצעריש.

דינה פלעגט אין די פּאָעטישסטע מינוטן אים געבן צו פילן, אַז עס איז פאַראַן עמעצער, וואָס שטייט העכער פאַר אים, אומדערגרייכבאַר העכער.

איצט, שפּאַנענדיק מיט אידען ערגעץ אין דער פינצטער, מיט דער אידען, וואָס האָט זיך צוגעקלאַמערט צו אים און געזוכט זײַן שוץ — איצט האָט ישׂראל זײַן אייגענע פויסט פאַרקוועטשט און צום האַרצן צוגע־דריקט און אין דער שטיל זיך געשווירן אויפן ירושלימער נוסח:

— זאָל מיר אָפּגענומען ווערן די רעכטע האַנט, אויב איך וועל פאַרגעסן אָן דיר, אידע!

און גערעדט האָט זי איצט גאָר מיט אים וועגן רעוואָלוציע.

אויף אַ מערקווירדיקן אופן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין איר באַ־ווסטזײַן די רוסישע רעוואָלוציע. געבענטשט זאָל זײַן די רעוואָלוציע — דער נייער אָנהייב. די רעוואָלוציע איז דאָך אין איר, ווײַל זי האָט צעבראָכן איר פריערדיק לעבן. די רעוואָלוציע איז דאָך אין ציון, ווײַל דאָרט וועט זי אָנהייבן אַ נייעס. און ער, ישׂראל אירער, איז דאָך אַ רעוואָלוציאָנער. ווי האַרמאָניש דײַן וועלט איז, גאָטעניו! איז דען נישט ארץ־ישׂראל די אמתע רעוואָלוציע פון גאַנצן יידישן לעבן? איז דאָס נישט אַ נײַ בלאַט אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק?

יאָ, דאָס אַלץ האָט פאַרשטענדלעך גערעדט צו ישׂראלס האַרץ, אָבער מיט נאָך נישט קיין גאַנץ קלאָרער שפּראַך, מיט אַ שפּראַך, פון וועלכער ער, ישׂראל דער אַרבעטער, האָט קוים געקאָנט דעם אלף־בית, מיט דער שפּראַך פון ראָמאַנטיק.

— זעסט, ישׂראל, אָט־די זיבן שטערן איבער אונדז — דעם גרויסן בער, ווי מ׳רופט עס. ווי מיינסטו, ווו וועלן מיר זיי זען פון גליל, אוודאי ביים סאַמע האָריזאָנט ערגעץ.

— מען זאָגט, אַז די שטערן פינקלען דאָרט שטאַרקער און ווייזן

אויס גרעסער איידער דאָ — האָט ער אומזיכער געפּרוווט די נייע שפּראַך און ער האָט שיער נישט געזאָגט: איידער דאָ אין גלות.

— יאָ, טייערער! אין די לבנה־נעכט ביים ים־כינרת קאָן מען פּשוט פון זינען אַראָפּ.

— מען זאָגט — איז ער שוין געוואָרן פעסטער ביי זיך און אַרומ־גענומען איר עלאַסטישע טאַליע — מען זאָגט, אַז פון הר־הצופים זעט מען אַ מערקווירדיקע פּאַנאָראַמע, מען זאָגט. האָט די נאָענטע פינצטער־ניש זיי אויסגעשאָסן מיט אַ גלעלכטער אין פּנים. זיי האָבן זיך אָנגע־שטויסן אויף צוויי סילועטן. און ס'איז געווען, ווי זיי וואָלטן זיך אָנגע־שטויסן אָן זייער אייגענער אָפּשפּיגלונג אין שפּיגל פון דער נאַכט.

— ווער? — האָט ישראל געפרעגט — און אַרויסגעכאַפּט און אָנ־געדריקט דאָס עלעקטרישע לעמפּל.

דאָס קעגנאיבערדיקע פּאָרל האָט געזשמורעט די אויגן און געלאַכט: דאָרעטשקע מיט דעם פּאָדלאַסער וועטערינאַר — גלוסקינען. דאָרעטש־קע, אין איר לאַנגן שאַל איינגעוויקלט, איז געשטאַנען צוגעטוליעט צו דעם שלאַנקן דעקאַלטירטן וועטערינאַר, ווי זי וואָלט וועלן זיך אויס־באַהאַלטן פון דעם חוצפּהדיקן עלעקטרישן פלעמל.

ווען צוויי פּאָרלעך שטויסן זיך צונויף אין טאַנץ פון פעלד און פון נאַכט, איז דאָס לעמפּל טאַקע איבעריק. ישראל האָט עס אַליין דערפילט און אַריינגעשטעקט דאָס לעמפּל אין הויזן־קעשענע.

— ווי קומט איר אַהער, גלות־קינד, ווי קומט איר עפּעס אַהער, האָ?

זינט גלוסקין, דער סאַראַטאָווער סטודענט, האָט זיך אין פּאָדלאַסיע באַפריינדעט מיט די חלוצים, איז נישט געווען פאַר אים קיין ערגערע זאַך, ווי הערן, אַז מען פאַרבייט זיין פאַמיליע גלוסקין אויף גלות־קינד. אָבער ישראלן האָט נישט באַקומען זיין וויץ. דאָרעטשקע האָט זיך נאָך שטאַרקער צעלאַכט.

— ישראל! זע, ווו עס ברענט ביי דיר, ישראל!

ישראל האָט איצט גאָט געדאַנקט, וואָס קיינער זעט נישט, ווי ער איז רויט געוואָרן. געלאַכט האָבן איצט אַלע, אידע אויך. ווייל געברענט האָט ביי ישראלן דאָס לעמפּל טיף אין דער לייוונטענער הויזנקעשענע.

אין די הפסקות פון געלעכטער האָט דאָרעטשקע דערציילט:

שוין אַ פּאָר שעה, ווי זיי וואַנדערן איבער פינצטערן פעלד און

קאָנען זיך צו בערלס געצעלט נישט דערשלאָגן. דאָרעטשקע וויל דאָ דווקא בלייבן נעכטיקן. אַוועקגעלאָזט האָבן זיי זיך אין פעלד פאַרנאַכט־לעך, נאָך דער אַרבעט. נישט געקאָנט איינזיצן אין דער היים, ווען אַלע זענען דאָ. דערווייל האָט מען אָפּגערוט ביים טייכל. דערווייל איז צו־געפאַלן די נאַכט. און דער פֿויערישער כאָראָוואָד האָט דאָך אויך עפּעס צו זאָגן. מען איז געגאַנגען אָנקוקן, איז מען אַריינגעצויגן געוואָרן אין טאַנץ.

— איך האָב זי קוים אָפּגעריסן פון די שקצים — האָט גלוסקין זי פאַרמסרט.

— און ווער האָט אַ שעה צייט נישט געוואָלט פון וואַסער אַרויס?

אַזוי האָבן זיי צו זייער אייגענער חרפּה פאַרמסרט איינע די אַנדערע און באַדעקט זייערע קעפּ מיט בזיונות.

און געשפּאַרט האָט פון זייערע רייד דער כאַאָס פון אויפגעברויז־טע יונגע בלוטן, פון בלאָנדזשעניש אין פעלד באַנאַנד ביידערנאַכט און דאָס פּיקאַנטסטע איז געווען, וואָס גלוסקין האָט דאָ געשפּילט די ריי־טערלעכע ראָלע פון איר באַגלייטער צום פעטער בערלס געצעלט.

— איר מוזט זיין גוט הונגעריק, חברה? — איז ישראלן איינגע־פאַלן.

האָבן זיי ווידער געלאַכט. נאָך קיינמאָל אַזוי פיל און מיט אַזאַ אַפּעטיט נישט געפרעסן. יעדע קאָמפּאַניע שניטער האָט איבער דעם פאַרבלאָנדזשעטן פּאָרל רחמנות געהאַט און געבעטן צום נאַכטמאָל. און עס איז אויסגעקומען, אַז זיי קאָנען אַזוי פון רחמנות אָפּלעבן אַ לעבן. מער נישט אין איין אָרט האָבן זיי געהאַט אַ מיאוסן אַפּשניט. ווען, לויט דער ווּיסטער געוווינהייט, האָבן זיי זיך צוגעשאַרט צום לעבל ברויט דאָרט, האָט מען זיי דאָס עסן פון דער האַנט אַוועקגענומען:

— ליידיקגייער, גייט געזונטערהייט. צוויי מאָל עסן גיט מען נישט. ערשט מיט אַ שעה צוריק זייט איר דאָ געוועזן!

אַזוי האָבן זיי זעבעך געקרייזט און געבלאָנדזשעט איבער דעם כאַאָס פון די פאָדלאָסער ווייץ־פעלדער.

— איז ווו, זאָגט איר, געפינט זיך בערלס געצעלט?

אידע האָט זיי געזוי און דייטלעך אָפּגעמשלט אין וואָס פאַר אַ ריכטונג זיי דאַרפן זיך פאַרנעמען פון פעלד־שטאַב, הייסט עס, לינקס

פון דעם חלוצישן פייער, ביז דער ערשטער שנייד־מאַשין, דאַן מיט דעם גאַרבן־וועג רעכטס.

— אָבער נישט רויכערן, איר הערט? ס'איז פאַרווערט. — און זי האָט אַרויסגעכאַפּט פון גלוסקינס הענט די שוועבעלעך, מיט וועלכע ער האָט זיך געפּאָרעט צום פאַררויכערן.

— פריער לינקס... נאָכדעם רעכטס — האָבן געקרעכצט די וואָג־דערער, פאַרזינקענדיק אין דער פינצטערער נאַכט — אוי, ווײ צו אונדז, ווײ צו אונדז!

ישראל מיט אידען זענען געבליבן שטיין שטייף אַרומגענומען, האַרץ צו האַרץ.

— פעטער בערל, נעבעך — האָט אידע אָפּגעזיפצט.

ישראל האָט געוווסט, וואָס דער זיפץ באַדייט. פון פעטערס נאָענ־טער פריינדשאַפט מיט דער קליינער לערערין האָט אידע קיין גוטס ניט דערוואַרט.

— און דו האָסט דערציילט בערלען, אַז ביסטריצקי לעבט?

— ערשטנס ווייס איך נישט, צי ער לעבט — האָט ישראל גע־ענטפערט — דאָס האָט דאָך נאָר שייקע פאַרזיכערט. מיר האָבן שפּע־טער אים געזוכט אין שטאָט דעם דייטש און נישט געקאָנט אויסגע־פינען. שייקע איז אַוועקגעפאָרן.

— אָבער דער פעטער דאַרף דאָס פונדעסטוועגן וויסן. פאַר איר, פאַר דאָרעטשקען, וואָלט איך עס אויסבאַהאַלטן.

זי האָט ישראלן געפירט ערגעץ אַלץ טיפער אין וואַרעמען תהום, אַלץ ווייטער פון די צעקלונגענע פייערן. ישראל איז שוין געגאַנגען ווי אַ בלינדער. מיט יעדן טריט — האָט זיך אים געדאַכט, וועט ער גיין באַרג־אַראָפּ און ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס די ערד אונטער די פיס, די ווייכע ערד, איז אין אַ גלייכער נאָענטקייט, זי ווערט נישט נידעריקער. איצט איז שוין גאָר שטיל אַרום. די חלוצים זענען שוין מיד. נאָר פון דער ווייט, פון צווייטן פייער וויקלט זיך נאָך די האַרמאָנישע לענטע פון פיל־שטימיקן געזאַנג.

ישראל מיט אידען האָבן געפונען זייער באַהעלטעניש צווישן די גאַרבן אין פעלד.

— וועסט זיך פאַרליבן אין דער שיינער מרים? וועסט זיך פאַר־

ליבן? — האָט אידע אים באַפעלעריש געצויגן אין אירע אָרעמס.

— ניין, טייערע, ניין! איך בין דאָך דיינער.

— זאָלסט זיין מיינער, מיינער.

אזן אויף די עלאַסטישע גליטשיקע גאַרבן האָט אידע זיך אים אָפגעגעבן מיט דער בהמהשער נאַטירלעכקייט פון אַ דאָרף־שיקסע.

ישראל האָט געקאָנט צוויי אידעס. איינע די אין זיינע אָרעמס, די הייס־צאַפּלדיקע, מאָגענדיקע. די צווייטע — די ווילדדערצויגענע, צו־ריקגעהאַלטענע און טאַקטישע וואַרשעווער דאַמע, פאַר וועלכער ער האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ און אַ ביסעלע מורא. איז אים שווער געווען צו פאַרבינדן אין זיין פאַרשטעלונג אָט דיביידע אידעס. ביידע זענען גע־ווען רעאַל ווען באַזונדער. צוזאַמענגענומען זענען זיי געווען אַ פאַנטאַס־טישער חלום, וואָס האָט געדראָט יעדע רגע צו ווערן איבערגעריסן. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין — דער באַשיידענער מענטש — מיט וועלכער קראַפט ער האָט די וואַרשעווער דאַמע צו זיך צוגעבונדן ביז צו אַזאַ אינטימער נאָענטקייט. אים איז נישט איינגעפאַלן — דעם נאַ־איוון מענטש, אַז דאָס האָט די פרוי אים גענומען, ווי זי האָט גענומען אַלץ אין לעבן מיט די אייגענע הענט. אים איז אויך נישט איינגעפאַלן אין זיין צניעותדיקייט, אַז ווען אַ ווילדערצויגענע וואַרשעווער דאַמע וויל נעמען דעם מאַן, איז זי דאָס געצוווּנגען צו טאָן אויף דעם אייגע־נעם אורמענטשלעכן בהמהשן שטייגער, ווי דאָס טוט די דאָרף־שיקסע.

***

ביים ריף פון געצעלט, וואָס האָט געהייסן: דער פעלד־שטאַב, איז געזעסן בערל פאָדלאַסקי, געזעסן אויף אַ בלעכענעם קעסטל מעכאַניש־געצייג און געקילט זיין נאַקעט לייב ביזן גאַרטל אין דעם קוים באַוועג־לעכן זייד פון ביינאַכטיקן ווינטעלע. איינשלאָפן האָט בערל נישט גע־קאָנט צוליב דעם נאָגנדיקן ווייטיק. ביים פאַרריכטן אַ קאַליע־געוואָרענע שנייד־מאַשין האָט ער זיך געמאַכט אַ טיפע וווּנד אין דער דלאָניע. די וווּנד האָט מען פאַריאָדינירט און די האַנט פאַרבאַנדאַזשירט. דעם ערשטן שאַרפן ווייטיק האָט בערל פאַרטריבן מיט אַ האַלב פלעשל ספּירט, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען גלייך אויפן ניכטערן האַרצן. איצט איז דער ווייטיק געווען אַן איינגעבירגערטער און אַ נאָגנדיקער. בערל האָט מיט

דעם װײטיק שלום געמאַכט, אָבער אײנשלאָפן — נישט געקאָנט. דער דופק פון דעם גאַנצן גוף האָט זיך בײ אים קאָנצענטרירט אין דער הײ־סער פאַרװונדעטער האַנט, בײ דער װונד טאַקע און געשלאָגן ריטמיש און שװער, װי פון דער װונד װאָלט טריט נאָך טריט אַרױסמאַרשירט דאָס חיות.

בערל האָט געקוקט צו די שטערן, צו די פײערן אין פעלד, זיך צו־געהערט צום װײטן געזאַנג און אַלײן זיך פאַרגאַנגען אין אַ צעצױגענעם אומעטיקן ניגון אױף אַ שטילן פאַלצעט. געזונגען האָט ער אַן אַלט רוסיש לידל, װאָס איז מיט אים מיטגעגאַנגען אַמאָל פון סיביר. און די װערטער פון דעם האַלב־טאָטערישן ניגון האָבן זיך געצױגן, װי פון פעך, אומגעלומפערט־פרימיטיװע, שטאָלפּערדיק־גראָטעסקע, אָבער דער ניגון אַלײן איז זיך פאַרגאַנגען אין אַן אורמענטשלעכן אומעט:

רײטן רײט ער
אױף אַ שיװן, אױף אַ פערד.
און דאָס העמדל אױף אים —
פײער־רױט
און די הױזן אױף אים —
ליקסאַנדרישע
און דאָס היטל אױף אים —
װי די הערנער בײ דעם רוח.

צי האָט בערל זיך צוגעהערט צו די װערטער, װאָס ער ברענגט אַרױס פון מױל? יעדע סטראָפע האָט זיך אױסגעצױגן מיט אַזאַ פינאַל פון פאַרפרױרענער טרײסטלאָזיקײט, אַז פון דעם אומגעלומפערטן לידל האָט אָנגעהױבן צו װײען מיט עפּעס אַן אוראַלטער װעלט־חכמה.

בערלס פאַלצעט האָט זיך אַרײנגעעקבערט אין דער סאַמע טיף פון דעם ניגון און אַרױסגעשרױפט פון אים די פײן אין אוראַלטע, אין אײז־פעריאָד פאַרגאַנגענע דורות. אפשר האָט עס זײן װונד אַזױ געזונגען און אפשר זײן בלוט אַזױ.

באַדאַרפט האָט אַזױ זיצן און מרוקען אין פינצטערן פעלד אַ מענטש אַ האַלב־נאַקעטער מיט טױזנטער און טױזנטער יאָרן צוריק, װען די פּאָעזיע פון טאָן האָט װײט אָריבערגעיאָגט דעם אָרעמען װערטלעכן אױסדרוק.

און בערל האָט זיך גאָרנישט צוגעהערט צו דעם, וואָס ער זינגט. ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין דופק אין דער פאַרוווּנדעטער האַנט.

אָט דער שטאַרקער דופק איז איצט געווען, ווי אַן אָפּן טירעלע אין דער מאַשין־אָפּטיילונג, פון וואַנען עס הערט זיך דאָס קלאַפּן פון דעם מאָטאָר פון זיין לעבן. און דאָס, וואָס דער מאָטאָר קלאַפּט רעגלמעסיק און שטאַרק, באַווייזט, אַז ער איז אין פולן גאַנג. און דאָס, וואָס דאָס טירעלע איז אָפן, דערמאָנט אָן דעם, אַז די מאַשין וועט זיך מוזן אָפּ־שטעלן.

צי איז נישט אַלץ אייגס, ווען דאָס וועט געשען? אפשר אין אַ פּאָר טאָג אַרום פון אַ בלוט־פאַרגיפטונג אין דער האַנט. און אפשר וועט עס געשען מיט אַ יאָר אָדער צען יאָר שפּעטער. סיי־ווי־סיי האָט בערל פאַר זיינע אויגן יענע רגע, ווען דער מאָטאָר וועט זיך אָפּשטעלן. און יענע רגע איז דאָך שטאַרקער פאַר טעג און יאָרן, באַדייטנדיקער. בלויז פון ד'עם הויך פון יענער רגע צערינט זיך די צייט, ווי אַ רויכל.

נישט צום ערשטן מאָל טראַכט בערל פּאָדלאַסקי וועגן יענער רגע. אַנדערש וואָלט ער דאָך פאַר זיך אין ליאַסאָווע קיין קבר נישט אָנגע־גרייט. אָבער איצט איז דאָס טראַכטעניש זיינע אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָנשטרענגונג און מאַטערניש, וואָס אַ מענטש נעמט אויף זיך פריי־וויליק און מיט פרייד.

ווו איז דער זין פון אַזאַ אָנגעשטרענגטער אַרבעט, ווי די, וועלכע ער האָט דורכגעפירט, למשל, היינטיקן טאָג?

ווו איז דער זין פון דער פאַרכאַפּערישער ענערגיע פון מענטש און אַ פּשיטא שוין פון אָרגאַניזירטן קאָלעקטיוו, וועלכער קאָן וועלטן איבער־קערן, די נאַטור גובר זיין, ווונדער שאַפן און בלייבט דאָך אויפן פלייש־באַנק אין יענער וויכטיקער רגע, ווען די מאַשין פון מענטשנס לעבן שטעלט זיך אָפּ?

און בערל קאָנטראָלירט נאָך אַמאָל זיין אייגענע תשובה, וועלכע איז ביי אים שוין צוגעגרייט פון לאַנג.

דאָס קומען און דאָס אַוועקגיין פון מענטשן אויף דער וועלט זענען נישט אַזוי שרעקלעך אין זייער פאַרשלאָסענעם סוד, ווי שרעקלעך ס'איז דער אומזין פון דער נאַטירלעכער באַשטימונג פון דעם מענטש: דער־האַלטן דעם מין און פאַשען דעם גוף פאַר די ווערים.

ליגט טאַקע דער זין פון מענטשלעכן אויפטו אין קינסטלעכן אויס־מיידן דעם דרוק פון נאַטירלעכן אומזין.

דאָס איז נישט קיין חכמה. דאָס איז טאַלענט צו באַזיגן דאָס לעבן. אַזאַ טאַלענט האָט ער, בערל פּאָדלאַסקי, און דאָס איז די שטילע טיפע פרייד פון זיין אויסדערוויילטקייט. בערלס פרייד איז איצט ענלעך צו אַ געוואַלדיקער רואיקייט פון אַ פעלדז ביים ים. אַזוי זיצט דער מענטש אַ האַלב נאַקעטער, ביים ריף פון געצעלט, באָדט זיין האַריק לייב אין ווייכן ווינטל און הערט זיך צו גלייכצייטיק אי צו דעם ווייטיק אין זיין פאַר־ווונדעטער האַנט, אי צו דער פרייד פון זיין גרויסן באַרוף, צו קאָנען מענטשן מיטרייסן און אַוועקרייסן פון דעם אומזין פון זייער נאַטיר־לעכער באַשטימונג.

נאָר פלוצלונג האָט בערל איבערגעריסן זיין שטיל געזאַנג. עס האָט זיך אויסגעשיילט פאַר זיין אָנגעשטערענגטן בליק אַ קליינער באַקאַנטער סילועט אין דער דורכזיכטיקער טונקלקייט. ווי זיין אייגענע האַלוצי־נאַציע איז דער סילועט אויסגעוואַקסן מיטאַמאָל. און, האַלב פאַרווישט, האַלב־פאַרניקט, האָט דער סילועט אַ שוועב געטאָן צו אים. זיך אַראָפּ־געלאָזט אויף דר׳ערד, איז דאָרעטשקע שוין מיטן הייסן קאָפּ אויף בערלס קני געלעגן.

— זינג, בערעלע, זינג, האַרציקער! האָסט אַזוי טייער געזונגען!

— דו? דו, נאַריש מיידעלע דו! אַליין גאָר אין פינצטערן פעלד ביידערנאַכט?

מיט דער געזונטער האַנט האָט ער געגלעט אירע פייכטע האַרט־לעכע האָר, איר פאַרשוויצט פנימל און זי האָט אים דערציילט, ווי אַזוי זי האָט געבענקט נאָך אים, ווי אַזוי זי האָט אים געזוכט אין פעלד. און ווען אירע זוכנדיקע הייס־הונגעריקע הענט האָבן אָנגעטראָפן אויף זיין קיל־נאַקעטער האָריקער ברוסט, האָבן זיי אין זיין לייב זיך איינגעביסן מיט אַ בייזער הונגעריקייט און איר קליינער גוף האָט העפטיק אויפ־געפלאַטערט און מיט דער הויט פון זיינע פיס האָט בערל געפילט, ווי עס ווערן אָנגעגאָסן שטייף די קנאָספן פון אירע קליינע בריסט.

דאָס איז זי דאָך געגאַנגען צו אים אין פעלד, ווי רות צו בועזן. אָבער וואָס קאָן זי זיך העלפן, אַז זי האָט געבלאָנדזשעט? דאָס איז דאָך זיין, בערלס, שולד, וואָס ער שטויסט זי אָפּ פון זיך און לאָזט זי בלאָנדזשען.

און אפשר דערפאַר האָט איר ליידנשאַפט געגרענעצט מיט שנאה, בעת זי האָט זיך איינגעקניפּן מיט דער האַנט אין זיין האַריקער קילער ברוסט.

זאָל זי כאָטש קאָנען זיך מודה זיין! זאָל זי כאָטש קאָנען אים דעם אמת זאָגן, אַז מיט אַ צען מינוט צוריק, אין שאַרכנדיקן ווייץ און נישט ווייט פון זיין געצעלט האָט זי זיך געראַנגלט מיט זיך און מיט גלוסקינען און מיטן לעצטן פונק פון באַוווסטזיין און בלויז אַ דאַנק דער פינצטערער נאַכט און גלוסקינס נישט בריהשקייט האָט זי פון זיינע אָרעמס זיך אַרויסגעריסן!

און אפילו איצט, ווען זי ליגט צופוסנס ביי דעם מענטשן, אין וועלכן זי איז פאַרליבט, וועלכן זי גאַרט מיט דער גאַנצער פאַרשאָלטענער ברענענדיקייט פון איר נאַטור, ווען זי קלאַמערט זיך אַ פאַרשמאַכטע צו בערלס לייב, צו דעם לייב, פון וועלכן עס שמעקט מיט וואַלד און מיט מאַן און מיט אורקראַפט, אַפילו איצט שפּירט זי דאָך אין איר לייב אַ באַנגלעכע נאַכווייעניש, פאַרוואָס זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון גלוסקינס אָרעמס.

צו די אויגן איז איר געבליבן, ווי צוגעקלעפּט, דאָס טונקעלע געשטאַלט פון שלאַנקן, נאַקעטן וועטערינאַר, וועלכער האָט אייסגעזען, ווי אין זיין אייגענעם שאָטן־טריקאָ אָנגעטאָן, בעת ער האָט זיך געבאָדן אין טייכל.

אָבער ווי קאָן זי דאָס אַלץ אויסדערציילן פאַר דעם, וועמען זי האָט ליב? צופיל נאַקעטקייט, שווידערלעכע נאַקעטקייט פון איר פאַרגאַנגען לעבן האָט זי שוין אָפגעדעקט פאַר אים, אַז זי זאָל נאָך קאָנען זיך ווייזן אין איר לעצטער געפאַלנקייט. און ער, בערל — ער וויל איר נישט העלפן, ער שטויסט זי אָפּ פון זיך, ער קריגט זיך מיט איר, אָדער ער צווינגט זי, אַז זי זאָל זיך קריגן און רייצן מיט אים.

און גערעדט האָט זי צו בערלען נישט דעררעדטע און היציקע ווערטער. און געוויקלט האָט זי זיך אַ פאַרשיכורטע אַרום זיינע פיס. און זי האָט מיט איר לייב אים געכישופט און באַשווירן און געמאָנט, בעת אירע ליפּן האָבן אויסגערעדט אַלדאָס בייז אויף איר אַליין.

— בערל! ס'אַ ווילדע איך בין! ס'אַ אומדערטרעגלעכע, שמוציקע

באַשעפעניש איך בין! ווען דו זאָלסט וויסן, בערל, וואָסטו מיך נישט געצערטלט אַזוי. נישט געצערטלט! אוי, צערטל מיך, בערל, צערטל מיך!

איז אין איר פיינלעך־מאָנענדיקן „צערטל מיך!" — געווען עפּעס אַזוינס, ווי זי וואָלט אים אַ פאַרשטאָכענעם אבער אונטערגעטראָגן און געבעטן זיך אַרויסצונעמען די שטיק גלאָז פון פאַרווונדעטן אָרט.

און בערל האָט זי לייכט אויפגעהויבן מיט דער געזונטער האַנט און זי געזעצט אויף זיינע קני.

אָט איז אַריין די פרוי אין זיין לעבן און זי טרעט אויף זיין האַרץ, ווי אַ באָרוועסער אָפּגאָט. עס מאַכט נישט אויס, וואָס זי איז קליין, וואָס זי איז אַ קינד קעגן אים. צעשפּרייט האָט זי אים, דעם געזונטן מאַן, איבער דער ערד און פאָדערט פון אים זיין נאַטירלעכע באַשטימונג: דערהאַלטן דעם מין און מיט דער ערד זיך אויסמישן. און געוויס האָט ער זי ליב — די קליינע פרוי, אויב ער האָט זי מיט אַלע מיטלען אויסגעמיטן, און אין דער איצטיקער וואַרעם־פינצטערער רגע פילט ער אַזאַ מיסטעריעזע שרעק פאַר זייער דערנענטערונג.

ער הייבט זי אויף מיט דער געזונטער האַנט און ער טראָגט זי, ווי אַ קינד, ווי אַ ליאַלקע, די פרוי, וועלכע הערשט איצט איבער אים, ער שפּאַנט אין דער וואַרעמער פינצטערניש ערגעץ, צו די גאַרבן.

אָבער דאָרעטשקע האָט זיך דערשראָקן פאַר עפּעס, אפשר פאַרן אָנקלאַפּן זיך מיטן קאָפּ אָן אויסגעשטערנטן הימל, אפשר פאַרן פינצטערן־מוטנעם תהום, איבער וועלכן זי האָט אַזוי הויך געשוועבט.

זי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און זיך אָנגעכאַפּט אָן בערלס צווייטער האַנט — אָן דער פאַרווונדעטער. און מיט אַ ברום פון ווייטיק דורך די פאַרפרעסטע ציין האָט בערל זי פון דער האַנט פאַרלאָרן און די קני זיינע האָבן מיט אַ ציטער זיך אונטערגעבראָכן.

איז דאָרעטשקע צוגעפאַלן מיט די ליפּן צו זיין פאַרווונדעטער, פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט, ווי וועלנדיק דעם ווייטיק זיינעם אין זיך אַריינזויגן. און הייסע טרערן האָבן איר דורכגעלעכערט די אויגן און אויפגעלייזט דעם טשאַד פון איר ווילדער ליידנשאַפט. איר קערפּער איז שוין געווען נישט קיין ווונד, נאָר אַ שטיק לויטערע ליבע.

פון פּלוצלונגן שאַרפן ווייטיק, האָט עס בערלען געשווידערט און דאָ־

רעטשקע האָט אים מיט איר גרויסן לאַנגן שאַל איינגעדעקט און לעבן זיין גרויסן גוף זיך פאַרטייעט, ווי אַ הינטל. דער מאָרגנשטערן האָט זיי דערזען ביידע שלאָפנדיקע אונטער איין שאַל, ווי מידע קינדער.

***

פלטיאלס טאַפּטשאַן אין „פעלד־שטאַב" האָט געוואַרט אויף זיין באַלעבאָס אַ גאַנצע נאַכט. פלטיאל איז אַוועק און איבערגענעכטיקט ביים וואַסער. פאַרקראַכן איז ער צום טייכל אויסבאָדן זיך נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, און שלעפּן זיך צוריק אַ שיינע פּאָר וויאָרסט צום פעלד־שטאַב האָט זיך אים נישט געגלוסט. און ווי דאָס האַרץ וואָלט אים גע־זאָגט, אַז ער וועט קיין חשק נישט האָבן צוריק צו גיין, האָט ער מיטגע־שלעפּט צום טייכל זיין שעפּסענעם טולופּל. איז ער איצט אַרונטערגע־קראָכן אונטערן אויסגעבויכטן טולופל, ווי אַ טשערעפּאַכע אין איר אי־בערגעקערטער שיסל אַריין, אַריינגעצויגן די לאַנגע הענט און פיס און געקרעכצט פאַר תענוג. האָבן זיינע איינגעשרומפּענע גלידער געזונגען די שירה פון מידקייט און געהאַלטן אים אין איין דאַנקען פאַר דער קאַל־טער באָד און פאַר דער איצטיקער מחיהדיקער וואַרעמקייט. פלטיאל האָט אַלץ געטראַכט: ער וועט זיך אָפּרוען, וועט ער אפשר גיין אַהיים.

אָבער ווען ער האָט געעפנט די אויגן און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטערן טולופּ, איז שוין נישט געווען צוליב וואָס צו איילן זיך.

ער האָט אין איין אָטעם, — ווייזט זיך אַרויס — אָפּגעשלאָפן די נאַכט און איצט האָט שוין רעכט געגרויט אויף טאָג. איז ער נאָך אַ ביסל געלעגן אַן אויסגערוטער און דאַן זיך אַרויסגעגליטשט פון אונטערן טור־לופּל און ווי אַ פלינקע שפּין אַראָפּגעטאַנצט צום וואַסער אויף די לאַנגע הענט און פיס, כדי לויט דער אַלטער געוווינהייט אָפּצוגיסן נעגל־וואַסער.

אַ פּאַרטיקער ייד, אין טלית־קטן און אין אַ שפּיציקער יאַרמלקע, האָט ער זיך דאַן צוגעזעצט אויף אַ שטיין און אָנגעשפּיצט זיינע שדישע ברעמען אויפן גרויען פרימאָרגן.

צו זיין באָרד האָט ער גאָרנישט געהאַט. ער האָט געלעבט מיט זיין באָרד בשלום און מיט די לאַנגע, בלאַסע און געקניפּטע פינגער געקעמט און איבערגעקליבן אירע פעד־און זילבער־פעדים.

אויף די פעלדער איז נאָך שטיל געוועזן און אַ גרוי רויכל האָט איינ־געהילט זייער צעקאָדערטקייט.

און דער הימל האָט, דאַכט זיך, געפרעגט ביי גאָט אַ שאלה: זאָל איך מאַכן טאָג? צי, אפשר, האַ?...

פלטיאל האָט געוויקלט אַ פּאַפּיראָס אין ביבולע־פּאַפּיר און באַ־טראַכט די גראָבע פינגער פון זיינע אומגעלומפּערט־דאַרע פיס. ווי געסט האָבן אים אויסגעקוקט די דאַרע פיס זיינע מיט די אַזוי ווי צעקוועטשטע גראָבע פינגער, ווי אַ ווייטע משפחה זיינע, וואָס ער האָט זיי לאַנג נישט געזען.

האָט ער אַראָפּגעשמייכלט און געוווּנקען צו זיינע באָרוועסע פיס. און געטראַכט האָט ער וועגן אַן ענין:

וואָס פעלט אים? האַ? וואָס פעלט אים? ס׳איז דאָך אים ווויל. ס׳איז אים בכלל ווויל אויף דער וועלט, ווו מען זאָל אים נישט אָוועק־זעצן. פון וואַנען נעמט זיך דאָס, האַ?

— ביסט, ווייזט אויס, אַן עגאָאיסט פון די וואַזשנע עגאָאיסטן, פלטיאל מיינער, אויב דיר איז ווויל, ווו מען זאָל דיך נישט אָוועקזעצן.

דאָ האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז דאָך שוין אייגנטלעך געגוג ליכטיק אַריינצוקוקן אין אַ ספר אַריין.

האָט ער אַ טאַפּ געטאָן זיין טולופּל ביים בוזים און יענער האָט אים געגעבן אין דער האַנט אַריין זיין קליין „זוהרל“.

זיצט ער, פלטיאל, און וויגט זיך באַצייטנס און בלעטערט דאָס ספרל און שמייכלט פאַר תענוג.

זענען אָנגעקומען פון יענעם ברעג טייכל דריי פאַרשלאָפענע, צע־געגעצטע שיקסעס, כדי אין טייכל זיך אויסצובאָדן.

נאָך גייענדיק האָבן זיי געצויגן פון זיך די גראָבע, רויט באַזוימטע העמדער. און דערזעענדיק, אויף דער זייט דעם יידן מיט דער יאַרמלקע, וואָס כישופט איבערן ספרל, האָבן זיי אַלע דריי אויסגעשריען:

— אָ, יעזו!

און די העמדער שוין מער נישט אויסגעטאָן.

האָט דער ייד מיטן ספרל אויפגעהויבן די אויגן, אָנגעקוקט די דריי שיקסעס און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַן אַלטער צאַפּ. ס׳הייסט: זיי זענען אים ווויל געפעלן.

האָבן די שיקסעס באַשלאָסן אים איבערצושרעקן און פאַרטרייבן פון זיין איינגעזעסן אָרט, כדי זיי זאָלן קאָנען זיך אויסבאָדן.

און אַלע דריי, ווי לויט אַ קאָמאַנדע, האָבן זיך אויסגעקערט צו פּלטיאלן מיטן הינטן און פאַרריסן די העמדער אַרויף: נאַ, קוק!

אָבער ווען זיי האָבן זיך אומגעקוקט, האָבן זיי דערזען דעם צדיק אויף זיין אָרט זיצן ווי אַ באַשווירענעם.

ער האָט נאָר האַסטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ צו זיי, ס'הייסט: ער איז מקבל באהבה.

האָבן די שיקסעס דערזען, אַז דאָס העלפט נישט, האָבן זיי, ווי לויט אַ קאָמאַנדע, זיך אויסגעשטעלט מיטן פּנים צו אים, אויסגעשפּיצט די בייכער, אָנגעבויגן די קני, און ווידער פאַרריסן די העמדער ביז אַרויף: נאַ, אָט האָסטו דיר!

האָט פּלטיאל דערויף נאָר אָפּגעענטפערט מיט אַ קרעכץ.

און זיין קרעכץ האָט זיך געטראָפן מיט אַ פרעמדן קרעכץ.

אַ ייד — אַ שניטער, אַ בערדיקער באַלעבאָס פון נײַ־שטעטל, איז, פּונקט ווי פון דר'ערד אַרויס, אויסגעוואַקסן ביי דער לעצטער סצענע.

האָט ער אָפּגעקרעכצט און העפטיק אויסגעשפּיגן אויף זיין אייגע־נער קלאָטשעוואַטער באָרד.

— טפו, וואָס מיינע אויגן דאַרפן דאָס צוזען!

האָט פּלטיאל אים געטרייסט:

— אַ גוטינקער אויפשטאַנד אויף אייך, רב אריה־לייב! וואָס נעמט איר אייך אַזוי צום האַרצן? דאָס זענען דאָך נאָר די בעלי־קבין, גוטע גייסטער', וואָס קומען אונדז משמח זיין בעת מיר זענען אין דער מדרגה... אַ־וואַ.

און ער איז נישט אַוועק.

2

# לייוונט

האַנדלשאַפט איז נישט קיין ברודערשאַפט.

צווישן צוויי חשובע בירגער — דעם שמאַנט פון ליאָסאָווער אינ־טעליגענץ, צווישן אַפּטייקער שאָסקעס און דעם צאָנדאָקטער ראָזנקראַנץ, איז דורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ.

און געווען זענען דאָך דאָס צוויי גוטע פריינד מיט איין נשמה און מיט איין ווייב אַפילו — ווי מען האָט אונטערגעשמועסט, מיט די ראָסאָווע, ווייסלייביקע מאַדאַם ראָזנקראַנץ מיטן ליבן גוידערל, וואָס צוזאַמען מיט איר קליינער רונדער קין דעריבער האָט עס אויסגעזען, ווי אַ שטיבעלע מיט אַ שאַלקע און מיט די פּוכקע פינגערלעך אירע — די מילכיקע סערדעלקעס, געניטע אין טערטל־מערטל און פּרעפעראַנס.

אין זייער וועלט־אַנשויאונג האָבן דיביידע פריינד אַפילו געהאַט מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. ראָזנקראַנץ איז געווען דער אָנגענומענער ציוניסט אין שטאָט, וואָס וועמען־וועמען — אים וועט מען נישט אָפּזאָגן, נישט אין אַ שקל קויפן און נישט אין חתמענען אַ וועקסעלע אויף איינעם פון די קרנס.

און שאָסקעס האָט געגאָלטן פאַר שטאָטס באַרימטן ציניקער, וואָס אָט די רעפּוטאַציע האָט ער אייפערדיק אָפּגעהיט, ווי אַ פרומער ייד היט אָפּ שבת.

אָבער צו האַרציקע פריינדשאַפט האָט די וועלט־אַנשויאונג נישט געשטערט. שטאָט איז געוווינט געווען צו זען זייביידן צוזאַמען.

אַמאָל, אין די פרידלעכע צייטן, פלעגן ביידע פריינד בעת אַ פאַראַד מאַרשירן האַנט ביי האַנט אין זייער בלישטשענדיקער אוניפאָרם מיט גילדערנע קנעפּ און מעשענע קאַסקעס פאָרויס פאַר דער קאָמאַנדע פרייע פייערלעשער.

דער הויכער בלאַס־טונקעלער ראָזנקראַנץ מיט די גלאַנציקע וואָנצעס און עספּאַניאָלקעלע האָט דאַן, ווי אַן אמתער גבור־חיל, געהאַט אַ האַק אין לעדערנעם שייד אויף זיין גאַרטל. דער קורצער שאָסקעס מיטן באָרוועסן פּנים, ווי אַ צוגעלעגענער ווינטער־עפּל, און מיט אַ קליין שוואַרץ פּלאַסטערל פון נישט גאָר אָפּראַזירטע וואָנצעס האָט זיך באַנוגנט מיט אַ מעשענעם טראָמפּייט אויף אַ געדרייטער פאַרביקער שנור. יעדער פון זיי האָט זיך געהאַט זיין אָפיצירישע מדרגה און עובדה ביי די פייערלעשער. ביידע צוזאַמען — זענען זיי געווען דער יידישער עפנטלעכער גלאַנץ פון ליאַסאָווע.

שפּעטער, אין די מהומהדיקע מלחמה־צייטן, בעת גאַנצע יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן דאָ אויף דעמס, דאָ אויף יענעמס באַפעל גע־

גומען מיט די בעבעכעס מאַכן ויסער־ויחנו — האָט מען דאָך ביידע פריינד אַוודאי געזען צוזאַמען.

אין פאַרשידענע קאָמיטעטן, דעלעגאַציעס און רעפּרעזענטאַציעס פון די היימלאַזע — ווער האָט זיך אַרויסגעשטופּט? — שאָסקעס מיט ראָזנקראַנצן.

און טאָמער האָט שוין אַ פינצטערער, באַוווּלטער קבצן געהאַלטן אין אויסגיסן די תוכחה אויף די קעפּ פון דעלעגאַטשיקעס — האָט ער קיינמאָל נישט געשאָלטן יעדן באַזונדער, נאָר שטענדיק די קאָמפּאַניע שאָסקעס־ראָזנקראַנץ צוזאַמען.

און ענדלעך זענען אָנגעקומען צייטן, ווען שאָסקעס און ראָזנקראַנץ האָבן געקאָנט אויסטאָן פון זיך דעם יאָך צו פאַרזאָרגן כלל ישראל. פאַרן כלל האָט זיך שוין געזאָרגט די גרויסע רעוואָלוציע. נישט פאַרזאָרגט איז אָבער געבליבן דער פּרט. און דאָ האָט מען שוין ביידע פריינד אַוודאי און אַוודאי געזען צוזאַמען. שאָסקעס און ראָזנקראַנץ האָבן אָנגעפירט אַ בשותּפותדיקע ספּעקולאַציע מיט וואָס עס האָט זיך נאָר ספּעקולירן גע־לאָזט.

און מערקווערדיק:

שטאָט האָט אַלעמאָל אונטערגעמורמלט, אַז ביידע פריינד ווען עס איז זיך צערייסן ביי די נעז צוליב דעם ווייבל מיטן גוידערל און מיט די פינגערלעך, ווי מילכיקע סערדעלקעס. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז ביי פּריוואַטע געשעפטן גאָר האָבן ביידע שותּפים זיך צעקריגט און איי־נער האָט דעם אַנדערן געשלעפּט צו אַ דין־תּורה.

דערביי האָט די לאָגיק פון דער צייט זיי אָפּגעטאָן אַ מיאוסן שפּיצל:

ס'איז אויסגעקומען, אַז מיט דער דין־תּורה זייערער האָבן זיי זיך צו ווענדן צו דער איינציקער געזעלשאַפטלעכער אינסטאַנץ, וועלכע האָט ביי היינטיקן טאָג אַ שטיקל אָנזען: צום פאַרייניקטן יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט.

פון דעם רב האָבן ביידע שותּפים נישט געהאַלטן. אָבער דער ציור־ניסט ראָזנקראַנץ וואָלט דאָך נישט געפּועלט ביי זיך אויסצומיידן דעם רבֿ. האָט דעצידירט שאָסקעס, וועלכער האָט אָפן דערקלערט, אַז ער וועט הערן דעם רב ווי דעם קאָטער.

אגב האָט שאָסקעס געהאַט אַ שטיקל מיין דערביי. ער האָט זיך

געהאַלטן נישט פשוט פאַר דעם, וואָס די שטאָט האָט אים געהאַלטן, פאַר אַ ציניקער. ער האָט אויסגעטייטשט זיין ציניזם ווי אַ מין פריידענקעריי און צוליב דעם האָט ער זיך געפילט פאַר אַ שטיקל מקורב מיטן אַרבע־טער־קלאַס. און קיין עקספּלאָאַטאַטאָר איז ער דאָך אויך נישט. מען קאָן דאָך אים זען אין זיין אייגן אַפּטייק אין אַ פאַרטעך, שוויצנדיק איבער דעם פאַרצעלייענעם מערזל, צערייבנדיק די לאַטיינישע קרייטעכצער.

ראָזנקראַנץ האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי שלעפּן שאָס־קעסן אין אַרבעטער־קאָמיטעט אויפן גרינעם פלעצל ביי דער שול, אויפן ערשטן שטאָק אין דער אַלטער, הילצערנער בודע.

זיצט דער פאָרזיצער, כאָנע דער בערשטער — אַן אַלטער בונדי־שער וועטעראַן מיט אויסגעזעצטע פאָדערשטע ציין — נאָך אַ זכר פון פינפטן יאָר, זיצט ער מיט די אַסיסטענטן זיינע, דעם געקרייזלטן חבר מאָטעס אין אַ שוואַרץ העמדל און מיט אַ פנים און גראָבע ליפּן, וואָס דערמאָנען אָן פּושקינען, און מיט דעם חבר אַלעקסאַנדער דווקא אין אַ האַרטן הויכן קראַגן, מיט האַרטע מאַנקעטן און אָן אַ שפּרינקעלע אויף דער מאַרינאַרקע און אָן איבעריק הערעלע אויפן צוגעשוירן בערדל — אַן עכטער גאָלדענער באַלעבעסל — חבר כאָנע פון בונד, חבר מאָטעס פון די טעריטאָריאַליסטן און דער באַלעבעסלדיקער חבר אַלעקסאַנדער פון די ס״רן. זיצן זיי און הערן אויס די טענות פון ביידע חשובע ביר־גער, שאָסקעס און ראָזנקראַנץ.

חבר כאָנע איז אַליין אַן אַרבעטער און אַן אַלטער פאַרטיי־טוער. ער געדענקט נאָך די אידילישע צייטן, ווען צום „בונד" פלעגט קומען צו־לויפן אַ פינצטערע יידענע אַ סעדעכע און פאַרמסרן פאַרן „בונד" איר מאַן דעם שיכור, אַז ער שלאָגט זי. ער געדענקט, ווי אַ פאַרביטערטער, ברייטפּלייציקער טאַטע מיט אַ שטריק אויפן גאַרטל פלעגט אַריינפאַלן אין קאָמיטעט און „טרעבעווען" מיטן פויסט אָן טיש, אַז דער „בונד" זאָל צווינגען פלוני־בן־פלוני — דעם אויסוווּרף — חתונה צו האָבן מיט זיין טאָכטער, וואָס ער האָט זי — נעבעך — אומגליקלעך געמאַכט.

אַזעלכע און אַנדערע פאָלקסטימלעכע דין־תורות געדענקט דער אַל־טער בונדיסטישער טוער — כאָנע דער בערשטער. אַזאַ מין דין־תורה ווי די איצטיקע האָט ער נאָך נישט מיטגעמאַכט.

און נישט אומזיסט האָלט כאָנע פעסט צוגעמאַכט דאָס מויל. דאָרט,

אין דעם ליידיקן שטח פון די אויסגעזעצטע ציין, ווייקט זיך אַ יאָדערדיק זידל־וואָרט אין לייכע, און חבר כאַנע האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות, נישט אַ שפּיי צו טאָן און זיך נישט אויסצוזידלען.

ראָזנקראַנץ מיט די בלוי־ראַזירטע באַקן און בלוי־שוואַרצע גלאַנציקע וואָנצעס און עספּאַניאָלקע מאַכט אויף כאַנען דעם איינדרוק פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן שולער, וועלכער וויל עמעצן פאַררײַדן די ציין און מאַכט דערוויייל שוואַרצע קונצן מיט די ליידיקע הענט.

אַ גאַנץ אַנדער מיינונג האָט וועגן זיך און זיינע איצטיקע רייד געהאַט ראָזנקראַנץ אַליין. אים האָט זיך געדאַכט — ס׳הייסט, אים האָט זיך געזאָלט דאַכטן, אַז ער שטייט אויף אַ ציוניסטישן קאָנגרעס און אָפּעלירט צו די נאָבעלע חברים, פּאַרטיידיקנדיק עפּעס אַ זייער וויכטיקע פאָלקס־פּאָזיציע.

— אָבער, מיינע הערן, מען קאָן דאָך נישט אַזוי! ווו איז עלעמענטאַרע מענטשלעכקייט? דער העכערער זין פון מענטשלעכע באַציאונגען באַזירט דאָך אויף קעגנזייטיקן צוטרויען... נישט וואָר? און ווען דער צוטרויען ווערט געבראָכן דאַן ווערט דאָך צוזאַמענגעבראָכן דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע צוזאַמענלעבן... נישט וואָר?

אויף דעם האָט שאָסקעס קורץ פאַרירט, האַלטנדיק, ווי אים האָט זיך געדוכט, פּראָלעטאַריש די פיס צעשטעלט און מיט איין האַנט דאָס שטעקעלע אויפן רוקן.

— איר הערט, חברים, איר הערט? אָט דאָס קעפּעלע זאָל אַזוי נישט קרענקען, ווי דער ייד וועט ניט אָנזען די פּראַכטן.

עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ געוויסן סכום לייוונט, וואָס ביידע צדדים האָבן נישט געוואָלט אויסזאָגן פאַר די חברים־ריכטער, ווי גרויס עס איז דער סכום.

ראָזנקראַנץ האָט געקויפט ביי שאָסקעסן דאָס לייוונט לויטן פּראַכט, נאָך איידער די סחורה איז אַרויס פון טיף רוסלאַנד. איינגעצאָלט האָט ראָזנקראַנץ אַ געוויסע סומע מזומנים, וואָס ביידע האָבן ווידער נישט געוואָלט אויסזאָגן, ווי גרויס די סומע איז געווען. איצט, ווען ער, ראָזנקראַנץ, האָט געפונען אַן אָפּנעמער און פאַרקויפט די סחורה אויפן ערנוואָרט — יאָ, מיינע הערן, אויפן ערן־וואָרט! — שטופּט אים שאָסקעס זיין האַנטגעלט צוריק מיט דעם אויסרייד, אַז לא דובים ולא יער — דער

וואַגאָן, ווו די סחורה האָט זיך געפונען, האָט פאַרבלאָנדזשעט אויפן אוראַל ערגעץ און מען קאָן קיין טאָלק נישט דערגיין.

— איז דאָך ממה נפשך — מיינע הערן: גיסטו קיין סחורה נישט, גיב כאָטש די פראַכטן. עס פלאַמט דאָך מיר דאָס פּנים פאַר מענטשן, וואָס איך האָב זיי אַריינגעבראַכט אין פאַרלעגנהייט. איך האָב דאָך זיי געגעבן אַן ערנוואָרט, געלט ביי זיי גענומען.

דאָס געלט — זאָגט שאָסקעס — גיט ער אים צוריק. ער איז אַליין בדיל־הדל געוואָרן, וואָס קאָן יענער נאָך פון אים פאָדערן? אָט די פּיסע־לעך זאָלן אים אַזוי נישט אָפּדאַרן, ווי ער גייט מער מיט ראָזנקראַנצן צו קיין דין־תורה נישט.

חבר אַלעקסאַנדער פון די ס־רן הערט זיך געלאַסן צו צו די טענות פון די צדדים און באַטראַכט זיך זיינע נעגל ווי אַ ייד צו הבדלה.

אָבער חבר מאַטעס פון די טעריטאָריאַליסטן גיט פּלוצלונג אַ פּאַטש מיט די נעגערישע ליפּן און שטעלט אַ פראַגע פון טשיקאַוועס וועגן:

— ווי וואָלט געווען, ווען די סוחרים, וואָס האָבן ביי הערן ראָזנ־קראַנץ אָפּגעקויפט די סחורה אויפן ערנוואָרט, גייען אַריין אין זיין פאַר־לעגנהייט און לאָזן אים אַרויס פון דעם עסק? צי וואָלט ער, פון זיין זייט, אויך אַריין אין ה׳ שאָסקעסעס פאַרלעגנהייט און אויך אים אַרויסגעלאָזט פון דעם עסק?

— אָ, אָ! אָט דאָס טענה איך דאָך! — האָט דער אַפּטייקער זיך דערפרייט און זיין באָרוועס פּנים איז געוואָרן, ווי אַ צעקנייטשטער עפּל.

אָבער ראָזנקראַנץ האָט דאָ פּלוצלונג פאַרלאָרן זיין פאַרלאַמענטאַ־רישן טאָן.

— אַי, אַי! אַ בטלנישע חכמה אַ ביסל! פאַרוואָס זאָל איך דאָס אים טאָן? פאַר וועלכע מעשים־טובים? באשר לייוונט איז פאַר דער צייט צענפאַך טייערער געוואָרן?

די דין־תורה איז אַריין אין אַן אַנדער פאַזיס.

וואָס פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע דונערן האָבן דאָס אָפּגעשאַלט קורץ און העפטיק אויף די הילצערנע טרעפּ פון דער אַלטער בודע פון אַרבע־טער־קאָמיטעט?

דאָס האָבן חברים־ריכטער מיט פאַריייניקטע כוחות אַ ביסל איז אָ צו שנעלן טעמפּאָ אַרויסבאַגלייט די קריגערישע צדדים.

אוןביידע חשובֿע בירגער, די אינטעליגענץ פֿון ליאַסאָווע, האָבן זיך דערזען זיצן אין נישט קיין געהויבענער פּאָזע אויפֿן פֿאַררעגנטן ברוק.

— ראַזנקראַנץ! אַט דאָס מענטשעלע זאָל מיר אַזוי אָפּקומען מיט בלויזער שרעקעניש — האָט שאַסקעס זיך געטייטלט מיטן פֿינגער אין ברוסט — ווי איך קאָן דיר טרייסטן מער נישט מיט אַ קרעכץ!

***

פֿון דער הויכגעלעגענער שלאָס־גאַס אין ליאַסאָווע, ווו פֿאַרשימל־טע שטיינערנע ווענט האָבן אַרומגענומען אַ פּלאַץ מיט אַלטע היסטאָרי־שע געביידעס און ווו עס האָבן זיך איצט געפֿונען די מיליטערישע בע־קעררייען, האָט זיך מיט שווערער האַסטיקייט אַראָפּגעגליטשט אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ אָנגעלאָדן מיט אַ פּיראַמידע זעלנערישע ברויטלעך, ווי מיט שוואַרצע פּירקאַנטיקע ציגל. צוויי זעלנער זענען געזעסן אויבן אויף דער פּיראַמידע אין חול־המועדיק צעשפּילעטע שינעלן און געמיטלעך געררוי־כערט אימפּראָוויזירטע פּייקעס פֿון צייטונגס־פּאַפּיר.

דער אויטאָ האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פֿון באַרג און קוים פֿאַרקי־רעוועט אויף דער פּושקין־גאַס, די איינציקע געמויערטע גאַס אין ליאַ־סאָווע, האָט ער מוראדיק אַ קרעכץ געטאָן און אַ פֿאַל געטאָן אויף די קני, ווי אַ פֿאַרווונדעטער העלפֿאַנט. דער אויטאָ האָט זיך איינגעגראָבן מיט די פֿאָדערשטע רעדער אין איינגעבראָכענעם ברוק.

דער שאָפֿער אין זיין איינגעקנייטשטן אייזערנעםביידל איז אָפּגעע־קומען בלויז מיט טויט־שרעק. פֿיל ערגער האָבן אָפּגעשניטן די צעשפּי־לעטע זעלנער אין דער הויך, אויף די ברויטלעך; זיי זענען אַראָפּגעפֿאַלן אויפֿן ברוק ווי פֿון אַ שטאַרקער רושטאָוואַניע און די שוואַרצע פּיראַמידע ציגל־ברויט האָט אַ האָגל־געטאָן אויף זייערע קעפּ.

אַ נייגעריקער געזעמל האָט גלייך פֿאַרשטאָפּט די גאַס פֿון דעם פֿאַרזונקענעם אויטאָ ביז שאַסקעסעס אַפּטייק, וווהין מען האָט אַריינגע־טראָגן די צעשעדיקטע זעלנער. שוואַרצע אָנגעבראָכענע ברויטלעך האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פֿיס, געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט. ווער עס האָט פֿרום געהאָלפֿן זיי צוזאַמענקלייבן, און ווער עס האָט געמאַכט אַ פּריוואַטן געברויך פֿון מיליטערישן פֿאַרמעגן.

פאַר אַלעמען איז געווען אַ חידוש, ווי האָט עס דער אויטאָ געקאָנט איינברעכן דעם ברוק און כמעט ביז העלפט איינזינקען.

עמעצער האָט געוואָרפן אַ געדאַנק, אַז דאָס האָבן אַוודאי די דייטשן פאַר זייער אָפּטרעטן געמינעוועט די שטאָט און איצט האָט זיך די מינע געעפנט און עס קאָן אַ ליאַדע רגע אויפרייסן. די השערה איז אויסגעוואַקסן אין דער פולער זיכערקייט, אַז אַזוי איז עס טאַקע. דער עולם האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן פון געפערלעכן אָרט, איבערלאָזנדיק אויף דער ליידיקער גאַס דעם ראַקום שטייענדיקן אויטאָ, די צעשאָטענע ברויטלעך און דעם אומבאַהאָלפענעם פאַרטויבטן שאָפער.

אַ פּאַנישע שרעק האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ ליאַסאָווע. אויב אויפ־רייסן — וועט דאָס די גאַנצע שטאָט אַוועק אין דער לופטן. און דאָס, וואָס וועט פאַרבלייבן — וועט אַוועק מיטן רויך. שאָסקעס איז געקומען צו לויפן אין אַפּטייק נישט טויט, נישט לעבעדיק. די ביטערע בשורה האָט אים געמאַכט פאַרגעסן אָן דעם סוף פון זיין דין־תורה. אים האָט מען אָנגעזאָגט, אַז די מינע האָט זיך געעפנט נעבן זיין אַפּטייק. איז ער אַריינגעפאַלן אין אַפּטייק אַריין פונקט אין דעם מאָמענט, ווען צווי סאַ־ניטאַרן האָבן זיך געקליבן אַרויסטראָגן אויף אַ טראָגבעטל איינעם פון די פאַרבאַנדאַזשירטע זעלנער. דער צווייטער זעלנער, מיט אַן איבערגע־בונדענער האַנט און פאַרבאַנדאַזשירטן קאָפּ, איז געזעסן ביים פענצטער, איינגעהאַלטן געקרעכצט און אָן אויפהער געפּיפּקעט אַ פּאַפּיראָס, אויף צו שטילן דעם ווייטיק.

שאָסקעסעס פּנים האָט זיך פאַרקנייטשט פון די בלוטיקע שטיקער מאַרלע, וואָס זענען צעוואָרפן געווען אין אַפּטייק. ער איז אָבער גובר געווען זיין אינסטינקטיוון פּחד פאַר בלוט און אַפילו געהאָלפן דעם פאַר־מאַצעווט־געהילף אַרויסצופירן אונטערן אָרעם דעם צווייטן פאַרוואונדעטן זעלנער צו דעם סאַניטאַר־קעטשל, וואָס האָט געוואַרט אויף דער גאַס.

און אַז דאָס קעטשל איז פון דער ליידיקער גאַס אָפּגעפאָרן, האָט שאָסקעס זיך געלאָזט צו דעם אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע, ווו דער לאַסט־אויטאָ האָט שוין איצט געשטעקט דיבאָם, מער ווי ביז העלפט איינגעגראָבן מיט דער נאָז אין אָפּגעריסענעם ברוק.

— אַבראַם בעניאַמינאָוויטש! גייט נישט — האָט אים דער געהילף זיינער געפּרוווט נאָכשרייען — עס וועט אויפרייסן!

— עס האָט שוין אויפגעריסן — האָט שאָסקעס געענטפערט און מיט אַן עכט־ציגנישער העלדישקייט צוגעטראָטן צום געפערלעכן אָרט.

דאָרט איז ער שטיין געבליבן מיט אַ פינגער ביי דער נאָז, ווי אַ קינד ביי זיין צעבראָכענע שפילצייג. ער האָט אַראָפגעקוקט צו דעם פינצטערן לאָך, וואָס דער אויטאָ האָט דורכגעבראָכן אינמיטן דער פוש־קין־גאַס, זיך אומגעקוקט אויף זיין אַפטייק, וואָס איז אויסגעקומען פונקט קעגנאיבער, אין אַ גלייכער ליניע און ערשט דאָ, ווייזט אויס, האָט ער דערפילט ווי גרויס די געפאַר איז פאַר אים.

מיט דראָבנע טריטעלעך האָט ער גענומען זיך צוריקציען, הינטער־ווײלעכטס. ער איז נישט אַריין צוריק אין אַפטייק. ער האָט פאַרקערע־ווערט אויף דער אייזן־גאַס. פון דאָרט האָט ער מיט אַן איינגעהאַלטענער איילעניש אַוועקגעשפּאַנט צום שאָסיי און מיט אַ גרויסן אומקרייז איז ער מיט אַ פאָר שעה שפּעטער אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַציע. און אַז די באַן איז געקומען, האָט שאָסקעס זיך שטיל אַריינגעשלייכט אין אַ קופּע צווייטע קלאַס און זיך אָפּגעטראָגן פון ליאַסאָווע.

און אַ שעה און צוויי האָט אָנגעהאַלטן אין שטאָט דער פּחד פאַר אַ באַלדיקן אויפרייס. אָבער ביסלעכוויז איז אָנגעוואַקסן אַ צווייטע ווער־סיע וועגן די מינעס און דאָס האָט אַריינגעבראַכט אַ שטיקל באַרוא־קונג. די אַלטע תושבים פון ליאַסאָווע האָבן אויף דער נייער ווערסיע נאָר צוגעשאָקלט מיט די קעפּ און זיך געחידושט, ווי אַזוי איז זיי דאָס גלייך נישט איינגעפאַלן.

דאָס האָט דער לאַסט־אויטאָ מיט זיין שווערקייט זיך אַריינגעבראָכן אין די אַלטע, היסטאָרישע קעלערן.

ליאַסאָווע האָט זיך געהאַט אירע היסטאָרישע רייכטימער... אונטער דר׳ערד, נאָך פון מלך סאָבעצקיס צייטן, האָבן געשטאַמט די אונטער־ערדישע קאָרידאָרן, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון דער הויכער שלאָס־גאַס ביז צו דער קאַלטער שול ביים טייכל און ערגעץ נאָך ווייטער צו די אַלטע באַסטיאָנען אויסער דער שטאָט. מיט אַ יאָר דרייסיק צוריק זענען די קעלערן נאָך געווען גאַנץ פּאָפּולער. יעדער ליאַסאָווער חדר־ייִנגל האָט כאָטש ווען עס איז אין אַ פרייטיק אָנטייל גענומען אין אַן עקספּעדיציע אין די געהיימניספולע קעלערן, זיך אַריינגנבענדיק אַהין פון שול־הויף. געזוכט האָט מען דאָרט לעגענדאַרישע טאָטערישע אוצרות און אויך דעם

ליימענעם גולם, וועלכן די צען ליאָסאָוור צדיקים האָבן דאָרט אויסבאַ־האַלטן פאַר דער וועלט. די חדר־ייִנגלעך זענען נאָך געלאָפט געוואָרן פון אַ רייצנדיקן פרעסטל, וואָס אין די פינצטערע קאַטאַקאָמבעס האָט מען נישט איינמאָל געכאַפּט אַ בחור — אַ גאַסן־יונג מיט אַן אשה, ביי עפּעס אַ געהיימער נישט שיינער זאַך, פון וועלכע די עלטערן זענען געווען אויפ־געבראַכט ביז גאָר. פון די פינצטערע עקספּעדיציעס פלעגן די חדר־ייִנג־לעך צוריקברענגען בלישטשענדיקע אייגעלעך, אַ פאַרסאָפּעטן אָטעם, ביילן אויפן שטערן און צעריסענע הויזלעך. דעם גאָב, וואָס זיי פלעגן קריגן אין דער היים, האָט נישט אָפּגעשלאָגן ביי זיי דעם חשק צו פּרווון גליק אַ צווייטן מאָל.

אומפּאָפּולער זענען די קעלערן געוואָרן ערשט נאָכן פינפטן יאָר, ווען עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די צאַרישע זשאַנדאַרמען האָבן אַהין צונויפגעשלעפּט אַלע דערשאָסענע און פאַרפייניקטע רעוואָ־לוציאָנערן.

מיט דער צייט האָט מען אָן די קעלערן אַזוי גוט ווי פאַרגעסן. איצט האָבן זיי פּלוצלונג אַליין אָן זיך דערמאָנט.

נישט געוווינט צו טראָגן די ריזיקע לאַסט פון די מלחמה־אויטאָ־מאָבילן, האָט דער אַלטער געמויערטער קעלער־סופיט אַנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אין איין אָרט געפּלאַצט פּונקט קעגנאיבער שאָסקע־סעס אַפּטייק.

דעם איינגעזונקענעם אויטאָ האָט מען ווי עס איז אַרויסגעשלעפּט. דערביי איז דער לאָך אין ברוק צענפאַך פאַרגרעסערט געוואָרן. און דאָס וואָס פאַרן נייגעריקן עולם האָט זיך אַנטפּלעקט אין דער פאַרברייטער־טער גרוב, האָט אַריבערגעשטיגן אַלע לעגענדעס וועגן טאָטערישע אוצרות און וועגן גולם.

די אונטערערדישע קעלערן — ווייזט זיך אַרויס — זענען פול גע־ווען מיט לייוונט. באַלנווייז און פּעקלעכווייז האָבן סאָלדאַטן אויף אַ לייטער אַרויסגעשלעפּט דעם אוצר אויף דער ליכטיקער שיין.

מען האָט געשלעפּט דעם לייוונט און אַריינגעלייגט אין פּיראַמי־דעס. און די פּיראַמידעס האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן. עס האָט זיך געדוכט: גאַנץ ליאָסאָווע שטייט אויף לייוונט. אינטענדאַנט־אָפיצירן זע־נען געשטאַנען און פאַרצייכנט די מציאה.

יידן שאַצערס האָבן מיט פּאַרוויינטע אויגן ממש זיך געריבן די הענט און זיך געווונטשן דאָס פּאַרמעגן, וואָס מען קאָן אָנפּאַקן ברילליאַנטן אונטער ליאַסאָווע.

אָבער די פרייד נאָך דער ערשטער איבעררראַשונג האָט באַלד נאָכ־געלאָזט. דאָס געפונענע לייוונט איז געווען פון מיליטערישער אָפּשטאַ־מונג, אויף דעם האָבן עדות געזאָגט די חתימות און אָדלערס.

מיט דעם לייוונט וואָלט מען געקאָנט באַזאָרגן אַ קאָרפּוס אַ גאַנצן מיט וועש אָדער ליילעכער.

סאָלדאַטן־ליידיקגייער האָבן איינציקווייז און גרופּעסווייז זיך דער־נעענטערט צום פּאַרכישופטן אָרט, וואָס האָט געשפּיגן מיט לייוונט און אַראָפּשפּייענדיק אין דעם אָפּענעם לאָך די שאָלעכץ פון באַניקערן, האָבן זיי זיך אָפּגערעדט פון האַרץ.

— מיר האָבן אונדזער בלוט פּאַרגאָסן — דיין מאַמען אַזוי און אַזוי — און אונדזער לייב האָבן לייז געפרעסן. און דאָ — זע נאָר! אונ־דזער לייוונט האָט מען אויסבאַהאַלטן!

— יידישע אַרבעט!

**
*

דער אינסטינקט האָט די ליאַסאָווער בירגער נישט גענאַרט. די שטאָט איז טאַקע געווען געמינעוועט אויפצורייסן. דער ריזיקער לייוונט־סקלאַד האָט זיך אַרויסגעוויזן ערגער, ווי אַ סקלאַד פון דינאַמיט. און דער סקלאַד האָט געהערט צו שאָסקעסן. אַ טיר האָט געפירט פון אַפּטייק־קעלער גלייך אין דעם קעלער פון לייוונט אַריין. און שאָסקעס איז נישט געווען דער איינציקער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ליאַסאָווע פירט גאַנץ היפּשע מסחרים אונטער דר׳ערד. מען האָט אָנגעהויבן זוכן און גע־פונען גאַנץ היפּשע לאַגערן פון פּאַרשיידענע סחורות, באַהאַלטענע אויף ספּעקולאַציע. און אַלץ אין די שטאָטישע היסטאָרישע קעלערן, וואָס די סוחרים האָבן אָפּגעצוימט, אַרומגעמויערט יעדערער פּאַר זיך, לויט זיי־נע באַדערפעניש.

די אמתע ספּעקולאַנטן זענען פּאַרשוווּנדן פון ליאַסאָווע איידער וואָס־ווען און אַריינגעפאַלן זענען יענע סוחרים, וועלכע האָבן געלאַכט

פון פאַניעס היטעלע, ווייל זיי האָבן געהאַלטן די סחורה אין די קעלערן פּראָסט־פּשוט, צוליב דער ענגשאַפט אין קראָם.

האָט מען די סחורות קאָנפיסקירט, אַ צענדליק סוחרים אַריינגעזעצט ווו מען דאַרף און איבער ליאַסאָווע איז געבליבן הענגען דער בילבול אין אַלגעמיינער ספּעקולאַציע.

איז די צום טויט דערשראָקענע שטאָט פּלוצלונג פאַרפּלייצט געוואָרן פון אָנגעלאָפענע זעלנער, וועלכע האָבן זיך אָנגעהערט גוזמאות וועגן באַגנבעטע מיליטערישע מאַגאַזינען, וועגן גאַנצע אַרסענאַלן געווער, וואָס מען האָט געפונען ביי די יידישע סוחרים אין ליאַסאָווע.

און ווי אַן עדות פון דעם יידישן פאַרברעכן, האָט געגענעצט די אָפענע גרוב אויפן ראָג פּושקין־גאַס און שלאָס־גאַס, קעגנאיבער שאָס־קעסעס פאַרחתמעטער אַפּטייק. די גרוב איז נאָר געווען אַרומגעצוימט מיט ברעטער, אַז מען זאָל אַהין נישט אַריינפאַלן, און ביי דער נאַכט האָט איבער דער גרוב געברענט אַ רויטער לאַמטערן.

זעלנער האָבן זיך דעם גאַנצן טאָג געשטופּט אַרום דעם גרוב אין אַן ענגן רינג. באַפּעסטיקנדיק אויף דער פּושקין־גאַס אַ גאַנץ מאַסיווע לופט, כאָטש שנייד מיט אַ מעסער. פאַרטיעסווייז, קאָמאַנדעסווייז, גייענדיק אין באָד, אין צעכהאַוז און אין דער צערקווע, זענען די זעלנער אָפּגעטראָטן אָנקוקן די מערקווירדיקע נאַטור־דערשיינונג: אַ גרוב אינמיטן גאַס. שפּיציק־גלאַנציקע קינדאַקן זענען געגאַנגען כאָדאָראָם, שאָלעכץ פון באַניקערן זענען געפאַלן אין גרוב אַריין און אָפּגעברענטע רויט־לעדערנע קערק האָבן געטראַכט אַ מחשבה: ווי אַזוי און צוליב וואָס דער פויערשער מזל איז אַזוי פאַרפינצטערט און פאַרביטערט.

האָט דאָס דאָזיקע טראַכטעניש געוויס קיין גוטס נישט צוגעזאָגט. און ליאַסאָווע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די לעכער. געוואָרן אַ טויטע שטאָט.

עס האָבן שוין נישט געהאָלפן קיין פאַרזאַמלונגען און קיין מיטינגען. דער פויער איז אַרויסגעקראָכן פון לעדערנעם פאַסיק, פון צעריסענעם שינעל און פון מיליטערישער דיסציפּלין. אויף אַלע גוטע קלוגע רייד האָט ער געהאַט איין טעמפּן ענטפער:

— זנאַ־איעם! מיר ווייסן שוין!

און אפשר איז די לעגענדאַרישע לייוונט־גרוב געווען נישט מער ווי

אַן אויסרייד. דער טשאַד וואָס איז אַריין אין די זעלנעריש־פויערישע מוחות האָט זיך געטראָגן פון די צייטיקע פעלדער, פון דעם ריח פון שניט. עס האָט זיך אויפגעוועקט דער אַטאַוויזם פון פויערישע דורות. די הענט די וויס־געוואָרענע, אויסגעאַיידלט פון ליידיק גיין, האָבן געבענקט נאָך סערפּ און קאָסע. און דאַן איז שוין אַלץ איינס געוועזן פאַר די הענט וואָס צו שניידן און וואָס צו קאָסיען; זאַנגען אין פעלד אָדער מענטשן אין שטאָט. עס האָט געשמעקט מיט שניט...

אָבער פאַרוואָס פאַרשיט מען נישט די גרוב? ווער מען איז דאָ צו דער האַנט געווען די אויפגערייצטע פּאָגראָם־גרייטקייט פון דער זעלנער־מאַסע?

כאָנע, דער אַלטער בונדיסט, האָט גוט פאַרשטאַנען די לאַגע, ווען מיטן רויטן באַנד פון אַרבעטער־ראַט אויפן אַרבל און מיט זיין פאַרפינצטערט יידיש אַרבעטער־פּנים איז ער אויסגעוואַקסן אין דער מיט פון דעם שטייפן זעלנערישן רינג ביי דער גרוב אויף פּושקין־גאַס.

— אָט, צום ביישפּיל, אַ גרוב — האָט ער אָנגעהויבן טענהן ווי פון דער מיט געשפּרעך אַרויס — נו, צו וואָס איז די גרוב? נאָר דאָס פּנים אונדז פאַרפינצטערן, רעביאַטאַ! די שולדיקע וועלן דאָך סיי־ווי־סיי באַקומען זייער שטראָף און די גרוב, טאָוואַרישטשי, לאָמיר פאַרשיטן, יאָ?

האָבן די נעענטערע זעלנער זיך איבערגעקוקט און זיך נישט אָפּגערופן.

נאָר פון די הינטערשטע רייען האָט אַ שיטער געל קולכל אויסגעקרייט:

— פאַ—אַרשיטן? מען פאַרשיט נישט! נישטאָ אַזאַ געזעץ, ברודער, צו פאַרשיטן בורזשויסקע גריבער! זאָל אַ נאַש־בראַט זען און זיך אָנשטויסן וואָס צו ווער מען. מיר זענען אויך מיט וואָנצעס. נישט מיט קאַרע־שטרוי געבייט, הייסט עס. מיר ווײַ—ייסן!

איז געוואָרן אַ פאַרדעכטיקע שטילקייט אַרום דער גרוב. די זעלנער, וועלכע זענען נאָנט געשטאַנען צו כאָנען, האָבן זיך אָפּגערוקט פון אים ווי פון אַ פאַרפּעסטעטן.

שוין נישט צום ערשטן מאָל האָט כאָנע דער בערשטער, דער אַלטער סאָציאַליסט, איבערגעלעבט אַ פּאָגראָם־שטימונג. פּונקט ווי אין די צאַרישע צייטן האָט ער איצט, אין די טעג פון דער רעוואָלוציע, דערפילט

זיך פלוצלונג אַזוי, ווי מען וואָלט ביי אים אַרויסגעצויגן דעם באָדן פון אונטער די פיס. ער האָט פלוצלונג פאַרלאָרן זיין קלאַסן־פּאָזיציע. און ניט גלאַט פאַרלאָרן, נאָר מען האָט זי ביי אים צוגענומען ווי עפּעס אַ גנבה, צוגענומען זיין רעכט אויף דער קלאַסן־פּאָזיציע. ער, כאָנע דער בערשטער, וועלכער האָט זיין פּאָליטישע דערציאונג באַקומען נאָך ביי די ערשטע בונדישע שטרייקן, ער — אַן אַרבעטער בן אַרבעטער, וועלכער האָט פיינט געהאַט די בורזשואַזיע פון אַלע לענדער און פון אַלע פעלקער, איז פלוצלונג אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף איין ברעט מיט די ליאַסאָ־ווער קרעמער און ספּעקולאַנטן און געפילט, אַז דאָ איז זיין אָרט. ער האָט זיך איינגעהויקערט פון אַ פיינלעך גלות־געפיל, פון אַ מין געלע לאַטע אויפן רוקן.

אויף אים האָבן זיך איצט געגאָסן די זעלנערישע בליקן ווי אַ שווע־רער, בלייענער גיפט. ער האָט אויסגעטאָן דאָס היטל, כדי דעם שווייס אָפּצווישן און דערפילט, אַז ער האָט עס נישט געדאַרפט טאָן. זיין שטערן, וואָס איז פאַרקראָכן אויפן מוח אַרויף, אין די שיטערע, אויסגעקראָכענע האָר אַריין, איז געווען צו גרויס, צו רבניש־יידישלעך אין אָט דעם זעל־נעריש־פויערישן געזעמל און דאָס האָט אים געמאַכט נאָך פאַר אַ נענ־טערן מחותן צו די ליאַסאָווער קרעמער, וועלכע ער איז איצט געגאַנגען ראַטעווען פון אַ פּאָגראָם.

האָט ער האַסטיק אָנגעטאָן דאָס היטל, זיך אויסגעגלייכט און חוצפּה־דיק אַ לאַך געטאָן דעם נאָענטסטן זעלנער אין פּנים אַריין.

— און איך הייס פונדעסטוועגן די גרוב פאַרשיטן — האָט ער גע־לאַסן געזאָגט. — וואָס פּטרט איר דאָ צייט, חברים, אין די טעג פון רעוואָלוציע?

— פאַרשיטן — דאָס קאָן מען, — האָט עמעצער פינצטער אַ ברום געטאָן.

— פאַרוואָס זאָל מען נישט פאַרשיטן? אַפילו מיט דיר אינאיינעם.

און אַרויסגערוקט האָט זיך אַ ווזוואָדנער מיט אָפּגעמעקטע אייגעלעך אויף אַ פּנים אָן ברעמען און מיט אַ שטרויענער באָרד ווי אַ לאָפּעטע. און דער ווזוואָדנער האָט אַ זאָג געטאָן:

— זז־—נאַ—אַיעם! פון די זייעריקע! אַ קאָנטיקער פייגל!

— אַ כמאַליע אים אין גרוב אַריין!

— פאַרשיטן איז פאַרשיטן! וואָס קוקט איר אים, רעביאַטאַ, אין די אויסגעזעצטע ציין?

— מיך פאַרשיט מען נישט — האָט כאָנע חוצפּהדיק געלאַכט זיי אין פּנים אַריין — איך בין פון אַרבעטער־ראַט, חברים!

— זז—נאַ—איעם! אַלע בורזשויען האָבן זיך אַריינבאַקומען אין אַרבעטער־ראַט!

— רוסלאַנד האָבן די יידן דעם דייטש פאַרקויפט און ביי אונדז די לעצטע פאַר פאַרטיאַנקעס אַוועקגענומען.

די לעבעדיקע רינג איז שוין ענג געווען אַרום כאָנען. קורצע, היל־צערנע פינגער, מוראדיקע אין זייער שטומער טעמפּקייט, האָבן זיך איינ־געביסן אין זיין אַקסל און געשלעפּט אים צו דער גרוב.

— איר וואַרט, חברה, מיך צו שלעפּן — האָט ער פּלוצלונג זיך אַ ריס געטאָן און אַ זעץ מיטן פויסט איבער די טעמפּע פינגער — מיך שלעפּט מען נישט. הערט אויס:

דערביי האָט כאָנע געלאַסן אָבער חוצפּהדיק געשמייכלט, ווי דער גאַנצער ענין מיטן שלעפּן אים צו דער גרוב וואָלט געווען נישט מער ווי אַ מגושמדיקער פּויערישער וויץ און אָט וויל ער מיט זיי אריינטענהן וועגן איידלקייט.

— נו, גוט חברה. מיך וועט איר באַגראָבן און פאַרשיטן. מיך — דעם דעלעגאַט. און וואָס וועט צו אייך געטאָן ווערן — האַ? ווייסט איר וואָס? אייך וועט מען צעשיסן ווי די הינט, ווען עס זאָל אַפילו פעלן אַ האָר אויף מיין קאָפּ. ווי די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן וועט מען אייך צע־שיסן. נו, פרעג איך אייך. לוינט אייך דאָס? איצט, ווען איר קלייבט זיך אַהיים צו גיין, ווען יעדע רגע וואַרט מען אויף אַ באַפעל פריי צו לאָזן די גאַנצע אַרמיי...

כאָנע האָט גערעדט וואָגיק און געלאַסן ,דורכנעמענדיק דאָ איינעם, דאָ אַ צווייטן מיטן בליק. עס איז אויסגעקומען, ווי אים אַליין דראָט גישט די מינדסטע געפאַר. נישט מער: ער וואָרנט זיי פון דער גרוב זיך אָפּצורוקן, ווייל זיי קאָנען נאָך אַריינפאַלן.

די רינג אַרום אים איז געוואָרן גראָמער. אַ פּאָר חרטה־שטימען האָבן שוין געמוסרט דעם ווזוואָדנעם מיט די אָפּגעמעקטע אייגעלעך פאַר זיין

נישט ריכטיקער עצה צו באַגראָבן אַן אַרבעטער־דעלעגאַט לעבעדיקער־הייט.

ערשט ווען אַרום דעם עצה־געבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיקע קריג, האָט כאָנע זיך אַרויסבאַקומען פון ענגן געזעמל. ער האָט געהאַט גאָר אַ קנאַפּע פרייד פון זיין רעטונג. נישט אים איז אַן אַנדערן. נישט היינט — איז מאָרגן. צו עמעצענס קאָפּ וועט דאָך מוזן אויסגיין דער פויערישער סטיכישער צאָרן.

און צו וואָס האָט ער זיי אָפּגענאַרט? צוליב וואָס האָט ער זיי דער־ציילט אַ מעשה וועגן פונאַנדערלאָזן די אַרמיי, בעת אין אַרבעטער־ראַט אַליין זענען פאַר דעם בלויז אַ הייפל חברים.

און צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך געראַטעוועט מיט אַ ליגן, האָט כאָנען ווידער באַהערשט דאָס פיינלעכע יידישע גלות־געפיל. ווידער האָט ער געפילט די ברענענדיקע לאַטע אויפן איינגעהויקערטן רוקן.

אַן איינגעהויקערטער איז כאָנע אַריינגעקומען אין לאָקאַל פון אַר־בעטער־און סאָלדאַטן־ראַט און דערזען, אַז ס׳איז דאָ איצט נישטאָ צו וועמען צו רעדן.

אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים זענען זיך אין דעם געפערלעכן מאָ־מענט צעפאָרן אין ווייטערע שטעט און פונקטן אויף מיטינגען און אי־בערגעלאָזט זיין ליאַסאָווע אויף הפקר.

באַגריסנדיק די קוים באַקאַנטע נישט־יידישע חברים אין לאָקאַל, האָט כאָנע דער בערשטער זיך באַמיט צו מאַכן אַ פריילעכע, כוואַטסקע מינע, אַז מען זאָל אין זיין צערודערונג די געלע לאַטע נישט דערקענען.

ערשט איצט האָט כאָנע דערפילט, ווי גרויס עס איז די שאַנדע צו זיין אַ ייד, בעת עס דראָט מיט אַ פּאָגראָם און מען דאַרף אָנקומען נאָך הילף צו זייטיקע. מיט קיין שום לאָגיק וואָלט ער נישט געקאָנט פאַרענט־פערן די דאָזיקע שאַנדע. ער האָט זיך געשעמט מיט זיין ווייטיק, ווי אַ קאַליקע מיט זיין מום.

און אָט איז דורכן גערוימען קאַזאַרמעאַרטיקן צימער פון ראַט דורכ־געלאָפן דער איינציקער פאַראַנטוואָרטלעכער חבר, וועלכער האָט זיך גע־פונען אין שטאָט: וולאַדעק יאַשינסקי. ער האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן טונקעלן זאַל, ווי אַ בלאָנדער ליכטיקער מלאך מיט פאַרוווּנדערטע אויגן און קינדיש־צעשמייכלטע ליפּן.

כאָנע האָט אים אָפּגעשטעלט, כאָטש ער האָט נאָך נישט געוווּסט, צי ער וועט פּועלן ביי זיך אַריינציען וולאַדעקן אין זיין ביטערן יידישן ענין.

וולאַדעק האָט אים געדולדיק און קינדעריש־אויפמערקזאַם אויסגע־הערט, בעת די גאַנצע בייגעוודיקע פיגור זיינע און דאָס שיין פּנים האָבן געצאַפּלט פון לעבנספרייד.

— גיין צום מיליטער־קאָמענדאַנט?... פאַרזיכערן שוץ פאַר דער שטאָט?... אָבער, טייבעלע, כאָנעלע, דו טרייבסט איבער! איך זע נישט, אַז די געפאַר זאָל זיין אַזוי גרויס. נו, גוט, גוט, מירן גיין. ווייסט ווען? מאָרגן. היינט בין איך פאַרנומען, ברודער.

און ער לייגט אים די האַנט אויף דער איינגעבוירענער פלייצע און פאַרטרויט אים אַ ליכטיקן סוד אין אויער.

— היינט בין איך פאַרנומען, ברודער. איך מוז צופאָרן צו אַ מיידל מיינס, וואָס איך האָב זי שוין דריי חדשים נישט געזען.

און ער איז פאַרשווונדן, וולאַדעק, איבערלאָזנדיק כאָנען מיט די געבויגענע פלייצעס און מיט אַ שמייכל פון אַ מלאך לעבן אים און מיט אַ גערוך פון לעבנספרייד אַרום אים.

כאָנע האָט באַשלאָסן צו גיין אַליין צום מיליטער־פאַרוואַלטער, כאָטש גלייכער וואָלט געווען צו גיין זאַלבענאַנד. שוין אויף דער גאַס אַרויס־גייענדיק האָט ער געטראָפן דעם שטייפן, פרעמדן פאַרשוין — דעם פאַר־שטייער פון דער אַנאַרכיסטן־גרופּע אין ראַט.

דאָס איינציקע, וואָס כאָנע האָט געוווּסט וועגן דעם חבר, איז, אַז ער איז פון די דייטשע יונקערס, אַ קריגס־געפאַנגענער און אַז ער האָט אַ באַראָנישן טיטל.

כאָנע האָט זיך אַלעמאָל געהאַלטן פון דער ווייטנס פון אָט דעם אַריסטאָקראַטישן רעוואָלוציאָנער מיט די אַרויפגעבערשטע ווילהעלם־וואָנ־צעס און שטייפע מיליטערישע מאַניערן.

אַפילו איצט, אין זיינע האַלב־ציווילע ספּאָרט־קליידער, האָט דער באַראָנישער אַנאַרכיסט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ טאַטנס אַ זינדל, וועלכער טרייבט רעוואָלוציע צוליב ספּאָרט און צוליב זיין מיליטערישער געוווינהייט צו קאָמאַנדירן און פאָלגן קאָמאַנדע.

קיין שלעכטס האָט ער אָבער וועגן דעם פרעמדן חבר נישט געהערט. און נישט פאַר זיינע שיינע אויגן האָבן אים דאָך די ב—סקער אַנאַרכיסטן דעלעגירט אין ראַט.

און אויף די עטלעכע זיצונגען, ווו זיי האָבן זיךביידע צוזאַמענגע־טראָפן, האָט דער באַראָן געמאַכט אויף כאָנען דעם איינדרוק פון אַן אַנט־שלאָסענעם און פּאָליטיש רייפן מענטשן.

איצט, ביים אַרויסגאַנג פון אַרבעטער־ראַט, וווהין דער באַראָן האָט — ווייזט אויס — זיך געקליבן אַריינצוגיין, האָבן זיי זיך באַגריסט מיט דער קאַלטער העפלעכקייט פון האַלבע באַקאַנטע.

אָבער דער באַראָן האָט געהאַט אַ שאַרפן בליק פון אונטערן שטערן אַרויס און מיטן בליק האָט ער כאָנען אָפּגעשטעלט.

— גיבטס וואָס נויעס, קאַמראַד? — און ער איז גלייך אַריבער אויף רוסיש — ווי קאַק בודטאַ ווזוואָלנאָוואַני, טאָוואַרישטש?

האָט כאָנע אין קורצן אים איבערגעגעבן זיין ענין. ער האָט מורא פאַר אַ יידישן פּאָגראָם. מען דאַרף גיין צום מיליטער־פּאַרוואַלטער פּאָדערן שוץ פאַר דער שטאָט. איז קיינער פון די חברים נישטאָ.

— און איך וואָלט אייך נישט געטויגט? — האָט דער דייטש זיך קאַלט אָנגעבאָטן און נאָך איידער כאָנע האָט אויסגעדריקט זיין הסכּמה, האָט דער אַנאַרכיסט מיט אַ שטייפער מיליטערישער גראַציע זיך אויס־געדרייט ריקווערטס.

— גייען מיר, חבר!

גייענדיק האָט כאָנע זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, ווי טיף ער איז דורכ־געדרונגען מיט דער יידישער פּאַניק אין ליאַסאָווע, אויב ער האָט גע־קאָנט ביי זיך פּועלן מיטשלעפּן צום מיליטער־פּאַרוואַלטער אַ פרעמדן דייטש.

אמת, דער מיליטער־פּאַרוואַלטער גריגאָריעוו איז נישט קיין זיכערע פּערזאָן, אַ מענטש וועלכער האָט נאָך ווייט נישט שלום געמאַכט מיט דער רעוואָלוציע און דעריבער דאַרף כאָנע האָבן אַ צווייטן צו זיך בלויז אַלס עדות, צו האַלטן יענעם ביים וואָרט.

אָבער פּאַרדריסלעך איז דאָך, וואָס ער האָט זיך צוגעאיילט מיטצו־שלעפּן אַ מענטשן אַ פרעמדן, אַ זייטיקן.

און אַז דעם באַראָן גייט דער גאַנצער ענין נישט אָן, איז געווען צו זען ביים מיליטער־פּאַרוואַלטער אין קאַבינעט, ווו גריגאָריעוו האָט די דעלעגאַטן געלאָזט אויף זיך וואַרטן.

מיט די הענט אין די פרענטש־קעשענעס האָט דער באַראָן זיך אַרומ־געדרייט איבערן גרויסן קאַבינעט, מיט נייגער זיך צוגעקוקט צו דער קאָ־לעקציע אַלטע שווערדן און פיסטוילן, וואָס זענען געהאנגען אויף אַ רויטן געוואַנט און באַזונדער זיך אָפּגעשטעלט פאַרן פאַרהאָנגענעם גרויסן קני־בילד פון אָבדיקירטן צאַר. פון אונטערן רויטן שלייער, וואָס האָט געזאָלט סימבאָליזירן די רעוואָלוציע, האָט גאַנץ בולט אַרויסגעקוקט ניקאָלאַי מיט זיין בערדל און פאַרקעמטן שרינט.

כאָנע האָט פאַרביסן די ליפּן, דערזעענדיק דעם פאַרהאַנגענעם פאַר־טרעט.

דער דייטש האָט נאָר געשמייכלט מיט אַ ברייטן מויל און מיט די הענט אין די קעשענעס.

— געפעלט אייך די קאָמבינאַציע, חבר? — האָט ער ביי כאָנען געפרעגט.

גריגאָריעוו איז אַריין אַ הויך אויסגעוואַקסענער און מיט צוויי גרויסע שפּאָן איז ער געווען ביים רויטן שרייב־טיש. דאָ האָט ער זיך אָנגעלענט מיט דער האַנט און די רעכטע פאַרלייגט ביי דער פעטליע פון מונדיר. ער האָט אָנגענומען אומגעפער די זעלבע פאָזע, ווי ניקאָלאַי הינטער אים, הינטערן רויטן שלייער.

— זעצט אייך, חברים. מיט וואָס קאָן איך דינען?

אַ שטים אַ פאַרשטיקטע און, דוכט זיך, אַ געבאָרגטע ביז אַ צייט. דער דאַרער האַלדז מיט אַ קנאָפּ, וואָס גייט אים אַרויף און אַראָפּ ווי אַ מין קוועקזילבער און דאָס ביינערנע פּנים מיט אַ טויט־קאָליר באַגאָסן, ווי באַ־לויכטן פון אַ קוואַרץ־לאָמפּ.

און דאָס ביינערדיקע פּנים האָט גאָר אַ פליישיקע, פאַררייסענע נאָז און די העל אויפגעריסענע אויגן זענען באַשמירט מיט געדיכטע שוואַרצע ברעמען, ווי מיט שוואַרצע בערשטלעך צוויי. אַ פּנים אַ צוזאַמענגעשטעלטס, וואָס איין מאָל אַריין אין אויג, לאָזט עס זיך נישט פאַרגעסן.

— מיט וואָס קאָן איך דינען, חברים.

כאָנע קלערט אים אויף די לאַגע אין שטאָט. אויף די סאָלדאַטן קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן. מאַיאָר גריגאָריעוו מוז צושטעלן אַן אָפּיצירן־באַטאַליאָן, ווייל אויף אים ליגט די אחריות פון זיכערקייט און רו.

אָבער דער אויסגעוואַקסענער מאַיאָר גריגאָריעוו ענטפערט נישט מיט

אַמאָל. ער לאָזט אַראָפּ די בערשטלעך אויף די אויגן, בויגט אָן די שמאָלע פּלייצעס און נעמט שפּאַנען מיט ריזן־טריט איבערן קאַבינעט.

— איז וואָס־זשע ווילן די חברים פון ראַט? נו יאָ, ס'איז אמת. די סאָלדאַטן זענען אויפגערעגט. אומרוען קאָנען אויסברעכן. אָבער דאָס איז דאָך דער שיקזאַל פון יעדער רעוואָלוציע. ניין, ער גלויבט נישט, גריגאָר־יעוו, אַז דאָ קאָן מען עפּעס העלפן מיטן פאַרשיטן די גרוב. אַ גרוב איז דאָ בכלל אַ צו טיפע אויסגעגראָבן. און ער, מאַיאָר גריגאָריעוו — עס טוט אים לייד, נאַטירלעך — אָבער העלפן קאָן ער גאָרנישט גאָ—אָר־נישט.

און זיין שמייכל איז העפלעך, און ער פאַרניינט זיך טעאַטראַליש־גראַציעז, ביי זיין גאַנצן אומגעלומפּערט הויכן וווקס. און מיט אַן עכטער אָפּערן־פאַרצווייפלונג פאַרשפּרייט ער די הענט, וואָס דאָס דאַרף באַ־טייטן:

— קרייציקט! איך קאָן נישט העלפן!

נאָר עפּעס דוכט זיך כאָנען, אַז די ווייסע ציין זיינע שמייכלען אים אַרויס פון דעם אָרט, ווו זיינע אויגן זענען געווען.

און דער דייטש איז די גאַנצע צייט געמיטלעך געזעסן אין פאָטעל, אַ פוס אויף אַ פוס פאַרלייגט און זיך געצאַצקעט מיט די אייגענע נעגל.

האָט ער זיך פּלוצלונג אויפגעהויבן און גאָר אומגעריכט אַריינגע־טראָגן אין· געשפּרעך אַ מין טעלעגראַפישע זאַכלעכקייט.

— חבר מאַיאָר! צו אייך רעדט מען אויף דער רוסישער שפּראַך: אַ באַטאַליאָן אָפיצירן פאַר ליאָסאָווע פון מאָרגן באַגינען אָן. אויב איר פאַר־שטייט עס נישט, וועל איך — עס טוט מיר לייד! — וועל איך אייך מוזן דערשיסן, ווי אַ קאָנטררעוואָלוציאָנער. דאָס האָט איר פאַרשטאַנען?

און אַ שטאָלענע קורצנעזלדיקע באַשטעטיקונג איז אויסגעוואַקסן אין זיין האַנט, געצילט צו גריגאָריעוון אין פּנים אַריין.

כאָנע האָט אינסטינקטיוו געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי וועלנדיק אָפּווענדן דעם דייטשס האַנט מיטן רעוואָלווער. אויך דער הויכער מאַיאָר האָט זיך אין דער ערשטער רגע דערפילט נישט היימלעך.

אָבער אָט שטייט ער שוין אינמיטן צימער מיט גרויסע און ברייט־צעשטעלטע פיס, הויך און שמאָל אין די אַקסל, ווי אַן אייפל־טורעם. און

ער קוקט אויפֿן דייטש מיט רואיקע טונקעלע אויגן, וואָס דער שוואַרצאַפּל האָט זיי איצט פֿאַרגאָסן.

— נו, גוט, חברים — האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבן רעדן מיט אַן אָנגעגריפֿענעם באַס — אויב דאָס איז אַן אַרגומענט, נעם איך אים אָן. איך מוז אים אָננעמען. מאָרגן וועט איר מסתמא דעם אָפּיצירן־באַטאַליאָן האָבן.

— טאָ־טאָ! — האָט דער באַראָן נאַכלעסיק אַריינגעשטופּט דעם נאָ־גאַן אין קעשענע. — געדענקט־זשע, חבר מאַיאָר, אַייער צוזאָג.

און ער האָט זיך מיליטעריש געזעגנט און מיט אַ שטייפֿן טריט פֿאַר־לאָזט דעם קאַבינעט.

נאָך אים איז אַרויס כאָנע.

אויפֿן גאַניק האָט דער דייטש זיך אָפּגעשטעלט און פֿאַרזיכטיק אַרויסגעשיקט זיין האַנט אויף דער גאַס, צו זען צי עס גייט נישט קיין רעגן.

— כ'האָב עס גאָרנישט געוווּסט, אַז איר זייט אַזאַ האַסטיקער, חבר!

— האָט ישראל געצוווּנגען געשמייכלט.

האָט דער דייטש אַרויסגענומען אַ גאָלדענעם פּאַרטסיגאַר מיט אַ הערב און פֿאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. און אַז ער האָט זיך פֿאַרצויגן, האָט ער זיך ברייט צעשמייכלט און דער רויך איז אים געראָנען פֿון גאַנצן מויל.

און דער דייטש האָט געזאָגט אויף מאַמע־לשון און מיט אַ גמרא־ניגון, אָבער מיט אַ ברייטן באַראָנישן זשעסט:

— וואָס טויג מיר די חכמה, אַז נאַרישקייט גילט!

## 3

# בערל נעמט אַ שטעלונג

רייטן רייט ער
אויף אַ שיוון אויף אַ פערד
און אויף אַ שיוון אויף אַ פּ—ע—רד!

איז בערל מיט דער האַנט אין דער באַקע, מעשה היימישער פריץ, און מיט דער צווייטער אויפֿן צוימל אַריינגעריטן פוס־טריט פֿון אַ הינטער־

גאַס אין ליאַסאָווע. אמת, ער איז אַריינגעריטן נישט אויף אַ שיוון, נאָר אויף אַ ווייסן פערד, אַזוי ווי נאַפּאָלעאָן, אָבער די שטאָט ליאַסאָווע האָט אים אויפגענומען אָנגעכמורעט, מרה־שחורהדיק. האָט עס בערלען פאַר־וואונדערט.

ער איז געווינט געווען, אַז ליאַסאָווע זאָל אים ביי זיינע זעלטענע וויזיטן אויפנעמען ווי אַ ליבן און חשובן גאַסט. ער איז געווינט געווען אַ קלאַפּ צו טאָן דער שטאָט איבער דער פּלייצע, ווי אַ צוגעלאָזטער פריץ זיין שיק־יינגל:

— זיי אַ גוטער ברודער און דערליידיק מיר דאָס און דאָס!

און ווי אַ פריילעכע דעפּעש צעפליט זיך זיין קלאַפּ איבער דער שטאָ־טישער פּלייצע ביז צו דער צענטער גאַס, און פערדהענדלער, פּורמאַנעס, סוחרימלעך, מעקלער קלאַפּן זיך שוין איבער די פּלייצעס, אַז עס גייט אַ רויך. און מיט אַ בליצל פון גוטן הומאָר זאָגן זיי זיך אָן די גוטע בשורה:

— פּאָדלאַסקי איז דאָ!

וועט, הייסט עס, זיין אַ פּאַרדינסטל. וועט, הייסט עס, זיין אַ כוסה אויך. ווייל פּאָדלאַסקי קומט קיינמאָל נישט אַראָפּ מיט ליידיקן. שטענ־דיק רודערט ער אויף די שטאָט מיט זיינע געשעפטן. און דאָס איז שוין זיין פּריצישע שוואַכקייט; ער האָט ליב, אַז עס רודערט זיך אַרום אים, ער האָט ליב, אַז מענטשן אַרום אים זאָלן פּילן דעם טעם פון פּדיון, מעג עס אים אַפילו קאָסטן מער, ווי ער האָט בדעה געהאַט אויסצוגעבן.

אָבער היינט איז עפּעס געשען מיט דער שטאָט ליאַסאָווע. אַפילו די שטיבער פון הינטערגאַס, נידעריקע שטיבער מיט דריי מאָל פּאַר זיי העכערע שפּיציקע שינדל־דעכער שאַפן היינט דעם איינדרוק פון אַן אַלגע־מיינער פאַרקרימעניש פאַר צאָן־ווייטיק.

זאָל עס טאַקע אמת זיין, אַז אין דער שטאָט איז פאַרגעקומען אַן איבערקערעניש?

פאַר די פּאָר וואָכן שניט און איינזאַמלען די תבואה אין די שייערן איז פּאָדלאַסיע געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון דער שטאָט.

אויף די אַלע אומרואיקע קלאַנגען האָט בערל קיין אַכט נישט גע־לייגט, פּשוט קיין צייט נישט געהאַט ווי געהעריק זיי איבערצוקייען. אויב די רעוואָלוציע האָט אים געשאַנעוועט און געלאָזט אַראָפּנעמען פון די פעלדער, וועט ער מסתמא אויך ווייטער אָנגיין מזלדיק, ביז פּאָדלאַסיע

וועט געווינען די שווערע זומער־קאַמפּאַניע. אַי — אין שטאָט קאָכט זיך דאָרט? וועט זיך איבערקאָכן און ס׳וועט ווידער ווערן שטיל. ווען זיי וואָלטן דאָרט געהאַט די זאָרג און די קאַטאָרגע פון פּאָדלאַסיע בעתן שניט, וואָלט זיי אין קאָפּ נישט געלעגן צו קאָכן זיך.

אַזאַ, אומגעפער, איז געווען דער שמאָלער געדאַנקען־גאַנג פון פּאָד־לאַסיע מיט בערלען בראש פאַר די לעצטע עטלעכע טעג.

איצט איז בערל אַריינגעריטן אין פּאָדלאַסיע ווי נאַפּאָלעאָן דער זיגער, מיט אַ לידל אין מויל מיט דער האַנט אין דער באָקע: ער האָט געוווּנען די ווייץ־קאַמפּאַניע.

און געקומען איז ער קיין ליאַסאָווע אַ טאָפּ טאָן דעם דופּק, ווי האַלט עס מיט תבואה אויפן מאַרק און פאַראייניקטן טאַקע אָנטעלעגראַפירן צו דעם און צו יענעם פון זיינע גוט־באַקאַנטע תבואה־אָפּנעמער, זיי זאָלן קומען צו פאָרן.

לויט זיין אויסרעכענונג האָט ער געדאַרפט אין איינע דריי טעג אויפ־רודערן און שטעלן אויף די פיס די גאַנצע שטאָט.

— פּאָדלאַסקי איז דאָ! ער האָט אַ שלל מיט ווייץ!

אָבער ווען ווען רודערט מען דאָ אויף און ווען מען שטעלט מען אויף די פיס, אַז אין גאַס הערשט אַ שטילקייט, ווי אין דער שטוב פון אַ שווער־קראַנקן? אַפילו דער הימל איז פאַריאושט. אַן ערב־האַרבסטיקער הימל מיט נידעריק אויסגעבעטע גרויע וואַרעמע פערענעס. פון אים פאַלט עס די שטילקייט אַראָפּ.

און איינזאַם און נישט אויפן אָרט הילכט אָפּ אין דער שטילקייט דאָס שיטערע קנאַקן פון בערלס פערדס פּאָדקעוועס אויף ליאַסאָווער ברוק.

ערשט איצט, ווען ער איז אַרויסגעריטן אויפן מאַרק, האָט בערל תופס געווען, ווי ווייט ער האָט נישט אָפּגעשאַצט די קלאַנגען וועגן דער לעצ־טער איבערקערעניש אין ליאַסאָווע.

ביי די ראָגן, ביי די געשלאָסענע טירן פון די געוועלבער האָבן זיך געטוליעט שיטערע גרופּקעלעך פון ליאַסאָווער בירגער מיט נייגער אין די אויגן, מיט אַ טויט־שרעק אויף די בלאַסע נעז.

און אין דער מיט פון ליידיקן מאַרק האָבן זעלנער געגעבן אַ מאָדנע שטומע פאָרשטעלונג, וואָס האָט דערמאָנט אָן עפּעס אַ קאָמישן קינאָ־בילד אָן מוזיק־באַגלייטונג.

זעלנער האָבן אינמיטן מאַרק אַרומגעטאַנצט אַן הויזן. פון דער הויך פון זיין זאָטל האָט בערל געהאַט ווי אויף דער האַנט דעם גאַנצן פּירעק פון מאַרק מיט די שבתדיק פאַרהאַמערטע קראָמען, צווישן וועלכע בלויז איינע האָט געגענעצט מיט די אויפגעפּראַלטע טירן און פענצטער. געגע־נעצט און געגאַווערט מיט אַרויסגעשאָטענע סחורה.

דאָס איז געווען וואָלף מעזעריטשערס גרויסער הורט־געשעפט פון פאַרטיקע קליידער. אויפגעקנעפּלטע זעלנער האָבן, טרעטנדיק איבער די צעשאָטענע סחורה ביי דער טיר, געשלעפּט פון געוועלב אַרויס גאַנצע פּעק מיט פאַרטיקע קליידער און זיי געשליידערט אין איין קופּע, אויפן מיטן מאַרק. און אַנדערע זעלנער האָבן זיך געפּאָרעט ביי דער קופּע קליידער אין מיטן מאַרק און געשלעפּט פון דאָרט וואָס פאַר איינעם טויג. מערסטנ־טייל האָט מען געשלעפּט הויזן — אַ טייל פון טואַלעט, וואָס איז ווייניק וואָס אַנזעעוודיק אונטער דעם אַרויסגעלאָזטן העמדל און פאַרשטעקט אין די שטיוול און קאָן דעריבער ווייניק וואָס פאַרשעמען די מיליטערישע אוניפאָרם. און טאַקע דאָ אויפן אָרט האָבן די זעלנער זיך איבערגעטאָן אין וואָלף מעזעריטשערס נייע הויזן.

אָבער צוליב דעם גרויסן אויסוואַל זענען די הויזנבאַדערפטיקע זעל־נער געוואָרן גאַנצע איבערקלייבער. אַריינגעקראָכן אין אַ פּאָר הויזן, זיך אַ ווײַלע געשפּיגלט אין זיי, געפונען פאַר נישט פּאַסיק אָדער נישט באַ־קוועם געגנוג — און אָט קריכן שוין ווידער די הויזן אַראָפּ פון די נאַ־קעטע פיס. און געמיטלעך, אָן הויזן, טאַנצט מען שוין ווידער אַרום דער צעריעטער קופּע.

און ווי אומגעלומפּערט דאָס בילד האָט ניט אויסגעזען, האָט בערל דאָך באַמערקט אַ שטיקל סדר אין דעם הויזן־פּאָגראָם. לענגאויס פון די רייען געשלאָסענע קראָמען האָבן מיט ערנסטע מינעס מאַרשירט וואַך־זעלנער אונטערן ביקס, ווייזט אויס אָפּצוהיטן די אַלע איבעריקע פאַר־לאָדנטע טירן. און אַנדערע זעלנער, שוין ניי באַהויזנטע, זענען אומגע־לאָפן איבער די געסלעך אַרום מאַרק מיט זאַפּאַסאָווע נייע הויזן אויף דער האַנט און געקלאַפּט אין די טירן און פענצטער אַריין.

— יידן — בירגער, הינטישע זין! וואָס באַהאַלט איר זיך אויס אין די לעכער? גייט נאָך הויזן ווער עס דאַרף! אַ באַפּעל אַזאַ: רויב דאָס אָנ־גערויבטע! הויזן, הויזן, ווער דאַרף אַ פּאָר הויזן?

ערגעץ אַרום שול־הויף האָט זיך דערהערט אַ כאָרכלדיק געשריי,

ווי מען וואָלט עמעצן גענומען ווערגן. די יידן אויף די ראָגן זענען שוין גרייט געווען צו לאָזן זיך לויפן, ווי בעת אַ פּאָגראָם. אָבער אָט איז אײַ־בערן דיאַגאָנאַל פון מאַרק דורכגעפלויגן ווי אַ פייל פון בויגן דער קאַל־טענעוואַטער משוגענער קלמן. דאָס האָט ער דאָס געטראָגן מיט זיך דעם כאַרכלדיקן געשריי. צוויי זעלנער האָבן אים נאָכגעיאָגט מיט אַ פּאָר צע־שפּרייטע נייע הויזן אין די הענט און דער משוגענער קלמן האָט גע־שווינדלט פאַר די אויגן מיט זיינע בלאָס־ברודיקע נאַקעטע פיס פון אונ־טערן צעשפּרייטן, צעפליקטן שירעם פון זיין קאַפּאָטע.

— געוואַלד, יידן, ראַטעוועט פון זייערע הענט!

פון בר־מצוה אָן האָט דער משוגענער קלמן קיין הויזן נישט געטראָגן. ער האָט זיך געשוואָרן, אַז אין הויזן בייסט אים. די גאַנצע שטאָט האָט דערויף געקאָנט עדות זאָגן. אָבער ווער וועט עס וואַגן זיך אַרייַנצומישן?

און אָט איז אויסגעוואַקסן אינמיטן מאַרק אַ זקן אין אַ לאַנגן גע־שפּאָלטענעם שניט־ראָק און מיט אַ גרויער באָרד, ווי מען מאָלט אברהם אבינו: דאָס איז געווען וואָלף מעזעריטשער אַליין, דער חשובער הורטאָוו־ניק פון ליאָסאָווע. זיין היטל האָט ער, ווייזט אויס, פאַר גרויס צעטראָגנ־קייט פאַרגעסן אין דער היים, אָדער אויפן וועג פאַרלאָרן, בעת מען האָט אים אָנגעזאָגט די פינצטערע בשורה, אַז מען פאַגראַמירט זיין געשעפט.

איצט זענען די געל־גרויע שיטערע האָר אַרום זיין חשובן פּאָלירטן בליק געשטאַנען דיבאָם, ווי אין אַ שטורעם־ווינט. פון זעלנער צו זעל־נער איז ער געלאָפן מיט אויסגעשטרעקטע הענט, וואָס זענען אים אויס־געוואַקסן ווייט פון די אַרבל אַרויס.

— האָט רחמנות! — האָט ער געשריען — טייערע סחורה! ענגלי־שער שטאָף! טרעט נישט מיט די פיס! מיט די חזירישע שטיוואַלעס טרעט נישט! גיט זשע מיר אַוועק מיינע הויזן! מיינע, מיינע, האַ, וואָס? נישטאָ קיין מיינע? אָבער איך בין דאָך אויך אַ מענטש, איך דאַרף דאָך אויך האָבן הויזן! געוואַלד, גזלנים! כאָטש אַ פּאָר!

און אַרויסגעריסן אַ פּאָר הויזן ביי אַ זעלנער, האָט ער זיי צוגע־דריקט צום האַרץ ווי אַ ספר־תורהלע און אַרומגעלאָפן מיט זיי איבערן מאַרק, ווי בעת אַ שרפה.

און אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַ צעטומלטער און מיט הכנעה־דיקער פלייסיקייט פון אַ טעמפּ חדר־ייִנגל גענומען זיך צוקוקן צו דעם,

וואָס עס ווערט געטאָן מיט די הויזן. און דאָ האָט ער באַשלאָסן נאָכצו־טאָן די זעלנער.

צוהאַלטנדיק די נייע הויזן אונטער דער שיווער באָרד, צוגעדריקט זיי מיט דער גאָמבע צו דער ברוסט, האָט ער מיט ציטערדיקע הענט גע־נומען אַראָפּציען פון זיך זיינע אַלטע הויזן.

אָבער אַז ער האָט זיך דערזען אין שניטראָק און אין די געשטרייפּל־טע גאַטקעס, איז ער אויף אַ רגע געקומען צום פאַרשטאַנד און פאַרבראָכן די הענט און זיך צעיאָמערט אינמיטן מאַרק:

— זעט, יידן, וואָס עס איז געוואָרן פון אונדז!

זענען אָנגעלאָפן פון אַ זייטיקער גאַס אַ כאָפּטע יונגע ווייבער, ווייס־לייביקע און שוואַרץ־חנעוודיקע מיט אַ קוויטשעריי און יללה:

— טאַטע! טאַטע! אָט איז דער טאַטע, וויי איז צו אונדז!

דאָס זענען געווען וואָלף מעזעריטשערס טעכטער און שניר.

ווי פייגל זענען זיי אים באַפאַלן פון אַלע זייטן און אים די הענט געקושט און איבערן בליק געגלעט און אים אָנגעטאָן אויף אַ זייט דעם געפונענעם צעקנייטשטן הוט.

— אַ גזירה, וויי צו אונדז, אַ גזירה.

און אין דעם שניט־ראָק מיט די געשטרייפטע גאַטקעס און מיטן צעקנייטשטן הוט, וואָס איז אים געזעסן ווי אויף אַ פרעמדן קאָפּ, האָבן זיי דעם אַלטן עקסקאָרטירט פון מאַרק אַראָפּ אין זייטיקן געסל — אַ מין קיניג ליר מיט זיינע טעכטער.

בערלען האָט אָנגעכאַפּט אַ קאָנוולסיע אין די שלעסער פון די באַקן־ביינער ווי אויפצורייסן דעם מויל אויף צום שרייען אָדער צום גענעצן.

ער האָט צו העפּטיק אָנגעגריפן דעם פערד זיינעם מיט די שפּאָרן און גלייכצייטיק אַ קער געטאָן אים רעכטס, פון וואָס דער פערד האָט אַ צעטומלטער אַ טראַסקע געטאָן מיט אַלע פיר פּאָדקאָוועס אָן ברוק, אַ הייב געטאָן זיך דעם קאָפּ און ערשט דאַן זיך פאַרנומען אין דער געהעריקער ריכטונג.

דער אומגעלומפּערטער הויזן־פּאַגראָם איז פאַרבליבן הינטער אים.

אָבער בערלס פאַרשטאַנד האָט בשום אופן נישט געקאָנט פאַרבינדן דאָס, וואָס זיינע אויגן האָבן נאָר וואָס געזען מיט זיינע וואָכעדיקסטע באַגריפן וועגן דער דערוואַרטער רעוואָלוציע. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט

די עכטע רעוואָלוציע אין איר בלוטיקער פּאַטעטישער נאַקעטקייט. אָבער דאָס, וואָס זיינע אויגן האָבן צוגעזען, איז דאָך אַ ביליקער וואָדעוויל, אַ פּאַראָדיע אויף גלייכהייט, נישט די גלייכהייט אַליין. און דער עיקר, עס איז געווען אַזוי אומגעלומפּערט נאַריש און לאַנגווייליק, לאַנגווייליק צום חלשן. נישט אומזיסט האָט אים אַזוי גענויגט צום גענעצן, ווען ער איז זאַט געוואָרן מיט דער סצענע.

אָפּשרעקנדיק די שיטערע, אַזוי אויך צעשראָקענע פאַרבייגייער, איז בערל געריטן דורך דער שטאָט אין פולן גאַלאָפּ, ווי יאָגנדיק צו ראַטעווען זיך אי ליאַסאָווע פון דער קאַטאַסטראָפע פון לאַנגווייליקייט.

ערשט ביי דער פּושקין־גאַס האָט ער איינגעהאַלטן דעם גאַלאָפּ. פּוס־טריט איז ער צוגעריטן צו דעם אָרט, ווו אַ רויטע פאָן האָט געפלאַטערט און אַ גרופּע זעלנער האָבן זיך פויל געפּאָרעט ביים פאַרשיטן די ברייטע גרוב אינמיטן גאַס. מיטן פאַרשיטן די גרוב האָט אָנגעפירט אַ היגער אַר־בעטער־טוער, כאָנע דער בערשטער, וועלכן בערל האָט פון דער ווייטן גע־קענט.

— וואָס קומט דאָ פאָר, חבר כאָנע? — האָט בערל געפרעגט מיט דער נאַאיווער אָפנהאַרציקייט פון אַ פרעמדן, האָט כאָנע צו אים אַ שמייכל געטאָן און — ווי בערלען האָט זיך אויסגעוויזן — גנבעכדיק אַ שמייכל געטאָן מיט דער אָפענער גרוב פון זיינע פאָדערשטע פעלנדיקע ציין.

— דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט, בירגער!

אָבער די זעלנער מיט די לאָפּעטעס האָבן שוין בערלען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן און אָפּגעשטופּט דעם אַרבעטער־טוער ערגעץ אויפן דריטן פּלאַן. און זיי האָבן איצט בערלען גענומען אויפן פאַרהער.

וואָס טוט ער דאָ אין ליאַסאָווע? ווי אַזוי איז ער געקומען אַהער? ווי אַזוי האָט ער זיך דורכגעריסן דורכן „צעפּ“ ביי די ראָגאַטקעס? און וועמעס איז דאָס רייט־פערד?

עס האָבן אָנגעהויבן זיך שיטן בייסיקע באַמערקונגען אויפן חשבון פון זיינע עלעגאַנטע ברוינע שטיוול, פון זיינע לייקענע הענטשקעס און דעם שפּיצרוט מיט דעם זילבערנעם הענטל. עמעץ האָט שוין אַ נעם גע־טאָן דאָס פערד פאַרן צוים.

דאַן האָט בערל פאַרקוועטשט די ציין, איינגעדריקט די שפּאָרן און זיין ווייסער רייט־פערד האָט זיך ווידער אַ הייב־געטאָן דיבאָם, אָפּשרע־

קנדיק און אָפּשטויסנדיק דאָס ענגע זעלנערישע רעדל. בערל איז אָבער קיין העלפּט פון דער גאַס נישט אָפּגעריטן, ווען דעם וועג האָט אים פאַר־שטעלט אַ פּאַטרול.

—דאָס פערדל, בירגער, וועט איר מוזן אָפּלאָזן. נישטאָ אַזאַ געזעץ, אַז בורזשויען דאַרפן פאָרן רייטנדיק.

— פירט מיך צום קאָמענדאַנט — האָט בערל איינגעהאַלטן אויסגע־ברומט צום אונטער־אָפיציר מיטן קורצן נעזל, וועלכער האָט איצט שטייף זיין פערד פאַרן צוים געהאַלטן.

— איר דאַרפט נישט קיין אונטערפירער, בירגער! — האָט דאָס נעזל אים חוצפּהדיק אָפּגעענטפערט — איר וועט אייך פרעגן אין האָטעל פּאַליי־ראָיאַל אויפן חבר קראָנעבערג. און אויף דעם רעקווירירטן פערד וועט איר באַקומען די געהעריקע קוויטונג. סאַשקאַ! — האָט דאָס נעזל זיך געווענדט צו זיין חבר ביי דער זייט — האַלט צו דאָס פערד, אַז דער הער זאָל נישט אַנטלויפן.

און אַרויסגעשלעפּט פון כאַקי־העמדל אַ קליין בלאָקל, האָט דאָס נעזל פלינק אויף דער קני גענומען שרייבן אַ קוויטונג אויפן רעקוויזירטן פערד.

ביי די איבעריקע פּאַטרול־זעלנער האָט בערל דערוועקט רעספּעקט און מיטגעפיל דורך זיין בראַווורן און עלאַסטישן אַראָפּשפּרינגען פון פערד.

אָנפּאַטשנדיק דאָס פערד איבערן ברייטן האַלדז, ווי צום צערטלעכן געזעגענען זיך, האָט בערל, גרימפּלענדיק מיט די שפּאָרן, ברייטפּלייציק און זייטיק, מיט דער שפּיץ־רוט אין דער באָקע זיך צוגעשאַרט צום שרייבער און זיך אָנגעבויגן איבער אים.

— שרייב, ברודער! דאָס פערד איז רעקוויזירט ביים היגן גוטבאַ־זיצער, באָריס פּאָדלאַסקי.

דאָס נעזל האָט אים איראָניש סאַלוטירט, אָפּגעבנדיק דעם קוויט צו דער האַנט.

— מיט אונדזער הויכאַכטונג, ווילגעבורט! איר וועט זיך אויס־טענהן מיטן קאָמענדאַנט. חבר קראָנעבערג איז אויך אַ ווילגעבירטיקער. אַ באַראָן.

בערל האָט מיט דעם מינדסטן ציטער פון פּנים נישט אַרויסגעגעבן

זיינע איצטיקע געפילן. דאָס פּנים זיינס איז געווען ווי אַ גיפּסענע מאַס־קע, ווייס און האַרט און די שוואַרצע באָרד האָט אויסגעזען, ווי אַ צו־געקלעפּטע.

מיטן קוויטל אין קעשענע און קלימפּערנדיק מיט די שפּאָרן, האָט ער אַוועקגעשפּאַנט אין דער ריכטונג פון ליאַסאָווער פּריצישן האָטעל „פּאַליי־ראָיאַל", כדי זיך דורכצושמועסן מיטן באַראָנישן קאָמענדאַנט פון די סאָלדאַטסקע רעוואָלוציאָנערן.

אָבער ביי דער מיליטערישער וואַך נעבן האָטעל האָט בערל זיך דערוווסט, אַז דעם חבר קאָמענדאַנט קאָן מען געפינען אויפן מאַרק, ווו ער פירט אָן מיט דער רעקוויזיציע.

האָט בערל געלאָזן אַוועקגעשפּאַנט אין דער ריכטונג פון מאַרק.

ער איז געגאַנגען ווי שפּאַצירנדיק און צום טאַקט פון די קלימ־פּערדיקע שפּאָרן זיך צוגעקלאַפּט מיטן שפּיצרוט אָן די שטיוול. צו דעם, וואָס אויף דער גאַס קומט פאָר, האָט ער זיך איצט צוגעקוקט מיט די אויגן פון אַ זייטיקן באַאָבאַכטער, ווען דאָס אַלץ גייט נאָר אָן, ווי אַ פרעמדער יריד. אויף דער גאַס האָט זיך געפילט די שטימונג פון אַ ערב־יום־כּיפּור מיט דער צעשראָקענער, פאַרלאָרענער איילעניש פון פאַר־שפּעטיקטע פאַרביילויפער. און נישט געקוקט אויף דער צעשראָקענער איילעניש, האָבן די פאַרביילויפער אויף חידושים זיך אָנגעקוקט אויף דעם פּריצישן רייטער מיטן בייטשל און אָן אַ פערד, ווען ס'איז איינגע־פאַלן אינמיטן דער זעלנערישער רעוואָלוציע צו מאַכן אַ געלאַסענעם פוסטריט־מאַציאָן.

און קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דעם געלאַסענעם פּריץ דער־לאַנגט פון צייט צו צייט אַ זעץ דאָס בלוט צו די שלייפן און רייסט אים פאָרויס אין אַ ווילדן אימפּעט. און נאָר פאַרקוועטשנדיק די שפּיצרוט אין דער האַנט, האַלט ער זיך אַליין איין, ווי אַ צעיאָגט פערד.

שוין אַ פּאָר יידן האָט בערל אָפּגעשטעלט און געבעטן, מען זאָל אים אויפקלערן, וואָס עס קומט פאָר אין שטאָט. אָבער די יידן האָבן גע־קוקט אין אַלע זייטן און זיך אַרויסגעמאַכט פון יעדער קלאָרער תשובה. זיי ווייסן נישט. זיי פאַרשטייען נישט. זיי האָבן קיין צייט נישט.

און אָט האָט זיך בערל לייכט צעשמייכלט. איצט וועט ער שוין יאָ

וויסן וואָס דאָ קומט פאָר. עס איז אים אָנגעקומען אַנטקעגן זיין אַלטער פריינד און לערער שלמה לוריע.

— דו אויך? — איז שלמה אים באַפאַלן מיט די לאַנגע הענט און מיט אַ פאַרצווייפלטן אויסדרוק און גענומען אים טרייסלען ביי די שטיינערנע פּלייצעס — דו אויך מיט זיי?

— וואָס, אַ שטייגער, וואָס קאָכסטו דיך?

— וואָס הייסט: איך קאָך זיך? ס'איז דאָך אַ העסלעכע פּראָוואָקאַציע! ווי קומסטו צו זיי!

— ווער האָט עס דיר געזאָגט, שלמה, אַז איך בין מיט זיי? און ווער זענען דאָס די „זיי"?

— ווי הייסט? דו שפּאַצירסט דאָך אַרום, ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס!

— אַ ברירה האָב איך? אַז דאָס פערד האָט מען ביי מיר צוגענומען און אגב, וואָס איז דאָס איילעניש? ווילסט אַ ציגאַר? — און בערל האָט געלאָסן פאַררויכערט. בלויז דער ציטער פון זיין האַנט האָט איצט דערציילט, אַז די גאַנצע געלאַסנקייט זיינע קאָסט אים אַ גרויסע אָנשטרענגונג.

אָבער דעם גרויען רעוואָלוציאָנער זענען נישט געלעגן אין קאָפּ בערלס גוטע ציגאַרן.

— מיר זענען געפאַנגענע — האָט ער אומבאַהאָלפן געקרעכצט — געפאַנגענע ביי אַ באַנדע פאַרברעכער! מיר האָבן אַ באַראָן אויף אונדזער קאָפּ!

— וועלכער באַראָן? וועלכע פאַרברעכער? רייד ווערטער! — האָט איצט בערל, פאַרגעסנדיק זיין גאַנצע געלאַסנקייט, דעם חבר זיינעם און לערער געטרייסלט ביי די אַקסל.

האָט שלמה אים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם און האַסטיק אים מיטגעשלעפּט אין אַ זייטיקער שטילער גאַס. האַסטיק שפּאַנענדיק, כמעט לויפנדיק, האָט ער אויפן אויער אים דערציילט וועגן דער רעוואָלוציע פון ליאַסאָווער גאַרניזאָן. עטלעכע אָפיצירן מיט דעם ליאַסאָווער מיליטער־פאַרוואַלטער בראש האָט מען שוין צורעכט געמאַכט. די איבעריקע אָפיצירן זענען זיך צעלאָפן און באַהאַלטן זיך אויס. אין דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציע שטייען אומפאַראַנטוואָרטלעכע אַנאַרכיסטן מיט עפּעס

אַ האַלבן דייטש און אַ האַלבן רוס באַראָן קראַנעבערג — אַ מענטש, וועל־כער וועקט נישט צו זיך דעם מינדסטן צוטרוי.

— דאָס איז דאָך אַ פֿאַרברעך? — האָט דער אַלטער רעוואָלוציאָ־נער זיך געקאָכט אין זיין פולער אומבאַהאָלפנקייט — דאָס הייסט דאָך: דערפירן די אַרמיי צום אָפּגרונט פון דעמאָראַליזאַציע! אָט אַזוי מאַכט מען דאָס רעוואָלוציעס — אָט אַזוי? האָסט געזען וואָס עס טוט זיך אויפן מאַרק?

— טאָ וואָס־זשע שווייגסטו, חכם איינער? — האָט בערל זיך פּלוצ־לונג אָפּגעשטעלט, ווי צו דער ערד צוגעוואַקסן.

אין דער טעאָריע איז ער מיט שלמהן נישט מסכים געווען. אין אַ רואיקערער צייט וואָלט ער זיך אַריינגעלאָזט אין אַ דיסקוסיע מיט אים. ער האָט אָבער אַליין מיט זיינע אויגן היינט געזען די סצענע אויפן מאַרק. דערצו נאָך האָט מען ביי אים, בערל פּאָדלאַסקי, געוואַגט צו רעקווירירן זיין רייט־פערד!

און ערשט איצט דערפילט בערל, ווי קאָמיש איבעריק עס זענען אים די שפּאָרן, ווען דאָס פערד האָט ער שוין נישט. און נערוועז — אויפגע־בראַכט, נעמט ער דאָ, אויף דער גאַס, אָפּשפּילען די שפּאָרן פון די רי־מענדלעך.

און שלמה האַלט זיך אין איין פאַרענטפערן פאַר אים.

וואָס קאָן ער — איין מענטש — אויפטאָן? אַז ער איז אַ געפאַנגע־נער. נישט איצט, איז אין אַ שעה אַרום, וועט אים די באַנדע אַרעסטירן, ווייל ער האָט אָפן אַרויסגעזאָגט זיין פּראָטעסט. און אַרויסבאַקומען זיך פון שטאָט קאָן ער אויך נישט. ווי אַזוי?

בערל האָט זיך ענדלעך באַפרייט פון זיינע שפּאָרן און זיי אָפּגעשלייי־דערט אויף דער מיט פון גאַס.

— און ווען דו באַקומסט זיך פון שטאָט אַרויס, וואָס וואָלט געווען?

— אָ, עס וואָלט שוין גוט געווען! — דערפרייט זיך שלמה — אַ וויאָרסט פערציק פון ליאַסאָווע האָט ער שטיין אין די אַלטע פּאָרטן אַ פּאָר רעוואָלוציאָנער־זיכערע רייטער־פּאָלקן...

— און טאָמער איז דאָרט די אייגענע חתונה?

— וואָס רעדסטו עפּעס, בערל? די גאַנצע וועלט איז דאָך נישט משוגע געוואָרן. נישט קיין באַנדע אַנאַרכיסטן עפּעס...

— נו, גוט.

איצט גייט שוין בערל פאַרויס און זיין אַלטער לערער שפּאַנט אים נאָך. עפּעס האָט בערל זיך אַלץ אומגעקוקט, אַלץ געזוכט מיט די אויגן.

און אַזוי האָבן זיי פאַרקערעוועט צוריק צו דער שלאָס־גאַס.

— אָבער וווהין טראָגט עס דיך, וואָלט איך וועלן וויסן?

— הערסט, שלמה, דו האַלט קאָפּ.

און אָט האָט בערל זיך אָפּגעשטעלט אויף דער ליידיקער גאַס. פון דער הייך האָט זיך לאַנגזאַם געגליטשט אַ מיליטערישער כאַקי־אויטאָ. בערל האָט אַוועקגעשליידערט די ציגאַר און פאַרלאָפן דעם אויטאָ דעם וועג.

— גלאַזאָמער! ביסטראָטאַ אי נאַטיסק! *) — הערסט, שלמה?

און בערל איז שוין געהאַנגען אויפן טרעפּל פון אויטאָ און געצוווּנגען דעם שאָפער צו טאָרמאָזירן.

— שטיי, חבר, אַז מען רעדט צו דיר!

— ווער זייט איר? — האָט דער צעטומלטער פירער פון ליידיקן אויטאָ געפינטלט מיט די אויגן. דאָס פאָר איך אויפן מאַרק נאָכן קאָמענדאַנט.

— זעסט נישט ווער מיר זענען? — און בערל האָט אָנגעוויזן אויף שלמהן אין מיליטערישן היטל אויף דער גרויער גריווע — איצט זעסטו שוין ווער?

שלמה האָט זיך שוין אָריענטירט. מעשה באַלעבאָס איז ער מיט אַ שנעלער געלאַסנקייט צוגעגאַנגען און אַריינגעשטיגן אין ליידיקן אויטאָ.

— אַן אָרדער! — האָט דער שאָפער זיך איינגעשפּאַרט — חברים, איר דאַרפט ווייזן אַן אָרדער!

— פאָרן! — האָט שלמה געגעבן אַ בלעכענעם באַפעל פון אויטאָ אַרויס.

בערל איז שוין געזעסן לעבן שאָפער.

— אַן אָרדער! — האָט זיך יענער פון אָרט נישט גערירט.

— נאַ דיר אַן אָרדער! — איז בערל פון אַ נאָענטער דיסטאַנץ פאַרפאָרן דעם שאָפער מיטן פויסט אונטער דער גאָמבע און מיט אַזאַ האָסט

---

*) אויג־מעסטער! שנעלקייט און אָנגריף!

און מיט אַזאַ קראַפט, אַז יענער האָט מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ אַ פאַל געטאָן אַן אַ זייט, אויפן טירל. מיט נאָך צוויי קלעפּ האָט בערל אים גע־האַלפן דאָס טירל אויסזעצן און אַ פאַל טאָן ווי אַ זאַק אויף דער גאַס אַרויס, כמעט אויף די הענט פון עטלעכע צעטומלטע זעלנער, וועלכע זע־נען אָנגעלאָפן אויפן בייז ווונדער.

— נעמט אים, דעם שיכור — האָט פון אויטאָ אַרויס באַפעלעריש געשריען שלמהס גרויער קאָפּ אין מיליטערישן היטל — נעמט אים און פירט אים צום קאָמענדאַנט! ער האָט געבראָכן די דיסציפלין!

און אין דער זעלביקער צייט האָט די מאַשין אַ שופּ געטאָן פון אָרט, ווי באַפרייט פון אַן איבעריקער קראַפט. בערל האָט זי פון אָרט געלאָזט מיטן פולן אימפּעט.

שוין אויף דער דריטער גאַס האָבן צו דעם אַלטן לערער מיט זיין פּעאיקן שילער זיך דערטראָגן פאַרשפּעטיקטע שאָסן. דער אויטאָ האָט געקרייזט איבער דער שטאָט מיט אַ מעסיקער גשווינדקייט. לויט בערלס אָריענטאַציע איז דער ערשטער וועג געווען דער בעסטער און נאָך אַ קורצן אומקרייז איז דער כאַקי־אויטאָ אַרויסגעלאָפן אונטער דער שטאָט באַרג־אַרויף, דורך דער שלאָס־גאַס.

אויף דער גאַס גופא האָט מען זיי טאַקע אַמווייניקסטן אָפּגעוואַרט. אָבער, צוקומענדיק צו דער ראָגאַטקע, האָט בערל אַ געשריי געטאָן אויף צוריק:

— לייג זיך!

און אַליין האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, לעבן רודער. און אַזוי אויף בלינד און מיטן פולן אימפּעט האָט ער אַ לאָז געטאָן די מאַשין מיט דער אידעאַלער ליניע פון שאָסיי. און נידעריק איבער זייערע קעפּ האָט אויפגעפלאַצט אַ ביקסן־קאַנאָנאַדע, מיט אַ הינטערשטעליקן פאַר־שפּעטיקטן רעווע פון עטלעכע סאָלדאַטסקע מיילער אויף אַמאָל.

בערל האָט זיך האַסטיק אויסגעגלייכט אויף זיין זיץ־פּלאַץ און אַ דריי געטאָן דעם רודער עטוואָס רעכטס, פּונקט אויף אַזוי פיל, כדי דער אויטאָ זאָל נישט אַראָפּפאַלן אין גראָבן, ביים ראַנד פון שאָסיי, וואָס ער איז מיט ניסים אויף בלינד פאַרבייגעפלויגן.

— שלמה, ביסט גאַנץ?

די שאָסן האָבן זיי נאָך שיטער און פאַרשפּעטיקט נאָכגעיאָגט, זיי

זענען שוין אָבער געווען נישט געפערלעך, ווייל פון דער ראַגאַטקע האָט זיי אָפּגעטיילט אַ בערגל.

— פאָר גיכער, אין אַלדע שוואַרץ יאָר! — האָט שלמה זיך אָפּגערופן ווי פון אונטער דר'ערד אַרויס.

האָט בערל זיך אכזריותדיק צעלאַכט.

— איך פייף אויף דיר, חבר באַראָן! דו מיר אין באָרשטש — איך דיר אין קרויט. נאָ דיר מיין פערדל און גיב מיר דיין אויטאָ!

— אַ מזיק אַ ביסל! — האָט שלמה אַ צעקאָדערטער אַרויסגעטויכט פון זיין באַהעלטעניש.

און בערל האָט געחוזקט, צעגאָסן אין גליקלעכן אכזריותדיקן שמייכל.

— וואָס מיינסטו דען? פּאָדלאַסקי איז אַ בוך־רעוואָלוציאָנער?

דאָס היטל — דאָס ווייסע ספּאָרט־היטעלע מיטן שוואַרצן ראַנד, וואָס האָט אים אַזוי ענלעך געמאַכט צו אַ קאַפּיטאַן — האָט בערל ערגעץ פאַרלאָרן.

און די שנעלע, געפערלעכע נסיעה מיט דער האַנט אויפן רודער פון לעבן און טויט האָט אים אָנגעפילט מיט אַ גליקלעך געפיל פון הפקרות.

און דער לעצטער נאָכפליענדיקער שאָס האָט נאָך נישט איינגעשטילט, ווען בערל האָט זיך צעזונגען אויף אַ הילכיקן פאַלצעט:

רייטן רייט ער!
אויף אַ שיוון אויף אַ פערד.

4

## רעוואָלוציאָנער מיטן כוח פון אינערציע

— אַלץ קאָן דער מזיק! — האָט שלמה אויפריכטיק אַרויסגעבראָמט זיין אַנטציקונג, אַריבערקלעטערנדיק צו בערלען אויפן זיץ־פּלאַץ לעבן שאָפער.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט באַקוועם און זייטיק און געקוקט מיט דרך־ארץ, ווי בערל גיט זיך אַן עצה מיט דער מאַשין און ווי די מאַשין פאָלגט אים.

— ווו האָסטו דיך אויסגעלערנט שאָפערייִ, גאון מיינער?

— דריי וואָכן הינטער וואַרשע — האָט בערל אים אָפּגעענטפערט מיט אַ האַלבן שמייכל און זיך נישט אומקוקנדיק. ער האָט איצט געהאַט

די איינציקע זאָרג, צי וועט סטאַיען בענזין ביזן אָנקומען צום ציל, ביז די אַלטע פּאָרטן.

פּונקט ווי ער האָט פעסט געהאַלטן די ראָד פון דעם רודער אין האַנט און געיאָגט די מאַשין צו איין פּונקט, אַזוי פעסט האָט ער אויך זיין ווילן אין האַנט פאַרקוועטשט און דער געדאַנק זיינער האָט נישט אָפּגע־קערט, נישט רעכטס און נישט לינקס פון שאָסיי און אויך זיך נישט אומ־געקוקט אַהינטער. זיין געדאַנק, ווי די מאַשין, האָט געשאָסן צו איין פּונקט: צו די פּאָרטן.

די מאַשין איז געלאָפן מיט אַ מעסיקער שנעלקייט, עס האָט נישט געלוינט צו ריזיקירן מיט די אָפּאָנעס איבערן צעלעכערטן מלחמה־שאָסיי. פון ליאַסאָווע וועט זיי שוין סיי־ווי קיינער נישט נאָכיאָגן.

דאָס איז שוין איצט, ביי די ערשטע צען קילאָמעטער, קלאָר געווען, אַז ליאַסאָווע איז אַן אָפּגעזונדערטע מדינה מיט אַן אייגענעם נוסח אין דער רעוואָלוציע און אַז דערווייל וועט זי נישט וואַגן די נאָז אַרויסצו־שטעקן הינטער די אייגענע ראָגאַטקעס.

און ווייל ליאַסאָווע איז בלויז געווען אַ טראָפּן אין ים פון דער רו־סישער רעוואָלוציע, האָט שלמה זיך נישט פאַרגונען איבערצוגעמען, נישט מיט דער בראָוורע, וואָס זיי האָבן דאָרט ערשט אַרויסגעוויזן, און נישט מיט דער געפאַר, וואָס זיי האָבן דאָרט ערשט איבערגעלעבט. אגב זענען זיי נאָך צו נאָענט געווען צו דער איבערגעלעבטער געפאַר און נישט גע־קאָנט ווי געהעריק זי אָפּשאַצן. אין די אויערן האָט נאָך ווי וואַטע גע־שטעקט די טויבקייט נאָך דער שיסעריי איבער זייערע קעפּ.

און בערל איז געזעסן שטיינערדיק־פעסט, ווי איינגעמויערט אין זיין פּלאַץ, און איינגעהויקערט, ווי פּאָרויסצופליען, און געטראָגן האָט ער אַנטקעגן דער ווייטער סטרונע פון שאָסיי זיין הויכן, בלאַסן עקשנותדיקן שטערן.

„וואָס הייסט עפּעס: פּאָדלאַסקי וועט נישט אויספירן?! — אַזאַ אויס־דרוק האָט געהאַט דער שטערן זיינער.

— אָט־דאָס איז אַן אמתער רעוואָלוציאָנער! — האָט שלמה מיט מילדער קנאה געקוקט פון דער זייט אויף זיין פריינד און שילער.

דער שאָסיי איז אַנטקעגנגעלאָפן, מערסטנטייל אַ גלאַטער, ערטער־ווייז מיט שטרויכלונגען, און דאַן האָט די מאַשין, ווי אַ דענקענדיקע באַ־

שעפּעניש, פאַרלאַנגזאַמט איר געלאַף און זיך פאַרטראַכט, ווי אַזוי די שטרויכלונגען אויסצומיידן אויפן בעסטן אופן. אַ קער רעכטס, אַ קער לינקס, און ווידער לויפט שוין אַנטקעגן אַ גלאַטער שאָסיי. און פוןביידע זייטן — שיטערע רייען פון פאַרקריפּלטע אַלטע ווערבעס; אָפּגע־זעגטע פון אויבן און ווילד־באַוואַקסענע מיט שמאַלע, לאַנגע ריטלעך גלייך פון ברייטן קורצן שטאַם זעען זיי אויס, ווי די קאַרליקעס מיט ווילד־שטאַרצנדיקע געדיכטע האָר. און הינטערן שיטערן פאָרהאַנג פון די ווערבעס שפּרייט זיך פון ביידע זייטן שאָסיי די רואיקע רחבות פון די עלטסטע און פרידלעכסטע צייטן. איינצלנע כאַטקעס, פאַרשלאָפענע, שטרויענע דערפלעך מיט אַ פרידלעכן רויך פון אַ פּאָר איינגעפאַלענע קוימענס. פוילע מעלה־גירהדיקע טשערעדעס אויף די אָפּגעשניטענע פעל־דער.

און אין דער מיט, אויף דער פּאָליצע פון שאָסיי, טראָגט זיך אין איילעניש אַן איינזאַמער אויטאָ: שמעיה, ווו לויפסטו?

בערל האָט מיט פאַרביסנקייט געשוויגן און די פרייד פון זיין אויפ־געלייזטער ענערגיע האָט ער אַריינגעגאָסן אין די לויפנדיקע רעדער.

אָבער שלמה לוריע איז בטבע קיין שווייגער נישט געווען. ער איז געוווינט געווען צו פאַרברויכן יעדן טאָג אַ קאָלאָסאַלע פּאָרציע פון גע־רעדטע און געשריבענע ווערטער. פאַר אים איז איצט דער שווייגנדיקער חבר זיינער געווען אַן אמתער אבן־טוב.

און עפּעס איז היינט געשען מיט דעם אַלטן רעוואָלוציאָנער. צי די דערשיטערונג פון דער איבערגעלעבטער געפאַר האָט אים סענטימענטאַל געמאַכט, צי די דאַנקבאַרקייט פאַר זיין פריינד און שילער, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן דעם נייטיקן רעוואָלוציאָנערן מוט צו דער ריכטיקער צייט.

אָבער שלמה לוריע האָט פאַררוקט די הענט אין די אַרבל, זיך איינ־געהויקערט, ווי אַן אמתער זקן, און גענומען רעזאָנירן, גענומען פּלוצלונג זיך מתוודה זיין פאַר זיין פריינט אין דער עברה פון אַלטקייט.

בערל האָט געמיינט, אַז ער קען גוט זיין פריינד שלמה לוריע. און אַז פון זיין לעבן ווייס ער כמעט אַלץ, וואָס אַ פריינד דאַרף וויסן. אָבער אַ טייל פון שלמהס איצטיקע רייד זענען געווען פאַר בערלען פיינלעך ניי. ערשט איצט האָט ער אַריינגעקוקט אין דעם נישט־פּולקומען, רעוואָ־לוציאָנערן מעכאַניזם, וואָס הייסט: שלמה לוריע.

בערל האָט געוווּסט, אַז שלמה איז אַ זון פון פרומע עלטערן, אַז ביז זעכצן יאָר האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה און איז נישט אַרויס פון קליי־נעם שטעטל. אָבער צו אַכצן יאָר איז דער ישיבה־בחור שוין אַוועק אַר־בעטן אין „פּאָלק״, צווישן אוקראַיִנישע פּויערים און מיט אַ פרומער התמדה פאַרצייכנט די פּויערשע ווערטלעך און זיטן. די שיטה פון שלמהס צייט איז שוין געווען אַזאַ: גיין אין פּאָלק האָט געהייסן: וואָס ווייטער אַוועק־גיין פון דעם יידישן שטעטל. האָט דער יונגער רעוואָלוציאָנער טאַקע אַלץ געטאָן, כּדי אַוועקצוגיין וואָס ווייטער און וואָס גרינטלעכער. צו צוויי־און־צוואַנציק יאָר, איז דער געוועזענער ישיבה־בחור שוין געווען פאָלקס־לערער אין אַ אוקראַיִנישן דאָרף, און כּדי צו פאַרווישן די מחיצה צווישן זיך און „פּאָלק״, האָט ער אפילו געהאַלטן ביים אונטערשמדן זיך. און דער יונגער פאָלקס־רעוואָלוציאָנער וואָלט טאַקע פרום אויסגעהאַלטן זיין שיטה, ווען נישט די פּלוצלונגע פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט אין אים דערוועקט אַ יידישן אָדער.

איז דער יונגער רעוואָלוציאָנער געקומען צו לויפן פון דאָרף אין זיין שטעטל אַריין און ער האָט אין גרויס חרטה־איילעניש חתונה געהאַט מיט אַ חנעוודיקער יידישער טאָכטער, וועלכע האָט אים געשיינט צו זיין גע־נוג אויפגעקלערט און פּראָגרעסיוו.

אָט פאַר דער חרטה־איילעניש האָט ער לאַנגע יאָרן זיך נישט גע־קאָנט אויסצאָלן. פון דעם אויפגעקלערטן מיידל האָט זיך אויסגעלאָזט אַ מקווה־ווייבל מיט אַ שייטל און מיט אַ וויסטער שרעק פאַר דעם, וואָס אין שטעטל וועט מען זאָגן אויף איר מאַנס גויאישע גענג.

איז שלמה לוריע אַנטלאָפן פון זיין יידיש ווייבל, מיטנעמענדיק בלויז דעם פּאָרטפעל מיט נאָטיצן וועגן די מנהגים און ווערטלעך פון אוקראַיִ־נישע פּויערים.

צוויי מאָל איז שלמה לוריע פון תּפיסה אַנטלאָפן. אַ דריטן מאָל איז ער אַנטלאָפן פון אַ ווייטער פאַרשיקונג, הענגענדיק ווי עס איז אונטער אַ וואַגאָן צווישן די רעדער. אָבער דאָס אַלץ איז געווען ווי אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט זיין ערשטער פּליטה פון דעם יידישן ווייבל.

און צען יאָר צייט האָט די עגונה זיך אָפּגעמאַטערט און נישט גע־וואָלט פון אים נעמען קיין גט, נישט דערפאַר, חלילה, ווייל זי איז געווען

אַזוי פֿאַרליבט אין איר מאַן, נאָר ווייל זי האָט זיך געשראָקן פֿאַר דעם, וואָס אין שטעטל וועט מען זאָגן.

צו דער צייט, ווען בערל, נאָך אַלס משורר ביי אַ חזן, האָט זיך באַקאַנט מיט זיין רעוואָלוציאָנערן לערער, איז יענער שוין געווען דער טיפּישער עס־ערישער נע־ונדניק מיט אַ דעקאָראַטיווער לייבנגריווע, מיט אַ פֿרעמדן פּאָס און מיט אַן אייגענעם מאָגן־קאַטאַר. זיין באַלעבאַטישקייט איז באַשטאַנען פֿון איין געשוואָלענעם אַלטן פּאָרטפֿעל, ווו עס האָט זיך געפֿונען אַן אָרט אפֿילו פֿאַר אַ טשייניק. שלמה אַליין האָט דעם פּאָרטפֿעל זיינעם גערופֿן: מיין קאָמאָד.

אָבער צו דער זעלביקער צייט איז שלמהס נאָמען שוין געווען אויפֿגעקומען אין דער פּובליציסטיש־ליטעראַרישער וועלט און ער איז געווען אַ חשוב אין די אינטעליגענטישע רעוואָלוציאָנערע קרייזן פֿון דער הויפּטשטאָט.

האָט אויף אַ וווּנדערבאַרן אופֿן זיך פֿאַרייניקט אין אים דער נע־ונדניק, דער באָסיאַק, וואָס איז אויסגעקנאָטן מיט די גרויע פּויערים און רויער אַרבעטער־מאַסע מיט דער באַפּעלערישער חשיבות און עלעגאַנטע מאַניערן פֿון אַ פּעטערבורגער סאַלאָנען־לייב. און אָט די פֿאַרייניקונג פֿון צוויי היפּוכים האָט עס בערלען דאַן אַממייסטן אימפּאָנירט.

פֿאַר דער צייט פֿון זייער פֿריינדשאַפֿט איז דעם לערער און שילער אויסגעקומען נישט איין מאָל זיך צו שיידן אויף אַ לענגערער צייט, סיי צוליב בערלס פֿאַרשיקונג, סיי צוליב שלמהס פּאָליטישער פּליטה קיין אויסלאַנד. אָט די לאַנגע אָפּגעריסנקייט האָט איבערגעלאָזט היפּשע בלויזן אין זייער קעגנזייטיקער דערקענטעניש.

אַ פֿרעמדן און דאָך אַן אָנגענעמען איינדרוק האָט געמאַכט אויף בערלען זיין געעלטערטער פֿריינד נאָכן צוריקקומען פֿון אויסלאַנד, האַרט פֿאַר דער מלחמה.

די געדיכטע לייבן־גריווע איז טאַקע היפּש גרוי געוואָרן, אָבער דאָס בערדל מיט די ברעמען האָבן אָנגעהאַלטן זייער יוגנטלעכע שוואַרצקייט אין די אויגן — זייער יוגנטלעכע לעבעדיקייט און גלאַנץ.

איבעראַשט האָט בערלען די מילדקייט, וואָס שלמה האָט איצט אַרויסגעוויזן, ווי די יאָרן וואָלטן פֿאַרווישט אַלע שפּיציקייטן פֿון זיין כאַראַקטער און אים אויסגעלערנט צו זיין פֿאַרליבט אין דער וועלט.

אָבער ווי זאָל עס בערלען איינפאַלן, אַז אַט דער גרויער קאָפּ פול מיט אַרטיקלען און טעזן, אַז אַט די געשליפענע צונג, וואָס דיאַלעקטישע פאָרמולעס קלעפּן זיך צו איר, ווי פליגן צום האָניק־פּאַפּיר, אַז זיי זאָלן פעאיק זיין צו מאַכן עפּעס אַנדערש, חוץ דער טעאָריע פון דער רעוואָלוציע און פון צייט צו צייט אַ מילדע, אַלטבחורישע לאַכערייקע?

אין בערלס אויגן איז שלמה געווען דער טיפּישער לעבנסלוסטיקער מאַנאַך פון רעוואָלוציאָנערן אָרדן. ער האָט זיך טאַקע אויסגעלערנט אין עמיגראַציע צו האַלטן אייראָפּעאיש די הענט אין די קעשענעס און נישט אַרומפאָכען מיט זיי ווי אַ ווינטמיל. ער האָט אָבער די הענט זיינע נישט פשוט געהאַלטן אין די קעשענעס. דאָרט, אין דער קעשענע — האָט זיך בערלען געדוכט — האַלט ער פאַרקוועטשט אין דער האַנט אַ גרייטן רע־צעפּט גליקלעך צו מאַכן די וועלט.

און איין מאָל, פאַרטרינקענדיק מיט אַ גוט ביסל וויין די געשפּרעכן וועגן די ערשטע יידישע מלחמה־צרות, האָט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער פּלוצלונג אַרויסגענומען אַ בילד פון קעשענע.

דאָס איז געווען נאָך שלמהס רייזע איבער גאַליציע און בערל האָט געמיינט — ס'איז אַ פּאָגראָם־בילד.

איז ער טאַקע נישט איבעראַשט געוואָרן, ווען ער האָט דערזען אויפן בילד אַ בלאָנדע שיינע פרוי מיט לאַכנדיקע אויגן.

— אַ גאַליציאַנערין? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, ברודער, פון סאַמעראָדנע מאָסקווע!

און מיט אַ שעלמישן בליצל אין די יונגע אויגן האָט דער גרויער קאָפּ באַהאַלטן דאָס בילד צוריק אין בוזעם־קעשענע.

איז פאַר בערלען ערשט קלאָר געוואָרן, פון וואַנען עס נעמט זיך ביים רבין די לעבנספרייד. ווען בערל וואָלט זיך דאַן דערוווּסט דאָס, וואָס אים איז אויסגעקומען איצט צו הערן, וואָלט ער נישט אַזוי געווען איינ־געגלויבט אין שלמה לוריעס לעבנס־חכמה.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז שלמה האָט צום צווייטן מאָל אין זיין לעבן אָפּגעטאָן די נאַרישקייט. דאָס מאָל האָט ער חתונה געהאַט מיט דער מאָסקווער יונגער שיינהייט.

פאַרטאָג אין דער רעוואָלוציע, האָט ער קיין צייט ניט געהאַט איבער־צוקלערן וועגן דער ריכטיקייט פון זיין שריט. און וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט איין פּריוואַטער טעות קעגן דעם גליק פון דער מענטשהייט?

איר האָט, ווייזט אויס, אימפּאָנירט זיין לייבן־גריווע און די חשי־בות פון זיין נאָמען. אים האָט אימפּאָנירט שוין דאָס אַליין, וואָס זי אימ־פּאָנירט אים. האָט ער גענומען, דער אַלטער, און האָט חתונה געהאָט און זי מיטגענומען הינטערן פּראָנט, כדי זי זאָל אים העלפן מאַכן די רעוואָ־לוציע. האָט הינטערן פּראָנט זיך געפונען אַ דאָקטער לאַזאַריעוו, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער איז ביִלכער, ווייל ער איז יינגער פאַר שלמהן.

איז די מאָסקווער שיינהייט פאַרבליבן ביי לאַזאַריעוון.

אָט פאַרוואָס שלמה לוריע, דער אַלטער רעוואָלוציאָנער מיט דער נישט אויסגעשעפּטער ענערגיע, איז פאַר דער לעצטער צייט געוואָרן אַזוי גרוי און אָפּגענוצט!

— איך בין, ברודער, אַלט געוואָרן צוליב דעם לעצטן דורכפאַל מיי־נעם. דאָס צאָל איך פּראָצענט פאַר מיין נאַרישקייט. און דער פּראָצענט מאַכט פון מיר אַ תל. צי ווייסטו דען, בערל, וואָס פאַר אַ פיינלעך געפיל דאָס איז פלוצלונג צו דערפילן די עלטער אין די ביינער? און נאָך ערגער: נישט קיין אַלטער רעוואָלוציאָנער, בערל, נישט קיין אַלטער לייב. אַן אַלטער ייד בין איך, ווי דער טאַטע מיינער, ווי דער זיידע. אָט האָב איך דורכגעמאַכט דעם פולן קרייז און געקומען צוריק צו דעם פונקט פון מיין אויסגאַנג. האָט זיך דאָס געלוינט, פרעג איך דיך, האָט זיך דאָס געלוינט. אַז נאָך פערציק יאָר כמעט פון שטורמישער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט זאָל איך דעם פאַרגאַנגענעם שבת ראש־חודש, אין אַ שטעטעלע ערגעץ, ווו קיינער קאָן מיך נישט, פאַרקריכן אין בית־מדרש אַריין און בעטן ביים שמש אַ טלית אָפּצודאַוונען — אַ שמוציקן פאַרפּעצטן טלית, אַ דורכגע־זאַפּטן מיט שמעקטאַבאַק און קראַנקן יידישן שווייס?

עס זענען געווען ביי מיר צו פופצן יאָר חטאת־נעורים, ווען איך האָב אַריינגעקוקט אין טריף־פּסולדיקע ביכלעך. איצט, ווייזט אויס, הייבט זיך אָן די סדרה פון חטאת־זקונים. היינט שטעל דיר פאָר, ווי אַזוי האָט ביי אַזעלכע שטימונגען געדאַרפט ווירקן אויף מיר די לעצטע דיסקוסיע מיט דיין באַראָן!

— פאַרוואָס עפּעס מיינער?

— ווייל דו ביסט דאָך ביז היינט אַליין געווען מער נוטה צו זיין שיטה ווי צו אונדזערער. האָסט זיך דאָך געהאַלטן אין איין אַמפּערן מיט מיר.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט, דער באַראָן?

— שוין איין מאָל געזאָגט! איך האָב גענומען אים דערוויזן, אַז זיין אַנאַרכיסטישער אויפטו איז סם פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. האָט ער זיך חוצפּהדיק אויסגעלאַכט מיט אַ ברייטן מויל.

— אַ רעוואָלוציאָנער זייט איר, טאָוואַרישטש? אַ בורזשואַזער נאָכשלעפּער זייט איר געווען אייער גאַנץ לעבן און איר זייט עס פאַרבליבן. איצט ציט אייך צוריק צו אייער שורש.

פאַרשטייסט אַ חוצפּה? מיט איין שמיר מיין גאַנץ לעבן געפּסלט! און ווי ער וואָלט דערביי געשטאַנען דאָרט אין שולכל, בעת איך האָב ביים שמש דעם טלית געבעטן...

און לויט דעם, ווי שלמה לוריע האָט זיך איינגעהויקערט און אַנטשוויגן געוואָרן, האָט בערל דערפילט, אַז דעם באַראָנס באַליידיקונג איז פאַר דעם אַלטן רעוואָלוציאָנער דער גרעסטער ווייטיק.

שלמה איז איצט געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן. די גרויע כּאָטישע גריווע זיינע האָט אויסגעזען ווי קאָלטענעוואַטע פּאות ביי אַן אַלטן ייד. און אויף דעם אַלטן יידישן קאָפּ איז דאָס מיליטערישע היטל געזעסן זייטיק און פרעמד, ווי אַ שטיק חוזק. שלמה האָט איצט אויסגעזען ווי אַ פּורים־רב.

און אַ שווערקייט האָט זיך געלייגט בערלען אויפן האַרצן, ווי ער וואָלט איצט צו די פאָרטן געפירט נישט קיין לעבעדיקן, נאָר אַ טויטן, דעם טויטן קערפּער פון אַ געפאַלענעם רעוואָלוציאָנער.

און ערשט איצט איז פאַר בערלען קלאָר געוואָרן, אַז די גאַנצע בראַוורע, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אין ליאַסאָווע, איז דאָך געווען נישט אַזוי צוליב דער אינערלעכער איבערצייגונג, ווי צוליב דעם פריינד און לערער זיינעם. אין אַ הייסער מינוט האָט ער געוואָלט מיט עפּעס וויכטיקס אָפּדאַנקען דעם אַלטן לערער זיינעם פאַר דעם, וואָס ער האָט אַמאָל גענאָסן פון זיין גייסטיקער שפּייז. האָט ער זיך דורכגעריסן דורכן אַנאַרכיסטישן צעפּ, כּדי צו העלפן שלמהן מאַכן זיין „שלמהס" רעוואָלוציע.

ווייזט זיך אַרויס, אַז דער רעוואָלוציאָנער איז גאָר טויט. אַ לעבעדיקער מת.

שלמהס אויסדרוק איז געווען אַזעלכער, ווי ער וואָלט מיט פאַרמאַכטע אויגן זיך פאַרטיפט אין זיין אייגענעם ווייטיק. דאָס נאָכגיביקע

אומוואַקלען זיך אין צעטרייסלטן אויטאָ האָט אַרויסגעגעבן די אומבאַ־האָלפנקייט פון עלטער.

— שלמה, דו שלאָפסט? מיר זענען שוין באַלד אין דער היים.

האָט שלמה די אויגן אויפגעריסן און זיך אויסגעגלייכט.

— אַהאַ! איך זע שוין.

דער אַלטער פּאָרט איז געלעגן אויף יענער זייט בריק ווי אַ גרין־באַוואַקסענע חורבה פון אַ ריזיקן רוימישן אַמפיטעאַטער. אַרום פּאָרט האָט זיך מיט אַ סדר צעשפּרייט אַ מיליטעריש געמויערט שטעטעלע, שטרענג איינגעטיילט אין גאַסן און קוואַרטאַלן. אויף הויכע סלופּעס זע־נען איבערן שאָסיי געווען אַנגעצויגן ריזיקע פּלאַקאַטן מיט אויפשריפטן:

זאָל לעבן די רעוואָלוציע!

די גאַנצע מאַכט דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

יאָ, שלמה האָט געקענט רואיק זיין. דאָ האָט געהערשט די רעוואָ־לוציע אין זיין נוסח.

עטלעכע אָפיצירן זענען געשטאַנען ביים אָפענעם טויער פון פּאָרט און געדולדיק אָפּגעוואַרט דעם פרעמדן אויטאָמאָביל מיט זיינע געסט.

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע! — האָט איינער פון די אָפיצירן באַ־גריסט די אָנגעקומענע ווי מיט אַ פּאַראָל.

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע! — האָט מעכטיק און יונג אויסגעברומט שלמה פון דער פולער ברוסט. און ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָ, נישט האָבנדיק קיין געדולד ביז די מאַשין וועט זיך פאַרקירעווען און זיך אָפּשטעלן.

בערל איז נישט אויסגעשטיגן. ער האָט זיין אַרבעט אָפּגעטאָן; גע־בראַכט שלמהן אין פּאָרט. איצט האָט ער געהערט, ווי לעבהאַפט און זאַכלעך שלמה רעפערירט פאַר די אָפיצירן וועגן דער סיטואַציע אין ליאַ־סאָווע, ווי איבערצייגט און איבערצייגנדיק ער אַקצענטירט דאָס ניי־טיקסטע, ווי פאַרכאַפּט ער איז פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

ווו איז אַהינגעקומען דער צעבראָכענער אַלטער ייד, דער לעבעדיקער מת שלמה לוריע?

אין פאַרצווייפלונג פון עלטער אין זיין צעבראָכענעם לעבן האָט שלמה ווייזט אויס אַרויסגעלאָזט פון אויג איין וויכטיקן פּונקט: די אינער־ציע־קראַפט פון פערציקיאָריקן פונאַנדערלויף. אָט די קראַפט וועט אים

נאָך זיכער געזעגענען ביז צו דער ענד פון זיינע טעג, אויב נאָר זיינע פיזישע כוחות וועלן זיך נישט איינברעכן.

און מיט וועלכער קראַפט, איז ער, בערל פּאָדלאַסקי, אַהער פאַר־שלעפּט געוואָרן? וואָס פאַר אַ איבערצייגונגען בינדן אים מיט אָט יענעם גראָבן, אַסטמאַטישן קאָמאַנדיר, וועלכער ענטפערט אַזוי געלאַסן אויף שלמהס פראַגע, צי זיי האָבן נאָך גענוג אַמוניציע:

— אַזוי פיל, אויף אויסצוגלייכן ליאַסאָווע מיט דער ערד האָבן מיר נאָך אַלנפאַלס.

און איצט האָבן זיך אַלע אָפּיצירן אַ לאַז געטאָן צום אויטאָ, ווו שלמה שטעלט פאָר פאַר זיי זיין חבר און שילער, ווי דעם אמתן העלד פון טאָג.

זיי דריקן אים די האַנט בערלען און דאַנקען אים פאַר זיין העלדיש־קייט, און ער ווייס נישט ווו די אויגן צו באַגראָבן און ווי אַזוי זיך אַרויסצומאַכן פון זיי. זיין איינציקער פאַרלאַנג איז צו קריגן אַ רייטפערד און אַוועקצולויפן קיין פּאָדלאַסיע, צו זיך אַהיים. דאָרט וועט מען אַפילו נישט וויסן ווו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן.

5

## רעוואָלוציאָנער מיטן כוח פון ציניזם

...20 סעפּטעמבער 1917 לויט דער אַלטער צייט־רעכענונג.

יאָר פון רעוואָלוציע — ערשטער.

מאַטעריאַלן צו דער גענעאַלאָגיע פון באַראָן קאַרל ריטער פאָן קראָ־נעבערג.

גראָבער אונטערשטריך און צוויי אויסרופצייכנס.

...עס איז געקומען די צייט צו מאַכן געשיכטע. מאַכט מען זי ווי מען קאָן. בייטאָג מיט דער שווערד, מיט דער פען ביי דער נאַכט.

נו, דאָס איז אַן אויסדרוק אין רוימישן סטיל. ביי אונדז מאַכט מען געשיכטע מיטן נאַגאַן ביי דער מויער־וואַנט פון שלאָס־גאַס.

און מען שרייבט זי מיט אַ כעמישן בלייפעדער ביי אַ פאַראַפין־ליכטל אין האָטעל „פאַליי־ראָיאַל". און דאָס ליכטל האָט נישט קיין כוח גברא און האָט די פאַליקע.

זינט די רעוואָלוציע האָט אויפגעדעקט איר אמתן פנים האָט אין

ליאָסאָווע פאַרפעלט קוילן און קיין עלעקטריע ברענט שוין נישט. אָבער זי ברענט נאָך אין טויזנטער שטעט אויסער ליאָסאָווע. און דאָס איז שלעכט.

אגב — לאָמיר קלאָר מאַכן צו וועמען אַדרעסירן מיר די נאָטיצן אונדזערע.

צו דער וועלט? — דאָס איז אַ ביסעלע פּריצייטיק. די וועלט האָט נאָך אַ קנאַפּן באַגריף וועגן דעם נאָמען און די גבורות פון באַראָן קראָ־נעבערג.

צו דער וואַנט? — נו, דאָס איז לאַנגווייליק און סענטימענטאַל.

אפשר צו דיר, הויכגעשעצטע, וויל־געבירטיקע מוטער — באַראָנעסע פאָן־קראָנעבערג? האָסט עס כשר פאַרדינט, אַז דיין אַנלען אויף דער עלטער און דיין איינציקער יורש, וועלכער האָט דעם הערב פון די קראָ־נעבערגס מיט שאַנד באַדעקט, ווייל ער האָט זיך געקליגט אַריינצופאַלן אין דער רוסישער געפאַנגענשאַפט — אַז אָט דער זון דיינער זאָל טראַכטן וועגן דיר אַפילו דאַן, ווען ער מאַכט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

האָט ער דאָך דיר אין זיינער צייט פאַרוואָרפן מיט בריוולעך פון דייטשישן פראָנט — אָט דער תכשיט דיינער — און דיין באַראָנעסיש מוטער־האַרץ האָט אָנגעקוואָלן, וואָס דיין זון האָט זיך ענדלעך פאַרנו־מען אויף אַ רעכטן וועג און קעמפט פאַר דעם רום פון פאָטערלאַנד, אָנ־שטאָט צו שטעקן הינטערן פראָנט. דו האָסט נאָר מורא געהאַט, אַז צו זיין שוואַכן געזונט זאָל דיין תכשיט נישט כאַפּן מיט אַ האַרמאַט אין זייט און דו האָסט אָנגעפילט זיינע בריוו צו אים מיט מוטערלעכע עצות מיט לאַנגווייליקן מוסר און מיט באַנק־טשעקן אויף גאָר היפשע סומעס.

און פאַר דעם לעצטן, פאַר די באַנק־טשעקן בין איך דיר באַזונדער דאַנקבאַר, מוטער־באַראָנעסע. זיי זענען מיר צונוץ געקומען.

אָבער אַדרעסירן צו דיר די נאָטיצן מיינע וועל איך נישט. זיי וואָלטן דיר אַ ווינציקע טרייסט פאַרשאַפט, ווען זיי פאַלן אַריין אין דיינע אַדע־ליקע הענט.

און אגב איז דיין הונדערטפּראָצענטיקער אָנצווייפלבאַרער זון נישט אַלע מאָל געגנויגט אָפּצוריכטן די קלאָונאַדע. ווי גוט זי זאָל נישט זיין איינגעשטודירט די קלאָונאַדע — טויג זי דאָך בעסער פאַרן צירק פון דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, איידער פאַרן טעאַטער פון דער גרויסער רעוואָלוציע.

אגב, שרייבנדיק די דאָזיקע נאָטיצן, האָב איך דאָך פאַר אַ ציל זיך געשטעלט נישט נאָר צו דערגרונטעוון זיך אין באַראָן קראַנעבערגס גענעאַלאָגיע, וואָס איז זייער וויכטיק פאַר דער מענטשהייט, נאָר אויך קלאָר מאַכן אַ ביסל די מחלוקה צווישן מענטש און פּאָזע, וואָס דאָס מיינט דורכפירן אַ פּסיכישע דעזינפעקציע אָדער אָפּהיטן די פאַרשריפטן פון עסטעטישער היגיענע.

איך פאָדער אַלנפאַלס נישט פון כעמישן בלייפעדער נישט קיין ווידוי פאַר דער מענטשהייט און נישט קיין געוויסן־גראַבלעריי פאַר זיך אַליין.

אָט — אָט! די ליכט פאַלט שוין! זי חלשט צוקוקנדיק ווי איך שרייב, אַז ווידוי און געוויסן האָבן מיר אָפּגעגעבן אין אַרכיוו אין איינעם מיט דער אַלטער, פאַרשימלטער מאָראַל.

צו וועמען־זשע שרייב איך, גאָט פאַרדאַמטער!

און צו וועמען, אַ שטייגער, וואָלט חבר נאַפּאָלעאָן געשריבן, ווען ער געפינט זיך אין מיין לאַגע? אַז קיין פריינד האָב איך נישט און איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט.

אַ געליבטע?

מען שרייבט נישט צו אַ טויטער, אויב מען האַלט אַליין נישט ביי קיין זעלבסטמאָרד.

און איך בין, לעת־עתה, ווייט פון דעם געדאַנק.

פאַרקערט. פאַר מיין פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך אַ מערקווירדיק בילד פון עפּעס אַן אָפּערן־אַרטיקן קאַראַוואַן, וועלכער וועט מיך אַריינפירן מיט טימפּאַנען און אָדאַליסקן, אויפן ווייסן קעמל אַלס דער זיגער קיין באַגדאַד.

האָט חבר נאַפּאָלעאָן קיין מאָל נישט געהאַט אַזעלכע פאַנטאַזיעס?

מיר לעבן אין אַ צייט — געערטע מוטער באַראָנעסע — ווען עס פּולסירט שטאַרק דאָס בלוט אין די אָדערן. און ווי זאָל עס נישט פּולסירן שטאַרק, אַז מיר האַלטן יעדע שעה פון אונדזער טאָג דאָס לעבן אונ־דזערס שטייף אין דער לינקער האַנט פאַרקוועטשט, בעת די רעכטע איז פאַרנומען מיטן נאַגאַן.

לויט די כללים פון רעוואָלוציע וואָלט איך אויך שרייבן באַדאַרפט מיט דער לינקער האַנט, ווייל ס׳איז נישט רעכט, אַז דער נאַגאַן זאָל זיך פאַרליגן אין דער זייט אָפּגערוקט.

איך זע, מוטער באַראָנעסע, דיין פלאַטערדיקע עלטער־זאָרג, אַז אין

דער צעהיצטער דעבאַטע, וואָס דיין זון פירט מיט דער וועלט, זאָל זיך דיין תכשיט חלילה נישט פאַרקילן.

זיי רואיק — מוטער באַראָנעסע. ס׳קאָן אים שוין גאָרנישט שאַטן.

און ס׳איז מיר, אגב, לאַנגווייליק זיך אויסצוטענהן מיט דיר. ביסט אַ מענטש פון דער אַלטער דאַטע און וועסט עס נישט פאַרשטיין, פונקט זוי אייניקע פון מייגע הויך־דייטשישע בריוולעך — אַז דער אַמולעט פון באַראָן מינכהאַוזען, צי פון אַן אַנדער הייליקן טייוול, וואָס דו האָסט אָנ־געהאַנגען דיין זון אויף דער ברוסט — האָט אים שוין אויך נישט געשאַט...

לאָמיר בעסער זיין אָריגינעל און זיך פאַרלאָזן אויף אונדזער פּאָע־טישן שווונג.

מיר אַדרעסירן די נאָטיצן צו אונדזער חלום־באַשערטער, צו אונדזער גרעטכען — לאָמיר זאָגן, פאַרוואָס נישט — העלענאַ?

ניין, ווייל געטע איז אין דעם צווייטן טייל „פאַוסט" בפירוש קאַליע געוואָרן. העלענאַ איז ביי אים צו פלייִשיק־רעאַל. מיט איר דאַרף מען האָבן באַציאונגען בפני כל עם ועדה. אַזוי נידעריק זענען מיר נאָך נישט געפאַלן.

אונדזער חלום־באַשערטע... ניין, איך מוז דאָ אָפּווייכן פון זעלבסט־הערשערישן סטיל צו רעדן בלשון רבים. מיט באַשערטע טיילט מען זיך נישט.

מיין חלום־באַשערטע איז אויסגעוועבט פון די צאַרטסטע נשמה־פעדים. איר נאָמען קאָן איך נישט און איר פּנים צעשווימט זיך פאַר מיין געדעכעניש. איך ווייס נאָר, אַז זי איז ליב. עס ליגט מיר בלויז אויף די ליפּן דער דופט פון איר צוטרוילעכן, בליענדיקן, ווייך־וואַרעמען מיידל־קוש, אַזוי ווי זי האָט מיר אים געשאָנקען אין יענעם טיפן שלאָף, וואָס איז מיר באַפאַלן נאָך אונדזער ערשטן זיגערישן אַרויסטריט, בעת איך האָב גריגאָריעוון אַריינגעזעצט אַ קויל אין קאָפּ און דערמיט דערפילט מיין ריטערלעכע הבטחה.

אין חלום איז עס אַזוי געשען:

מיר זענען מיט מזל — געדענק איך — חתן־כלה געוואָרן. האָבן מיר זיך צוגעשפּאַרט אויף איין ווייס געלעגער, אויף דער צוקונפט־נעסט פון אונדזער שטילן גליק. מיר זענען צניעותדיק געלעגן יעדער אויף זיין ראַנד פון אונדזער בשותּפותדיק געלעגער און צווישן אונדז איז געווען אַ

שטיק ליידיקע ווייסקייט. אָט די אומבאַפלעקטע ווייסקייט האָט עס דער חלום איינגעקריצט אין מיר אויף אייביק. איך בין איצט אָנגעטאָן אין מיין חלום, ווי אין אַ דין זיידן העמדל, וואָס איז מיר צוגעוואַקסן צום לייב. אפילו אויף די הענט מיינע שפיר איך דעם הויך פון דער אומבאַ־פלעקטער ווייסקייט. און ווען נישט די מאַזאָליעס פון דריקן דעם נאַגאַן, וואָלט איך געגלויבט, אַז די הענט מיינע זענען באַשאַפן בלויז פאַר זיידענע העפט־אַרבעט.

אָט איז ער, דער חלום פון ליבע און אומשולדיקער ריינקייט, דער חלום, וואָס איז געקומען צו מיר אין די ערשטע הייסע רויטע טעג! דאָן האָט עס מיין חלום־באַשערטע מיר געשענקט איר וואַרעמען, אומשול־דיקן קוש, וואָס איז אַזוי מיילן־ווייט פון די פאַרסמטע דערפאַרענע פרויען־קושן.

ווייס איך שוין, מיין חלום־באַשערטע, ווער דו ביסט. מיין באַוווסט־זיין האָט עס מיר אונטערגעזאָגט נאָך אין שלייער פון האַלבער דערוואַ־כונג און איך קאָן דיך שוין נישט אויסשיידן פון מיר. ווייל דו ביסט די מאַטעריאַליזירטע עסענץ פון מיינע מענטשלעכסטע בענקענישן. ווייל דו האָסט זיך אַרויסגעשלייכט פון דער תפיסה פון מיין הינטערבאַוווסטזיין און געקומען מיר אַ קוש טאָן דאָן, ווען איך בין איינגעשלאָפן געזעטיקט מיט דער אַרבעט פון מיין נאַגאַן.

דו האָסט מיר נישט שווערער געמאַכט, נאָר לייכטער געמאַכט מיט דיין קוש און איך בין דיר פאַר אים דאַנקבאַר. און איך האָב דיך ליב און איך פאַרגעטער דיך, אויב אַפילו דו ביסט דער אַטאַוויזם פון דער אַלטער מאָראַל.

ווייל דו האָסט מיך ווייס געמאַכט מיט דיין קוש.

און צו דיר שרייב איך טאַקע, ווייל דו קאָנסט מיך אורטיילן און העלפן בייצוקומען דעם פלאָנטער.

דאָס איז, חלילה, נישט קיין עטישער פלאָנטער.

דאָס איז אַ פלאָנטער פון פּאָזע, וואָס איז געוואָרן ביי אַ מענטשן זיין צווייטע און אפשר זיין דריטע נאַטור.

ווער בין איך?

פאַר דער גענעאַלאָגיע פון באַראָן קראָנענבערג איז דאָס זייער וויכ־טיק פעסטצושטעלן.

אין גרונט גענומען, וואָס קאָן עס מיך אַרן, ווען אַ באַראָניש זינדל וועט אַריין אין דער גאָלדענער בלאַט פון דער געשיכטע פון דער גרויסער רעוואָלוציע?

איז אָבער די מעשה, וואָס איך האָב אַ גרונט נישט צו פאַרגינען אים דעם כבוד.

פאַרוואָס קומט עס אים? צי דערפאַר אפשר, וואָס ער, קאַרל קראָנע — וועל באַראָן קראָנעבערג. דער שלעזישער יונקער האָט אויף אַ סאַדיס־טישן אופן געפייניקט די קריגס־געפאַנגענע? צי אפשר דערפאַר, וואָס איך, דער פאַקטישער יורש פון זיין נאָמען און פאַרמעגן ,בין דורכגע־גאַנגען ביי אים דעם פולן קורס פון מענטשן־האַס?

איך האָב מיט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען איינגעשטודירט פאַרן שפיגל אָט דעם קאַרל קראָנע, יעדן קער און ריר זיינעם, ווי טשאַרלי טשאַפלין האָט איינגעשטודירט זיין פּראָטאָטיפּ. ביז איך בין געוואָרן ער — דער יונקער איז מיר אַריין אין די ביינער.

און פאַר מיר אַליין קלינגט שוין דער נאָמען ביסטריצקי ווי דער נאָמען פון אַ טויטן. געווען אַמאָל אַזאַ מענטש אויף דער וועלט. יאָ, גע־ווען. אָבער איך בין שוין צייטנווייז מסופק, ווער עס האָט וועמען פון וועג אָפּגעראַמט אין די זומפּיקע וועלדער: קראָנע ביסטריצקין — צי פאַרקערט.

איך געדענק, אַז זיך טוישנדיק מיט די קליידער און וועש מיט דעם געהרגעטן, האָב איך זיך נישט נאָר דערזען אַלס באַזיצער פון אַ נאָמען וואָס איך האָב געהאַסט, נאָר אויך אַלס באַזיצער פון אַ באַראָנען־טיטל און אַלס קינפטיקער יורש פון אַ באַראָנישער לאַטיפונדיע אין שלעזיע.

געווען איז עס פאַר מיר אַ קנאַפּע טרייסט קעגן דער עוולה, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן דעם אומגליקלעכן וואַרשעווער בירגער ביסטריצקי. ווי נעמט מען דאָס אַן אומשולדיקן מענטשן און מען מעקט אים אויס פון דעם רייסטער פון די לעבעדיקע גאָר אומבאַשטראָפט?

דאָס, וואָס פון דער פאַקטישער זייט האָט די זאַך אויסגעזען אַ ביסל אַנדערש, וואָס אין דער אמתן האָט דאָך ביסטריצקי גאָר אָוועקגעלייגט קראָנעבערגן — דאָס האָט נישט געענדערט, אַזוי צו זאָגן, די לאַגע יורידיש, ווייל דער זעלביקער ביסטריצקי איז דאָך געצוווּנגען געווען אַריינצוקריכן אין דער פרעמדער פאַרהאַסטער פעל פון אַ באַראָן קראָ־

נעבערג און דערמיט סאַנקציאָנירן די עוולה, וואָס איז געטאָן געוואָרן טאַקע דעם אייגענעם ביסטריצקין.

און נישט קיין אַנדערער טאַקע, ווי דער זעלביקער ביסטריצקי, האָט זיך געשטעלט אויפן ראַנד פון תהום, פּראָוואָצירנדיק אין אַנאָנימע פּאַש־קווילן צו די דייטשן אַן אויספאָרשונג קעגן דעם מוראדיקן פאַרברעכן, וואָס קאַרל קראָנע — וועל קראָנענבערג — איז באַגאַנגען קעגן דעם אומשולדיקן דאָלמעטשער ביסטריצקין אין וואַלד.

אמת, דער פּאַרפאַסער פון די אַנאָנימע בריוו האָט אויפן גרונט פון זיינע שטודיען איבער מענטשלעכער נאַרישקייט געמאַכט דעם קלאָרן חשבון אויף גוטע אַכציק פּראָצענט זיכערקייט, אַז דווקא די אַנאָנימע בריוו וועלן דערווייטערן די זאַך פון אַן אויספאָרשונג, אַז עס וועלן זיך שוין געפינען פּראָטעגירנדיקע פּלייצעס, וועלכע וועלן פאַרשטעלן דעם באַראָנישן תכשיט פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, בפרט נאָך, אַז דער העל־דישער באַראָן קעמפּט גאָר אַזוי מוטיק אויפן פראָנט.

און דווקא אָט די זיכערקייט פון אומבאַשטראָפטן פאַרברעכן האָט מיך צייטנווייז דערפירט צו אַטאַקעס פון פאַרצווייפלונג.

נישט שוין־זשע איז אַ מענטשנס לעבן הפקר?

דער זיג איבערן בעסטיאַלישן יונקער איז מיר נישט ניחא געווען. וואָס קומט אַרויס פון דעם זיג, אַז פאַר דער וועלט איז ער דער זיגער און ביסטריצקי פּוילט אין דר׳ערד.

מעגלעך, אַז אין אַ רואיקערער צייט וואָלט איך מיך אין מיין וויל־דער שפּיל פאַרגאַלאָפּירט און אפשר אויפגעדעקט דעם וואַרהאַפטיקן אמת.

אָבער די קאָלאָסאַלע נערוון־אָנשטרענגונג ביים אָפּשפּילן די ראָלע פון באַראָן אויפן פראָנט, אַזוי, אַז עס זאָל דער מינדסטער חשד נישט פאַלן — אָט די אָנשטרענגונג האָט מיין גאַנצע ענערגיע פאַרשלונגען.

כ׳האָב מיך געמוזט אויסלערנען אַפילו זידלען זיך פון שלאָף אויף זיין יונקעריש הינטישן שטייגער.

איבעריקנס בלייבט מיר נאָר איבער צו דאַנקען די הויכגעשטעלטע באַראָנעסע קראָנענבערג, וועלכע האָט מיר צו דער געהעריקער צייט צוגעשיקט די לעצטע אַפּותיקא און דערמיט מיר פאַרלייכטערט אַריבער־צוגיין דעם פראָנט און נאָך מיטשלעפּן אַנדערע מיט זיך. און עס איז גע־ווען די העכסטע צייט, ווייל דער ענין קראָנענבערג האָט אָנגעהויבן ווערן

קאָמפּליצירטער. מען האָט מיך גערופן צו אַ שטאַרק־פאַרשפּעטיקטן ראַ־
פּאָרט, ווו מען איז, פאַרשטייט זיך, נישט אויסן געווען ביסטריצקיס
קריוודע.

שוין בלויז אַלס דאַנקבאַרקייט צו דער אַלטער באַראָנעסע וואָלט אַ
יושר געווען איבערצולאָזן זי ביי דער אילוזיע, אַז איר זון אין געפאַנגענ־
שאַפט לעבט און איז געזונט גאָט צו דאַנקען און אַז ער האָפט נאָך צו
דערלעבן איבערצונעמען די כשרע ירושה.

און וועמעס עסק איז דאָס, ווער דער באַראָן קראָנעבערג איז, אַז
ער איז אַ Self made man, ווי די אַמעריקאַנער זאָגן, אַז ער האָט זיך
אַליין אויסגעמייסטערט פאַרן שפּיגל אין פאַרלויף פון לאַנגע וואָכן שווע־
רע איבונגען ביז עס האָט זיך אַרויסבאַקומען דאָס פּולקאָמע און גייטיקע
געשטאַלט.

און ווער איז דער מחוייב אַריינצוטרעטן אין דער רעוואָלוציע דווקא
מיט דער אייגענער מעטריקע? אָט האָט דאָך חבר בראָנשטיין זיך פאַר־
אייגנט דעם נאָמען פון טאַמבאָווער גובערנאַטאָר. פאַרוואָס זאָל ביס־
טריצקי נישט טאָרן טראָגן דעם נאָמען פון אַ שלעזישן באַראָן?

און וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר בכלל, בירגער ביסטריצקי, זיך צו
בונטעווען און דווקא וועלן אויפשטיין תחית־המתים? פאַר וועלכע מעשים־
טובים קומט עס דווקא אייער נאָמען צו שטיין אויף דער גאָלדענער בלאַט
פון דער רעוואָלוציע?

כאָטש איר זייט געפאַלן אויף דער לייכטער המצאה אָנצודרייען
גרויסע מלחמה־געשעפטן אין וואַרשע און רייך צו ווערן פון מענטשלעכער
נאַרישקייט און בלוט?

זאָל איך דאָס אפשר טאָן אין זכות פון אייערע אידעאַליסטישע,
פאַרמלחמהדיקע שיינע אויגן, בעת איר האָט געקבצנט אין אַ ווייסער
פּריזירער־מאַרינאַרקע און זיך געקליגט אַריינצוגיין אין געשלעכטלעכער
פאַרבינדונג מיט אַ יונג מיידעלע, כמעט מיט אַ קינד?

ניין, בירגער ביסטריצקי! איר זייט פּונקט אַזאַ עפּיזאָד אין דעם
לעבן פון אַ געוויסן אַנאַרכיסטישן אינדיווידואַליזם, וואָס דאָס איז דער
אומגליקלעכער באַראָן.

ווייל נאָך פריער פאַר ביסטריצקין איז געווען אַ מענטש אויף דער
וועלט, אַ יונגערמאַן, אַ גרינע, איידעלע קנאָספּע אויפן ביאַליסטאָקער

ברוק און אַט דער יונגערמאַן קאָן אפשר האָבן פיל גרעסערע פּרעטענ־זיעס אויף צו פאַרייניקן זיין נאָמען מיט דער רעוואָלוציע.

ווייל ס׳איז געווען אַ צייט, ווען אַט פאַר דעם יונגנמאַן, פאַר דער איידעלער קנאָספּע, פון וועלכער עס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט די פּרעכטיקע בלום, אַז פאַר אים האָט געציטערט גאַנץ ביאַליסטאָק אויף אַ ראַדיוס פון גוטע הונדערט קילאָמעטער.

און געהייסן האָט דער יונגערמאַן גדליה דעם רופאס בחורעץ, חיימקע רוקי־ווערך.

צו זעכצן יאָר אין אַנאַרכיסטן־קרייזל, צו זיבעצן ביי דער ערשטער עקספּראָפּריאַציע, האָט ער צו אַכצן יאָר איינגענומען אַ וועלט. זיין נאָ־מען יאָגט אַ שרעק אויף אַלע גווידערדיקע סוחרטעס, וועלכע האָבן אַ טבע צו באַהאַלטן דאָס געלט אין דעם זאָק.

חיימקעס שטאַב געפינט זיך אויף כאַנייקעס אין אַ פריילעך הייזל, וווהין מען קאָן זיך אַריינבאַקומען דורך אַ שמאָל און בלינד הינטערגעסל און ווו די צאַרישע פּאָליציי האָט מורא די נאָז אַריינצושטעקן, ווייל זי האָט שוין אַ פּאָר מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון אַ באָמבע.

אַט דאָס איז זי — די נישט אָנגעשריבענע עפּאָפּעע פון דריטן־פערטן יאָר. חיימקע אַליין האָט זי נישט אָנגעשריבן ערשטנס דערפאַר, ווייל ער איז געווען פאַרנומען מיט פּראַקטישער אַרבעט. און צווייטנס — ווייל ער האָט נישט געקאָנט שרייבן. ער איז געווען אַ האַלבער אַנאַל־פאַבעט.

קיין וואַרשע איז ער אַראָפּגעקומען ערשט נאָך אַ מוראדיקן דורכ־פאַל, וועלכער האָט דעם גאַנצן קרייז ליקווידירט.

אַראָפּגעקומען איז ער מיט אָפּגעווישטע ליפּן און אין אַ וויסער מאַ־רינאַרקע און מיט אַ פּאַס אויף דעם פרידלעכן נאָמען פון טודרוס ביס־טריצקי.

אויף די כוונות זיינע זענען געווען פרידלעכע.

ער האָט געוואָלט עקספּראָפּריאירן דאָס מענטשלעכע וויסן מיט דער זעלביקער לייכטקייט, מיט וועלכער ער איז געוווינט געווען דורכצופירן אַן אַקציע.

און דאָס — מוז ער מודה זיין — האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. אָנשטאָט אַ קאַטעדרע אין בערנער אוניווערסיטעט, צו וועלכן ער האָט

געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט, האָט דער שיקזאַל אים באַשטימט גאָר אַן אַנדער קאַריערע, אַפילו אויך אַ בכבודיקע, אָבער נישט קיין וויסנ־שאַפטלעכע.

חיימקע רוקי־ווערך איז געשטיגן אויפן סאָציאַלן לייטער און נאָך אייניקע מיספאַרשטייענישן איז ער ביי היינטיקן טאָג אַ מענטש מיט אַ באַראָנען־טיטל און מיט אויסזיכטן אויף אַ לאַטיפונדיע אין שלעזיע. מיט דעם פאַקט מוז מען זיך רעכענען.

אָבער דער שיקזאַל האָט זיך דווקא נישט גערעכנט מיט דעם פאַקט און אָנשטאָט צו ברענגען דעם באַראָן קיין מאָנטע־קאַרלאָ אויף דער רו־לעטקע, האָט ער אים גאָר אַריינגעשליידערט אין אַרסענאַל פון דער רוסישער רעוואָלוציע און געהייסן צולייגן אַ האַנט.

נו, געוויס איז אים דאָס אַ נענטערע מיליע און ער קאָן דאָ ווירק־זאַמער אָנווענדן זיינע פעאיקייטן. די פּראַקטיק האָט אָבער באַוויזן, אַז ער קאָן אָנווענדן זיינע פעאיקייטן ערגעץ אַנדערשוו אויך.

אַ מינימום פּרינציפּן ביי אַ מאַקסימום עגאָ האָט דער האַלבער אַנאַלפאַבעט מיטגעשלעפּט נאָך פון ביאַליסטאָק קיין וואַרשע און דאָס ווייטערע לעבן האָט מיט אים געלערנט דעם פּסוק: Homo homini lupum est.

איז דאָס זייער אַ בייזע נאָכשלעפּעניש אין טעמפּל פון דער רע־וואָלוציע.

דערפאַלג איז אַ זאַך פון שנעלער אָריענטאַציע, הער באַראָן!

היינט מאַכן זיי די פּראָלעטאַרישע וועלט־געשיכטע, און „עס וואַר יאַ עכט ראָמאַנטיש, צום טייוול!".

אָבער ווער ווייס צו וואָס דער מאָרגן וועט אייך אָנרעדן?

יאָ, מיין אויסגעבענקטע חלום־באַשערטע! עס פעלט מיר די ליבע צו מענטשן, וואָס זאָל באַרעכטיקן מיין האַס קעגן זיי.

קיין מענטשנשיסער לויט מיינע נייגונגען בין איך נישט, הגם איך טו די מלאכה, ווען זי פאָדערט זיך, גאַנץ געשיקט.

און אין דער מעגלעכקייט פון אַ סאָציאַלער רעוואָלוציע גלויב איך אויך.

איך בין אָבער מסופק אין דער מעגלעכקייט פון אַ רעוואָלוציע אַ גייסטיקער.

און איך האָב נישט די זיכערקייט, אַז ווען די רעוואָלוציע וועט אַריין

אין די פּעדערן, זאָל זי חס־ושלום אַליין נישט אָנטרעטן אויף מיין באַ־ראַנישן היגער־אויג.

ווייל אַפילו אָן דעם נאָמען און טיטל בין איך שוין, ליידער, לויט מיינע לעצטע געוווינהייטן, אַ באַראָן מיט פּאַנטאַזיעס. וועלכע בינדן זיך דערווייל מיט זיין אַנאַרכיסטישן פּראָגראַם. איז וואָס־זשע ווערסטו זאָגן, ליבהאַרציקע חלום־באַשערטע, צו דעם פּראָבלעם?

בין איך אַ פּשוטער אַוואַנטוריסט, וואָס זיין עטיק האָט אונטערגע־פוילט נאָך אין דער צאַרטער יוגנט — דאַן ווי שיקט זיך עס, וואָס דו האָסט געפּועלט ביי זיך צו קומען מיר צו חלום און נאָך שענקען מיר דיין קוש?

בין איך אַ ראָמאַנטיקער — פאַרוואָס־זשע ווילט זיך מיר אויף יעדן גישט פּאָרויסגעזעענעם פּאַל איבערלאָזן דעם טיטל מיט דער שלעזי־שער לאַטיפונדיע אין קעשענע?

ווער בין איך?

...צום טייוול! מען שיסט שוין ווידער אויף דער גאַס! מיט צען קעפּ דאַרף מען זיין איינצוהאַלטן די בעסטיע! ווו איז מיין נאַגאַן?...

6

# אַ צוגווינט

אין דעם זעלביקן טאָג, ווען בערל איז אַוועקגעריטן קיין ליאַסאָווע אין זיינע ווייצענע געשעפטן, איז ביי אים אין פּאָדלאַסיע פּאָרגעקומען אַ שטיקל הויף־איבערקערעניש.

עס האָט זיך אָנגעהויבן פון אַ שטילן סודען זיך אין די ווינקעלעך ביי דער חלוצים־גרופּע. דאָס סודען זיך איז אַריבער אין אַ ליידנשאַפט־לעכער דעבאַטע. די נערוועזיטעט איז געשטיגן און ענדלעך זענען אַלע געוואָרן אייניק: מען מוז פאָדערן די חשבונות ביי פּלטיאלן.

האָט חברה זיך אַ לאָז געטאָן צו דעם קאַנטאָר, אַ פּראַל אויף געטאָן די טיר און אָפּגעטראָטן מיט דרך־ארץ.

אין זיין שפּיציקער יאַרמלקע, מיט די אַרויסגעלאָזטע ציצית פון טלית־קטן און מיטן ספרל אויף די קני, איז פּלטיאל געזעסן אויף אַ קליין

בענקעלע און געקאָרמעט פון דער האַנט נבוכדנאצרן — בערלס גרויסן בער.

זינט נבוכדנאצאר איז געבליבן אַן אלמן — וואָס דאָס איז געשען מיט דריי חדשים צוריק, — האָט פלטיאל אים אַרויסגעוויזן זיין באַזונדערע סימפּאַטיע. אמת, אין הויף האָבן זיך געהאָדעוועט נאָך אַ פּאָר בערן, אָבער יענע האָבן געהערט צום ייִנגערן דור און נבוכדנאצר פלעגט זיך ווייניק־וואָס חברן מיט זיי. שוין גיכער מיט פלטיאלן.

— וואָס ווייסט איר וואָס פאַר אַ למדן דאָס איז! — פלעגט פלטיאל זיך נישט קאָנען אָפּלויבן פון זיין בערישער אינטעליגענץ.

און איצט האָט דער למדן זיך דערשראָקן פאַר דעם פּלוצלונגן חלו־צישן אָנפאַל אויף דער קאַנטאָר. האָט ער געטאָן וואָס אַ בער דאַרף טאָן בעת ער דערשרעקט זיך: ער האָט קאַליע געמאַכט די לופט.

האָט פלטיאל זיך פאַרקרימט און אים גוטמוטיק אויסגעזידלט.

אָבער דאָ איז נבוכדנאצרן באַפאַלן אַ נערוועזיטעט און ער האָט געוואָרפן אַ קרום אויג אויף די פאַנעריע אויפן אַלטן שרייב־טיש. אים איז נישט געפעלן געוואָרן, וואָס די פאַנעריע שיילט זיך. האָט ער גענומען מיט די ציין און מיט די נעגל אינגאַנצן זי אַראָפּרייסן.

דאָס איז שוין געווען אַן אומאָרדענונג אין דער קאַנטאָר־אַרבעט און פלטיאל איז פאַרפאַרן זיין פריינד מיטן פויסט אין פּיסק אַריין.

— מיש דיך נישט — איך בעט דיך — נישט אין דיינע געשעפטן.

דאַן האָט ער נבוכדנאצרן אַרויסגעפירט אויף דער קייט אַ פאַרשעמטן און אַ באַרואיקטן אויפן הויף, צו דער בערן־שטייג.

די חלוצים זענען אים אָפּגעטראָטן דעם וועג, זיך איבערווינקענדיק:

— פּאָדלאָסקישע גזע...

— שדימלעך...

צוריקקומענדיק אין קאַנטאָר, האָט ער געטראָפן די חלוצים פאַר־זאַמלט אַרום שרייבטיש.

— נו, חברה, וואָס וועט איר זאָגן?

— אַ רעכענונג!

— וואָס פאַר אַ רעכענונג?

— פון קאָאָפּעראַטיוו, פון ווייץ, פון אַלץ.

— דער ווייץ איז דאָך אָבער נישט פאַרקויפט.

סיי־ווי־סיי, זיי דאַרפֿן וויסן פֿון אַ חשבון, וויפֿל עס וועט אויס־פֿאַלן אויף זייער חלק. צי וועט זיי סטייען אויף הוצאות ביז ארץ־ישראל.

— שוין? איר קלייבט זיך שוין אין וועג אַריין?

— און וואָס האָט איר געמיינט? מיר דאָ בלייבן מיט נבוכדנאצרן?

— וואָס ווייסט איר וואָס פֿאַר אַ למדן דאָס איז!

— מיר האָבן שוין געהערט זיין לומדות.

— נו—מאַ, האָט איר אויסגעשמעקט אייער חלק. ס׳איז דאָך עפּעס אַ קאָאָפּעראַטיוו...

אויף פּלטיאלן באַליידיקט מען זיך נישט. גיי באַליידיק זיך אויף אַ שד, וואָס איז נאָך דערצו אַ בן־תורה. בפֿרט אַז מיט איין שטאָך האָט ער געקאָנט טרעפֿן אויף ביידע פֿראָנטן: אי חוזק געמאַכט פֿון בערלס אויפֿטועכצן, אי חוזק געמאַכט פֿון זייערע פּרעטענזיעס.

פֿאָרמעל, אַלס בוכפֿירער, איז פּלטיאל געווען אין אָרדענונג.

ער האָט אויפֿגעפּעפֿנט אַלע קאַנטאָר־ביכער און זיי אָנגעוויזן אַלע פּאָזיציעס.

— נאָט, חברה, חשבונט אייערע מאַיאָנטקעס, נאָר מאַכט מיר נישט קיין פֿלעק אויף די ביכער.

און חברה האָט פּאַרזיכטיק געבלעטערט אין די ביכער און געחשבונט און געמעקט אויף שטיקלעך פּאַפּיר און זיך געישובט און געשוויצט און געזיפֿצט און ווידער געחשבונט און ס׳איז אַלץ אויסגעקומען, אַז נאָך דער סומע, וואָס וועט פֿאַלן אויף זייער חלק, אַפֿילו ביי די בעסטע פּרייזן פֿון ווייץ, וועט זיי דאָך אויסקומען אַ היפּשע שטרעקע צוצוגיין צופֿוס ביז ארץ־ישראל.

ווייל כל־זמן די דייטשן האַלטן אָן דעם פֿראָנט, וועט זיי אויסקומען צו מאַכן אַ שטיקל אומוועג.

דער וועטערינאַר גלוסקין האָט פֿאַרשפּרייט אויף די ביכער זיין צע־קנייטשטע לאַנדקאַרטע. מען האָט אָנגעצונדן די עלעקטריע, ווייל ס׳איז שוין געווען פֿינצטערלעך אין קאַנטאָר.

— זעט, חברה! — האָט גלוסקין שאַרף אַרויסגערעדט דעם ריש — מירן אַוועק קיין פֿינלאַנד, פֿון דאָרט — קיין שוועדן. נאָכהער — קיין האָלאַנד. דורך בעלגיע קיין פֿראַנקרייך און פֿון מאַרסעל — אויף דער שיף. דאָס איז דער קירצסטער וועג ביי היינטיקן טאָג.

— פאָלג מיך אַ גאַנג! — האָט פלטיאל געפּרוווט אַריינשטעלן זיין וואָרט. ער האָט עס געמאַכט מיט אַ מילדן שמייכל און מיט אָנגעשפּיצטע ברעמען און ס׳איז שווער געווען צו זאָגן, צי עס געפעלט אים צי נישט דער חלוצישער פּלאַן.

— אי אָטשען פּראָסטאָ — האָט קורץ אים אָפּגעענטפערט גלוסקין און די קיילעכדיקע גאָר נישט יידישע אויגן זיינע האָבן זיך תמימותדיק געחידושט, וואָס פלטיאל פאַרשטייט נישט זיין פּלאַן.

פלטיאלס איבערגעשפּיצטער קאָפּ האָט דעם גאַנצן וועג קיין ארץ־ישראל געהאַלטן פאַר קרום. אָבער דער חלוצישער רייזע־פּלאַן איז אים דווקא יאָ געפעלן. ס׳איז אים געפעלן זייער פאַרנעם.

אָט די חברה בנימין השלישי — ווי ער האָט זיי באַצייכנט אין גע־דאַנק — וועלכע זענען געזעסן אַריינגעטאָן מיט די ערנסטע נעז אין דער לאַנדקאַרטע — ווי ווייט זיי זענען שוין אַוועק פון זייער פּראָטאָטיפּ — פון בנימינען! זיי האָבן זיך געקליגט צו פאַרוואַנדלען אין אַ שטיק וואָכעדיקע רעאַליטעט דעם אַלעקסאַנדער־מוקדון־מאַרש הינטער די הרי־חושך. און די וועלט האָט זיך איינגעבויגן פאַר זיי און זיך אויסגעשפּרייט אונטער זייערע פיס, ווי אַ טעפּיך.

און זיי וועלן דאָך גיין! פלטיאל זעט אין זייערע נעז, אַז זיי וועלן גיין. דורך פינלאַנד, דורך שוועדן, דורך האָלאַנד און ווייטער און ווייטער ביז צו דעם ממשותדיקן פינטעלע אויף דער לאַנדקאַרטע — ביז צו זייער ציל.

און צי דו ביסט מסכים מיט זיי, פלטיאל, צי ניין — איינס מוזטו צוגעבן: יידישער ווילן איז קאָלאָסאַל אויסגעוואַקסן, יידישע אויגן זענען גרויס געוואָרן, בעת די וועלט איז געוואָרן אי קלענער אי באַשיידענער און פאַרלאָרן דעם כישוף פון נישטדערגרייכבאַרקייט.

— אַזוי, אַזוי! — האָט פלטיאל אויף חידושים זיך געגראַבלט אונ־טער דער גאָמבע — און דו אויך מיט זיי, ישראל, דו אויך?

— וואָס דען? איך בין קיין ייד נישט?

— און איר, אידע, און איר?

— וואָס פאַר אַ פראַגע!

— גייט איר, הייסט עס, באָדאַי צופּוס?

— באָדאַי צופּוס.

— צופוס!? — האָט פּלטיאל אויסגעשריען און גענומען זיך די הענט רייבן ווי פון אַן אָנגענעמען פּרעסטל — קינדערלעך מײַנע! דאָס זענען דאָך וואָרע משיחס צײַטן! נו, אוודאי! דער חשבון איז קלאָר: מלחמת גוג ומגוג... און דאַן... קומט משיח... דער חשבון איז קלאָר...

ער האָט זיך אַ גראַבל געטאָן אונטער דער יאַרמלקע, זי איבערגע־לאָזט שטעקן אויף אַ זײַט און מיט אַ קרעכץ אַוועקגעשפּאַנט צו זיך אין צווייטן צימער.

חברה האָט זיך איבערגעוווּנקען אויף זײַן חשבון. פּלטיאל האָט מיט זײַ מיטגעטאַנצט אַ האָראַ. ער איז אָבער געווען זייערער אַ פאַרביסענער קעגנער. און ־זיי האָבן אַפילו געוווּסט די סיבה פון זײַן קעגנערשאַפט. ער האָט פאַרגעטערט זײַנע קינדער און פאַרהייליקט זייער גלויבן. און ביידע קינדער זײַנע — דער זון מיט דער טאָכטער — זענען געווען פאַרברענטע רעוואָלוציאָנערן־באָלשעוויקעס.

עפּעס האָבן די חלוצים אויך גענאַשט פון דער רעוואָלוציע. טאַקע אָט דעם שטורעם און דראַנג זייערן תיכף־ומיד זיך אַוועקצולאָזן אין וועג אַרײַן, ווי עס וואָלט זיי געדראָט צו פאַרשפּעטיקן דעם אויפבוי פון הייליקן לאַנד. די רעוואָלוציע האָט געשאַפן פאַר זיי די אילוזיע, אַז אָט־אָט פאַלן שוין די קייטן פון דער אַלטער וועלט און פעלקער שטייען אויף, אויפצובויען זייער ניי לעבן. און די רעוואָלוציע איז דאָך פאַרגעקומען נישט ערגעץ אין אַ ווייטן לאַנד, נאָר טאַקע דאָ, אין דער היים ביי זיי, אין דער גלות־היים, וואָס איז נישט לײַכט זי פון האַרצן אַרויסצורײַסן. און געוואָלט האָבן זיי טאַקע וואָס גיכער זיך געפינען אין די אָרעמס פון זייער טריי־געשוואָרענער ציון־באַשערטער, כדי נישט געשטרויכלט צו ווערן אין אומגעזעצלעכער ליבע צו דער רוסישער רעוואָלוציע.

בפרט נאָך אין די לעצטע עטלעכע טעג, ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אַזעלכע פאַנטאַסטישע ידיעות פון דער נאָענטער שטאָט ליאַ־סאָווע, אַז דאָרט איז געשען אַ פּולשטענדיקע סאָציאַלע איבערקערעניש און די קלאַסן־פאַרטיילונג איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער וועלט.

געוויס איז מען נאָך מיט ליאַסאָווע אַליין נישט זיכער. אָבער פון טאָג צו טאָג ווערט דאָך מעכטיקער דער שטורעם אַרום זיי. און אין איין שיינעם טאָג קאָנען זיי זיך געפינען ווי אויף אַן אינדזל אינמיטן אויפגע־בראַוזטן ים און שוין נישט קאָנען גיין צופוס, ווען זיי זאָלן אָפילו וועלן.

איצט איז זייער גרופּע אין פּאָדלאַסיע געווען שטאַרק און סאָליד. דער סאַראַטאָוער וועטערינאַר גלוסקין און אידע מיט ישראלן האָבן דער גרופּע צוגעגעבן אַ באַזונדערע חשיבות.

אמת, גלוסקין האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער חברה צוליב זיינע אייגענע מאָטיוון. אים איז געפעלן געוואָרן זייער מאַיעסטעטיש קלינגענ־דיקער העברעאיש, פון וועלכן ער האָט קיין צענטן וואָרט נישט פאַרשטאַ־נען. אים איז אויך געפעלן געוואָרן זייער האַלב־קאָווּבאַאישער, האַלב־קאָמוניסטישער גייסט.

און אַממייניסטן איז אים געפעלן געוואָרן די שיינע חלוצה מרים, וואָס מיט די ברעמען ווי אָנגעצייכנטע מיט קויל און מיט די מאַנדל־אויגן.

מיט איר כמעט הייליקן רייץ האָט זי דעם סאַראַטאָווער וועטערינאַר אויך געפאַנגען און ער איז גרייט געווען איר נאָכצוגיין הינטער די הרי־חושך.

אידע איז געווען אַ געווינס פאַר דער גרופּע, ווייל זי האָט געקאָנט איר עכט מיידלשע עקזאַלטאַציע אויף אַ ווונדערבאַרן אופן פאַרייניקן מיט הונדערטפּראָצענטיקער פּראַקטישקייט. זי איז, דאַכט זיך, מיטגע־פלויגן מיט די יינגסטע פון דער גרופּע. און אין דער זעלביקער צייט האָט זי געהאַלטן קאָפּ. אַז חברה זאָל נישט פאַרפליען צו הויך און דעם רעאַלן באָדן נישט פאַרלירן.

און אַפילו זי, די פּראַקטישסטע, האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דעם פּלאַן צוצוגיין אַ שטיקל וועג צופוס ביז ארץ־ישראל.

ישראל איז פאַר דער גרופּע געווען דער וויכטיקסטער מענטש. ער האָט געשוויגן. ער האָט זיך מיט קיינעם, חוץ אידען, נישט געטיילט מיט זיינע געדאַנקען.

ער איז אָבער גרייט געווען צו גיין אין ארץ־ישראל און צו אַרבעטן. און די גרופּע האָט אים שיער נישט דערהויבן צו דער מדרגה פון איר שווייגנדיקן רבין.

ביי ישראלן האָט מען זיך נישט נאָכגעפרעגט אויף זיין מיינונג. מען האָט נאָר געקוקט, וואָס פאַר אַ מינע ער וועט מאַכן.

סוף־כל־סוף זענען דאָך די אַלע יונגע לייט בייגעווען די גרויסע אומ־גליקן, ישראלס. זיי האָבן אים שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרפאַלענעם. איצט איז ער געווען פאַר זיי אַ ניי־געפונענער. פון טויט לעבעדיק געוואָרן. האָבן

אַלע געפילט, אַז אין דעם אויפקום זיינעם שטעקט עפּעס אַ טיפע, פאַר־באַרגענע גבורה, וועלכע איז איבערצייגנדיקער ווי ביין מאָס רייד.

און איצט, אין קאַנטאָר ביים שרייב־טיש, ביי די חשבונות און זיפצן איבער די בולטע שוועריקייטן, האָבן אַלע געפילט, אַז פון די פאַרויס־געזעענע שוועריקייטן, האָט זיך נאָך זייער ווילן געשטאַרקט, זיך צוזאַמענ־געגאָסן אין איין אייזערנעם רינג און זיי באַהאַפטן צוזאַמען. מען וועט גיין צוזאַמען, מען וועט ליידן צוזאַמען און צוזאַמען וועט מען גובר זיין אַלע שוועריקייטן. און פון דעם שטאַרקן געמיינזאַמען פאַרלאַנג, וואָס גיכער אָפּצוטרייסלען פון די פיס דעם שטויב פון גלות־באָדן, איז אָנגע־וואַקסן אַ מין מיסטעריע, וועלכע האָט זיך שוין מיט קיינע רעאַלע מעג־לעכקייטן נישט גערעכנט. עס האָט נאָר די חלוצים געוווּנדערט איינע אויף די אַנדערע, פאַרוואָס פאַלט נישט פון עמעצנס מויל דאָס וואָרט, וואָס האָט זיך אויף דער צונג געבעטן: לאָמיר גיין שוין — מאָרגן פאַר־טאָג! לאָמיר נישט מאַכן אונדזער עליה אָפּהענגיק פון פאַרקויפן אָדער נישט פאַרקויפן עטלעכע וואַגאָן גלותדיקן ווייץ!

און קיינער פון זיי האָט נישט געהערט, ווי אויפן ווייכן באָדן פון הויף איז אַ פור אַרויפגעפאָרן. די חלוצים זענען נאָר איבערראַשט געוואָרן, ווען אין קאַנטאָר איז מיט שטורעם אַריינגעפאַלן דער אינטערנאַציאָנאַל".

דאָס זענען אָנגעקומען די יונגעלייט פון ניי־שטעטל.

לויט אַ באַזונדערן, פּסיכישן געזעץ פון יידישע קיבוצים האָט שוין דער פאַקט אַליין, וואָס דער הויף פאַרמאָגט אַ שטאַרקע חלוצים־גרופּע, גורם געווען דערצו, אַז אין ניי־שטעטל זאָל זיך אויסבילדן אַן אָפּאָזיציע. אָבער לעצטנס האָט די אָפּאָזיציע אונטער דאַרעטשקעס אָנפירונג זיך אָר־גאַניזירט אין אַ פעסטער גרופּע און זיך פּראָקלאַמירט פאַר אַ באַלשע־וויסטיש קעמערל. און איצט זענען זיי געקומען אין קאַנטאָר נישט מיט ליידיקן. דאָס האָבן זיי ביי די צעבראָכענע קלאַנגען פון אינטערנאַציאָ־נאַל אַריינגעפירט אַ חשובן גאַסט, אַן אָנגעזעענעם באַלשעוויסטישן אַגי־טאַטאָר אין אַ מיליטערישן שינעל מיט מלחמה־קרייצן. אַריינגעפירט אים אין קאַנטאָר האָט טאַקע דאַרעטשקע, אַ פאַרלעגן־צעשמייכלטן צוליב דעם טומל, וואָס מ׳האָט געמאַכט אַרום זיין פערזאָן.

— שייקע, אַ רוח זאָל דיך נעמען! פונוואַנען קומסטו דאָס?

דאָס האָט ישראל אויסגעשריען און מיט אַזאַ ווילדיונגעריש־האַרצי־

קער פרייד, וואָס האָט זיינע אייגענע חברים פאַרחידושט. אַזעלכע טענער האָט ער שוין לאַנג פון זיין ברוסט נישט אַרויסגעבראַכט.

און בעת ער מיט שייקען האָבן זיך געהאַלטן אין טשמאָקען, איז אויך געקומען פון זיין צימער צו לויפן פלטיאל מיט די לאַנגע הענט און ער האָט שייקען אָפּגעשלאָגן פאַר זיך.

— אַך, אַ גאַסט, אַזאַ טייערער גאַסט! — האָט ער שייקען אַרומגענומען מיט פאָטערלעכער צערטלעכקייט — וואָס מאַכט איר, פריינד? וואָס מאַכט דאָרט עפּעס מירל מיינע?

— וואָס זאָל מען מאַכן, פלטיאל? מען מאַכט די רעוואָלוציע — מאַכט מען. אַ גרוס געבראַכט. און, באַפרייט זיך פון פלטיאלס אָרעמס אינאיינעם מיטן מיליטערישן שינעל, האָט שייקע, אַ ברייט־ברוסטיקער, אַ מיליטעריש־עלאַסטישער, זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון שרייבטיש אינמיטן צימער, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיטן נייגעריקן עולם, וועלכער האָט געוואָלט וויסן וואָס הערט זיך אין ליאַסאָווע.

אין ליאַסאָווע? דאָס קומט ער דען פון ליאַסאָווע? דאָס קומט ער גאָר פון פראָנט. ער איז אָפּגעשטיגן אַהער גלייך פון דער באַן־סטאַציע, נישט פאַרפאָרנדיק אין שטאָט. דאָס פאָרט ער ערשט קיין ליאַסאָווע אָנקניפּן אַ פאַרבינדונג מיטן רעוואָלטירטן גאַרניזאָן, וועלכער האָט דאָרט באַהערשט די לאַגע. אַן אינטערעסאַנטער עקספּערימענט.

און אָפּגעשטיגן איז ער אויף דער דרינגלעכער בקשה פון חברטע מירל, אָפּגעבן פלטיאלן אַ גרוס און אָנזאָגן אים די בשורה, אַז דער זון זיינער האָט זיך שוין צוריקגעקערט פון אויסלאַנד...

— בענצל איז דאָ! — האָט פלטיאל ווי אויסגעשאָסן און אויסער זיך פאַר שמחה גענומען פּאַטשן אין די הענט. — קינדערלעך מיינע, בענצל איז דאָ! וווּ געפינט ער זיך? ווען איז ער געקומען? ווי אַזוי האָט ער זיך דורכגעשמוגלט דורך די דייטשן?

שייקע ווייס נאָר, אַז איצט געפינט זיך בענצל אין מאָסקווע און אַז געקומען איז ער מיטן ים קיין פּעטראָגראַד, דורכמאַכנדיק צוזאַמען מיט נאָך פּאָליטישע עמיגראַנטן אַ געפערלעכע נסיעה אויף אַ שיף מיט דינאַמיט.

— אוי וויי איז מיר! — האָט פלטיאל זיך פאַרקנייטשט אין פאַרשפּעטיקטער שרעק.

אָבער באַלד האָבן די אויגן זיינע געגומען פינקלען און די שטים איז צוריק געוואָרן העל־יום־טובדיק.

— קינדערלעך מיינע! בענצל איז דאָך דאָ! איצט וועט איר, חברה, זען, וואָס הייסט אַזוינס: מאַכן רעוואָלוציע!

— ע, פּלטיאל! עפּעס מאַכט איר דאָך אונדז גאָר צו קליינגעלט!

— איז שייקע געגאַנגען זיך באַליידיקן. — און מיר זענען שוין גאָרנישט קיין רעוואָלוציע־מאַכער? טאַקע גאָרנישט? טאָ פּאַרט, זייט מוחל, אַ קוק טאָן, וואָס טוט זיך אין מאָסקווע. און שאַ, וואָס דאַרפט איר מער, נעמט ליאָסאָווע? —

— אָבער, גאָט מיינער, וואָס טוט זיך אין ליאָסאָווע? — איז אַ פאַרצווייפלטער פון זיין אָרט אויפגעשפּרונגען גלוסקין. ער האָט אַפילו אַרויסגעלאָזט פון זיינע הענט די האַנט פון דער שיינער מרים, וואָס אומ־באַמערקט פאַר זיך און פאַר איר, האָט ער זיך שוין פון אַ לענגערער ווײַלע געשפּילט מיט איר.

— וואָס טוט זיך אין ליאָסאָווע, איך בעט אייך? מירן דאָך בלייבן אויסגעשטעלט מיטן ווייץ!

צעלאַכט האָט זיך בלויז די יוגנט פון ניי־שטעטל, די וואָס האָבן דערטאַפּט דעם דורכפאָרנדיקן אַגיטאַטאָר און אים אַראָפּגעבראַכט אַהער מיט גרויסער פּאָמפּע. שייקע האָט קאַלטבלוטיק געצויגן מיט די אַקסלען.

— אין ליאָסאָווע, איז מיר נאָר באַוווּסט, האָבן געבראַכט צו דער איבערקערעניש אַ גרופּע אַנאַרכיסטן. און ווייסט, ישראל, ווער ס׳שטייט דאָרט אין דער שפּיץ? דער דייטש יענער...

— וועלכער דייטש? — האָט ישראל נישט געקאָנט זיך אָנשטויסן.

— נו, ביסטריצקי!...

האָט דאָרעטשקע זיך געלאָזט הערן מיט אַן אויסגעצויגענעם קוויטש, ווי פון אַ פּלוצלונגן געפערלעכן שטאָך. אידע איז שוין צו איר געלאָפן, מאַכנדיק שייקען פאַרשפּעטיקטע פאָרוואורף־צייכנס.

אַרומגערינגלט מיט מענטשן פון אַלע זייטן, אַוועקגעזעצט אויף פּלטיאלס נידעריקן בענקעלע, וועלכער איז צופעליק צו דער האַנט געקו־מען, האָט דאָרעטשקע פון דאָרט, ווי פון אַ ברונעם, אַרויסגעשריען האַלב־הייזעריק, האַלב־הילכיק:

— וואָס האָט ער געזאָגט? ישראל! וואָס האָט ער דאָרט...

— איך ווייס? — האָט ישראל אין פאַרלעגנהייט געצויגן מיט די אַקסל — שייקע מיינט, אַז ער לעבט, ביסטריצקי.

— אַוודאי לעבט ער! וואָס דען, ער לעבט נישט? — האָט זיך שייקע אָנגעכאַפּט — איך האָב זיך צוויי מאָל געטראָפן מיט אים אויפן פראָנט. געמיינט, איר ווייסט. מער ווי דער נאָמען איז אים נישט אָפּגעקומען. קראַנגאָלד הייסט ער איצט, צי קראָנענבערג. מען רופט אים: דער באַראָן.

— אָבער באַרואיק זיך, דאָרע! — איז אויך ישראל צוגעלאָפן. ס'איז אים נישט געפעלן געוואָרן דאָס פאַרשטיקטע כליפּען אירס, וואָס האָט געמאַכט דעם אייַנדרוק פון אַ צישענדיק געלעכטערל. מיט אָט דעם פאַרשטיקטן כליפּען פלעגט זיך אָנהייבן ביי דאָרעטשקען אַ נערוועזער אַטאַק און זיך אויסלאָזן מיט איר שטיינערנעם שלאָף. — באַרואיק זיך, דאָרע, — האָט ישראל זי געגלעט איבער די טרוקן־צעשאָטענע האָר.

און דאָרעטשקע האָט זיך געוויגט אויף איר קליין בענקעלע, ווי ערשט אין שבעה זיך געזעצט, און מיט די פּרעכטיקע דין־געשניצטע הענט דאָס פּנים פאַרשטעלט און דורך איר צישענדיק געלעכטערל האָט זיך קוים דורכגעזייט איר שטים:

— איך לעב שוין נישט. איך קאָן שוין נישט לעבן מער...

און דער קאָנוווּלסיע־אַטאַק האָט זיך אָנגעהויבן.

האָט ישראל זי אַ נעם געטאָן אויף די הענט און האַסטיק אַריינגע־טראָגן אין צווייטן צימער, צו פּלטיאלן. דאָרט, אין אַלקער, אויף פּלטיאלס בעט האָט ער זי אַוועקגעלייגט.

צווישן דעם עולם אין קאַנטאָר איז פּלוצלונג געוואָרן אַ געדריקטע שטימונג. מען האָט זיך צעטיילט אויף גרופּקעלעך און געשמועסט שטיל און אָבלדיק. פאַר די חלוצים איז פּלוצלונג קלאָר געוואָרן, אַז די רעוואָ־לוציע וועט זיך נישט אָפּשטעלן צוליב זייער האָפענונג אויף ווייץ. אויב ס'איז אמת די מעשה ליאַסאָווע — זענען די האָפענונגען פאַרלוירענע. עס בלייבט נאָר איבער צו זיצן און צו וואַרטן ביז בערל — דער גאַנצער איניציאַטאָר פון דער ריזיקער ווייץ־קאַמפּאַניע — וועט צוריקקומען, כדי פון אים צו דערוויסן זיך דעם אמת. אָבער ווער ווייסט, צי וועט אים געלינגען אַזוי שנעל זיך אַרויסבאַקומען פון ליאַסאָווער ווולקאַן?

און גלוסקין האָט קיין אויג נישט אַראָפּגעלאָזט פון דער שייבער מרים. ער האָט געזען אין פּראָפיל דעם געטאָקטן בויגן פון איר ברעם. די

רונדע, עטוואָס אַרויסגעשטעלטע קין, די פֿאַרשמאַכטע, האַלב־אָפֿענע בענ־קענדיקע ליפּן אירע, ווי פֿאַרבענקטע נאָך אַ ווינטל אין דער מדבר־היץ. און דאָס אויג אירס האָט געדוכנט עפּעס צו דער ווייט, אַריבער אַלע־מען, דורך אַלעמען, צו אַ ווייטער וויזיע האָט איר אויג זיך געצויגן. האָט גלוסקין גענומען די פֿאַרחלשטע האַנט פֿון דער שיינער מרים און געווענדט האָט ער זיך נישט צו איר, נאָר צו אַלעמען:

— חברה! וואָס ווילן מיר דאָ אויסזיצן? לאָמיר מאַרגן זיך אַוועק־לאָזן צופֿוס קיין פּאַלעסטינע!

אַלע פֿון דער חברה האָבן די ווערטער אויף דער צונג געהאַט. זענען זיי דאַנקבאַר געווען דעם וועטערינאַר, וואָס ער האָט געהאַט דעם מוט זיי אַרויסצוזאָגן.

ווייל ווי פֿאַנטאַסטיש דער פּראָיעקט צו גיין צופֿוס זאָל נישט זיין, איז ער געווען דער איינציקער אויסוועג, כדי נישט אָפּגעריסן צו ווער/ דורך דער רעוואָלוציע פֿון זייער לעבנס־ציל.

האָט די שטימונג מיט אַמאָל זיך אַ הייב געטאָן הויך, ווי דער קוועק־זילבער אין טערמאָמעטער ביי אַ היץ־קראַנקן. אידע האָט אָנגעהויבן איינ־צופּאַסן אין פּראַקטישע ראַמען דעם פֿאַנטאַסטישן פּראָיעקט און ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר דורכפֿירבאַר.

און דאָ איז אַריינגעקומען ישראל. ער האָט געזאָגט, אַז דאָרעטשקע פֿילט זיך שוין בעסער, נאָר ס׳איז איר אומעטיק אַליין. זי וואָלט וועלן זיך דורכשמועסן מיט גלוסקינען. האָט גלוסקין אַרויסגעלאָזט פֿון זיינער די האַנט פֿון דער שיינער מרים.

— באַלד קום איך צוריק, חברה!

און אַריין איז ער צו דאָרעטשקען כמעט אין דעם אייגענעם מאָמענט, ווען דער שברים־תרועה פֿון וואַלד־האָרן אויפֿן הויף האָט גערופֿן צו אָוונט־ברויט און דער עולם האָט גענומען אַרויסשיטן זיך פֿון קאַנטאָר צו דער קאַנטינע.

***

גלוסקין — אַ געזונטער בחור, דערצויגן אויף מיללער־גימנאַסטיק, האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי טיף ער איז מיט אַלע חושים פֿאַרליבט אין לעבן.

און וואָס פאַר אַ באַטרעף האָט ביי אים צו גיין קיין ארץ־ישראל צופוס, אַז דער ענין גיין איז דאָך אויך — לעבן. און שטרעבן און באַאַב־אַכטן און ליידן און רעגן און ווינט — דאָס איז דאָך אַלץ — לעבן. הונ־גער אפילו איז אויך גוט. ווייל אַ יונגער מענטש מיט הענט און מיט פּלייצעס קאָן העכסטנס צוהונגערן, אָבער נישט אויסגיין פאַר הונגער.

און דער שנעלער אויפבוי פון דער אַלטער ציון־היים אין איינקלאַנג מיט דער ביבל־ראָמאַנטיק און מאָדערנע טעכנישע דערגרייכונגען איז אַוודאי אַ שטיק קאָנדענסירט לעבן — אַ מעגלעכקייט אויסצולעבן צען לעבנס אויף אַמאָל.

און די שיינע מרים איז אַ הערלעכער לעבנס־חלום, וואָס עס ווילט זיך גאָט בעטן, אַז ער זאָל זיך קיין מאָל נישט ענדיקן.

— נו — און דאָרעטשקע?

די קליינע לערערין פון ביי־שטעטל איז אויך אַ טייל פון דעם לעבן.

מיט דאָרעטשקען האָט גלוסקין געהאַט נישט פאַרענדיקט די חשבו־נות נאָך פון שניט־צייט. און צווישן דער שיינער מרים און דער רייצנדי־קער לערערין האָט גלוסקין זיך געפילט, ווי אויף אַ ווילד שטעגעלע צווישן אַ באַרג און תהום. ס׳האָט געצויגן אַרויף און ס׳האָט געצויגן אַראָפּ. און ווי אַ באַווייז פון דער פערטער אויסמעסטונג אין די נשמהדיקע וועלטן, איז דער וועג סיי אַרויף, סיי אַראָפּ געווען איינער און דער זעלבער: דער וועג פון לעבן.

פאַר דאָרעטשקען איז דער ענין געווען פיל קאָמפּליצירטער און טראַגישער. איר יונג לעבן איז ענלעך געווען צו דעם פלי פון אַ ראַקעטע. זי האָט געקאָנט הויך פליען. זי האָט געקאָנט טיף פאַלן. און פליען האָט זי געקאָנט נישט מיט איר אייגענעם פרייען ווילן, נאָר מיט דעם שטויס — פון אויפרייס. און דער איינציקער אויפרייס־מאַטעריאַל, וואָס האָט געשטויסן איר לעבן אַרויף, איז געווען — ליבע. נישט קיין אויסגע־חלומטע, הימלישע ליבע, נאָר זינלעכע, ערלעכע, מגושמדיק־עראָטישע, אַזאַ, פאַר וועלכער איר האָט אַליין דאָס פנים פאַר בושה געפלאַמט — אָבער דאָס איז געווען ליבע.

מיט אַזאַ ליבע האָט זי אין איר פריסטער יוגנט אויפגעפלאַמט צו ביסטריצקין. אַן ענלעכע ליבע האָט זיך אין איר צעפלאַקערט צו בערלען. און איצט, מיט דער ידיעה וועגן דעם, אַז ביסטריצקי לעבט, האָט אויך

אויפגעלעבט אין איר מיט אַ מיסטישער קראַפט איר ערשטער פלאַקער. אין דעם איז געווען אויך עפּעס מוטערלעכס: די הייסע ליבע צו אַ צוריק־געפונענעם קינד. און דאָס קינד איז דאָ געווען נישט אַזוי ביסטריצקי, ווי איר ערשטע ליבע. אָבער פון דעם איז איר הייס געפיל צו בערלען נישט קלענער געוואָרן. ביידע פלאַמען האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן איבער איר קאָפּ. און דאָ איז געקומען די לאָגיק פון פאַרצווייפלונג: ביסטריצקי האָט זי אָפּגעשטויסן נאָך מיט דריי יאָר צוריק. בערל ווייזט אַרויס אַ בולטן פאַרלאַנג זיך צו האַלטן ווייט פון איר. און דאָס איז זי אַליין די שול־דיקע. דאָס האָט זי זיי אָפּגעשטויסן פון זיך מיט איר מגושמדיקן ערדיקן קערן, מיט איר עראָטישער נאַטור. געוויס וואָלט זי זיך איבערגעוואָלד איינגעקלאַמערט אין בערלען, ווען ער זאָל איצט זיין דערביי. איז ער אָבער אַוועקגעפאָרן און זי איבערגעלאָזט אַליין איבער איר תהום. אַזאַ פרוי, ווי זי, טאָר מען נישט איבערלאָזן אַליין. עס וואַכן אויף אין איר כוחות, וועלכע זענען שטאַרקער פאַר איר לאָגיק און גלייכן שכל, די שטויסקראַפט פון איר לעבן, די ליבע צו ליבע, די אור־ווייב.

אָט האָט איר פאַרצווייפלונג געפונען אַן אויסוועג: אַרויסגערופן אין געדעכעניש דאָס בילד פון דעם נאַקעטן שלאַנקן גלוסקינען צווישן טאָג און נאַכט אין טייכל ביי די ווייץ־פעלדער. דער שלאַנקער מענערישער גוף, ברייט אין דער ברוסט און שמאָל אין די היפטן, איז אַזוי ווי אין טריקאָ פון זיין אייגענעם שאָטן אָנגעטאָן.

האָט זי געבעטן ישראלן, ער זאָל אַריינשיקן גלוסקינען צו איר, ווייל זי האָט מיט אים עפּעס איבערצושמועסן איידער ער פאָרט אַוועק און ווייל ס'איז גלאַט אומעטיק צו ליגן אַליין.

און גלוסקינס געפילן און אירע געפילן און אויך דער צופאַל, וואָס ביי זיין אַריינקומען צו איר האָט דער וואַלד־האָרן אַרויסגערופן אַלעמען צו אָונטברויט און איר איבערגעלאָזט אַליין, האָט געשאַפן דאָס, וואָס אויפן ליטעראַרישן לשון הייסט עס: עפּיזאָד, וואָס איז מענטשלעך און פאַרגעגנגלעך און לאָזט נישט איבער נישט קיין ווידער־טעם, נישט קיין מאָראַלישע נאָכווייענישן.

## 7

# רעוואָלוציאָנערער בעל־גאווה

בערל איז אַוועקגעריטן קיין ליאַסאָווע אויף אַ ווייסן פערד און איז צוריק געקומען אויף אַ שוואַרצן. דאָס איז געווען ווי דער לעבעדיקער סימבאָל פון זיינע געפילן, מיט וועלכע ער איז אַהין און מיט וועלכע ער איז צוריק געריטן. דעם שוואַרצן פערד האָט מען אים ליבנסווערדיק אויסגעבאָרגט אין די פאָרטן. צום ניי־שטעטל האָט ער זיך דערנענטערט אין דער שפּעטער נאַכט און הערנדיק פון דער ווייטן דאָס ריטמישע קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָווס אָן ברוק, ווי ער וואָלט זיך אַליין דערהערט אָנקומען אין שפּיגל פון דער פינצטערניש, האָט בערל פון וועג אַראָפּגעקערט אויף די ווייכע אָפּגעשניטענע פעלדער. ער האָט נישט געוואָלט זיך באַגעגענען מיט זיין עבנבילד. אַזוי האָט ער זיך אויסגעמיטן מיט שייקען, וועלכער האָט געבאָרגט אַ פערד ביי פּלטיאלן, כדי נאָך היינט ביידערנאַכט צו זיין אין ליאַסאָווע.

אין ניי־שטעטל איז שוין געווען שטאָק־פינצטער. די פייערן אויסגעלאָשן צוליב דער שפּעטער שעה. אָבער באַרג־אַראָפּ, אין פּאָדליאַסער הויף האָבן נאָך האָפערדיק געלויכטן עלעקטרישע פייערן, געלויכטן באַדרערדיק, אין איין צייל און בערל האָט זיך אָריענטירט, אַז דאָס זיצט מען נאָך אַוודאי אין דער קאַנטינע.

— בעלער אויף מיין קאָפּ! — האָט ער אומצופרידן אַ ברום געטאָן. ער געדענקט, אַז נאָך אין שניטצייט האָט מען געשמועסט וועגן אַ ביבע, וואָס וואָלט אַ יושר געווען צו פּראַווען נאָכן איינזאַמלען די תבואה אין די שייערן. האָבן זיי — די חכמים — טאַקע אויסגעקליבן די ריכטיקע צייט. פּונקט דאַן, ווען זייער גאַנצע מיל־מאַטערניש גייט לאיבוד און דאָס גאַנצע לעבן דערנענטערט זיך צו תוהו־ובוהו.

האָט זיך אָבער ווידער נישט געלייגט אויפן שכל, פאַרוואָס האָט מען מיט דער ביבע אויף אים נישט געוואַרט.

ווען ער איז אַריינגעריטן אין הויף און דערהערט דעם טעמפּ־זשומיקן געטומל הינטער די באַלויכטענע באַדרערדיקע פענצטער, ווי דאָרט וואָלט געאַרבעט אַ מאָטאָר, האָט ער זיך באַפּעסטיקט אין דער דעה, אַז דאָרט

אין דער קאַנטינע פראַוועט מען טאַקע אַ באַל. אין הויף איז קיינער נישט געווען.

ער האָט אַריינגעפירט דאָס פערד אין שטאַל, אויסגעצוימט, צוגע־שטעלט צום האָבער און אַ פייף געטאָן.

און דאָ ערשט, ביי דעם ערשטן אַפּעטיטפולן כראָמסק פון האָבער, געמאָלן מיט די פערדישע ציין, האָט בערל דערפילט, אַז ער איז אַליין טויט הונגעריק.

ס׳איז קיין ברירה נישט געבליבן, ווי אָפּוואַשן די הענט ביים ברו־נעם און אַריין אין דער קאַנטינע.

בערלס פּלוצלונגדיק דערשיינען האָט דאָ אָנגעמאַכט אַ רושם, ווי אַ וויזיע פון יענער וועלט. אָן אַ היטל, אַ צעשויבערטער, מיט אַן אָנגעריי־סענעם אַרבל פון דער טאָלסטאָווקע, איז ער שטום געשטאַנען אינמיטן לאַנגן צימער, געווישט זיך די הענט מיט עפּעס אַ צופעליקער שמאַטע, און געקנייטשט דאָס קאַלך־בלאַסע פּנים, ווי צום שמייכלען.

— בערל! — האָט די ערשטע דאָרעטשקע פאַרצווייפלט אויסגעשריען.

— ער איז דאָ, אונדזער בן־יקיר! — האָט זיך פּלטיאל דערפרייט.
און דער עולם האָט אים אַרומגערינגלט.

— נו? וואָס הערט זיך אין ליאַסאָווע?

— כ׳בין הונגעריק — איז געווען זיין תשובה.

ער האָט אומזיסט מיט די אויגן געזוכט סימנים פון אַ ביבע אויפן טיש. דאָס געפּעס נאָכן אָוונטברויט איז שוין לאַנג געווען אָוועקגענומען, די טישטעכער אַראָפּגענומען און אויף די ליידיקע טישן האָבן זיך נאָר גע־וואַלגערט אַ פּאָר אַלטע צייטונגען.

אידע מיט דער שיינער מרים האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו דער באַ־לעבאַטישקייט און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז אויסגעוואַקסן אַן אימפּראָ־וויזירטער נאַכטמאָל פאַר בערלען אויף אַ טישטעכל אויפן ברעג פון לאַנגן טיש.

— און מיר האָבן דאָ אַ גאַסט געהאַט — איז פּלטיאל געווען זייער אויפגעלייגט און ווי מיט אַ כיוון אונטערגעשטראָכן פאַר בערלען זיין גוטע שטימונג.

— אַ גאַסט? הם! וועמען?

— דו דאַרפסט אים געדענקען, בערל! אַזאַ רויטער יונגערמאַן, אַ פּריילעכער. אַ באַלשעוויק, מיין מירלס אַ חבר. ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק איז ער אַוועקגעפאָרן.

— זיי האָבן שוין גענומען אַהער אויך אַריינשטעקן די נאָז?

אין דעם ווינקל, ביי די ביי־שטעטלדיקע יונגעלייט איז געוואָרן אַ שטיקל גערודער. זיי האָט געחידושט צו הערן פון בערלען אַזעלכע דיבו־רים. זיי האָבן דאָך ביז איצט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל אייגענעם חבר.

— אָבער וואָס הערט זיך אין ליאָסאָווע, גאָט מיינער!

דאָס האָט אומגעדולדיק־מאָנענדיק, כמעט וויינענדיק, אויסגעשריען גלוסקין. און געמיינט האָט ער נישט אַזויפיל ליאָסאָווע, ווי דעם גורל פון ווייץ.

האָט בערל, בייז־קייענדיק זיין נאַכטמאָל, זיך אַ קער געטאָן אין יע־נער ריכטונג, פונוואַנען גלוסקין האָט זיך געלאָזט הערן. און בערלס אויסדרוק האָט מען געקאָנט אויסטייטשן:

— דו זעסט — איך עס? טשעפּע מיך נישט. וואָרעם איך קאָן דיך איצט אויך אויפעסן.

האָט דער עולם מיט אַ שלעכט געפיל געקוקט בערלען אין מויל אַריין און געוואַרט ביז ער וועט ענדיקן זיין סעודה.

און בערל האָט געגעסן, נישט געאיילט און מיט אַ טאָלק. שוין מיט צופיל טאָלק. געשניטן ברויט אויף איינציקע גלייכע ביסנס און יעדן ביסן באַזונדער און זאָרגפעליק אַרומגעשמירט מיט פּוטער און געקייט לאַנג־זאַם און באַרעכנט. דערביי האָבן זיינע אויגן פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ ווייט איבער אַלעמעס קעפּ. און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער געדענקט גאָרנישט, אַז אין צימער געפינען זיך מענטשן און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף אַ וואָרט.

און עס האָט זיך געדאַכט: זיין סעודה וועט זיך פאַרציען אין דער אייביקייט. אָבער אָט איז ער אינמיטן עסן פאַרקראָכן מיט דער האַנט אין קעשענע און, אָנשטאָט אַ נאָזטיכל, וועלכע ער האָט געזוכט, האָט ער אַרויסגעשלעפּט די זעלביקע שמאַטע, מיט וועלכער ער האָט די הענט געווישט.

האָט ער זי אָנגעקוקט פאַרחידושט און אַוועקגעשליידערט. דאַן האָט

ער די הענט פּאָרזיכטיק צו דער נאָז צוגעטראָגן. ערשט איצט האָט ער דערפילט דעם ריח פון בענזין.

האָט ער האַסטיק אויסגעזופּט אַ ביסל עפּלקוואַס און אַוועקגעשטויסן פון זיך דעם טעלער.

— אַ—אַ פייער זוכט אים!

— וועמען? — האָט פּלטיאל גוטמוטיק געקנייטשט מיט די אַקסל.

— וועמען? דעם באַראָן.

— וועלכן באַראָן?

— דעם באַראָן פון ליאַסאָווע. דעם אַטאַמאַן פון דער אַנאַרכיסטי־שער באַנדע.

— טאָ לאָמיר שוין אַמאָל הערן. וואָס ציסטו די עצמות?

ערשט נאָך דעם, ווי בערל האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר און זיך פרי־ציש פאַרצויגן, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ און אַ פוס פאַרלייגט, וואָס האָט אינגאַנצן נישט געשטימט נישט מיט זיין צעשויבערטן אויסזען און נישט מיט זיין צעריסענעם אַרבל — ערשט דאַן האָט ער אָנגעהויבן קאָרג און צו ביסלעך אַרויסלייגן פאַר די צוהערער זיינע הייננטיקע ליאַסאָווער איינדריקן.

איז אין קורצע אָבער שאַרפע שטריכן אויסגעוואַקסן פאַר די צוהע־רער דאָס טראַגיקאָמישע בילד פון הויזן־פּאָגראָם אויפן ליאַסאָווער מאַרק.

חברה חלוצים האָבן, פאַרגעסנדיק אָן דער טרויעריקער לאַגע מיטן ווייץ, זיך צעהירזשעט ווי די יונגע לאָשעקלעך, בעת בערל האָט אָפּגע־מאָלט ווי אַזוי דער משוגענער קלמן איז געלאָפן זיך ראַטעווען פון דער פאַר הויזן, וואָס האָט אים פאַרפאָלגט.

אַפילו די ניי־שטעטלדיקע האָבן זיך נישט איינגעהאַלטן פון אַ שמייכל, כאָטש די הויזן־פאַרטיילונג איז געלעגן אויף דער ליניע פון זייערע איבערצייגונגען.

איז פאַר בערלען פּלוצלונג אויסגעוואַקסן דאָרעטשקע אין איר לאַנגן שאַל, וואָס איז אין גלייכע פאַלדן געפאַלן, און זי האָט אויסגעזען ווי אַ סטודענטקע פון מאַיאַליק — אין גלייכע ליניעס פון איין גוס. און איר דין הענטל פון שאַל אַרויסגעשטרעקט — ווי אַ פאָרצעלייענע.

— בערל! דו מאַכסט חוזק פון דער רעוואָלוציע, הערסט?!

דער עולם אַרום האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט בליקן. צום ערשטן מאָל האָט זי אים געזאָגט דו פאַר אַלע אין די אויגן.

בערל האָט זי אָנגעקוקט מיט געלאַסענער ביוזקייט און זיך פאַרצויגן מיט דער ציגאַר.

— צי ביסטו טאַקע אַזאַ קינד, צי מאַכסטו זיך בלויז קינדיש, דאָרע. אַט דאָס זאָל הייסן רעוואָלוציע? דאָס פּנים האָט דאָך מיר געפּלאָמט.

אָבער דאָרעטשקעס בולטע בלויע אויגן, וועלכע זענען געווען ביז דעם מאָמענט נאָר פיינלעך־צעשראָקן, האָבן פּלוצלונג געביטן זייער אויס־דרוק: געוואָרן בייז־חוצפּהדיק.

— וועלכע אחריות פאַר דער געשיכטע טראָגט עס בערל פּאָדלאַסקי, אַז דאָס פּנים דאַרף אים פלאַמען פאַר דער רעוואָלוציע מיט איר אויסזען?

האָט בערל אַראָפּגעשטויסן מיטן קליינעם פינגער דעם אַש פון ציגאַר, וואָס דאָס איז גאָרנישט געווען אין זיין געוווינהייט. ער האָט ליב געהאַט, פאַרקערט, אַז דער אַש זאָל זיך האַלטן וואָס לענגער.

— נו, אויב דו גלויבסט אַזוי אין דעם ליאַסאָוועער נוסח, מיין חברטע, טאָ גיי טאַקע, זיי מוחל, און העלף דאָרט מאַכן רעוואָלוציעס און זיץ נישט דאָרט, ווו ס׳איז ווייך און באַקוועם.

שוין ביי דעם נאָכקלאַנג פון זיינע רייד האָט ער אויף זיי חרטה גע־האַט. ביי זיין גאַנצער איצטיקער אויפרעגונג האָט ער דאָך נישט בדעה געהאַט אַזוי זיך אויסצודריקן.

ס׳איז שוין אָבער אַ פאַרלאָרענע זאַך. אין זייערע פאַרפּלאָנטערטע באַציאונגען האָט אַ צו וויכטיק אָרט פאַרנומען דער „פּלאַטאָנישער" סאַ־דיזם, דער פאַרלאַנג צו פאַרשאַפן דעם צווייטן וואָס אַ טיפערן ווייטיק.

דאָרעטשקע האָט, דוכט זיך, קיין בעסערס נישט דערוואַרט פון אים. זי האָט נאָר שטאָלץ דעם קאָפּ פאַרריסן.

— וועל איך גיין, זאָלסט עס וויסן!

— און מיר וועלן אייך פון ליאַסאָווע ווי די מייז פאַרטרייבן.

— ווער — מיר?

— מיר, די ערלעכע רעוואָלוציאָנערן, די אַלטע גוואַרדיע און נישט די באַראָנען, וואָס קוואַליפיצירן זיך אויף הינטשלעגער.

און בערל איז אויף קיין רגע נישט געווען איינשטימיק מיט זיינע אייגענע רייד. די „ערלעכע רעוואָלוציאָנערן", וועלכע האָבן דאָס גע־דאַרפט, ווי אים איז באַוווסט געווען, איינפירן מאָרגן אַן אָרדענונג אין ליאַסאָווע, און אויב ס׳וועט נייטיק זיין, אויסגלייכן די שטאָט מיט דער

ערד — זיי זענען אים געווען נאָך פרעמדער ווי די אַנאַרכיסטישע באַראָנען.

אָבער דאָך איז אין זיינע רייד געווען מער ווי צו להכעיס דאַרעטשקען. טאַקע דער האַס צו דער אַנאַרכיע אונטערן מאַנטל פון רעוואָלוציע האָט אים דיקטירט זיינע רייד.

פלטיאל האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט זיך צופאַסן צו דער הייסער טעמפּעראַטור פון געשפּרעך. ער האָט זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט אין זיין גוטן הומאָר, הגם דאָס לאַנגע פּנים זיינס האָט זיך אויסגעצויגן נאָך לענגער און געוואָרן ערנסטער.

— זאָג נאָר, קרוב מיינער! ווי אַזוי וועסטו קוואַליפיצירן די אַרבעט פון מיינע קינדער, פון מיין בענצלען מיט מרימען, זאָלן געזונט זיין? האָבן זיי זיך אויסגעוואַלגערט אין אַלע טורמעס, דעם גאַנצן גיהנום אויסגעשטאַנען כדי צו קוואַליפיצירן זיך אויף הינטשלעגער?

— לאָמיר זיי נאָר זען ביי דער אַרבעט.

— וואָס הייסט זען? זיי אַרבעטן שוין פון לאַנג. פון יאָרן שוין. בפירושע באָלשעוויקעס. זייער אַרבעט איז אַ צעשטערערישע, אַ דעסטרוקטיווע...

— זענען זיי הינטשלעגער.

— שטילער דו!

דער עולם איז אָפּגעשפּרונגען, נישט צו וויסן פאַרוואָס פריער: צי פאַר דעם חיהשן ברום פלטיאלס, צי פאַר דעם קראַך זיינעם מיט דער דאַרער פויסט אָן טיש, וואָס דאָס איז ענלעך געווען צו אַ שאָס אין די אויערן.

צוזאַמען מיטן ריטש פון בערלס נאַכטמאָל איז אויף דר׳ערד געלעגן אַ שטיק דעמבענע ברעט, וואָס פלטיאלס פויסט האָט אָפּגעקלאַפּט.

פיל טאַלענטן פלטיאלס זענען דעם עולם באַוווּסט געווען. מען איז אים אפילו חושד געווען, אַז ער טראָגט אין זיינע דאַרע ביינער אַן אייזערנע גבורה. אָבער אַז ער וועט ברעכן דעמבענע ברעטער — דאָס האָט קיינער נישט געגלויבט. און נאָך ווייניקער וואָלט מען געגלויבט, אַז אין דעם יידן זאָל שטעקן אַזוי פיל רציחה.

אַן אמתער וואַלד־גזלן איז איצט געשטאַנען איבערן אָפּגעבראָכענעם טיש, איבערגעבויגן צו בערלען. די שדישע ברעמען זענען אים הויך אויפן

שטערן אַרויפגעשפּרונגען. דאָס מויל איז אים געווען פּירקאַנטיק אויפגע־ריסן אַזוי, אַז אַפילו די וואָנצעס האָבן נישט געקאָנט פאַרשטעלן די בלויע אַשלע איבער די שיטערע געלע לאַנגע ציין.

דעם קלענסטן רושם האָט פּלטיאלס דראָענדיק געשטאַלט געמאַכט אויף בערלען אַליין. ער איז געבליבן זיצן אויף זיין אָרט אויף דעם אָנלען פון זיין שטול צוריקגעוואָרפן און דעם ווילדן קרוב זיינעם גלייך אין די אויגן אַריינגעקוקט. נישט מער: בערלס אויגן זענען פיל העלער געוואָרן, דוכט זיך פריילעכער.

— שווייגן וועל איך ווען איך וועל וועלן — האָט בערל ווי אָפּגע־זעגט. — דערווייל בין איך דאָ באַלעבאָס און נישט דיינע קינדער מיט זייערע חברים. זעץ זיך אויף אַן אָרט! נו, זעץ זיך, שנעל!

זיי האָבן אַ ווײַלע זיך נאָך אָנגעקוקט און דער הויכער ייד מיטן רוצחישן פּנים האָט זיך אַוועקגעזעצט אַן איינגעלאָשענער.

— אָט אַזוי — האָט בערל געזאָגט שוין מיט אַ ווייכערער שטים, ווי ער וואָלט געהאַט צו טאָן נישט מיט אַ קרוב, נאָר מיט אַ לייב אין אַ שטייג. — איצט וועלן מיר רעדן ווי מענטשן.

ער האָט אַ שטויס געטאָן מיטן פוס דעם ברויט, וואָס איז פון טיש אַראָפּגעפאַלן, און דער ברויט איז אַראָפּגעשפּרונגען אין ווינקל ווי אַ פוס־פּילקע.

בעת דער שווערער שטילקייט האָט בערל אַזוי געדרשנט:

— בערל וויל, אַז קיין שד זאָל מער נישט געבאָרן ווערן. דאָס וויל בערל. מיין באָבע, עליה השלום, אַ קאָרגע יידענע געווען, האָט געהאט אַ ווערטל: קינדערלעך, היט אייך פאַר אַ שאָדן. צעברעכט מען אַ חפץ — ווערט געבאָרן אַ שד.

איר פאַרשטייט, מענטשן? בעת איר שאַפט דעם חפץ — שאַפט איר דעם מענטש.

און דער שד, וועלכער זיצט אין דעם מענטשן, ווערט אַריינגע־כישופט אין דעם חפץ און זיצט אין אים אַ געפאַנגענער, אַ געבונדענער. צעברעכט איר דעם חפץ — באַפרייט איר דעם שד.

איצט באַרעכנט, וויפל שדים וועלן געבאָרן ווערן אויף די חורבות, וואָס די רעוואָלוציע וועט אָנמאַכן! דאָס רייד איך וועגן דער רעוואָלוציע אין ליאַסאָווער נוסח.

איך פיל אפשר אין זיך דעם שד מער, ווי פיל אַנדערע, און דעריבער וויל איך אים פון דער קייט נישט אַראָפּלאָזן. מיין גאַנץ לעבן זיך געמיט אים וואָס פעסטער צו פאַרמויערן.

בערל האָט געמאַכט אַ פויזע צום פאַרציען זיך, מיט דער פולער זיכערקייט, אַז קיינער וועט אים נישט איבערשלאָגן די רייד. ער האָט נאָכגעדענקט און האַרט אַ לאַך געטאָן, וואָס דאָס איז ענלעך געווען צו ישראלס געלעכטער אין די ערשטע צייטן נאָך זיין אומגליק.

— כע! איך געדענק די ערשטע שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס, בעת איך בין נאָך אַ יינגל געווען. די ווייבער אויפן מאַרק פלעגן נאָכ־קרימען די שטרייקערינס:

— פרייהייט! ציפּקע, גיי לאָז אַרויס די הינער פון קאַטוך!

לאַכט נישט פון די יידענעס. עס ליגט עפּעס אין זייערע רייד. פרייהייט איז דאָך פאַר אַלע. אמת, די הינער קאָנען בלויז אַנשמוצן אויף דער פּאָדלאָגע. נו, און די בערן?

פּלטיאל, קרוב מיינער! אפשר וואָלט טאַקע אַ יושר געווען, זאָלסט אַרויסלאָזן די בערן פון שטייג? ביסט דאָך געוואָרן זייער אַפּוטרופּוס.

האָט פּלטיאל פינצטער אַ ברום געטאָן:

— אז מען וועט דאַרפן, וועט מען עס טאָן.

— וואָס? און איך, זעסטו, וועל זיי דערשיסן, נאָך איידער עס וועט קומען צו דעם. זאָג מיר נאָר דו, בעל־חשבון, בעל־קבלה, קאָפּ־מענטש! וואָס האָסטו אין דיין לעבן אויפגעבויט מיט דיינע אייגענע הענט? וואָס? איך וועל דיר זאָגן וואָס דו האָסט אויפגעבויט: אַ טויבנ־שלאַק אין דער סמאָליאַרנע, וואָס וועט בלייבן אַ זכר נאָך דיר. און אַ זכר אַ שלעכטער, ווייל עס טויג אויף כפּרות. און איך האָב עפּעס געבויט. געבויט און אויפגעבויט, יאָ.

בערל האָט זיך אָפּגעשטעלט. זיך שווער אָנגעלענט מיט די הענט אויפן טיש, מיט די שטאָל־בלויע אויגן אויף פּלטיאלן.

— די צרה איז, וואָס איך האָב געבויט, זיך נישט רעכענענדיק מיט דער צייט. איין שוואַלב מאַכט קיין פרילינג נישט. איצט וועט עס אַלץ מוזן צעשטערט ווערן און מען וועט מוזן אָנהייבן פון בראשית.

— איז וואָס־זשע ווילסטו? — האָט פּלטיאל שוין מיט אַ נייגונג צו שלום געפרעגט.

— איך וויל נישט צולייגן קיין האַנט צו דער צעשטערונג.

— ווער נייט דיך פון קהל?

— ווער עס נייט מיך? — בערל איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך האַסטיק אַוועקגעזעצט.

האָט גאָר אומגעריכט דער שוויגער ישראל גענומען אַ וואָרט.

— אונדז, בערל, האַלט איר אויך פאַר צעשטערער?

— נאָך אַ מין! — איז אים בערל אַנטקעגן געקומען מיט אַ פאַר־טיקן ענטפער, ווי ער וואָלט נאָר אויף דער פראַגע געוואַרט. — זיי, אין ליאסאָווע זענען לאַנד - צעשטערער. איר זייט פאָלקסצעשטערער. איר קאָנט אייך געבן די הענט. זיי וועלן אַראָפּברענגען דעם מבול און איר וועט אַוועקשווימען אויף נהס תיבה. זאָל זי זיך טרינקען — די וועלט! אגב, ווען שווימט איר אָפּ מיט מזל?

— מאָרגן.

— הם. אַביסל זיך צוגעאיילט. כ'וועל אייך נישט קאָנען דעקן פאַרן ווייץ. וואַרט אויף. אויף מאָרגן שטייט די וועלט. מאָרגן ווערט אַ סוף געמאַכט צו דער ליאסאָווער אַוואַנטורע. מאָרגן ליגט ער אין פּעקל — דער באַראָן.

— פון וואנען ווייסט איר דאָס?

— וואָס הייסט פון וואנען? פון דער ערשטער קוועלע. איך קום דאָן ערשט פון די פאָרטן.

און אין קורצן האָט בערל איבערגעגעבן וועגן זיין נסיעה צו די טרייע פולקן.

— דאָס איז אַ פאַרראַט! — האָט דאָרעטשקע פון ערגעץ אַ ווייטן ווינקל הילכיק אויסגעשריען און זי האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר.

אַ ווײַלע איז בערל געזעסן מיט אַ ווייס פּנים און שפּיציקע אויגן.

דאַן האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון שטול מיט דער דעה צו לויפן צו דער טיר, ווו דאָרעטשקע איז אַרויס.

ער האָט זיך אָבער אָפּגעשטעלט, פאַרריכט די אויסגעבויכטע טאָל־סטאָווקע אַרום גארטל און זיך געווענדט צום טיש מיט אַ קאַלכענעם שמייכל.

—חברה. מאַכט נאַכט. ס'איז שוין שפּעט.

דאַן איז ער אַרויס.

8

# אין גרינעם פאַרטאָג

בערל האָט אויפגעריסן די אויגן מיט אַ פּיינלעך געפיל פון באַגאַנגענע פעלערן, וועלכע לאָזן זיך שוין נישט פאַרריכטן. עס איז געווען אַזוי, ווי זיין הינטערבאַוווסטזיין וואָלט דורכגעפירט דעם חשבון הנפש און געמאַכט דעם סך־הכל אָן זיין אָנטייל, פאַר די פּאָר שעה, וואָס ער איז אָפּגעשלאָפן האַרט, אָן חלומות, ווי אין אַ פינצטערן זאַק אַריינגעשליידערט.

איצט האָט זיך אים אָפּגערופן אונטערן האַרצן און אַפילו אויפן גומען דער שלעכטער ווידער־טעם פון זיינע נעכטיקע דרשות אין דער קאַנטינע.

צוליב וואָס האָט ער זיך צעדרשנט? פאַרוואָס האָט ער זיי אַלע דאָרט אַזוי גראָב אַריינגעזאָגט? און וואָס פאַר אַ טייוול האָט בכלל אים געשטויסן צו לויפן נאָך מיליטער קעגן ליאַסאָווער אויפשטאַנד?

אַ רעוואָלוציאָנער אין דער טעאָריע, איז ער אין דער פּראַקטיק געווען און פאַרבליבן בערל דער פריץ. אַ פערד האָט מען ביי אים צוגענומען — און די גאַנצע רעוואָלוציע איז דערפירט געוואָרן צו איין נאַרישן פונקט: ביי פּאַדלאַסקין נעמט מען קיין פערדלעך נישט!

נאָך צוואַנציק יאָר רעוואָלוציאָנערע איינריידעניש האָט בערל פריץ נישט אויסגעהאלטן דעם ערשטן עקזאַמען.

און נאָך אַלעמען, אַנשטאָט זיך מודה צו זיין אין זיינע פעלערן און שלאָגן זיך על חטא, האָט ער זיך גאָר אָנגעזעצט אויף אַנדערע.

וואָס האָט ער געהאַט צו דאָרעטשקען? פאַרוואָס האָט ער זיך אַזוי גראָב צו איר באַנומען? איצט האָט אים נישט נאָר ווייגעטאָן דאָס האַרץ אויף איר, — עס האָט אים געשראָקן. דאָרעטשקע איז אין דעם פּרט אין אים גערעכט. זי איז נישט פון די נאַטורן, וועלכע קאָנען פאַרדייען אַ באַליידיקונג.

ער האָט דאָך איר געגעבן אַ קאָפּולער אָנצוהערעניש, אַז זי זיצט ביי אים אויף כל־טוב אַנשטאָט זי זאָל גיין מאַכן די רעוואָלוציע.

אמת: זי האָט אים אָפּגעדינט מיט אַ מיאוס וואָרט, מיט אַ שרעק־

לעך וואָרט, וואָס איז אים געווען ווי אַ מעסער אין ברוסט. זי האָט אים אָנגערופן פאַררעטער.

אָבער, צוריקגעשמועסט, האָט ער דען איצט די הונדערט פּראָ־צענטיקע זיכערקייט, אַז זיין נעכטיקע אַקציע שמעקט נישט מיט פאַרראַט? מיט קאָנטררעוואָלוציע?

בעת בערל האָט געטראַכט און איבערגעטראַכט, געוועגדט מיט די אויגן צום גרויען שפּינוועבס פון פאַרטאָג, וואָס האָט זיך פאַרשטעקט צווישן די שווערע פאָרטיערן אויף די פענצטער, האָט פּלוצלונג אים אַרומ־געכאַפּט אַן אויסטערליש געפיל, אַ געפיל פון אַזאַ שטיינערנער איינ־זאַמקייט, פון וועלכן אַ מענטש קאָן אָנהייבן שרייען געוואַלד און לויפן ווי פון פייער.

דאָס געפיל איז געווען פענאָמענאַל־ניי פאַר בערלען. קיין מאָל נאָך האָט דער שפּיגל פון זיין איינזאַמקייט אַזוי נאָנט נישט צוגעשוועבט צו אים. האָט ער זיך צוגעהערט צו זיין ניי געפיל מיט נייגער, ליגנדיק אָן דער מינדסטער באַוועגונג, ווי די אויסטערלישקייט וואָלט אים צו־געכישופט.

און געהערט האָט ער די שטילקייט אַרום — אַ דראָענדיקע און אַ פאַררעטערישע, ווי אַלע וואָלטן זיך צעלאָפן פון גרויסן פּאָדלאַסיער הויז נאָך אינמיטן דער נאַכט און אים איבערגעלאָזט אַליין. און דאָס הויז איז געמינעוועט.

בערל האָט זיך באַמיט צו פאַנגען מיטן אויער דעם שטילן שאָרך פון דאָרעטשקעס אָטעם אין צווייטן צימער, הינטער דער פאַרמאַכטער טיר.

אָבער די שטילקייט איז פאַרבליבן אומבאַרירלעך.

האָט פּלוצלונג אונטן אין דער קאַנטינע דער פאַרצייטיקער וואַנט־זייגער אין אַ משונהדיקער איילעניש אויסגעשפּיגן פינף. זינט פּלטיאל האָט גענומען דעם חרובן זייגער אין דער אַרבעט אַריין, האָט די אַלטע כלי צוריק באַקומען לשון. עס האָט אָבער אָנגעהויבן שלאָגן מיט אַזאַ משונהדיקער איילעניש, ווי אַ ייד כאַפּט אָפּ דאָס דאַוונען פאַרן יאַריד.

פון דאַן אָן פלעגט דער פאַרצייטיקער וואַנטזייגער שפּילן פאַר בערלען די ראָל פון אַ שטוב־לץ. ער האָט נישט געקאָנט הערן זיין גאַלאָפּ און זיך נישט צעשמייכלען דערביי.

איצט איז די ווירקונג געווען אַ פֿאַרקערטע. די פֿינף קורצע הוסט־קלאַנגען, וואָס האָבן געוואָלט אַריבעריאָגן איינע די אנדערע, האָבן ווי פֿינף האַסטיקע שמיץ אַראָפּגעטריבן בערלען פֿון געלעגער.

אים איז קשה געוואָרן די שטילקייט אין צווייטן צימער, ווו דאָ־רעטשקע שלאָפֿט.

ער האָט געקוקט אויף דער טיר פֿון צווייטן צימער און פֿאַר זיין לאַנגן אָנגעשטרענגטן בליק האָט זיך אָנגעהויבן אויסצייכענען, אַז די טיר איז נישט פֿעסט צוגעמאַכט.

נעכטן, בעת ער איז אַרויס נאָך דאָרעטשקען פֿון דער קאַנטינע, האָט ער נאָר מורא געהאַט, אַז אַ באַליידיקטע זאָל זי נישט אַוועק צופֿוס קיין ניי־שטעטל אינמיטן דער נאַכט. ער האָט אָבער געזען ווי זי איז אַרויף צו אים אין וווינונג, געמאַכט ליכטיק אין קאַבינעט. האָט ער זיך אַרומגע־דרייט איבערן הויף ביז דאָרעטשקע האָט דאָס ליכט נישט אויסגעלאָשן. ער האָט נישט געוואָלט מער זיך אויסטענהן מיט איר. און אַז ער איז דאָן אַרויף צו זיך, האָט ער געטראָפֿן די טיר פֿון קאַבינעט פֿעסט צוגעמאַכט. דאָס האָט געהייסן: זי וויל זיך אויך נישט אויסטענהן מיט אים.

און איצט זעט ער די טיר פֿון קאַבינעט עטוואָס אויפֿגעמאַכט.

איז ער אין צוויי האַסטיקע שפּרייז געווען ביי דער טיר און זי אַ שטויס געטאָן. דאָרעטשקעס צעקנייטשט געלעגער האָט זיך געבלייכט מיט זיין ליידיקייט.

האָט דאָס שרעק־געפֿיל פֿון איינזאַמקייט, פֿאַר וועלכן ער האָט ביז דעם מאָמענט געזוכט אַ פֿאַרענטפֿערונג, פּלוצלונג באַקומען אַ באַקאַנטן אינהאַלט: דאָרעטשקע איז נישטאָ.

אין אַ פּאָר מינוט איז בערל געווען אָנגעטאָן און — אויפֿן הויף.

דאָ האָט ער דערזען, אַז דער האַרבסטיקער פֿאַרטאָג איז נישט קיין גרויער, נאָר אַ גרינער.

איבערן הויף, ווי גרויס ער איז, האָבן זיך צעזייט און צעשפּרייט טויט־גלאַנציקע קאַלוזשעס פֿון דעם רעגן, וואָס האָט געגאָסן ביידער־נאַכט, ווייזט אויס פֿאַר די פּאָר שעה, ווען בערל איז געשלאָפֿן.

די שיטערלעכע בלעטער אויף די ביימער האָבן געגלאַנצט ווי האַר־טער בלעך און דער נידעריקער פּלאַטשיקער הימל איז געווען באַדעקט מיט אָנגעקוואָלענע גרינלעכע אָניצעס. דער גרינער פֿאַרטאָג האָט, דאַכט

זין', געהאַט אַ ישוב־הדעת, צי עס לוינט אים גאָר אַ טויט־געבאָרענעם צו קומען אויף דער וועלט.

און אַט דוכט זיך בערלען, אַז פון דעם פינצטערן ווינקל ביי די גע־מויערטע שטאַלן, ווו די נאַכט ליגט נאָך ווי איינגעקאָרטשעט אין דרייען, אַז פון דאָרט הערט ער דאָס קלאָגנדיקע וואָיען פון זיין לאַנג שוין דער־שאָסענעם הונט — דזשעקן.

און ווי אַריבערהיפּנדיק די צייט אויף צוריק, ווי אַן אָפּקלאַנג פון נעכטיקן אָוונט, שניידט זיך אים אַריין אין אויער דאָרעטשקעס טראַגישער לויטערער אויסגעשריי:

— אַ קראַנקן הונט דאַרף מען דערשיסן!

בערל היפּט איבער די גלאַנציקע קאַלוזשעס אַהין, צו די שטאַלן, און אין גרינעם פאַרטאָג זעט ער זיך אַליין פון דער זייט אַ היפּנדיקן איבערן גרויסן ליידיקן הויף און ער קומט זיך פאָר משונה־ווילד.

ביי די שטאַלן איז רואיק. דורכן פענצטערל מיט די קראַטעס דער־טאַפּט ער מיטן אויג דעם מאַסיוון סילועט פון שוואַרצן מיליטערישן פערד', אויף וועלכן ער איז נעכטן צוריקגעקומען פון די פאַרטן. ריטמיש־פויל מאַלנדיק מיט די ציין, שטייט דאָס פערד איבערן האָבער אַנגע־בויגן, אַזוי ווי בערל האָט אים נעכטן דאָ איבערגעלאָזט.

שפּעטער אַ ווײַלע שטייט שוין בערל ביי פלטיאלס פענצטער. פלטיאל האָט זיך געמאַכט אַ געוווינהײ״ט צו שלאָפן ביי אָפענע פענצטער. זעט איצט בערל אין דער טונקלקייט פון צימער, ווי דער לאַנגער קרוב זיינער ליגט אויסגעצויי' און שטיל אויף זיין צו קורצן בעט. די שאַרפע נאָז דערלאָזט נישט דער יאַרמלקע דאָס גאַנצע פּנים פאַרדעקן.

און מיטן קאָפּ פון איין זייט און מיט די ווייט אַרויסגעשטרעקטע באָרוועסע פיס פון דער צווייטער זייט צו דער קורצער פלאַציקער קאָלדרע צוגעשטעלט, מאַכט דער שלאָפנדיקער פלטיאל דעם איינדרוק פון אַ גע־האַקטן הערינג, בעת מען דערלאַנגט אים צום טיש.

וואָס־זשע פאַר אַ שייכות האָט דאָס אַלץ צו דער פאַרשווונדענער דאָרעטשקע?

בערל פּרוווט זיך אָפּגעבן אַ רעכענונג, אַז אין גאָר אַ גרויסער מאָס נעמט זיך די איצטיקע שרעק זיינע פון די צעשרויפטע נערוון נאָך נעכ־טיקן שווערן טאָג.

פון דעם, וואָס דאָרעטשקע האָט פאַרלאָזן דאָס צימער, קאָן מען נאָך נישט אַרויסדרינגען קיין שום שרעקלעכס.

און פלוצלונג נעמט בערל האַסטיק אַריבערהיפּן די קאַלוזשעס צו־ריק צום גרויסן הויז. אָט איז ער שוין ביי זיך אין צימער. אָט נישטערט ער אין די קעשענעס פון זיין נעכטיקער צעריסענער טאָלסטאָווקע. אָט שאַרט ער נערוועז אין אַלע ווינקעלעך פון די שופלאַדן און שרייבטיש. און ער געפינט נישט דאָס, וואָס איז אים פאַרלאָרן געגאַנגען: דעם רע־וואָלווער זיינעם.

פאַר צעטראָגנקייט עפנט ער נישט די פאָרטיערן, נאָר ער זוכט אין דער טונקלקייט דאָס עלעקטרישע טאַשן־לעמפל. און אויך דאָס לעמפל געפינט ער נישט.

די שרעק זיינע נעמט אָן בולטע קאָנטורן פון פאַרלאָפענעם אומגליק. ער דריקט צוזאַמען מיט די הענט זיינע שלייפן און זיצט אַזוי איבערן שרייבטיש מיט דער פאַרשטיינערטער אָנשטרענגונג אַ ביסל לענגער נישט צו טראַכטן, נישט אַריינצוטראַכטן, כדי שפּעטער אַריינצולאָזן אין באַ־ווּסטזיין דאָס אומגליק אין זיין פולער מאָס.

און אָט זענען די אויגן זיינע אָנגעשפּאַרט אָן שרייבטיש אָן דעם לעצטן באַווייז, אָן דער לעצטער באַשטעטיקונג, אָן אַ פאַרשריבן בייגעלע פּאַפּיר. אַפילו אין דער טונקלקייט דערקענט בערל די קרעפּטיקע רונדיקייט פון דאָרעטשקעס האַנטשריפט. און ער ציט אָפּ די רגע דאָס פּאַפּיר אין האַנט צו נעמען און צוטראָגן צום פענצטער.

שפּעטער האָט ער אָפּגעאָטעמט מיט דערלייכטערונג. דאָרעטשקע האָט טאַקע אָפּגעטאָן אַ ווילדע זאַך, אָבער נישט דאָס ערגסטע, וואָס ער האָט זיך אויסגעמאָלט אין זיין צעשרויפטער פאַנטאַזיע.

ביים פענצטער האָט ער געלעזן איר בריוו:

„אין דרויסן איז אַ פינצטערניש, כאָטש מיט אַ מעסער צו שניידן. און איך קאָן מער קיין רגע נישט וואַרטן. כ׳האָב מיר געביסן די פינגער וואַרטנדיק ביז דו וועסט איינשלאָפן, בערל. איך לויף קיין ליאַסאָוועו. דיין רעוואָלווער און לעמפל ווען איך דיר אָפּשיקן מיט אַ געלעגנהייט. איך וואָלט סיי ווי נישט פאַרבליבן מער אין דיינע מקומות נאָך דעם ווי דו האָסט מיר פאַרגעוואָרפן, אַז איך זיץ ווו ס׳איז ווייך און וואַרעם. איך בין אַ מבין אויף אַ פאָרוווּרף. כ׳וואָלט עס אָבער אַלנפאַלס נישט

געטאָן אינמיטן דער נאַכט. מיך טרייבט עפּעס אַנדערש. איך מוז ראַ־טעווען אַ מענטשן, וואָס דו האָסט אים געשטעלט אין געפאַר. איך מוז אים וואָרענען קעגן דעם מיליטער, וואָס דאַרף מאָרגן, ווי דו זאָגסט, ליקווידירן די ליאַסאָווער רעוואָלוציע. בערל, ביזט אָן אכזר! אָבער ביי דיין גאַנצער אכזריות בין איך זיך מודה: איך האָב דיך ליב, איך פאַרגעטער דיך אפשר שוין צופיל, און דאָס קאָן איך מיר נישט שענקען. דיך דאַרף מען ליב האָבן אָן פאַרגעטערונג, אַנדערש דאַרף מען זיך אַליין פאַרלירן. עפּעס אַנדערש איז דער מענטש צו וועמען איך לויף איצט. אויב ס׳איז אמת וואָס שייקע דערציילט, איז דער ליאַסאָווער אַנאַרכיסט מיטן באַראָנישן טיטל נישט קיין אַנדערער ווי מיין טאַדעק, טאַדעאוש ביסטריצקי, וועגן וועמען איך האָב דיר דערציילט אַזעלכע בלוטיק אומפאַרשעמטע איינצל־הייטן. דער מענטש איז מיר פון טויט לעבעדיק געוואָרן. ווי קאָן איך אַ רגע זיצן רואיק, אויב איך וועל דאָס וווּנדער מיט מיינע אויגן נישט דערזען? און ווי קאָן איך איין רגע וואַרטן, ווען איך ווייס, אַז דער מענטש איז אין געפאַר? צי איז דאָס אַ פאַרשאָלטענע ליבע אַזאַ? איך ווייס נישט, בערל. איך ווייס נישט, צי מען קאָן ליב האָבן אָדער פיינט האָבן אַ מענטשן מיט וועלכן מען פילט זיך קערפּערלעך צוזאַמענגעוואַקסן ווי אַ סיאַמער צווילינג. ער האָט דאָך מיר געגומען ווען איך בין אַ קינד גע־ווען — דו ווייסט. איך האָב שוין געהאַט זיך צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז דער מענטש לעבט נישט. מיט דעם רעשט פון מיין צעשניטן לעבן האָב איך זיך צוגעבונדן צו דיר, בערל, און אפשר וואָלט איך איצט שטאַרקער געווען, ווען דו שטויסט מיך נישט אָפּ פון זיך אויף שריט און טריט. אָבער איצט? איצט פיל איך ממש מיט אַלע מיינע נערוון, אַז דאָס באַ־גראָבענע איז פון קבר אַרויס און אַז עס דראָט אים די געפאַר ווידער באַ־גראָבן צו ווערן. איך קאָן דאָס נישט דערלאָזן און איך לויף. ווו מיין ליבע איז ווייס איך שוין נישט. אויף אַזאַ אויסוווּרף ווי איך בין איז צו גלויבן, אַז איך האָב אייך ביידן ליב. נו, האָב קיין פּאַראיבל נישט, בערל. ס׳איז נישט די צייט זיך אַריינצולאָזן אין אַנאַליז. מען דאַרף טאַדעקן ראַטעווען. און האָב קיין מורא נישט. איך וועל אָנקומען קיין ליאַסאָווע בשלום. הלוואי זאָל איך נאָר אָנקומען צו דער צייט...“

***

די געפֿלעקטע בעלאַמי האָט, דוכט זיך, געפֿילט ווי איילִיק ס׳איז דעם באַלעבאָס אירן אַזוי פֿאַרפֿרי אין שטאָט אַריין. די שקאַפֿע האָט גע־יאָגט איבערן דורכגעווייקטן פֿאַרגאָסענעם וועג מיט דעם גאַנצן אימפּעט פֿון אירע באַיאָרנטע פֿיס.

פֿאַרכליאָפּעט ביזן גאַרטל, האָט בערל זיך געטרייסלט אויפֿן נידעריקן רייטוואָגן און געוואָרפֿן מיטן קאָפּ דאָ אין איין זייט, דאָ אין דער צווייטער, דערוואָרטנדיק צו דערזען אונטער אַן אָפּגעפֿליקטן בוים ערגעץ אויף דעם נאַסן בלעטער־טעפּיך אַן איינגעהויקערט, פֿאַרחלשט פֿרויען־געשטאַלט.

דער בלווילעכער נעפּל איז געהאַנגען איבערן וואַלד־וועג אין דער נאָענטער פּערספּעקטיוו און אָפּגעמעקט יענע מענטשלעכע האָפֿענונג אין דעם היינטיקן טויט־געבאָרענעם טאָג, וועלכן דער נידעריקער הימל האָט האַרט צו דער נאַסער ערד צוגעדריקט.

אַ טאָג, וועלכער האָט זיך איינגעמאָשטשעט אין ענגשאַפֿט פֿון דער וועלט, ווי אין אַ פּייכטן, טונקעלן קעלער. און בערל האָט געפֿילט, ווי דאָס האַרץ ווערט אים פֿוגאַנדערגעשפּאַרט פֿון גרויסן צער און גרויסער בענק־שאַפֿט נאָך דער קאַפּריזנער קרענקלעכער דאָרעטשקען. זי איז דאָך גע־רעכט: זי איז דאָך געלאָפֿן ראַטעווען אַ מענטשן, וועלכער איז איר בלוי־טיק נאָענט. נישט מער:

„פֿאַרוואָס, מיין קינד, ביסטו געלאָפֿן אין די בלאָטעס... צופֿוס... ביידערנאַכט?.. נישט געקאָנט מיר זאָגן? נישט געקאָנט?"

נישט קיין פֿאַרליבטער, נישט קיין אייפֿערזיכטיקער וואַלד־מענטש יאָגט זיך אויפֿן רייטוועגעלע נאָך איר פֿאַרמעקטן, פֿאַרטרוקענעם פֿוס־טריט.

אַ פֿאָטער אַן אומגליקלעכער לויפֿט עס אין דער וועלט אַריין אויפֿ־זוכן זיין פֿאַרבלאָנדזשעט קינד.

## 9

# געקומען צו דער צייט

איין מעת־לעת האָט אים אָפּגעטיילט פֿון יענער שעה, ווען ער איז דורך דער זעלביקער הינטערגאָס אַריינגעריטן אין ליאָסאָווע אויף זיין ווייסן פֿערד. אָבער בערלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס׳איז שוין פֿאַר־

לאָפן אַן אייביקייט, אַז געווען איז ער אין ליאַסאָווע אין זיין פּאַרגאַנ־גענעם גילגול. דער רייטער אויפן ווייסן פערד איז געווען ווי אַ שיינער, פון לאַנג שוין אויסגעוועבטער חלום. איצט האָט זיך בערל געטרייסלט באַדרערדיק אויפן נידעריקן רייטוועגעלע איבערן סכנהדיקן ברוק און די געפלעקטע בעלאַמי האָט שוין קוים געפּלאָנטערט מיט אירע פיס די גע־שוואָלענע פון בלאָטע.

האָט בערל פאַרקערעוועט צו דער ערשטער קרעטשמע־אכסניה, וווּ עס שטעלן זיך אָפּ די פּרעמדשטעטלדיקע פורמאַנעס און וווּ בערל פלעגט זיך אָפּשטעלן, ווען ער פלעגט דאַרפן אין ליאַסאָווע אייַנהאַנדלען פערד. ער איז אַרייַנגעפאָרן מיט פערד און וואָגן גלייך אין שטוב אַרייַן, אין דעם פּירקאַנטיקן טויער־קעסטל אונטערן הויכן שינדלדיקן דאַך. דאָ האָט נאָך געהערשט דער נעכטן אינאָוונט. ביי אַ פאַררויכערטער לאָמטערן האָט דער קרעטשמע־משרת מיט ציצית צונויפגעשאַרט מיט אַ לאָפּעטע אין אַ ווינקל דאָס פאַרצעניאָריקע מיסט. בערל האָט אים איבערגעגעבן זיין פערד און וועגעלע און אַליין, נישט אָפּגערייניקט די בלאָטע פון די קליידער, איז ער אַוועקגעלאָפן אין שטאָט אַריין, צום האָטעל „פּאַליי־ראָיאַל".

— וועגן פערדעלע געקומען, בירגער? — האָט אים אַ פּינטל געטאָן דאָס נעכטיקע נעזל מיט פרידלעכער חוצפּה, און בערל האָט איצט באַ־מערקט, אַז אַ חוץ אַ נעזל פאַרמאָגט נאָך דער פאַרשוין זומערשפּרענקלעך און געלע שיטערע ציין. — ס'וועט אייך גאָרנישט העלפן, איר וועט מוזן צוואַרטן אַ פּאָר שעה. דער חבר קאָמענדאַנט איז איצט פאַרנומען. זעט וואָס עס טוט זיך...

מיט צופרידענער זעלבסטווערדע און מיט אַ זשעסט וואָס האָט גע־זאָלט זיין טעאַטראַליש האָט דאָס נעזל אים אָנגעוויזן אויפן לאַנגן האָ־טעל־קאָרידאָר, וווּ עס האָט געראַשט ווי אין אַ בינשטאָק. זעלנער אין נייע קלימפּערדיקע אַמוניציע און מיט ציווילע אינטעליגענטישע פּנימער האָבן אַרומגעשמייעט מיט טעקעס און פּאַפּירלעך טיר אויס טיר איין. און אויף יעדן יונגן פּנים איז געווען צום לעזן: היט זיך, וועלט! דאָס גיי איך — די רעוואָלוציע!

בערל האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט בקשות וועט ער זיך צום קאָמענ־דאַנט ניט דערשלאָגן. דאָס נעזל אָפּגעקערט צו אַנדערע אינטערעסאַנטן, האָט אים שוין געוויזן זיינע זומער־שפּרענקלעך אויפן חלה־ווייסן נאַקן.

— הערט אויס, בירגער! — האָט בערל אַ נעם געטאָן דאָס נעזל בײַ די פּלייצעס און אים אויסגעדרייט צו זיך — אין צוויי שעה אַרום וועט צו שפּעט זײַן. איך דאַרף זען דעם קאָמענדאַנט פאַר זײַן אייגן טובה וועגן. איר פאַרשטייט וואָס מען רעדט צו אײַך?

דאָס נעזל האָט פאַרוואונדערט דאָס מויל געעפנט און זײַן חוצפּהדיק שמייכעלע האָט זיך אויסגעגליטשט.

— ווי הייסט איר, בירגער?

— פּאָדלאַסקי הייס איך.

— באַלד.

און אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז בערל געשטאַנען אין צימער אויג אויף אויג מיטן אַנאַרכיסטישן באַראָן.

דער מיטלוואוקסיקער ברייטפּלייציקער אָפיציר מיט די אַרויפגעקעמטע וואָנצעס האָט פאַרמאָגט אַ שאַרפן טשאַטעוועדיקן בליק אונטערן ברייטן, באַלקאָנאַרטיקן שטערן. סײַ דער בליק, סײַ דער שטערן זענען בערלען קענטיק געווען. אָבער ביסטריצקין האָט בערל געזען איין איינציק מאָל אין וואַרשע. און נישט דער בליק זײַנער און נישט דער שטערן האָבן זיך נישט געבונדן אין זײַן פאַרשטעלונג מיט יענעם ביסטריצקי, וועגן וועלכן דאָרעטשקע האָט אים אָנדערציילט.

אָנשטאָט אַ באַגריסונג האָבן זיי זיך לאַנג און שווייגנדיק אָנגעקוקט ווי צוויי הענער. דוכט זיך, קיינעם פון זיי איז נישט אָנגעשטאַנען דעם ערשטן אַוועקצוקוקן אָן דער זייט.

— יאָ, הער פּאָדלאַסקי! — האָט דער אָפיציר ענדלעך אַרויסגעזיפּצט — אַזוי זעען מיר אויס.

און ער האָט גענומען שפּאַנען איבערן צימער.

— וואָס — יאָ? — האָט בערל רוי־הייזעריק איבערגעפרעגט — זי איז געקומען?

דער אָפיציר האָט מיליטעריש צו אים זיך אַ קער געטאָן מיט אַ גרייטן, טשאַטעוועדיקן בליק.

— זי איז דאָ, הער פּאָדלאַסקי. איר קאָנט זי זען, אויב איר ווילט.

און ער האָט אָנגעוויזן אויף דער טיר פון צווייטן צימער.

בערל איז אַרײַן אַהין.

מיט פאַרקוועטשטע פויסטלעך אין דער קאָלדרע אײַנגעדריקט, מיט

אַ פאַרשפּיצטער קין און פאַרהאַקטע ציין, פון וואָס אירע באַקן־בייגער זענען געוואָרן שאַרף־ווינקלדיק, איז דאַרעטשקע געלעגן אויפן בעט, פאַר־שטייפט אין איר עפּילעפּטישן שלאָף. אַפילו די האָר אירע, צעשאָטענע איבערן שטערן און קישן, האָבן אויסגעזען פאַרשטייפט און האַרט, ווי גע־שניצט פון האָלץ, אָדער געפורעמט פון מאַטן, טונקעלן גלאָז. אַזעלכע האָר דאַרפן זיך ברעכן און ברעקלען אונטער די פינגער. אויף אַ פּאָר שטולן און אויף דער פּאָדלאָגע האָבן אַנגעוועצט אירע צעוואָרפענע שווער־אָנגעווייקטע קליידער און וועש. אָט די אַלע טיילן פון איר קליידונג האָבן אויסגעזען ווי טיילן פון איר אייגן וועזן, איצט מער לעבעדיקע ווי זי אַליין. אַז מען האָט די טיילן אָפּגעשיידט פון איר לייב, איז פון איר אַרויס דאָס חיות.

ערשט איצט, ביי איר געלעגער האָט בערל אין אַ פרישער דערשי־טערונג תופס געווען די העלדישקייט פון איר טראַגישן געלאָף ביידער־נאַכט קיין ליאַסאָווע, כדי צו ראַטעווען איר טאַדעקן. צי האָט זי דער־גרייכט איר ציל? צי האָט זי אים געוואָרנט פון געפאַר?

זי איז געלעגן אַנגעטאָן אין אַ קלאָר מענער־העמד מיט ברייטע בלוי־באַזוימטע אַרבל. אויפן האַלדז איז די צו־ברייטע העמד געווען נישט געשיקט פאַרשפּילעט מיט אַ זיכערנאָדל.

פאַר דער צייט, וואָס ביסטריצקי האָט זי איבערגעטאָן, האָט זי דאָך געוויס באַוויזן אים צו וואָרענען.

בערל האָט צוריקגעקערט אין ערשטן צימער און מיד פון דער אויס־געלאָדענער אָנשטרענגונג פון הייַנטיקן פרימאָרגן, האָט ער זיך שווער אַראָפּגעזעצט אין אומבאַקוועמען אַמפּיר־פאָטעל פון ליאַסאָווער האָטעל.

אויפן צווייטן אַמפּיר־פאָטעל קעגנאיבער האָט זיך אוועקגעזעצט דער ברייטשטערנדיקער אָפיציר, מיט דער אָפיציעלער גרייטקייט אים קורץ און זאַכלעך צו ענטפערן אויף זיינע פראַגן.

— שוין לאַנג, אַז זי שלאָפט, הער ביסטריצקי?

— שוין אַ קאַרגע שעה, הער פּאָדלאַסקי.

— זי קאָן אַזוי אָפּשלאָפן ביזן אָוונט.

— איך ווייס.

דאָ האָט ביסטריצקי געוואָרפן אַ בליק אויף בערלס שטיוול און אַ ביטול־שמייכל האָט איינגעקנייטשט די ווינקלען פון זיין ברייטן מויל.

— איר זייט רעכט איינגעשמוצט, הער פּאָדלאַסקי.

בערל האָט גלייכגילטיק אויסגעצויצן אַ פּוס און באַטראַכט זיין בלאָ־טיקן שטיוול.

— דאָס בין איך שוין אַרויסגעפאָרן נאָכן רעגן. און זי איז דאָך געלאָפן צופוס אין רעגן ביידערנאַכט!...

ער האָט פּיינלעך פאַרקוועטשט אי די אויגן, אי די ליפּן, ווי זיך ווערנדיק קעגן שווידערלעכן בילד. ס'איז אים שוין אַ ווייטיק געווען צו רעדן, ווי מיט יעדן וואָרט וואָלט ער באַנייט איר ביינאַכטיקע אָפּקומעניש. און פאַר וועמען וועט ער דאָ רעדן? פאַר אַ מענטשן, וועלכער האָט זי איבערגעטאָן אין זיין אייגן העמד?

— איר רויכערט, הער פּאָדלאַסקי?

ביסטריצקי האָט געהאַלטן אויסגעשטרעקט צו אים איבערן טיש אַ גאָלדענעם פּאַרטסיגאַר מיט אַ הערב פון עמאַל אין ברילייאַנטן.

ווער־זשע איז ער פאַרט, אָט דער ביסטריצקי? עפּעס מיידט ער זיך אינגאַנצן אויס מיט בערלס פאַרשטעלונג סיי וועגן דאָרעטשקעס אַמאָליקן געליבטן, סיי וועגן אַנאַרכיסטישן אַוואַנטוריסט מיטן באַראָנישן טיטל.

אַ מענטש מיט קאָרעקטע מאַניערן, אַיינגעפּאַסטע אין שטרענגן מי־ליטערישן ריטם.

בערל האָט אויסגעשטרעקט די האַנט נאָך אַ פּאַפּיראָס.

— ווי אַזוי האָט געווירקט אויף אייך איר קומען, הער ביסטריצקי?

קנייטשלעך פון ביטול־שמייכל אין די ווינקלען פון זיין ברייטן מויל.

— אומגעפּער אַזוי, ווי אויף אייך איר אַוועקגיין, הער פּאָדלאַסקי.

ער האָט אונטערגעטראָגן בערלען פייער.

— האָט זי עפּעס גערעדט מיט אייך?

דער אָפיציר האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— איך מיין, אַז דאָס איז שוין אונדזער פּריוואַט־זאַך, הער פּאָד־לאַסקי.

— איר האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך מיין, צי האָט זי אייך געוואָרנט...

— אַך, דאָס מיינט איר? נו, יאָ. זי האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן עפּעס אַ געפאַר. אָבער דאָ איז זי איינגעשלאָפן אויף איר שטייגער, פּלוצ־לונג... צי זייט איר דאָס אַמאָל נישט די געפאַר, הער פּאָדלאַסקי?

בערל האָט דערזען פאַר זיך דעם ביטול־שמייכל און כמארנע אויס־געברומט:

— אפשר.

— נו, אויב אַזוי, בין איך גרייט אייך צו דינען — איז דער אָפיציר פלוצלונג פריילעך געוואָרן — אויף ראַפּירן, פּיסטאָלעטן — ווי איר פאַר־לאַנגט. מיט סעקונדאַנטן, אונטער פיר אויגן — מיר איז אַלץ איינס.

וואָס פאַר אַ מין רעטעניש איז אָט דער פאַרשווין מיט די וואָנצעס מיטן טשאַטעווענדיקן בליק און פריילעכן ביטול־שמייכל? מאַכט ער עס דען אַזוי גוט זיין באַראָנישן אָנשטעל, אָדער די באַראָנישע הויט איז טאַקע זיין נאַטירלעכע הויט און דער נאָמען ביסטריצקי איז דאָ נאָר אַ צוטשע־פּעניש?

בערל האָט דערפילט, אַז דער אָפיציר איז אים באַזונדער אַנטיפּאַ־טיש טאַקע הויפּטזעכלעך מיט דעם, וואָס ער זעט זיך אַליין אין אים, ווי אין אַ קרומען שפּיגל. ע״ה, בערל פּאָדלאַסקי, איז דאָך אַליין אין גרונט געגומען, אַ מענטש פון פּאָזע און פון אָנשטעל, אַ באַראָן מיט פאַנטאַ־זיעס, ווי פּלטיאל האָט ליב זיך אויסצודריקן. אין דעם איצטיקן מאָמענט האָט דאָס אים צו שטאַרק אַריינגענומען אין די לאַפּעס, אַז ער זאָל אין זינען האָבן צו פּאָזירן. אָבער דערפאַר טאַקע פאַרגינט ער נישט אָט דעם „באַראָן״ ביסטריצקי, וואָס יענער שפּילט זיך מיטן לעבן ווי מיט זיין גאָלדענעם פּאַרטסיגאַר.

„וואַרט, ברודער! וועסט שוין שפּילן ביי מיר!״ — טראַכט זיך בערל. ער איז צופרידן מיט דער איינציקער קאָרט, וואָס גיט אים די מאַכט אי־בער ביסטריצקין, און עס טוט אים הנאה וואָס ער האָט נאָך די קאָרט נישט אַרויסגעלייגט.

— נו, הער פּאָדלאַסקי, וואָס־זשע וועט איר זאָגן גוטס?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, הער ביסטריצקי? איך בין נישט גע־קומען צו אייך זיך נאַריש מאַכן. איך בין געקומען צוליב איר. און אַז איך בין שוין דאָ, דערלויבט מיר אייך צו זאָגן, אַז עס געפעלט מיר נישט, ווי אַזוי איר מאַכט די רעוואָלוציע און פאַרטיילט הויזן אויפן מאַרק. איך האָב נישט קיין צוטרוי צו אייער הויזן־פאַרטיילונג. איר זייט פּונקט אַזוי פיל רעוואָלוציאָנער, ווי באַראָן.

— באַראָן קראָנעבערג. — האָט ביסטריצקי מיט אָפיציעלער מאַ־

נירלעכקייט זיך פֿאַרגעשטעלט — באַראָן קאַרל ריטער פֿאָן קראָנעבערג. און מיר, זעט איר, געפֿעלט אײַער אָפֿנהאַרציקייט, הער פּאָדלאַסקי. איך פֿאַרשטיי שוין, אַז איר זײַט געקומען פֿאָדערן מײַן דעמיסיע — וואָס?

— אומגעפֿער, הער באַראָן... פֿאַר אײַך אַליין וועט געזינטער זײַן, איר זאָלט ווי אַמשנעלסטן זיך אָפּטראָגן פֿון ליאַסאָווע.

ביסטריצקי האָט זיך צעלאַכט מיטן גאַנצן מויל און ערשט איצט האָט בערל אויף אַ רגע דערקענט אין אים דעם ביסטריצקי פֿון זײַן פֿאַר־שטעלונג.

— איר זײַט אַ מענטש פֿון געניאַלער פּשטות, הער פּאָדלאַסקי! מיט וואָס קאָנט איר אַרגומענטירן די נייטיקייט פֿון מײַן דעמיסיע?

— מיט אײַער אייגענער טובֿה, ביסטריצקי! עס קומט אָן מיליטער.

— הם... העכסט ראָמאַנטיש...

— דאָס איז שוין גאָרנישט אַזוי ראָמאַנטיש, ביסטריצקי!

בערל האָט אָנגענומען מיט דער האַנט דעם אָנלען פֿון אַמפּיר־פֿאָטעל, האָט דער פֿאָטעל אַ קרעכץ געטאָן. בערל האָט אַוועקגענומען די האַנט און זי אָנגעלענט אויפֿן טישל, האָט אַ קרעכץ געטאָן דאָס טישל. איז בערל אויפֿגעשטאַנען און אונטער אים האָט גענומען קרעכצן די פּאָדלאָגע. דוכט זיך: אַלץ איז אונטער זײַן באַרירונג אַרויס פֿון גלײַך, ווי ער וואָלט פּלוצלונג געוואָרן מיט בליי אָנגעגאָסן.

ביסטריצקי האָט אים פֿאַרזיכטיק נאָכגעקוקט.

— אויב איך בין אַ קעגנער פֿון אַנאַרכיע, ביסטריצקי, הייסט עס נאָך נישט, אַז איך וויל אײַך אומברענגען.

אָט דער ביטול־שמייכל אין די ווינקלען פֿון די ברייטע ליפּן האָט בערלען אַרויסגעבראַכט פֿון גלײַכגעוויכט און געצוווּנגען אים צו ריידן גיכער פּונקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט.

— ווי קומט איר, הער פּאָדלאַסקי, צו אורטיילן וועגן אַנאַרכיזם? — האָט ביסטריצקי שטיל, שוין צו שטיל געפֿרעגט, אָבער ביי דער שטילקייט האָט ער זיך געקליגט צו אַקצענטירן באַזונדער יעדעס וואָרט — און נאָך עפּעס: צי מיינט איר באמת, אַז מיך איז אַזוי לײַכט אומצוברענגען? אָדער האָט איר אויף איין רגע געקאָנט דערלאָזן, אַז איך וועל זיך דערשרעקן פֿאַר אײַך און אײַער אויסגעטראַכטן מיליטער?

— נו, וואַרפט דאָך אַוועק די קאָמעדיע! — האָט בערל אויסגע־שריען — מען רעדט מענטשלעך צו אייך!

ערשט איז ביסטריצקי אויך אויפגעשטאַנען, זייער לאַנגזאַם און גע־לאַסן, מיט דער פוילער גראַציע פון אַ קאַץ.

און אין דעם מאָמענט האָט, נישט אָנקלאַפּנדיק אין טיר, זיך זייטיק אַריינגעשלייכט דער קעלנער פון האָטעל מיט קאַווע און פרישטיק אויף אַ מעטאַלענעם טעצל און מיט אַ שמוציק סערוועטל אונטערן אָרעם.

אַ מענטש מיט אַ פינצטער, נישט ראַזירט פּנים, אַ געבויגענער און אַ דערשלאָגענער, האָט ער מיט הכנעהדיקער שטילקייט זיך צוגעשלייכט צום טישל און גענומען סערווירן דעם פרישטיק. אַזוי אַרום האָט ער צעשיידט ביידע רעוואָלוציאָנערן אין זייער מחלוקה וועגן דעם נוסח, ווי אַזוי אָט דעם קעלנער גליקלעך צו מאַכן.

אויפן דרויסנדיקן קאַרניז פון דער באַלקאָן־טיר האָט אַ לץ אַ קנאַק געטאָן מיט דער צונג. דאָס האָט אַהער פון ערגעץ אַ קויל פאַרבלאָנדזשעט. באַלד איז ערגעץ הינטערן שטאָט אויסגעבראָכן אַ זאַלפּ. אין קאָרידאָר האָט זיך אָנגעהויבן אַ בהלה־טופּעריי, ווי מען וואָלט דורכגעטריבן אַ סטאַדע אָקסן. דער קעלנער האָט, פאַרלירנדיק אַ לעפעלע, אויסגעגלייכט דעם קאַרק שטאַרק אויף צוריק און הינטערווייַלעכס אַרויסגעפאַלן אין קאָרידאָר, איבערלאָזנדיק דעם חידוש פון טויט־שרעק אין זיין בליק.

פּאָדלאַסקי מיט ביסטר־יצקין זענען צוגעלאָפן צום פענצטער און דער־זען סאָלדאַטן אין גרויס אומאָרדענונג אין דער ריכטונג צום מאַרק.

און אָט האָט אין די שויבן אָפּגעגרילצט אַ מעשענער עכאָ, אַ כאַ־ראַקטערער זינגענדיקער קלאַנג פון רייטער־אָרקעסטער, נישט קיין צע־בראָקטער און צעשטויסענער פון טאַצן און פויק.

כמעט קעגנאיבער די פענצטער, אויפן סאַמע שפּיץ פון דער באַר־גיקער שלאָס־גאַס זענען אויסגעוואַקסן אַ צייל באַוועגלעכע סילועטן, זע־נען אויסגעוואַקסן הויך, ווי אומגעלומפּערטע ריזן.

דאָס האָבן די רייטער זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט זייערע פערד.

און אָט גיסט זיך שוין די לעבעדיקע לאַווינע אַראָפּ שלאָס־גאַס, גע־שלעפּט פאָרויס פון אַ מעכטיקן רויטן זעגל, פון אַ גראַנדיעזער רויטער פאָן מיט די לאָזונגען פון געכשרטער רעוואָלוציע.

צוליב דעם האָגל פּאָדקעווס אָן ברוק איז פאַרטויבט געוואָרן דער

אָרקעסטער־מאַרש. דוכט זיך: די ברוקשטיינער קוילערן זיך באַרג אַראָפּ און שטויסן זיך מיט אַנאַנד.

ביסטריצקי איז געשטאַנען מיט ביידע הענט אין די קעשענעס און מיט אַ מינע, ווי גרייט צום פייפן. קיין שום רעזיגנאַציע האָט בערל אויף זיין פּנים נישט באַמערקט. נאָר דער באַלקאָן פון ברייטן שטערן האָט זיך אויפגעהויבן און די אויגן זענען, דוכט זיך, אַרויס פון זייער טונקעלער באַהעלטעניש. זיין בליק איז געווען ליכטיק און קאָנצענטרירט, ווי איבער אַ שווערן שאַך־צוג.

— טוט זיך איבער! — האָט בערל צו אים אויסגעשריען.

און מיט דעם ערשטן וואָרט איז ביסטריצקיס האַנט אַרויסגעשפּרונגען פון קעשענע אינאיינעם מיטן פאַרקוועטשטן נאַגאַן.

— און וואָס וועט זאַן זיין?

— דאַן וועל איך אייך אַרויספירן דורך די שטאָטישע קעלערן.

— קאָן מען אייך טרויען?

— ווי איר פאַרשטייט.

ווען ביסטריצקי האָט מאַרשירט צו דער טיר פון צווייטן צימער, האָט בערל אים נאָכגעקוקט מיט דרך־ארץ. דער מענטש האָט אויסגעצייכנט געהערשט איבער זיינע נערוון.

בערל האָט זיך אַוועקגעזעצט רויכערן.

און ביסטריצקי האָט זיך צוריק באַוויזן שנעלער ווי בערל האָט דער־וואַרט. אין ציווילע קליידער און אָן וואָנצעס, האָט זיך דאָך נישט אָפּגעטאָן פון אים דער באַראָנישער שטעמפּל, וועלכער איז געווען פאַר בערלען אַ רעטעניש.

— וועט איר זיין אַזוי ליבנס:ווערדיק איבערגעבן דער פריילן מינד־לעך די פּאָר ווערטער?

— באַהאַלט זיי דאָרט אונטערן קישן.

— געמאַכט.

בערל איז דער ערשטער אַרויס אין קאָרידאָר. נאָך אים ביסטריצקי. זיי זענען צו צום פענצטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום הויף. מיט אַ קעצישער לייכטקייט האָט בערל זיך אַריבערגעוואָרפן דורכן אָפענעם פענצטער אויפן שכנישן שינדל־דאַך. ביסטריצקי — נאָך אים.

אַ ביסל שפּעטער זענען זיי אויסגעוואַקסן אויפן שכנישן הויכן פאַר־

קאָן און זיך אַראָפּגעגליטשט פון יענער זייט. זיי האָבן אַ שווינדל געטאָן צווישן די אייזקעלערן פון שכנישן ליידיקן הויף.

10

# פון וואָס מען עלטערט זיך

בערל וואָלט געקאָנט צופרידן זיין מיט זיין געלונגען שטיקל אַרבעט. ער האָט בשלום דורכגעפירט ביסטריצקין דורך די שטאָטישע קעלערן צום טייך. פון דאָרט האָט אַ באַקאַנטער פישער אַריבערגעפירט דעם דעמי־סיאָנירטן דיקטאַטאָר אויפן צווייטן ברעג, אויף דער פריי.

שוין פון מיטן טייך האָט ביסטריצקי געבלאָנקט צו אים מיטן מאַנ־קעט פון דער אויסגעצויגענער האַנט און געשריען פון שיפל אַרויס:

— אונדזער דיסקוסיע איז נאָך נישט פאַרענדיקט!

האָט בערל זיך צעלאַכט און געלאַכט אויף צוריקוועגס אין שטאָט אַריין. שוין צו פיל פּאָזע האָט אין דעם באַראָנישן ביסטריצקי געשטעקט. ווי ער וואָלט איין מאָל אַרויפגעצויגן אַ מאַסקע אויף זיך און די מאַסקע איז אים צום פּנים צוגעוואַקסן. אָבער איצט האָט שוין בערל געזען דאָס גאַנצע געשעעניש אין הומאָריסטישן שיין. פון זיין נעכטיקן אַנטלויפן פון ליאַ־סאָווע ביז צו דער הייַנטיקער קריכעניש דורך די פינצטערע קאַטאַקאָמבעס איז זיך אַלץ פאַרלאָפן ווי אין אַ גוטן אַלט־פרענקישן ראָמאַן. שנאה, ליי־בע, אייפערזוכט, ריטערלעכקייט צום פּאָליטישן קעגנער, וועלכער האָט זין׳, אגב, אָנגעטשעפּעט אַ באַראָנישן טיטל, און — וואָס נישט? מאָדנע: איצט, ווען ביסטריצקי איז שוין געווען פון שטאָט אַרויסגעפּטרט, האָט בערל אַפילו צו אים קיין אַנטיפּאַטיע נישט געפילט. און אַ דערלייכטע־רונג איז פאַר אים געווען, וואָס ער קאָן איצט דעם גאַנצן ענין נעמען נישט ערנסט. פּונקט ווי אין די קינדער־יאָרן, ווען צוזאַמען מיט די ווייסע חברה־ניקעס פלעגט ער זיך אַוועקלאָזן אין די קעלערן זוכן אַן אוצר, איז ער אויך איצט צוריק געגאַנגען מיט אַן אויפגעשפּילט געמיט פון זיין שקאָצעוואַטן אויפטו, מיט אַ פאַרריסטער באַק און צעריסענע קני און אַרבל. אין אַ פּאָר ערטער זענען די קאַטאַקאָמבעס געווען היפּש נידעריק און ס׳איז זיי אויסגעקומען צו קריכן אויף די קני. אין איין אָרט איז צו בערלס גרויס פאַרוווּנדערונג אויסגעוואַקסן אַ געמויערטע וואַנט און זיי דעם וועג פאַר־

שטעלט. האָט מען אָן אַ ישוב־הדעת די וואַנט צענומען ציגלווייז און ווייטער געקראָכן. און געוווּנדערט האָט אים איצט, וואָס די וואַנט האָט זיך געלאָזט צענעמען אַזוי לײַכט און די גאַנצע אונטערערדישע עקס־פּעדיציע האָט שוין אָנגענומען אַ פֿאַנטאַסטישן קינדערשן חן.

אָבער פּלוצלונג דערפֿילט בערל זײַן אייגענע ראָלע אין דער מיט פֿון די לעצטע געשעענישן און דאָס הומאָריסטישע בילד ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ קאַריקאַטור.

אין דער אמתן: אין וואָס איז דאָ באַשטאַנען זײַן אויפֿטו? ער איז געלאָפֿן אָנזאָגן די רײַטער אין די פֿאַרטן, אַז זיי זאָלן ראַטעווען די שטאָט פֿון אַ געפֿערלעכן בער. און פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען די רײַ־טער זענען אָנגעקומען פֿון אויבן, אויף דער גאַס, האָט ער אַליין דעם בער געראַטעוועט און אים אַרויסגעפֿירט אונטער דר'ערד אויף דער פֿרײַ. האָט ער, הייסט עס, יאָרנלאַנג זיך געקעכלט מיט דעם וואָרט רעוואָלוציע, כּדי די אמתע רעוואָלוציע, ווען זי איז געקומען, צו פֿאַרוואַנדלען אין אַ קאַ־ריקאַטור, אין אַ ספּאָרט־שפּיל!

זענען דען אַזעלכע טיפּן ווי ער, פּאָדלאַסקי, נישט פֿיל געפֿערלעכער פֿאַר דער רעוואָלוציע, ווי דער אַנאַרכיסט ביסטריצקי, וועלכער הייבט אָן די גייע געשיכטע פֿון אַ הויזן־פֿאַרטיילונג אויפֿן מאַרק, אָדער ווי דער אַלטער שלמה לוריע, וועלכער איז גרייט אין נאָמען פֿון זײַן פֿאָרמולע די שטאָט מיטן באָדן אויסצוגלײַכן?

ווען בערל האָט דורך אַ פּאָר קוואַר־געסלעך און עטלעכע באַקאַנטע דורכהויפֿן זיך אַרײַנבאַקומען צוריק אין צענטער פֿון שטאָט, איז די שטי־מונג שוין געווען ווייט נישט קיין הומאָריסטישע.

ער האָט געאײַלט אין האָטעל אַרײַן, צו באַרואיקן דאָרעטשקען, אויב זי האָט זיך שוין אויפֿגעכאַפּט, אָדער צו באַוואַכן איר קראַנקן שטיי־נערנעם שלאָף.

הײַנט, אין דעם גרינעם פֿאַרטאָג, בעת ער האָט זיך געטרייסלט אויפֿן רײַט־וועגעלע די לעצטע פּאָר וויאָרסט פֿאַר ליאַסאָווע, האָט ער מיט אָפֿענע שיכורע אויגן אַ חלום געזען: איבערן פּלעצל אַראָפּ שלאָס־גאַס פֿליען דראַגונער אויף צעיושעטע פֿערד, פֿאָכען מיט די שווערדן, ריטשען מיט הייזעריקע דיסקאַנטן, ווי פֿערד, ווען זיי צעבייסן זיך, און אַלע טוען

איינס: זיי יאָגן איבערן פּלעצל די אומגליקלעכע דאָרעטשקע, זיי יאָגן זיך מיט די שווערדן און נאַהייקעס איינער צום אַנדערן.

איצט, אויפן זעלביקן פּלעצל האָט זיך בערלען געדוכט, אַז ער זעט דעם המשך פון זיין חלום. אָט זענען זיי, די צעיושעטע דראַגונער, וואָס ברעכן דעם ברוק מיט די פּאָדקעוועס און פאָכען מיט די נאַהייקעס איבער פּלייצעס פון פאַרבייגייער, אַרויפטרעטנדיק אויפן שמאָלן טראָטואַר.

— אַנטלויפט, בירגער, אַ קדחת אין אייער מאַמען! אַנטלויפט, באַלד וועט מען שיסן! אַיי־וויי, טאַטעלע־מאַמעלע, אַנטלויפט!

אַזוי האָט די רעגירונגס־טרייע רעוואָלוציע אַיינגעפלאַנצט אָרדענונג אין דער צעבונטעוועטער שטאָט. און אָט פירט מען שוין אַן אַרומגעריסענע, צעקנאָדערטע פּאַרטיע פון צעבונטעוועטן גאַרניזאָן. ווער פון זיי עס ווישט דאָס בלוט פון פּנים, ווער עס פאַרדרייט אַ ציגאַרעטל פון מאַכאָרקע — אַלע אַרומגעפליקטע, אָן פּאַסקעס, אָן היטלען, אַלע פאַרסאָפּעט־מידע און פאַטאַליסטיש־רואיקע.

און איבער דעם פּלוצלונג אויסגעליידיקטן פּלעצל, גאָר נידעריק אי־בערן ברוק הייבט אָן צו גראַגערן אַ קוילנוואָרפער.

בערל האָט אין דעם זעלביקן מאָמענט באַוויזן אַריינצושפּרינגען אין טויער פון האָטעל.

דער אימפּעט טראָגט אים אויף די טרעפּ אַרויף. דער אימפּעט שליי־דערט אים אַריין אין צימער און דאָ בלייבט ער איינגעשרויפט אין עטלעכע פּאָר זעלנערישע אָרעמס.

דאָס לעכל פון רעוואָלווער, אין אַ זאַפּרען־האָריקע האַנט פאַרקוועטשט, פּייפט אים שטום אין די אויגן אַריין.

די טיר אין צווייטן צימער איז אויפגעפּראַלט און עטלעכע אָפיצירן פּאָרען זיך אַרום דער פאַרשטיינערט ליגנדיקער דאָרעטשקען.

— לאָזט זי צורו! — שרייט בערל — זי איז אַ קראַנקע!

— אַ, דער הער באַראָן! צוריקגעקומען צוליב דער דאַמע! ריטער־לעך, זייער ריטערלעך.

— איך בין נישט דער באַראָן — שרייט בערל און באַמיט זיך צו באַפרייען פון די זעלנערישע אָרעמס.

— וואָס הייסט: נישט דער באַראָן ?— וווּנדערט זיך דער זאַפּרען־

בערדיקער אַפּיציר מיטן אָנגעשטעלטן רעוואָלווער — מיט וואָס וועט איר עס דערווייזן?

בערל פילט די גאַנצע ערנסטקייט פון זיין לאַגע. ער קאָן אָבער גלייך אויפקלערן דאָס מיספאַרשטייעניש. ער דאַרף נאָר אַריבערשרייען די טומלענדיקע אָפּיצירן אַרום אים, אַז דאָס איז ער, דער זעלביקער, וואָס איז נעכטן געקומען מיטן אויטאָמאָביל אין די פאָרטן, כדי אָנצוזאָגן וועגן ליאַסאָוער בונט. זאָלן זיי אים פירן צום קאָמענדאַנט, אויב זיי גלויבן אים נישט. אָבער אָט די עטלעכע ווערטער קאָן ער בשום אופן צום מויל נישט ברענגען. ס׳איז אים לייכטער צו שווייגן אויף דעם האַגל פון קרייץ־פראַגן, איידער פאַרענטפערן זיך. דאָס איינציקע, וואָס ער קאָן נאָר אויסרעדן און, ווי אַלעמען דוכט זיך, מיט אַ געלאַסענעם שמייכל:

— איך בין נישט דער באַראָן, מיינע הערן! ס׳איז אַ טעות.

— ס׳איז אַ טעות!

און מען טרייבערט אים אויס אַלע קעשענעס און מען נעמט פון דאָרט אַלע פּאַפּירלעך אַרויס.

— ס׳איז אַ טעות!

און ווי מיט אייזערנע רינגען אויף די אָרעמס פירט מען אים, צוהאַלטנדיק, פון די טרעפּ אַראָפּ און מען זעצט אים אַריין אין אַ דראָזשקע מיט צוויי באַוואָפנטע דראַגונער פון ביידע זייטן, מיטן זאַפּרען־אָפּיציר, וואָס דער רעוואָלווער איז אים אין פויסט איינגעוואַקסן — קעגנאיבער.

— ס׳איז אַ טעות!

און כאָטש עס לייגט זיך אים אַזוי פשוט אויפן שכל, אַז דאָס פירט מען אים שיסן, קאָן ער זיך דאָך נישט דורכנעמען מיט דער פולער טויט־שרעק, ווייל דער ענין דערשאָסן צו ווערן קלעפּט זיך עפּעס נישט צו זיין לעבעדיק וועזן און ווייל ביים גאַנצן טראַגיזם פון זיין לאַגע, שלעפּן זיך אים נאָך פראַזן פון געלעכטער צוליב דער קאָמישער מיספאַרשטייעניש. די שרעק וואַקסט אָן אין אים ביסלעכווייז, ווען מען פירט אים איבער די גאַסן פון זיין געבורטשטאָט, ווו אים קאָן יעדער איינציקער, ווו יעדער איינציקער קאָן עדות זאָגן, אַז ער איז נישט דער באַראָן, אָבער ווו אָט דער איינציקער אַפילו פעלט. די גאַסן זענען פּוסט. די מויערן האָבן זיך אָפּגעשמועסט נישט צו דערקענען אים.

און דער זאַפּרען־אָפּיציר מיטן רעוואָלווער קעגנאיבער איז אַזוי

מענטשלעך שווייגנדיק־ליידנדיק אין דער אכזריות פון זיין פּליכט. איין מענטש פירט דעם אַנדערן צום דערשיסן! האָסטו געהערט אַ מיסטעריע! און נאָך אַ פּאָר מענטשן פאָרן מיט. און דער אַלטער פורמאַן אין זיין צעדריפּעטן ארמיאקל נעמט דאָך אויך אן אַקטיוון אָנטייל: שמייסט פּלייסיק אונטער דאָס פערדל און טרעפט אַלץ אָן דער זייט, אין דייקש אַריין.

אַ גאַנצע געקלאַפּעריי פון פאַדקעוועס האָט בערלען אָפּגעריסן פון דער צייטונג, וואָס האָט ביים זאַפרען־אָפיציר אַרויסגעשטעקט פון קע־שענע און ווו בערל האָט זיך קאָנצענטרירט אויף עפּעס אַ פאַרקנייטשט קעפּל פון קריגס־באַריכט.

אַ קליינע גרופּע אָפיצירן זענען פאַרבייגעריטן און צווישן זיי האָט בערל באַמערקט איינעם אַ נישט געניטן רייטער מיט אַ גרויער קוטשמע האָר אונטערן מיליטערישן היטל.

— שלמהן! — האָט ער אויסגעשריען און פון אָרט זיך אַ ריס געטאָן.

און דער ריס פון אָרט האָט אים שיער דאָס לעבן נישט געקאָסט. דער אָפיציר קעגנאיבער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן רעוואָלווער צו זיין פּנים.

אָבער דאָס געשריי האָט אים געראַטעוועט.

מיט אַ בלאַס, ווי פּאַראַליזירט פּנים און מיט בלוטלאָזע ציטערנדי־קע ליפּן האָט שלמה זיך פונאַנדערגעפרעגט ביי אים און ביי דעם זאַפּ־רען־אָפיציר, וואָס דאָ איז געשען. און די איבעריקע אָפיצירן האָבן אַרומ־געריגגלט די דראָזשקע און די נענטערע האָבן זיך פון די פערד אַרי־בערגעבויגן און בערלען פריינדלעך די האַנט געדריקט. דאָס זענען געווען באַקאַנטע פּנימער פון נעכטן ביי די פּאָרטן.

דער זאַפרען־אָפיציר האָט זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. פאַרשטעקט דעם רעוואָלווער אין דער קאַבורע, האָט זיך אַליין די פויסטן געביסן פאַר היסטערישער אויפרעגונג און דאָס פּנים איז אים געווען צונ־טער־רויט, מיט בלויע פאַרלאָפענע אָדערן אויפן שטערן און די אויגן האָבן זיך אים אויסגעבלייכט ווי ביי אַ שיכור.

— אַזאַ אומגליק! אַזאַ אידיאָטיזם! פאַרוואָס האָט איר זיך גלייך נישט פאַררופן אויף סעמיאָן אַרקאַדיעוויטשן?

דאָס האָט ער געמיינט שלמה לוריען.

— און וואָס איז דער חילוק? — האָט בערל בלאָס געשמייכלט — צי איר וואָלט מיך, צי אַ צווייטן דערשאָסן? וואָלט דען קלענער געווען דער אידיאָטיזם צוליב דעם?

בערל האָט זיך אָפּגעבעטן ביי זיינע באַפרייער, מען זאָל אים לאָזן אַליין. ער איז אַראָפּ פון דער דראָזשקע און זיך אַוועקגעזעצט אין קליי־נעם נאָקעטן־אָרעמען פּושקין־סקווערל, וואָס איז געווען נאָס־אויסגעבעט מיט אַראָפּגעפאַלענע בלעטער.

ער האָט וועגן גאָרנישט געטראַכט. ער האָט נאָר מיט פאַרגעניגן גע־גלעט זיינע אייגענע קני. איז צוגעגאנגען צו אים שלמה לוריע און, קיין וואָרט נישט ריידנדיק, האָט ער אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל און אָפּגע־ווישט בערלען די פאַרדיסטע באַק.

איז די באַרירונג זיינע געווען אַ צאַרט־מוטערלעכע און בערל האָט זיך דערפילט ווי אַ קינד. ער האָט די אַלט־געקניפּטע טרוקענע האַנט פון זיין פריינד און לערער צו זיין באַק צוגעדריקט און שפּעטער — צו די ליפּן.

***

דאָרעטשקע איז ערשט אין אָוונט אַרויס פון איר שטיינערנעם שלאָף. און דערזען בערלען נעבן זיך, האָט זי מיט אַ בלאַסן שמייכל אויסגע־דריקט איר צופרידנקייט. זי האָט מיט פאַרנעפּלטע אויגן אים געדאנקט און מיט דער אָפּגעשוואַכטער האַנט האָט זי זיינע געגלעט.

בערל האָט זיך געשראָקן, אַז די אויפטרייסלונג פון דער ביינאַכטי־קער וואַנדערונג אירער זאָל זיך נישט אָפּרופן אויף איר אָרגאַניזם מיט עפּעס אַ שווערער קראַנקייט. דערווייל אָבער זענען קיין שלעכטע סימנים נישט געווען, פונקט ווי דער שטיינערנער שלאָף וואָלט זי, ווי אַ פּאַנ־צער, באַשיצט פון אַלע קאָמפּליקאַציעס. עטלעכע מינוט נאָכן עפענען די אויגן האָט זי שוין געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מונטערן, אויסגערוטן מענטשן.

ווי אַלעמאָל ביים אַרויסגיין פון שטיינערנעם שלאָף, איז זי אַריינ־געפאַלן אין אַ שפּילנדיקער שטימונג, געפּרוווט די רולאַדן פון איר אָפּ־געפרישטער שטים. איצט האָט זי געהאַט נאָך אַן אַרבעט: זיך געשפּילט מיט די ברייטע אַרבל פון איר מענער־העמד.

ווענן ביסטריצקין האָט זי מיט קיין וואָרט נישט דערמאָנט און בערל האָט זיך געפילט אומהיימלעך פון אירע צאַרטע בליקן. עפּעס האָט ער געצווייפלט, צי זי אָריענטירט זיך, אַז ער זיצט עס נעבן איר. אָבער אָט האָט זי אָנגעהויבן ריידן און שוין פון איר לויטערער, אויסגעוואָשענער שטים איז אים קלאָר געוואָרן, אַז זי איז געזונט אויף אַלע חושים.

— מיינסט, כ׳האָב נישט געוווסט, אַז איך וועל דיר פאַרשאַפן עגמת־נפש מיט מיין אַנטלויפןביידערנאַכט? ס׳איז אָבער געווען איבער מיינע כוחות. כ׳האָב געמוזט לויפן.

— און אַז איך וועל דיר נאָכלויפן, האָסטו אויך געוווסט?

— כ׳האָב עס געפילט. ביסט שוין לאַנג דאָ, בערעלע? און פאַר־וואָס איז אַזוי פינצטער אינדרויסן? אַז איך בין געקומען אין שטעטל, האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן.

— און פאַרוואָס פרעגסטו זיך נישט נאָך אויף... טאַדעקן?

זי האָט זיך צעלאַכט, ווי אַ גלעקל.

— טאַדעק! ער איז גאָרנישט דער אייגענער. אַ גאַנצער באַראָן. פאַרוואָס איך פרעג נישט אויף אים? ווייל דו ביסט נעבן מיר, בערעלע. איך בין זיכער, אַז קיין בייז איז אים נישט געשען. אוןביידע צוזאַמען קאָנט איר דאָך נישט זיין נעבן מיר.

זי איז פלוצלונג געוואָרן אומעטיק־איבערגעשראָקן און די בלויע אויגן — בולט פאַרשטאַרט, ווי ביי אַ סאָמנאַמבולע.

— איך בין טאַקע רעכט משוגע, בערל. איך האָב אייך דאָך ביידן ליב, ווי דאָס וואָלט געווען גאָר אַ נאַטירלעכע זאַך. דו פאַרשטייסט עס?

זי האָט אויפגעהויבן צו אים אַ באַהאַרצטן פיינלעך־פרעגנדיקן בליק.

בערל האָט דאָס פּנים אָפּגעווענדט און זיך צוריקגעצויגן. אָבער דאַרעטשקע האָט אים אָנגעכאַפּט ביים אַרבל און צו זיך געצויגן. זי האָט אַריינבאַקומען זיין קאָפּ אין אירע הענט און באַדעקט זיין פּנים מיט שטאַרקע, בייסנדיקע קושן.

— דיך האָב איך ליבער, שטאַרקער, טיפער. און צו אים — ציט מיך מער. דו פאַרשטייסט עס?

בערל האָט עס נישט געקאָנט און נישט געוואָלט פאַרשטיין. דער קאָפּ האָט אים געשווינדלט, ווי ער וואָלט אין אַ תהום אַריינגעקוקט. ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אירע אָרעמס וואַקלדיק, שיער נישט

פאַלנדיק, און זיך אַנשטויסנדיק אויפן מעבל אויף יעדן טריט, האָט ער אַריינגעשפּאַנט אין ערשטן צימער און אַריינגעפאַלן אין איינעם פון די אַמפּיר־פאָטעלן.

— האָסט זיך צעקלאַפּט? בערל, האָסט זיך צעקלאַפּט, וואָס איז מיט דיר? ביסט בייז?

בערל איז בייז געווען. אויף זיך מער ווי אויף איר. אַזאַ נישט קיין יונגערמאַן, ווי ער, האָט געמאָגט האָבן אַ שטאַרקערן קאָפּ אויף די פּלייצעס און נישט לאָזן זיך פאַרטשאַדען פון אַ קראַנק היסטעריש באַשעפעניש, וואָס בלאָנדזשעט אין מדבר פון ליבע אָן אַ שום עטישן קאָמפּאַס. זי האָט ליב דעם. זי האָט ליב יענעם... איינפאַך און פּרימיטיוו, ווי ביי די אורמענטשן. גאָר קיין פּראָבלעם נישטאָ דערביי.

און אויב ער האָט זי אַפילו ליב, איז וואָס פון דעם געדרונגען? דאַרף ער זיך לאָזן טרעטן? און צי הייסט עס בכלל ליבע זיין אומבאַגרענעצטע צוגעבונדנקייט צו אַ קראַנק באַשעפעניש? צי וואָלט ער געהאַט דאָס זעלביקע געפיל צו איר, ווען זי זאָל זיין אַ געזונטער, נאָרמאַלער מענטש און זיך נישט ביישטן אין זיין שוץ און אַנהאַלט? אפשר איז עס גאָר ביי אים אַזאַ מין אויסגעלונקען געפיל פון נישט באַפרידיקטער פאָטערלעכער בענקשאַפט? און וואָס גייען אים בכלל אָן די געפילן, אַז זיי ריידן איצט ביידע אויף צוויי באַזונדערע שפּראַכן?

נאָך דעם, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, דאַרף ער שלאָפן, שלאָפן אַ מעת־לעת און אַ צווייט מעת־לעת און אפשר זיך אַריינשלאָפן אין דער אייביקייט. ער האָט שוין איבערגענוג אָט דעם נשמה־ווייטיק, וואָס איז אַזוי ענלעך צו דעם נאָגנדיקן ווייטיק פון אַ קראַנקן צאָן.

אַ קראַנקן צאָן רייסט מען אַרויס. זאָל ער אפשר פּרווון די זעלביקע אָפּעראַציע מאַכן איבער דער נשמה זיינער?

— בערל! בערל! פאַרוואָס ענטפערסטו נישט? — האָט זי שוין פון צווייטן צימער שטילער גערופן, ווי זי וואָלט פאַרלאָרן איר דרייסטקייט און זיכערקייט, צי האָט זי בכלל רעכט צו אים זיך אַנצורופן. און זי האָט אָפּגעזיפצט און איז אַראָפּ פון בעט.

בערל איז זיכער געווען, אַז דאָס לאָזט זי זיך גיין צו אים אין צימער אַריין. אָבער געשען איז עפּעס אַזוינס, אויף וואָס ער האָט זיך אַמווייניקסטנס געריכט.

זי האָט געמאַכט אַ פּאָר באָרוועסע אייליקע שפּרייז צו דער טיר און צוריק און אָט זיצט זי שוין ווידער אויפן בעט. בערל הערט, ווי זי פּאַטשט מיט די ליפּן.

האָט ער זיך אומגעקוקט צו דער אָפענער טיר. דאָרעטשקע איז אין דעם לאנגן מענער־העמד געזעסן אויפן בעט, געפּאַכט מיט די אַראָפּגע־האַנגענע פיס און זאָרגלאָז און מיט הנאה עפּעס געביסן און געקייט. איז אים קלאָר געוואָרן: בעת ער האָט אַ שטויס געטאָן דעם טיש איז אַראָפּגעפאלן אַ זעמל פון ביסטריצקיס נישט־באַרירטן הייגטיקן פריש־טיק. און דאָס זעמל האָט זיך אַוועקגעקוילערט אַזש צו דער טיר פון צווייטן צימער. האָט עס דאָרעטשקע דערזען, אויפגעהויבן און זי קייט.

— ווילסט עסן? — האָט ער זיך אָנגערופן פון זיין ווייטלעכן טונקעלן פלאץ.

— איך בין הונגעריק ווי אַ הונט — האָט זי זאָרגלאָז געענטפערט אַ ווייסע, אַ באַלויכטענע.

בערלען האָט זיך פאַרוואָלט אין דעם מאָמענט שאַפן אַ קויש מיט פרישע זעמל און אויסשיטן ביי איר אין בעט. נאַ — פרעס! און גלייכ־צייטיק האָט אים דאָס האַרץ פאַרדריקט פאַר גרויס רחמנות צו איר אומגעלומפּערטער אומבאַהאָלפנקייט.

ער איז אויפגעשטאנען, אויסגעפונען אין דער וואַנט דאָס עלעק־טרישע קנעפּל און אָנגעדריקט.

אין שטילן קאָרידאָר האָט חוצפּהדיק־פאַרשעמט אָפּגעהילכט אַ קלונג, ווי אַ נאַקעטער מענטש וואָלט אין גאַס דורכגעלאָפן.

בערל איז צו צו דער טיר פון צווייטן צימער.

— דיר איז נישט קאַלט צו זיצן אַזוי, דאָרעטשקע?

האָט זי אים שעמעוודיק־חוצפּהדיק אָנגעקוקט און נישט אויפגע־הערט צו פּאַכן מיט די באָרוועסע פיס.

— וואַרף אַרויף אויף מיר דיין מאַרינאַרקע, בערל! וועל איך טראָגן זיין העמד און דיין מאַרינאַרקע.

בערל האָט אַראָפּגעשלונגען דעם וויץ אירן, וועלכער האָט זיך אים אויסגעוויזן קרענקלעך־ציניש. אָבער די מאַרינאַרקע האָט ער איר אַרויפ־געוואָרפן אויף די אקסלען און איז אַרויס פון צימער, צומאכנדיק די טיר. איז אין ערשטן צימער פּלוצלונג ליכטיק געוואָרן. דאָס האָט דער

אַריינגעקומענער קעלנער אויפגעדרייט די עלעקטרע פון זיין אייגענער איניציאַטיוו, געווען איז דאָס דער זעלביקער פינצטערער געבווירענער פּאַרשוין, מיטן שמוציקן סערוועטל, וועלכער האָט אינדערפרי סערווירט דעם פרישטיק.

אָבער דערזען פאַר זיך בערלען, האָט דער פּאַרשוין נישט נאָר אויסגעגלייכט דעם רוקן, נאָר ער האָט זיך ראַשיק אריבערגעבויגן אויף צוריק, ווי אין יענעם מאָמענט, בעת ער איז פאַר שרעק פון דער שיסעריי אין קאָרידאָר אַרויסגעפאַלן.

איצט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן דער וואַנט.

— איר... אייך... האָט מען נישט דערשאָסן?!

בערל האָט אים געדראָט מיטן פויסט און אַ ווונק געטאָן אויף דער טיר פון צווייטן צימער, ער זאָל שווייגן. דאַן האָט ער שטיל אים אָפּ־געענטפערט:

— עס האָט געהאַלטן דערביי.

— און אים? דעם באַראָן? — האָט דער קעלנער זיך איבערגעגנו־מען מיט שטילקייט.

— אויך נישט דערשאָסן.

— גאָט צו דאַנקען! — האָט דער פינצטערער פּאַרשוין אָפּגע־זיפצט. — אַבי אין שטאָט רעדט מען, אַז מען האָט אייך ביידן צורעכט געמאַכט. אַזאַ מענטש! אַזאַ מענטש!

— ווער?

— דער באַראָן. איר ווייסט דאָך עס בעסער פון מיר. ווער האָט די שטאָט פון אַ פּאָגראָם געראַטעוועט, אַז נישט ער?

— אַזוי... אַזוי!...

דאָס בילד פון ביסטריצקיס עלעמענטאַר־יושרדיקער הויזן־פּאַרטיי־לונג האָט צום ערשטן מאָל פאַר בערלען אויפגעבליצט נישט אין קיין קאָמישן שיין.

צו דעם נאַכט־עסן, וואָס דער קעלנער האָט אויף זיין באַשטעלונג אַרויפגעבראַכט, האָט זיך בערל נישט צוגערירט. הגם פון נעכטן ביי־דערנאַכט האָט ער קיין ביסן אין מויל נישט געהאַט.

דערפאַר האָט אָבער דאָרטשקע געפּאַקט ווי נישט אין זיך מיט אַן אָפּנהאַרציקער הונגעריקייט.

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן, בערל? — האָט זי זיך פּלוצלונג אָנגעהויבן שטיקן מיטן ביסן און איז רויט געוואָרן.

— איך קוק ווי דו עסט.

— איך ווייס אַליין נישט. עפּעס אַ דיבוק זיצט אין מיר און פאַר־שלינגט אַלץ, וואָס איך עס און איך קאָן זיך נישט אָנזעטיקן.

— עס, עס געזונטערהייט.

אָבער פּלוצלונג איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט אין דעם לאַנגן העמד, אַ באָרוועסע און עפּעס גענומען זוכן אין נאַכט־שענקל. זי האָט נאָך דעם ביסן נישט דערקייט.

— בערל, וועסט אַרויסגיין אויף אַ רגע.

אינטימקייט האָט איר עסטעטישע גרענעץ ביי געזונטע נאַטורן. דאָרעטשקע האָט פון די גרענעצן נישט געוווסט אָדער נישט געוואָלט וויסן.

די מאָס פון בערלס ווידערגעפיל איז, דאַכט זיך, געווען פאַרפול.

און ערשט דאָ איז אים קלאָר געוואָרן, ווי טייער אים איז אַט די קליינע קרענקלעכע פּרוי אין איר געבראָכנקייט אָדער בהמהישער גאַנצקייט, אויב אַפילו אין דעם איצטיקן מאָמענט טראַכט ער נישט וועגן אַנטלויפן ווו די אויגן טראָגן.

ער איז שפּעטער געזעסן ביי איר בעט און געטראַכט וועגן ביס־טריצקין. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי דער אַנאַרכיסט מיטן באַראָנעך־טיטל שפּאַנט איבער די נאַכטיקע, וואלדיקע וועגן מיטן נאַגאַן אין דער האַנט און קוקט אויס די פינצטערניש, ווי אַ וואָלף און, דאַכט זיך, פון זיין שאַרפן טשאַטעווענדיקן בליק אַליין צינדט זיך אָן אַ שריפה אויפן פינצטערן האָריזאָנט.

און פּלוצלונג האָט דאָרעטשקעס קליינע וואַרעמע האַנט אין זיינער אַ ציטער געטאָן. זי איז געלעגן איינגעגראָבן מיטן צעשויבערטן קאָפּ אין קישן און גערעדט, ווי פון שלאָף:

— ער גייט זיך אין דער פינצטערניש אַליין זיין וועג...

— ווער גייט עס אַליין זיין וועג, דאָרע?

בערל האָט גאָר שטיל געפרעגט, זי נישט איבערצוּוועקן, אויב זי רעדט עס באמת פון שלאָף.

אָבער זי שלאָפט נישט.

— דאָס רייד איך וועגן טאַדעקן. ער גייט, זאָג איך, אַליין זיין וועג.

— פונוואַנען ווייסטו עס?

— איך ווייס עס נישט. איך זע אַזוי, בערל, עס מאָלט זיך אויס פאַר מיר, נאָך אַ לאַנגן שלאָף, בערעלע, זע איך אַמאָל זאַכן — גלויב איך, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי.

מיטן הענטל אונטערן באַק פאַרלייגט, איינגאַנצן אַ קינדיש אומ־באַהאָלפענע, אַן איינגעקאָרטשעטע, ליגט זי מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן און רעדט מיט אַ גלייכער, איינטאָניקער שטים, מיט אַ שטים אָן שאָטנס, רעדט ווערטער פון עפּעס אַ וואָרזעערין. דאָס האָט זי אַזוי פּשוט און בולט איבערגעלעזן זיין געדאַנק, ווי אין אַן אָפענעם בוך. און אפשר האָט זיך עס איר זעאונג צו אים אין געדאַנק אַריינגעוואָרפן?

עפּעס וועבט זיך צווישן זיי אַ פאָדים, וואָס איז טיפער פון באַ־וווסטזיין, טיפער פון סימפּאַטיע און אַנטיפּאַטיע. אַ ווייטיק איז אים נאָר, וואָס דער פאָדים ציט זיך דורך עמעצן אַ דריטן, אַ פרעמדן.

— דאָרעטשקע, ענטפער מיר, אַחוץ אים זעסטו גאָרנישט? טאַקע גאָרנישט? מיך, צום ביישפּיל?

זי שווייגט אַ ווײַלע, ווי אין אַן אמתן טראַנס.

— דיך, בערל, פיל איך. איך פיל, ווי דיר טוט וויי. איך פיל, אַז דו ווילסט מיך פיינט האָבן און דו קאָנסט נישט. ניין, לאָמיר נישט ריידן וועגן דעם. מירן זיך ווידער צעקריגן.

... הערסט, בערעלע, עס ליגט מיר אַ חלום אויפן האַרצן. ווען איך האָב אים געזען — ווייס איך נישט. דאַכט מיר: נעכטן. דאַכט מיר: היינט. מיין שטיינערנער שלאָף לאָזט נישט איבער קיין חלומות. בלייבט נאָך די סכנה, אַז איך האָב דעם חלום געזען אויף זער וואָר, בעת איך בין געלאָפן אין רעגן און בליצן קיין ליאָסאָווע.

— עס האָט דאַן געבליצט אויך?

— אַוודאי. געבליצט און געדונערט, ווי אינמיטן זומער. ווילסט הערן?

— יאָ, דערצייל.

און זי דערציילט אים, ווי אַזוי זי איז געלאָפן אין רעגן און אין בליצן ביידערנאַכט קיין ליאָסאָווע.

דאָס עלעקטרישע לעמפּל זיינס איז איר שוין אויסגעגאַנגען אָדער

קאַליע געוואָרן. האָט זי עס אַוועקגעוואָרפן אינמיטן וועג, עס זאָל איר נישט באַשווערן די קעשענע. אָן איבעריקע לאַסט איז איר געווען דער רעוואָלווער, וועלכער האָט איר געקלאַפּט אָן די קני און געשטערט צו גיין. אָבער אַרויסנעמען אים פון קעשענע האָט זי מורא געהאַט, ער זאָל נישט אויסשיסן. האָט זי זיך געשלעפּט אין דער שטאָק־פינצטערניש, דורכגעווייקט ביז די ביינער, געפּענטעט מיט די פיס אין די שווערע בלאָטיקע שיך און אין דעם נאַסן קליידל.

טיילמאָל פאַרלירט זי דאָס געפיל פון שווערקייט און פון קלעפּיקן גליטשיקן באָדן אונטער די פיס און איר דאַכט: זי שוועבט אין דער לופטן, זי גיסט זיך אינאיינעם מיטן רעגן אין דער ריכטונג צו ליאַ־סאָווע. און אָט פילט זי זיך שוין ווידער צום באָדן צוגעשמידט און די גאַנצע קלעפּיק־צעקראָכענע וועלט שלעפּט זי, ווי אַ גומענעם קנויל נאָך נאָך זיך מיט אירע טריט. אָבער פאָרויס פירן זיי נישט אירע טריט פון געוואַלדיקער אָנשטרענגונג. דאָס טאָפּטשעט זי זיך אויף איין אָרט אין דער פינצטערניש, בעת איר נשמה האָט שוין מער קיין געדולד נישט געהאַט און פון גוף אַרויסגעפלויגן און פאָרויס געפלויגן קיין ליאַסאָווע, אויסצופירן איר שליחות. טאָפּטשעט זיך אויף איין אָרט אַ מין טויטער, אומפילבאַרער מעכאַניזם.

דעם וועג האָט זי געזען בלויז ביי די בליצן — אַ זילבערנעם שטראָם צווישן די פעלדז־וועגנט פון וואַלד. און אָט זעט זי, אַז איין בליץ איז ערגעץ פאַרשטעקט געוואָרן און געבליבן פלאַטערן צווישן די צווייגן, ווי אַ פליג אין שפּינוועבס. גוססט און גוססט און קאָן נישט אויסגיין.

אָבער דעם וועג זעט זי שוין. ער הערט נישט אויף זיך צו קאָר־טשען מיט זילבערנע שופן. אויפן האַרצן איז איר דאָן געפאַלן אַ טעמפּע שרעק, יענע כאַראַקטעריסטישע שרעק, וואָס פלעגט זי אַלעמאָל באַהערשן, ווען זי פלעגט דערפילן אויף אַ מהלך דעם שטיינערנעם שלאָף אירן. אָבער איצט האָט זי נישט געטאָרט זיך אונטערגעבן דער שרעק, ווייל זי האָט נישט געטאָרט זיך אונטערגעבן דעם קראַנקן שלאָף אירן.

בולטער פון אַלעמאָל האָט זי געפילט דעם מהות פון איר שלאָף, דאָס איינזינקען אין דער נאַסער פינצטערניש. און זי האָט דעם שלאָף

אירן געשלעפּט איבערגעוואַלד אויף אירע פּיס, ווי אַ בר־מינן. זי האָט געטראָטן איבער די גליטשיקע זילבערשופּן שלאָפנדיקערהייט.

האָט דער קאָפּ, ווי אַן אמתער לופטבאַלאָן, זי געהויבן אין דער לופטן. האָבן די פּיס, ווי פרעמדע עלאַסטישע רעסאָרן, זי אָפּגעשטויסן פון באָדן. און דער גוף איז געווען אַ בר־מינן. דער גוף איז פול געווען מיט שטיינערנעם פּילפּודיקן שלאָף. ווייזט אויס, דאַן האָט זי דאָס דעם חלום דערזען, פאַרן פינקל פון בליץ, וואָס איז פאַרשטעקט געווען צווישן די צווייגן.

איבער די רירעוודיקע זילבערשופּן אינמיטן וועג האָבן געטאַנצט שדימלעך, און צי איז זי אָפּגעשטאַנען אָדער שנעלער געלאָפן, זענען זיי אַלץ איינס פאַרבליבן אויפן זעלביקן מהלך פון איר.

און די קאָמישע ברואימלעך האָבן געטאַנצט אין שפּיציקע קאָפּע־לושן און אין שיך מיט לאַנגע שפּיציקע נעז, ווי ביי די צירק־פּאַיאַצן. זיי האָבן געהיפּסלט אין אַ קאַראַהאָד, אַלע מיט די זעלביקע באַוועגונגען, ווי מען וואָלט זיי געצויגן ביי אַ שטריקעלע, און אַלע האָבן זיי געהאַט פאַרנומענע הענט מיט פּירקאַנטיקע פּודלען, ווו ס'איז אַוודאי געלעגן דרשה־געשאַנק.

— דרשה־געשאַנק?!

— הער, בערעלע, הער! אינמיטן פון זייער קרייז איז געשטאַנען אַ חופּה מיט ווייס־זילבערנע חתן־כלה, מיט אַ סאַמעטענעם רב און דעם כוס, וואָס דער רב האָט געהאַלטן, איז געווען רובינען־רויט. האָבן די שדימלעך זיך געדרייט, ווי אַ לעבעדיקע קאַרוזעלע אַרום דעם רב מיט חתן־כלה.

— וואָס... וואָס ציטערסטו אזוי? דו האָסט קיינמאָל נישט גע־האַט קיין האַלוצינאַציעס?

— ניין.

— און קיינמאָל אַזאַ חלום נישט געזען?

— אפשר.

— זעסטו, בערעלע, איך האָב געפילט, אַז דו האָסט אויך אַזאַ חלום געזען.

— געפילט?

— איך ווייס נישט. איך קאָן דיר דאָס נישט אויסדריקן. אָבער

דאָס שענסטע איז, בערעלע, וואָס דער חלום איז גאָר קיין חלום נישט. דאָס איז גאָר אַ דערינערונג פון מיין קינדהייט.

— ווי?

— אוי, דריק מיך נישט אַזוי שטאַרק, בערעלע, איך האָב שוין גישט מיט וואָס צו עטעמען. דאָס האָט מיר די מאמע מיינע דערציילט, בעת איך בין אַ קינד געווען. דער טאַטע האָט שוין דאַן נישט געלעבט.

— וואָס האָט זי דיר דערציילט?

— נו, אָט־די געשיכטע מיט די שדימלעך. זי איז אַמאָל געפאָרן מיטן טאַטן אין וואַלד, האָט זי געזען אַ שדישע חתונה.

— מיט וועלכן טאַטן?

— נו, פאַרשטייט זיך, אַז מיט מיין טאַטן, נישט מיט אירן... אַ מאָדנע זאַך, בערעלע. דער טאַטע לעבט שוין נישט פון לאַנג און די שדימלעך טאַנצן נאָך. אָט האָב איך זיי ווידער געזען. שלאָפסט? בע־רעלע, שלאָפסט? וואָס מאַטער איך דיך?

***

ס׳איז שוין געווען נאָך אַ האַלבע נאַכט. בערל איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן פון האָטעל־צימער און לאַנגזאַם געווישט מיט זיין נאָז־טיכעלע דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט אַרויסבאַקומען ביי דאָרעטשקען פון דער נאַסער, ענגער מאַנטל־קעשענע.

אונטן, אויף דער גאַס, האָט געהערשט נישט קיין טויטע שטילקייט, נאָר אַ פאַרטייעטע אימה. און די זעלביקע אימה האָט געהערשט אויך אויבן, וווּ די לבנה איז אָן אָפּשטעל געלאָפן צווישן אָנגעקוואָלענע וואָלקנס איבער די פינצטערע שפּיציקע דעכער. די נאַסע ברוק־שטיינער האָבן אין איין אָרט געגלאַנצט, ווי אַ טויטער געלעכטער אונטערן איין־און־איינציקן לאַמטערן־אויג אויפן ראָג. און אָט אין דער פאַרטייעטער אימה פון דער נאַכט האָט זיך פּלוצלונג אַריינגעגאָסן אַ דין, שיטער־ציטעריק קולכל, פאַרשלונגען געוואָרן פון דער שטילקייט און אויסגעשפּיגן געוואָרן פון דאָסניי און אין דער נאָענט.

דאָס האָט איבער דער טויט־שווייגנדיקער שטאָט זיך געקוילערט דער געיאָמער פון אַן איינזאַמען הונט. בערל האָט געזען, ווי מיט אַ מעסיקער שנעלקייט האָט דער פינצטערער קנויל זיך דורכגעקייקלט אי־

בערן איינציקן באַלויכטענעם שטיקל פּלאַץ אויפֿן ראָג און איז פֿאַר־שלונגען געוואָרן פֿון דער ווייטערער פֿינצטערניש. אָבער נאָך לאַנג האָט אין דער נאַכט אָנגעהאַלטן דאָס ליד פֿון חיהשן פּחד פֿאַר דער פֿאַרטייַ־טער וועלט.

און דער הינטישער געיאָמער האָט בערלען אויפֿגעטרייסלט ביז צו דעם מאַרך פֿון זיינע ביינער. דאָס האָט דער הונט זיינער דזשעק אים גערופֿן צו זיך. דאָס האָט דאָרעטשקע נאָכגעיאָמערט, אַז אַ קראַנקן הונט דאַרף מען דערשיסן.

און בערל האָט איינגעפֿונען, אַז איצט איז אָנגעקומען די רגע צו מאַכן אַ סוף. האָט ער צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום מויל און אים אָנגעקלאַפּט אָן די ציין. דאַן האָט ער זיך פֿאַרקוקט צו דער פֿינצטער־גרינער בהלה אויפֿן הימל און דעם רעוואָלווער אַוועקגענומען און גענו־מען זיך אויסטענהן מיטן שד פֿון זיין לעבן.

— פֿאַרוואָס האָסטו געטריבן איבער מיר אַזאַ ביטערן חוזק? פֿאַר־וואָס האָסטו מיך גענאַרט מיט אילוזיעס צענדליקער יאָר און מיך דער־פֿירט צו פֿאַרצווייפֿלונג דווקא איצט? דווקא איצט? ווילסט, איך זאָל מיך אונטערשרייבן אונטער זינד, וועלכע דו ביסט באַגאַנגען?

דו וואַרפֿסט דאָך מיר אונטער דעם ממזר פֿון זינלאָזיקייט, בעת איך האָב זיך אַ לעבן־לאַנג געראַנגלט פֿאַר אַ זין. דו ביסט זיך נוקם אָן מיר, וואָס איך האָב דיך אויסגעליידיקט ווי אַ פּאַס, כדי אָנצופֿילן מיט מיין אייגענעם אינהאַלט!

אָט האָט דאָס לעבן זיך פֿאַרטייעט הינטער די מויערן פֿאַר דער אימה פֿון מאָרגן, וואָס וועט נישט זיין ענלעך צו די נעכטנס און אייער־נעכטנס.

און איך האָב נישט קיין רעכט דעם מאָרגן אין פּנים אַריינצוקוקן? איך, וואָס יאָרן־לאַנג האָב איך געהאַלטן צו דעם מאָרגן געווענדט מיינע אויגן?

טאָ וואָס וועל איך דיר נאָכגעבן און אויספֿירן דעם אורטייל איבער מיר דווקא היינט? איך וועל דאָס קאָנען טאָן מאָרגן, ווען איך וועל אויך אין זיין שיין דערזען מיין זינלאָזיקייט. דורכשיסן זיך דעם מאַרך איז נישט פֿון די שווערע זאַכן.

בעת בערל האָט ענדגילטיק אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער מיט דער

דעה אָפּצולייגן דעם סך־הכל ביז דעם מאָרגן, אויף וועלכן די וועלט האָט געוואָרט אין פאַרטייעטער אימה, האָט ער געזען אין זיין האַנדלונג אַן אויסדרוק פון קראַפט.

אין די נאָענטע שפּעטערע טעג און וואָכן האָט ער נישט איין מאָל געקלאָגט אויף יענער רגע, ווי אויף אַ רגע פון שוואַכקייט.

11

## אַ בלעטל פון דער עפּאָפּייע

אויפן וועג שטייט אַ בוים,
שטייט ער איינגעבויגן.
פּאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל
מיט פאַרוויינטע אויגן.

גאָט, גאָט, גאָטעניו,
לאָמיר דאַווענען מנחה...

ס׳אַ שיינער ליגן. ביי קיינעם פון דער חברה זענען די אויגן נישט פאַרוויינט געווען און קיינער האָט נישט געהאַלטן ביי מנחה דאַווענען.

עס איז געווען אַ טרוקן־פרעסטלדיקער, שפּעט־האַרבסטיקער פרי־מאָרגן מיט אַ זון, ווי אַ מעשענער טאַץ, נידעריק איבער די פּאָדלאַסער שייערן. און די חלוצים אַליין, וואָס זענען נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן מיט זייער מאָגערן געפּעק, האָבן אויסגעזען, ווי פון מעש אויסגעגאָסן.

די שוואַרצע פעלדער זענען באַדעקט געווען מיט אַ צאַרטן שלייער פון רעגנבויגנדיק־בלישטשענדיקע שפּינוועבס־פעדים, גלייך־אָנגעצויגענע, ווי אַ וועב־שטול. אין די שאָטן־קאַרבן האָט זיך געגראָט דאָס יונג־פרעסטל, וואָס די קאַלטע זון האָט זיך געפוילט אָפּצוראַזירן. און אי־בערן ווייטן, צעאַקערטן קורגאַן האָבן זיך שווער אויפגעהויבן און זענען שווער צוריקגעפאַלן שוואַרצע טשאַטעס קראָען, אַזוי ווי מיט דריי טויזנט יאָר צוריק.

חברה חלוצים האָבן געזונגען, ווייל עס האָט זיך געזונגען צום טאָקט פון די שפּאָנענדיקע פיס. ווייל דאָס פרעסטל האָט אָנגעגורט זייע־

ע לענדן און דאָס שאַרפֿע ווינטל האָט צעבלאָזן די עקן פֿון די העל־בלויע פּאַטשיילעכלעך אויף די העלדזער.

מען האָט אָפּגעגעבן דעם לעצטן צינז דער פֿאָלקסטימלעכקייט און געזונגען אַ יידיש לידל, פֿאַרלאָזנדיק דעם גלות מיט זיין רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע, שפּאַנענדיק צו דער באַן, ווו מען האָט נאָך געהאָפּט צו פֿאַרכאַפּן ערטער אין אַ פּראַכט־וואַגאָן.

גישט גאָר ווייט האָט מען געקאָנט אָנגרייפֿן מיט דער באַן. עס איז פֿאָרגעשטאַנען דורכצושפּאַנען צופֿוס דורך פֿינלאַנד און דורך האָלאַנד און דורך נאָך און נאָך אַ לאַנד. אָבער ווער שטעלט זיך דען אָפּ פֿאַר אַזעלכע קלייניקייטן!

אין פּאָדלאָסיע און אין ניי־שטעטל האָבן זיך באַפעסטיקט די באַל־שעוויקעס און דער לאַנגער פּלטיאל מיט די שדישע ברעמען האָט אין זכות פֿון זיינע קינדער געקאָנט האָדעווען די בערן, אַריינקוקן אין זוהר און אַפֿילו אָנפֿירן מיט די ביכער פֿון דער ערשטער לאַנדווירטשאַפֿטלע־כער קאָמונע, פּונקט ווי פֿריער מיטן פּאָדלאָסער קאָאָפּעראַטיוו.

פּאָדלאָסיע איז געווען די ברויט־באַזע. דאָ האָבן די שייערן זיך גע־בראָכן פֿון ווייץ, די מיל האָט געאַרבעט בייטאָג און ביידערנאַכט און געגעסן האָט מען דאָ חלה אינדערוואָכן.

אַ וויאָרסט צוואַנציק פֿון פּאָדלאָסיע האָט אין די זומפּן זיך באַפֿעס־טיקט דער לעגענדאַרישער באַראָן מיט זיין אַנאַרכיסטישער חבריא. ער האָט באַשיצט פֿון צפֿון די קליינע באָלשעוויסטישע טעריטאָריע, אָנ־וואַרפֿנדיק אַ פּחד אויף די ווייסע־גוואַרדייער מיט זיינע אומגעריכטע פּאַרטיזאַנישע איבערפֿאַלן. פּאָדלאָסיע האָט באַדאַרפֿט צושטעלן אין די זומפּן ברויט, פֿלייש און פֿוראַזש.

דאָס, וואָס ליאַסאָווע האָט איבערגעלעבט אין דעם ערשטן האַלב יאָר פֿון דער רעוואָלוציע, איז נאָך נישט געווען די רעוואָלוציע אַליין, נאָר בלויז אַ פֿאָרשפּיל צו איר.

די עכטע רעוואָלוציע האָט זיך ערשט שפּעטער צעוואָיעט איבער דער שטאָט אין אַ מוראַדיקער רויט־ווייסער פּוגע.

ליאַסאָווע האָט שוין אויפֿגעהערט צו ציילן, וויפֿל נייע באַלעבאַטים זי האָט אַלץ געהאַט איבער זיך, וויפֿל מאָל זי איז געשליידערט געוואָרן פֿון קאַפּיטאַליזם צו קאָמוניזם און צו אַנאַרכיזם און — צוריק.

מען האָט געשמועסט, אַז דער שילד איבער האָטעל „פּאַליי־ראָיאַל“ האָט אויף זיין לינקער זייט אַ פּאַרטיקע אויפשריפט „רויטער אָקטיאַבר“ און ווי אַ זאַך מאַכט זיך, דרייט מען גלייך איבער דעם שילד.

און וואָס איז דער חילוק: אַ ווייסער שטאַב, צי אַ רויטער?

יעדער שטאַב דאַרף האָבן קוואַרטירן פאַר זיינע אָפיצירן און אַ רעס־טאָראַן, ווו אָפּצועסן און צו מאַכן אַ כוסה.

האָט דער האָטעל — די איינציקע געביידע אין ליאַסאָווע מיט פּרע־טענזיעס אויף באַקוועמלעכקייטן — שוין באַקומען די חזקה אויף וואָס פאַר אַ שטאַב דאָס זאָל נישט זיין.

און ס׳איז אויסגעקומען אַזוי, אַז פאַר דער צייט, וואָס די אַלטע הילצערנע שטאָט איז סיסטעמאַטיש חרוב געוואָרן פון שטענדיקן איבער־גיין פון האַנט צו האַנט, איז דער האָטעל „פּאַליי־ראָיאַל“ געוואַקסן און געקוואָלן אין דער לענג און אין דער ברייט.

דאָס געשעפט האָט פּראָספּערירט, קיין עין־הרע. עס מאַכט נישט אויס, וואָס פון אָנהויב פון דער רעוואָלוציע איז דער „פּאַליי־ראָיאַל“ שוין איינגעשטאַנען אין דער פערטער האַנט, ווייל דעם ערשטן באַלעבאָס האָבן צעשאָסן די ווייסע, דעם צווייטן — די רויטע און דער דריטער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן.

דאָס געשעפט האָט בלויז געוואונען פון דעם.

איצט, אין דעם סאַמע ברען פון דער רעוואָלוציע, האָט דער „פּאַליי־ראָיאַל“ געהאַט אַ ריזיקע צוגעבויטע גלעזערנע ווערענדע, וואָס האָט פאַרנומען אַ האַלבע פּושקין־גאַס. די ווערענדע פלעגט באַהייצט ווערן מיט צען אייזערנע אייוועלעך, וועלכע האָבן טאַקע דאָ, אויף דער גאַס געררויכערט מיט זייערע בלעכענע פּייקעס.

אָבער ביידערנאַכט האָט די ריי עלעקטרישע פייערן אין גלעזערנעם זאַל און די מענגע סילועטן אַרום די טישלעך געשאַפן דעם אימפּאָזאַנטן איירעפּעאישן איינדרוק.

נישט אומזיסט איז דער איצטיקער באַלעבאָס פון „פּאַליי־ראָיאַל“ געווען אַ לעוואַנטינער פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל און גערעדט פראַנצויזיש.

דער איינדרוק איז נאָך מער אימפּאָזאַנט געווען, ווייל ער האָט זיך אויסגעצייכנט אויפן טונקעלן פאָן. די שטאָט האָט געהאַט אַ שוואַכע די־נאַמאָ, און פלעגן אָוונט־צייט זיך אָנצינדן די לאָמפּן אין „פּאַליי־ראָיאַל“,

אַזוי פלעגן זיי אויסזופּן די גאַנצע עלעקטרישע קראַפט און אין שטאָט פלעגט ווערן חושך. האָט טאַקע די גלעזערנע וועראַנדע העל געגלאַנצט, בעת אין אַלע איבעריקע הייזער האָבן די לעמפּלעך אויסגעקוקט ווי רויטע טראַכאָמע־אויגן.

אָבער ליאַסאָווע האָט עס אָנגענומען פאַר ליב. זי איז שוין געווען צו ערגערס צוגעוווינט. ליאַסאָווע האָט זיך שוין צוגעוווינט צו שטאַרבן אין פאַרצירעוועטע און צעריסענע סקאַרפּעטקעס אונטער דער אַלט־פאַר־שימלטער, שטיינערנער וואַנט הינטערן שלאָס. דאָרט פלעגט מען בירגער צעשיסן בינטלעכווייז, ביי יעדער פּאַסיקער געלעגנהייט.

אַמאָל האָבן ביים פייכטן פונדאַמענט פון דער גרינער שטיינערנער וואַנט זיך געהאָדעוועט פּרעכטיק־גרינע קליינע זשאַבקעלעך, ווי פייכטע צאַרטע פרילינגס־בלעטלעך. אָבער זינט די אַלטע וואַנט איז געוואָרן צע־פּאָקט פון די קוילן און זינט די פייכטקייט ביים פונדאַמענט האָט אָנגעזע־הויבן שטינקען מיט בלוט — האָבן די גרינע זשאַבקעלעך זיך אָפּגעטראָגן.

און פונקט ווי דער האָטעל האָט געהאַט אַ חזקה אויפן שטאַב, אַזוי האָט די וואַנט איבערגענומען די חזקה אויף עקזעקוציעס, סיי ביי די ווייסע, סיי ביי די רויטע.

און סיי די ווייסע, סיי די רויטע האָבן געהאַט די זעלביקע טבע אַראָפּצוציען ביים דערשאָסענעם די שטיוול. האָבן די עקזעקוציעס אָנגענ־נומען אַ כאַראַקטער פון אַן אמתן שטיוול־געיעג.

און ליאַסאָווע האָט זיך צו דעם צוגעוווינט און געלעבט. געלעבט אַ לעבן פון הינער אין אַ שטייג, וועלכע ווייסן נישט ווען און וויפל פון זיי וועט מען מאָרגן פון דער שטייג פאַר די פליגל אַרויסשלעפּן.

און, צוריק געשמועסט, אַזוי שטאַרבט מען דען נישט?

ליאַסאָווע האָט זיך צוגעוווינט צו ליגן פּאַרטייעט אין די בעטן, אין אָנטועכץ, גרייט צו לויפן אויף די בוידימער, אין די קעלערן, אָבער דער־ווייל זיך צוהערן צו דעם הילכיקן גראַגערן פון די קוילנוואַרפערס. צו דעם טעמפּ־מעשענעם געבראַזג פון נאָענט און נענטער אויפפלאַצנדיקע באָמבעס.

און דעריבער האָט טאַקע דער שטאָט עפּעס געפעלט, ווען ס׳איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. דאָס הייסט: נישט אינגאַנצן שטיל, נאָר עס האָט אויפגעהערט די אַנגראַ־שיסעריי און מען האָט נאָר פון צייט צו

צייט געשאָסן אין דעטאַל, און דווקא דאַן, ווען אַ מענטש איז פאַרנומען מיט דאגת־חיונה און קאָן זיך נישט אָפּגעבן מיט חשבון־הנפש, וואָס דאָס איז גוט צו טאָן בעת אַ סך באַמבעס פלאַצן.

אין ליאַסאָווע האָבן זיך, ווייזט אויס, אויף אַ לענגערע צייט באַ־פעסטיקט די ווייסע. האָט דאַן דאָס גאַנצע לעבן זיך קאָנצענטרירט אַרום „פּאַליי־ראָיאַל".

און נישט אַזוי אַרום האָטעל, ווי אַרום דער גרויסער גלעזערנער וועראַנדע, וואָס האָט געפּיפּקעט אויף דער גאַס אַרויס מיט צען בלעכענע קוימענדלעך.

אויף דער צווייטער זייט גאַס, אָבער אין באַלויכטענעם שטח פון דער וועראַנדע, שפּאַצירט די ליאַסאָווער לאָיאַלע יוגנט פוןביידע גע־שלעכטער און שפּירט זיך אַליין יום־טובדיק מיטגעריסן פון אַ שטיק אייראָפּע. אָט די אומאיילבאַרע יוגנט, וואָס עס גענזלט זיך ביי איר באַ־דאַי אינמיטן ווינטער, באַדאַי אין דער צייט פון אַ קאָנטררעוואָלוציע.

מען שפּאַצירט פּאַרלעכווייז ביזן ראָג און צוריק. און אויפן ראָג, נאָך אַלץ באַלויכטן פון דער וועראַנדע, גלאָצט אַרויפגעקלעפּט אויף די אַלטע פאַראָרדענונגען, אַ נייער געלער פּלאַקאַט, אַ שטעק־בריוו מיט אַ רייצנדער סומע 3000 רובל צאַרסקע אין ציפערן.

דריי טויזנט רובל באַלוינונג וועט באַקומען דער ערלעכער בירגער פאַר ברענגען דעם קאָפּ אָדער אָנווייזן דאָס באַהעלטעניש פון דעם גע־פערלעכן פאַרברעכער, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דעם נאָמען: באַראָן קראָנעבערג.

ליאַסאָווער לאָיאַלע יוגנט כאַפּט פאַרבייגייענדיק אַ קוק אויפן פּלאַ־קאַט און סודעט זיך.

— באַלד וועלן זיי אים כאַפּן...

— שיט אים זאַלץ אויפן עק...

— ער ליגט זיי שוין גוט אין די ביינער, נישקשה!

— אַך, דער באַראָן!

דער באַראָן איז געווען דער פאַרבאָרגענער ראָמאַנטישער העלד פון דער ליאַסאָווער יוגנט. זייער אייגענע לאָיאַליטעט האָבן זיי ווי עס איז פאַרענטפערט מיט דעם, וואָס זיי זענען אַלע געווען הונדערט־פּראָצענ־

טיקע גאָטבעטערס פאַרן באַראָנס לעגענדארישער הצלחה. באַזונדערס — די מיידלעך.

דערווייל האָבן די פּאָרלעך מאַרשירט פון ראָג צוריק, כדי נישט דורכצולאָזן דעם קאָנצערט, וואָס האָט זיך געריסן אויף דער גאַס אַרויס פון דער גלעזערנער באַליכטענער וועראַנדע.

יאָ, דער לעוואַנטינער פון סטאַמבול האָט אַריינגעבראַכט אייראָפּע קיין ליאַסאָווע. ער האָט איינגעפירט אין רעסטאָראַן אַ קאָנצערט־אָפּטיילונג.

דאָרט, אין דעם גלעזערנעם זאַל, האָט זיך פּראָדוצירט דער היבּקענדיקער קופּלעטיסט און „באַשעפער פון יידישע טיפּן" — פּישקין מיט זיין פּאָפּולער לידל, וואָס איז שוין געזונגען געוואָרן פון דער גאַנצער שטאָט.

...חיים־יאַנקל, זאָגט ער, בודיעט קאָמיסאַראָם
אי זשיט אָן בודיעט דווקא וו׳קרעמליע...

און דעם רעפריין האָבן מיטגעזונגען אַלע ווייסע גוואַרדיסטן ביי די טישלעך. פּישקינס ציגענע שטימעלע פלעגט פלוצלונג פאַרדעקט ווערן מיט דעם מעכטיקן בריל פון רוסישע בעסער, ווי מיט אַ שטורעם־ווינט:

ס׳אינטער—נאַציאָ—נאַ—לאָם—
וועט פגרן דער לעצטער גוי —
אַי, גוט!

אַ חוץ פּישקינען פלעגט אויף דער סקריפּנדיקער עסטראַדע נאָך אויפטרעטן די זעקספּודיקע רוסישע שיינהייט — קאַפּריז־מאַרוסינאַ מיט ציגיינער־ראָמאַנסן און איר פרויען־באַס פלעגט גרילצן, ווי אַן אָנגעפלאַצטע שויב אין אַן אויטאָ. די יונגע ווייסע אָפיצירלעך, נאָר וואָס פון קאַדעטן זיך אויסגעפּיקט, פלעגן, אַרונטערפאַלנדיק אונטערן בראָטנדיקן בליק פון דער זעקספּודיקער שיינהייט, בלייך ווערן און זיך פאַרזיכטיק אָפּרוקן צו די וייטערע טישלעך.

צוריק צו דער עסטראַדע פלעגן זיי ערשט קומען, ווען מאַדעמואַזעל זשאַנעט פלעגט הייבן אירע דאַרע פיסלעך.

מאַדעמואַזעל זשאַנעט איז געווען אַ פאַרוואַלגערטער שטערן פון אַ

פאַרגאַנגענער עפּאָכע. אָבער אין דעם איז געווען איר רייץ, וואָס זי האָט נישט געוואָלט אַלט ווערן.

און דער אַסטמאַטישער פּאָלקאָווניק זאַיקין, אַ מאַנספּערשוין ברייט ווי אַ קרעדענס און אַ העלד פון דריי יידישע פּאָגראָמען, פּלעגט זיך צעשמעלצן מיט די אייגעלעך אין דער ריכטונג פון זשאַנעטס שווינדל־דיקע שטעקעלעך.

— אַך, גאָספּאָדאַ! אָט דאָס איז אייראָפּע! גאָר קיין גוף נישטאָ! סאַמע גייסט. נאָר אַוועקצובלאָזן! טשע—א—עק! נאָך אַ גלעזל פּעפּער־מינץ!

פּאָלקאָווניק זאַיקין איז דאָ געווען אַ פרישער און דערפּאַר נאָך געאַכטער מענטש. מען האָט אים אַראָפּגעשיקט אַהער צוליב זיינע פּע־איקייטן אַרויסצוקלאַפּן געפּערלעכע רעוואָלוציאָנערן פון זייער באַהעל־טעניש אַרויס. איז ער דאָס טאַקע געווען דער טאַטע פון דעם שטעק־בריוו וועגן באַראָן קראָנעבערגן. ער האָט זיך באַרימט, אַז ער וועט דעם באַראָן ליקווידירן אין איינע צען טעג. אָבער צען טעג זענען שוין לאַנג אַריבער פון זיין קומען און דער באַראָן האָט זיך אַלץ גערייצט מיט אים דורך חוצפּהדיקע בריוולעך: אָט הײַנט, אָט מאָרגן קום איך צו אייך צו גאַסט, הער פּאָלקאָווניק!

אָט דער קרעדענס־אַרטיקער פּאָלקאָווניק זאַיקין האָט עס געהאַט אַ שוואַכקייט צו זשאַנעטס דאַרע שטעקעלעך.

מען האָט אים נישט געקאָנט חושד זיין אין קיין זייטיקע כוונות. ווייל נאָך אַ גרעסערע סימפּאַטיע האָט ער אַרויסגעוויזן צו קאָליע דעם פּייפער, דער גרעסטער אַטראַקציע פון היגן קאַבאַרעט.

צו דעם פּייפער האָבן אַלע געסט פון רעסטאָראַן געהאַט אַ באַזונ־דערע שוואַכקייט. ווייל ערשטנס איז דאָס געווען אַן אמתער מלחמה־העלד מיט געאָרגי־קרייצן. צווייטנס — האָט ער טאַקע געפּייפט ווי אַ קאַנאַריק.

— פּאָגיבשי טאַלאַנט! — האָבן די אָפיצירן געזיפצט איבער אים. זיי האָבן שוין געוווסט קאָליעס לעבנס־געשיכטע.

געשטאַמט האָט ער פון וויאַטקע. זיין פאָטער — אַ רוס און די מוטער — אַ ציגײַנערין. דאָס דערקענט מען באַלד אָן זיינע קרומע איי־געלעך און די קורץ־געשאָרענע, פּעך־שוואַרצע האָר. געענדיקט האָט

קאָליאַ דאָס קאָנסערוואַטאָריום לויטן קלאַס פֿון פּראָפֿעסאָר אַוער און געזאָלט זיין אַ באַרימטער פֿידלשפּילער. האָט די מלחמה אים אָפּגעביסן אָנדערהאַלבן פֿינגער פֿון דער לינקער האַנט און אויף אייביק אים צעשיידט מיט זיין פֿידעלע. קאָן ער בלויז קאָנצערטירן, פּייפֿנדיק אויפֿן רעכטן פֿויסט.

האָט ער אָבער געפּייפֿט ווי אַ ווירטואָז. ער פֿלעגט געבן זיינע פּייף־קאָנצערטן אין באַגלייטונג פֿון קלאַוויר און אַלטוווקע. פֿון זיינע פֿלאַך אַיינגעלייגטע ליפּן ביי דער פֿויסט פֿלעגט מיט דער זעלביקער לייכטקייט אַרויסטרילערן סיי די רוסישע טשאַסטושקע, סיי מאָצאַרטס גראַציעז־שפּילנדיקער אַזשור.

און אַז פֿאָלקאָווניק זאַיקין האָט צוריקגעקערט פֿון דעם לעצטן זיגרייכן פּאָגראָם, האָט דער אומגליקלעכער אַרטיסט לכבוד אים אויסגעפּייפֿט שובערטס אַווע־מאַריאַ. איז דער גאַנצער גלעזערנער זאַל פֿאַרציטערט געוואָרן. מען האָט זיך אויפֿגעשטעלט פֿון די טישלעך און אַלע אויגן האָבן זיך אָנגעהאַנגען אָן זיין געזיכט. צום ערשטן מאָל איז די אָפֿיצירן אויסגעקומען צו זען, אַז אַ פּנים מיט כינעזישע איינגעקנייטשטע אייגעלעך און אַ פֿויסט ביי די פֿלאַך־פּייפֿנדיקע ליפּן זאָל בילדן אַזאַ טראַגישע מאַסקע. קאָליאַ האָט זיך נערוועז געוואָרפֿן מיטן גאַנצן גוף, ווי ער וואָלט געשפּילט אויף אַ פֿידל און אַלע גלידער זיינע וואָלטן מיטגעשפּילט, און פֿון זיינע ליפּן האָבן זיך טאַקע אַרויסבאַקומען כמעט פֿידל־טענער.

ווען ער איז ביים ענדע פֿון דער קאָמפּאָזיציע אַריבער אויף אַ זילבערנעם פֿלאַזשאָלעט, כדי אין דעם פֿאַרהאַלטענעם אָטעם פֿון זאַל אין די דינסטע פֿויגלטענער אויסצודריקן די טראַגישע אויפֿלייזונג, האָט זאַיקין נישט אויסגעהאַלטן און אַ וואָיע געטאָן ווי אַ וואָלף.

אין גלעזערנעם זאַל האָבן אויסגעבראָכן אַפּלאָדיסמענטן, ווי דער טינק פֿון גאַנצן האָטעל וואָלט פּלוצלונג זיך אָפּגעשאָטן. און דער קרעדענס־אַרטיקער זאַיקין האָט שוין קוים זיין אַסטמאַטישן אָטעם געכאַפּט און זיך געשלאָגן מיטביידע הענט אין זיינע בולטע פּרויען־בריסט.

— קאָליאַ! דאָס האַרץ האָסטו מיר איבערגעקערט, קאָליאַ! אַ פּאָדלעץ בין איך, קאָליאַ, אַ פּאָדלעץ! קום אַהער, קאָליאַ! צעקוש זיך מיט

מיר! פאַרן צאַר און פּאַטערלאַנד! לאָמיר אויסטרינקען, קאַליאַ! עי! טשע—א—עק! נאָך אַ פלעשל פּעפּערמינץ!

— ווי אַ קינד, גאָספּאָדאַ, ווי אַ קליין יתומל וואָלט זיך געבעטן: שלאָגט מיך נישט! פּייניקט מיך נישט! — אַזוי האָט זאַיקין אַ צערו־דערטער זיך אומגעדרייט פון איין אָפיציר צום אַנדערן און געפּרוווט פאַר זיי פאָרמולירן זיינע מוזיקאַלישע עמאָציעס.

ער איז געווען אַ מבין אויף נגינה, דער קרעדענס־אַרטיקער פּאָל־קאָווניק.

קאַליאַ איז געוואָרן אַ בן־בית ביי די אָפיצירן און נאָכן קאָנצערט פלעגט ער פאַרברענגען ביי זייערע טישלעך.

ער האָט געוווסט ווי אָפּצושאַצן די אויסצייכענונג, זיך פאַרהאַלטן באַשיידן, געטרונקען מיט מאָס און פאַר יעדן גלאָז ביר זיי אָפּגעצאָלט מיט אַרמענישע אַנעקדאָטן אָדער עפּיזאָדן פון זיינע העלדישע קאמפן אויפן פראָנט.

מיט באַשיידענער ווירדע האָט קאַליאַ פאַרטיידיקט זיין פּאָליטישן קרעדאָ קעגן די שוואַרצמאהדיקסטע פון זיי. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קאַליאַ איז אַ ליבעראַל. אָבער אויך דער חטא איז אים פאַרגעבן גע־וואָרן פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן פּאָטערלאַנד און פאַר זיין דינען דער קונסט.

אָבער ווי יעדער עכטער רוסישער קינסטלער, איז קאַליאַ געווען אַן אויסגעלונקענע נאַטור, אַ פאַרבאָרגענער מרה־שחורהניק און שיכור. ער פלעגט גאַנץ אָפּט פאַרפאַלן ווערן אויף אַ פּאָר טעג און צוריק פלעגט ער קומען אַ צעקנייטשטער, אַן אַרומגעריסענער, מיט צייכנס פון שי־כורער התבודדות אונטער די אויגן.

און די ווייסע גוואַרדייצעס האָבן דאַן פאַר אים געהאַט אַ זיפץ פון טיפן מיטגעפיל.

— וואָס, קאַליאַ, ווידער אַן אומעט באַפאַלן? שיק עס צום טייוול! קום בעסער טרינקען, פּאַגיבשי טאַלאַנט!

אין יענעם אָוונט, ווען ס'איז פאַרלאָפן דעם גרויסער טומל אין זאַל, איז קאַליאַ געזעסן מיט עטלעכע יונגע פראַפּאָרשטשיקעס ביי אַ טישל, אַ ביסל אין דער זייט פון גרויסן שטאַב־טיש, וועלכער איז געווען פאַר־

שטעלט מיט אויסגעליידיקטע פלעשער, ווי מיט אויסגעשאָסענע גראַ־נאַטן.

קאָליאַ האָט מיט באַגייסטערטן הומאָר דערציילט פאַר די פראַ־פאָרשטשיקעס וועגן זיינע העלדישע מעשים אויפן פראָנט און פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק צום שטאַב־טיש.

כמעט יעדן אָוונט פלעגן זיך דאָ באַווייזן נייע פּנימער פון צוקאָ־מאַנדירטע אָפיצירן אָדער געסט פון שכנישע ווייס־גוואַרדייאישע אָפּ־טיילונגען. אָט צו די נייע פּנימער האָט קאָליאַ געפילט אַן אַרטיסטישע נייגעריקייט.

דאָס מאָל האָט אים טיף פאַראינטערעסירט זאַיקינס טעמפּעראַ־מענטפולער גלעזל־פּאַרטנער — אַ מיטלוווקסיקער, עלעגאַנטער אָפיציר אין פּענסנע און מיט ברייטע, ווירדיקע מאַניערן.

דער אָפיציר האָט זיך געאַמפּערט מיטן אסטמאַטישן פּאָלקאָווניק, געפּרוווט אים עפּעס דערווייזן אויף די פינגער, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר און, ענדלעך, אים איבערצייגט. דערביי האָט דער גאַסט זאָרג־לאָז געלאַכט מיט זיין היפש־ברייטן ציינישן מויל און מכבד געווען די אָפיצירן אַרום טיש פון זיין גאָלדענעם פּאַרטסיגאַר. דאַן האָט ער גע־טרונקען מיט זאַיקינען און מיט סאָלאָוויאָוון דעם פּאָפּ־אַרטיקן שטאַבס־קאַפּיטאַן אויף ברודערשאַפט. דאַן האָט מען געשריבן אַ פּראָטאָקאָל און אַלע האָבן זיך אונטערגעשריבן און סיי דער גאַסט סיי זאַיקין האָבן באַהאַלטן די קאָפּיעס אין קעשענע.

קאָליאַ האָט נאָך געזען, ווי סאָלאָוויאָוו האָט אַרויסגענומען פון פּאָרטפעל אַ פּעקל אַסיגנאַציעס און גענומען זיי אויסציילן פאַרן גאַסט. און יענער האָט מיט אַ ברייטן געלעכטער זאָרגלאָז צעשטעקט די אַסיג־נאַציעס אין אַלע קעשענעס.

מער האָט שוין קאָליאַ נישט געזען, ווייל די אָפיצירן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם שטאַב־טיש, האָבן אַלץ פאַרשטעלט.

פון דעם בראָנפן־טשאַד און בראָנפן־קולות האָט קאָליאַ דערפילט אַ קאָפּווייטיק און ער האָט זיך אויפגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם זאַל. האָבן אָבער די יונגע אָפיצירן ביים טישל נישט געוואָלט זיך שיידן מיט אים. זאָל ער נאָך עפּעס דערציילן. אָדער — זאָל ער טרינקען. אָדער...

און זיך אָפּגעשמועסט אויפן ווונק, האָבן זיי גענומען ריטמיש און אין איינעם פּאַטשן אין די הענט.

— מיר ווילן הערן קאַליען!

— מיר ווילן הערן קאַליען!

— ביס! — האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט אַן אויסגע־שטערנטער פליכעוואַטער אָפיציר, וואָס האָט פאַרבראַכט מיט דער קאַפּריז־מאַרוסינאַביים צווייטן טיש — קאַליאַ, ביס!

און די וואָגיקע שיינהייט האָט מיט איר עלעגאַנטן פּודיקן הענטל אייפערזיכטיק געפּאַטשט איר קאַוואַלער איבער די ליפּן.

ווען קאַליאַ האָט אָפּגעפייפט זיין ביס־נומער, איז דער פרעמדער אָפיציר שוין נישט געווען ביים שטאַב־טיש.

אָבער דאָ האָט זיך אויפגעהויבן אַ פּלוצלונגער טומל. דער אָסטמאַ־טישער פּאָלקאָווניק האָט זיך געהאַלטן מיט עפּעס אַ צעטעלע און זיך קרעדענס־אַרטיק אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס דאָ צו דעם, דאָ צו יענעם.

— גאָספּאָדאַ! איר פאַרשטייט דאָ עפּעס? גאָספּאָדאַ?

דאָס צעטעלע איז שוין געגאַנגען פון האַנט צו האַנט און יעדערער, וואָס האָט דערין אַריינגעקוקט, האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן. און אַז עס איז געקומען צו סאָלאָוויאָוון, האָט ער פּאַר כעס אַ פּלאַש צעבראָכן און אויסגעדונערט ווי אַ האַרמאַט:

— פאַרמאַכן אַלע טירן! נישט אַרויסלאָזן קיינעם!! אַרעסטירן און באַזוכן אַלע ציווילע!

נו, קיין סך ציווילע אַחוץ דעם רעסטאָראַן־פּערסאָנאַל האָבן זיך דאָ בכלל נישט געפונען.

זאַיקין אַליין האָט שווער־סאָפּענדיק אַוועקגעשפּאַנט צום טואַלעט־צימער און ער האָט זיך אַריינגעשטופּט אין דער שמאָלער טיר זייטיק. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט זיך פון דאָרט דערהערט אַ שאָס. דאָס האָט זאַיקין זיך גענומען דאָס לעבן.

מיט דריי טעג שפּעטער איז קאַליען געלונגען איבערצושיקן פון טורמע אַ צעטעלע צו זיינער אַ חברטע.

ער האָט געשריבן:

„דערווייל — קיין בייז. איך זיץ מיטן פּערסאָנאַל. נאָך נישט אויס־

געפּאַרשט. דער אָפיציר, וואָס האָט אויסגענאַרט ביי זאַיקינען טויזנט רובל אויפן חשבון פון דעם, וואָס ער קאָן כלומרשט אָנווייזן דעם באַ־ראָנס באַהעלטעניש, איז טאַקע געווען דער באַראָן אַליין. ווען זאַיקין דערשיסט זיך נישט פּאַר בושה — וואָלטן מיר שוין געווען אויף דער פריי. איצט איז ערגער. אַממיינסטן שרעקט מיך, וואָס איך קאָן דאָ נישט פאַרבן די האָר. זיי ווערן רויטער פון טאָג צו טאָג. ביים מינדסטן פאַרדאַכט איז — קאַפּוט, קאַליאַ! נו, איך בין צו דעם גרייט געווען״.

צו לאַנג, ווייזט אויס, האָט אָנגעהאַלטן די אילוזיע פון שטילקייט אין ליאַסאָווע. מיט זאַיקינס טויט איז געקומען אַן איבערברוך: אַן עפּי־דעמיע פון אַרעסטן, מערדערלעכע פייניקונגען, בליץ־שנעלע עקזעקוציעס אָן שום געריכט. די ווייסע האָבן צוגעגרייט אַ ברייטן אָנגריף אויף די רויטע און דער ערשטער קרבן איז געפאַלן — די אומבאַשיצטע פּאָד־לאַסיע מיטן ניי־שטעטל.

די פּאָדליאַסער באָלשעוויקעס האָבן זיך צוריקגעצויגן אין די וועל־דער, נישט וועלנדיק און נישט קאָנענדיק אַריין מיט די ווייסע פּאָלקן אין אָפענעם קאַמף.

איז די געגנט פאַרבליבן אָן אַ באַלעבאָס.

דאַן האָט אַ וואָרט גענומען דאָס אויפגעקומענע דאָרף באָריסאָווקע, אין איינעם מיט די ווייט־אָפּגעלייגטע כוטאָרן. מיטן גאַנצן קלאַפּערגע־צייג פון די פּאָדליאַסער זומפּיקע וועלדער: מיט זעגן, מיט העק און מיט רידל האָבן די פּויערים זיך אַ לאָז געטאָן קיין ניי־שטעטל, ווו עס זענען נאָר די עלטערע יידן פאַרבליבן, די ערשטע פּיאָנערן, וואָס בערל פּאָד־לאַסקי האָט זיי מיט צען יאָר צוריק באַזעצט און מיט גרויס מאַטערניש זיי צוגעבונדן צום באָדן.

זענען אָפּהענטיק געבליבן די יידן פון ניי־שטעטל, דערזעענדיק די טשאַטע היימישע פּויערים, מיט וועלכע מען האָט בשותפות די פעלדער געאַרבעט — איצט מיט אויפגעריסענע מיילער, מיט העק און רידל אין די הענט.

— זייט איר משוגע געוואָרן? טראַסציאַ וואַשעי מאַטערי!

— דאַיאָש! האָט געשריען דער סאָלדאַט קיריל, וואָס איז די טעג אַהיימגעקומען און איצט אָנגעפירט די קאָמאַנדע. ער איז געווען אויפ־געררייצט פון די אַלע דאָרפישע געשיכטעס וועגן זיין ווייב — די סאָל־

דאַטקע, וואָס האָט פֿאַר די פֿאַר יאָר געלעבט אַ גוטן טאָג מיט אַלע ייִדן. — דאַיאָש! — האָט ער געשריען און געדרייט ווי אַ כּפּרה די לאַנגע האַק איבערן קאָפּ.

און די האַק זיינע האָט די ערשטע אַ פּלי געטאָן אין אַ ייִדיש פֿענצ־טער און זיך אַריינגעבראַזגעט אין אַ פֿליישיקן קוויטש.

— דאַיאָש! — האָט שוין אויך דער רויטער לוקיאַן געריטשעט. דער האָט געהאַט טענות, פֿאַרוואָס מען האָט אים פֿאַר זיין שיכּרות אַרויסגעשטעלט פֿון הויף.

און באַפֿאַלן אַ ייִדן אינמיטן גאַס, האָט ער ווי אַ דרעש־מאַשין גענומען פֿליקן פֿון אים לעבעדיקע שטיקער.

און דער אַלטער אַרכיפּ מיט די קרומע צוויי פֿיס, ווי אַ לירע אין לאַפּטשעס, האָט אַראָפּגענומען זיין שוואָמענארטיקן צילינדערל פֿון ווייס־באַפּראַנזטן אַפּאָסטאָל־פּליך און זיך איבערגעצלמט.

— האָספּאָדי פּאָמאָהי, זאַ לעוואָרוציו!

און ער האָט געלאָזן אַוועקגעשפּאַנט מיט דער האַק אין גאַרטל צום ערשטן ייִדישן גאַניק. אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך פֿון יענעם הויז אויסגעצויגן אַ יללה אין דער לענג פֿון דער גאַנצער קאָקעטישער גאַס.

— ייִדן, מען שעכט!

איין העלפֿט פֿון שטעטל האָט אַפֿילו נישט באַוויזן זיך צו פֿאַר־טיידיקן.

אין דער צווייטער העלפֿט האָבן ייִדן געשלעפּט וועגענער פֿאַר אַ באַריקאַדע.

די באָלשעוויקעס האָבן איבערגעלאָזט אַ טעלעפֿאָן אין דער שול, וואָס האָט דאָס ניי־שטעטל פֿאַרייניקט מיטן פּאָדלאַסיער הויף.

האָט מען אַלאַרמירט די ייִדן פֿון פּאָדלאַסיע.

אָבער שוין ביי די ערשטע פּאָר שטייפֿע גופֿים מיט פֿאַרסמאַליעטע בערד, וועלכע האָבן זיך געפּלאָנטערט ביי די צעיושעטע פּויערים אונ־טער די פֿיס, איז געוואָרן קלאָר פֿאַר יעדן פֿון די אָנגרייפֿער, אַז ס׳איז נישטאָ קיין לייכטערע און פֿריילעכערע זאַך אויף דער וועלט, ווי קוילן ייִדן. עס איז עפּעס ווי אַ שפּיל אין אַ מלחמה, וווּ דו ריזיקירסט מיטן

לעבן נישט. גאָטס וווּנדער! אָט האָט אַ באָרד געלעבט און אָט קייקלט זי זיך שוין פון גאַניק, ווי אַ בערוועגע.

האָבן די פּויערים זייערע אייגענע אויגן נישט געגלויבט, ווען זיי האָבן זיך ענדלעך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד. יידן האָבן גע־שאָסן אויף זיי פון הינטער די וועגענער און אַ צוויי־דריי פּויערים זענען שוין אָפּגעגאַנגען מיט בלוט אין הויכע „פּאָמאַטערס״. און דאָ האָבן זיי די יידן נאָך אַ כישוף אָפּגעטאָן: אָנגערייצט אויף זיי בערן.

לעבעדיקע, ריטשענדיקע בערן האָבן געטיאָפּקעט אינמיטן גאַס מיט אויפגעריסענע ראָזע פּיסקעס און שיקלדיקע רוצחישע אייגעלעך.

אַ הויכער ייד מיט מוראדיקע באָרד און ברעמען און מיט צעפּאַ־טלטע ציצית האָט מיט אַ דייקשל אָנגעטריבן די בערן אין דער ריכטונג צו דער ערשטער גרופּע פּויערים. און אַז די פּויערים האָבן זיך געלאָזט לויפן אַלע אין איין ריכטונג, איז דער ייד מיטן דייקשל זיי פאַרלאָפן דעם וועג.

און דער ייד איז געווען נאָך שרעקלעכער פאַר די בערן, וועלכע זענען שוין באַפאַלן די פּויערים פון הינטן. קעגן דעם צעבראָכענעם דייקשל אין דעם יידנס דאַרע אייזערנע הענט זענען די העק און לאָפּעטעס געווען ווי קינדער־שפּילכלעך.

און דער ייד האָט געדעקט איבער קעפּ, איבער בייכער: בום! בום! פּאַק!

— אי—יך! האָבן די געשלאָגענע בייכער נאָר באַוויזן אַ שלוקערץ צו טאָן, און פּויערים האָבן געהאָרכזאַם זיך געלייגט אינמיטן גאַס און אויסגעשפּיגן די נשמה אָן איבעריקע טענות.

פון אַלע גאַניקעס זענען שוין די פּויערים געלאָפן אין אַ וויסטער בהלה, פאַרלירנדיק אויפן וועג אַלץ, וואָס זיי האָבן מיטגעשלעפּט פון די שטיבער.

און די קולות און יללות פון מענטשן, בערן, הינט האָבן זיך צוזאַ־מענגעקנוילט אין איין אומענדלעכער קוויטשעריי פון געקוילעטע חזירים.

ערשט ביים עק פון שטעטל האָבן די פּויערים זיך אַרומגעזען, אַז זייער מחנה איז נאָך גרויס און אַז קיינער יאָגט זיי נישט נאָך. דער צעשויבערטער קיריל איז זיי אַנטקעגן געלאָפן ווי אַ שוואַרצער רוח מיט ווייסע אַרויסגעזעצטע אויגן.

— צוריק! הינטישע זין! צוריק!

און געטרייסלט אין די הענט צוויי אויפגעהויבענע באַמבעס, וועלכע ער האָט מיטגעשלעפּט פון פּראַנט אַהיים און ביי דער איצטיקער עקס־פּעדיציע זיי געהאַלטן די גאַנצע צייט פאַרשטעקט אין אַ סטויג היי.

האָט זיך באַנייט די רציחה. די פויערים האָבן באַלעבאַטעוועט אין שטעטל אַזוי לאַנג, ביז מען האָט שוין קיין איינציקן יידישן געשריי נישט געהערט. בלויז מיט די אייגענע וואָכעדיקע קולות האָבן די פויערים אָנגעפילט די גאַס, ווי אין אַ מאַרק־טאָג.

זיבנאונדרייסיק יידישע הרוגים האָבן זיי אויסגעלייגט ווי אין אַ יאַטקע אינמיטן דער גאַס. ביז אַ צענדליק גופים מיט געבונדענע הענט און פיס זענען געווען איבערגעזעגט אויף העלפט. אויך פלטיאלס גוף איז געלעגן אין אַ טעמפּן ווינקל אויף צוויי צעבראָכן, איבערגעזעגט.

ניט ווייט פון פלטיאלן איז געלעגן מיטן בויך אַרויף דער דערשאָ־סענער בער נבוכדנאצר. נאָך דעם האָט דריי טעג אָנגעהאַלטן אַ טויטע שטילקייט, ווי אַ זיסער שלאָף נאָך אַ פריילעכער חתונה.

אויף דער פערטער נאַכט איז דאָס דאָרף באַריסאָווקע געוואָרן שטיל אַרומגערינגלט פון אַ מענגע רייטער, פון שטוב צו שטוב איז געגאַנגען דער באַראָן מיט עטלעכע באַגלייטער און פון יעדער שטוב אַרויסגעפירט צו צוויי, צו דריי פויערים, ווי פערד פון די שטאַלן.

די פויערים זענען געווען פאַרשלאָפענע, דאָס רוב אין פעלצלעך אויף די בלויזע העמדער און גאַטקעס אָנגעטאָן.

— אַ רידל האָסטו? — האָט דער באַראָן יעדן באַזונדער געפרעגט.

— העי, דערלאַנג נאָר מיין רידל! — האָט דער פויער געשעפטלעך־וואָכעדיק אַריינגעשריען צו זיין באַבע.

און אַז דער באַראָן האָט אָנגעציילט זיבנאונדרייסיק פויערים, האָט ער אַ פייף געטאָן.

אַרומגערינגלט פון דער ענגער קייט רייטער איז דער אַרטעל אין פעלצלעך און גאַטקעס און מיט די רידלען אויף די אַקסלען שטיל אַרויס פון וואָיעדיקן דאָרף. אַ פּאָר באַבעס, וואָס זענען נאָכגעלאָפן מיט יללות, האָט מען איינגעשטילט מיט אַ שאָס.

און צום פרימאָרגן איז אין זומפּיקן פעלד, אַ מייל פון באַריסאָווקע, אויסגעוואַקסן אַ ברוינער באַרג פריש־דורכגעפרוירענע ערד,

דאָס האָבן זיבנאונדרייסיק פויערים דורך דער נאַכט אַ גרוב גע־גראָבן כדי אַריינגעשטויסן און פאַרשאָטן צו ווערן אין אים לעבעדיקער־הייט.

שפּעטער איז אַ שניי געפאַלן און דעם באַרג, ווי דאָס פעלד באַ־דעקט און דעם שפּור פון די רייטער פאַרווישט.

אין דעם זעלביקן טאָג, ווען די ידיעה וועגן די לעבעדיק־באַגראָבענע פויערים האָט דערגרייכט צו ליאָסאָווע, האָט מירל פּאָדלאַסקי באַקומען צוגעשיקט אַ צעטעלע פון טורמע.

„איך בין שוין אַ פּאַרטיקער. מען האָט שוין אויסגעפאָרשט ווער דער געפאַרבענער פוקס איז. גענוג האָב איך זיי אָנגעפּייפּט. שיק אַ ביסל סם, איך זאָל קאָנען שטאַרבן ווי אַ מענטש.

זאָל לעבן די רעוואָלוציע! געדענקט אָן שייקען! חברים!"

אין פאַרלויף פון די אַלע געשעענישן אין און אַרום ליאָסאָווע איז בערל גאָר געזעסן אין מינסק, וווהין ער האָט אַראָפּגעבראַכט די גע־פערלעך קראַנקע דאַרעטשקען.

דאָס לויפן אירס קיין ליאָסאָווע איז איר נישט אָפּגעגאַנגען גלאַט.

איצט איז זי געלעגן אין אַ שפּיטאָל און זיך געראַנגלט מיטן טויט.

און בערל האָט זיך אויך געראַנגלט מיט איר טויט און זיך איינ־געשפּאַרט זי אַרויסצורייסן פון זיינע אָרעמס.

## 12

# די באַצווינגענע אויפן געמויזעכץ

לעאָן ברוינער, דער זייער פּראָדוקטיווער שריפטשטעלער, האָט שוין לאַנג נישט געלאָזט הערן וועגן זיך, נישט אין דער ליטעראַטור און נישט אין דער וואַרשעווער פּרעסע. ער האָט, דוכט זיך, באַשטעטיקט דעם שפּריכוואָרט: ווען עס רעדן די קאַנאָנען, דאַן שווייגן די מוזעס.

די מעשה איז, וואָס די וועלט־מלחמה האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך צווישן אַנדערע מגפות אויך די מגפה פון ספּעקולאַציע. און קיינער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּהיטן. און לעאָן ברוינער האָט זיך אויך פון דער מגפה נישט אויסגעהיט, הגם ער האָט געוווּסט פון וועמען ער האָט זיך אָנגעשמעקט מיט דער ספּעקולאַציע־קרענק.

אשר פּאָדלאָסקי מיט זיין קינדישער בנעימותדיקייט און שעלמע־וואַטע אייגעלעך איז דאָס געווען דער בייזער גייסט, וועלכער האָט אים פון ליטעראַרישן וועג אַראָפּגעפירט און געמאַכט פאַר אַ סוחר.

איז ער בליץ־שנעל געוואַקסן אין זיין נייער קאַריערע און באַרימט געוואָרן אין געוויסע קרייזן פון גענשע גאַס, פּונקט ווי אַמאָל ביי די לעזער פון אַ געוויסער צייטונג.

מיט דער באַשיידנקייט פון אַ מענטשן, וואָס עס גייט אים דורך טיר און דורך טויער, האָט שוין לעאָן באַשלאָסן, אַז ער האָט בכלל איינגעבאָרענע אוניווערסאַלע פעאיקייטן, און אַז ווען ער נעמט זיך באַצייטנס נישט צו מסחר, נאָר צו סטראַטעגיע אַ שטייגער, וואָלט אפשר די מלחמה געהאַט אַן אַנדער אויסגאַנג און רוסלאַנד וואָלט נישט חרוב געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע.

עס איז שווער געווען צו דערקענען אין ברוינערן די באַשיידענע ליטעראַרישע גזע זיינע. און נישט מחמת ער איז שוין געווען צופיל פּאַרריסן ביי זיך, ווי יעדער אויפגעקומענער גביר. פאַרקערט: אויסערלעך האָט ער פיל אײַנגעהאַלטן פון די אַלטע גוטע טראַדיציעס, ער האָט נישט פאַרביטן זיין קינסטלער־הוט מיט די ברייטע ראַנדן אויף אַ שקאָציש ספּאָרט־היטעלע. ער איז פאַרבליבן ביי זיינע לענגלעכע געגרייזלטע האָר, אָנשטאָט צו פאַרלאָזן זיך אַ רויטן קאַרק, ראַזירט „פּאַ אַמעריקאַנסקו". און ער האָט אויך נישט פאַרראַטן זיין קורצע באָהעמישע פייקעלע, בעת די ספּעקולאַציע־מאַגנאַטן אַרום אים האָבן געהאַלטן צווישן די מאַסיווע רינגען אויף די מאַסיווע פינגער נאָך מאַסיווערע ציגאַרן. אין די סוחרישע קרייזן האָט מען שטאָלצירט מיט אים, ווי מיט דעם בעסטן ליטעראַט פון אַלע סוחרים, בעת ער האָט געטענהט פאַרקערט, אַז ער איז דער בעסטער סוחר פון אַלע ליטעראַטן. ווי די מעשה זאָל נישט זיין, איז דער ליטעראַט געווען אַ פּלוס צו זיין סוחרישן גוטן נאָמען. גענשע־גאַס האָט געגלויבט אין אים ווי אין אַ גוטן יידן און געפאָלגט זיינע עצות. אַ מענטש אַ שרייבער נעמט זיך צו מסחר און עס גייט אים — הלוואי אויף אַלע יידן געזאָגט. מסתמא נעמט ער דאָך אויף די זאַך פּסיכאָלאָגיש.

איז אויף גענשע געוואָרן אַ קולט פאַר פּסיכאָלאָגיע. און לעאָן

ברוינער איז געקרוינט געוואָרן פאַרן שטערן־זעער און וועטער־אָנזאָגער אין ספּעקולאַציע.

שטענדיק איז ער געווען אַרומגערינגלט מיט כאָפּטע יונגע איידימ־לעך, וועלכע האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין און געטשאַטשעוועט אויף די פּסיכאָלאָגישע פּערל פון זיינע רייד. מען פלעגט אים אונטערטעניק אונטערטראָגן צוזאַמען מיט אַ שטול אין קאַפעהויז, מיט אַן אָנגעצונדן שוועבעלע צו זיין פייקע אויף די לעצטע סוחרישע בייס און זען וואָס פאַר אַ מינע ער וועט דערביי מאַכן. פלעגט לעאָן אַ קנייטש טאָן מיט דער פליישיקער נאָז און מאַכן: ע־עט! — איז דער נייער עסק קיין עסק נישט געווען. פלעגט ער אָבער אויסציען זיין אינטעליגענטיש פּנים און אויס־רופן: אָ־וואָ! — דאַן פלעגט ווערן אַן אויסכאַפּעניש אויף דער נייער ספּעקולאַציע.

מיט אַלעמען, דוכט זיך, איז ער געווען אַ גוטער ברודער. צו אַלע־מען צוגעלאָזט, די האַנט געדריקט און זיך נאָכגעפרעגט: ווי גייטס? און דאָך איז געווען אַ דיסטאַנץ צווישן אים מיט דעם געמשער אַרום. עס איז אויסגעקומען אַזוי, ווי אַלע זענען טויב און ער דאַרף זיי אַריינ־שרייען אין די אויערן די געוויינלעכסטע זאַכן. און לעאָן האָט זיי אַריינ־געשריען אין די אויערן, מעשה אויטאָריטעט, די געוויינלעכסטע זאַכן טאַקע.

— מען דאַרף קויפן אַ צייטונג, דאַרף מען קויפן. איר פאַרשטייט? און מען דאַרף זען, ווי האַלט עס מיטן פראָנט, דאַרף מען זען. און ווי האַלט עס מיט דער בערלינער בערזע, דאַרף מען זען. און מיט מאָסקווע. דאַן וועלן מיר שוין זען וואָס מיר האָבן צו טאָן.

— איר פאַרשטייט? — האָבן די איידימלעך איינער פאַרן אַנדערן אויסגעטייטשט זיין תורה — איר פאַרשטייט? אַ קאָפּ!

שאַרפע מוחות, שפּיציקע גמרא־קעפּלעך, היץ־קעפּ, שוויץ־קעפּ, אויסגעצייכנטע שאַך־שפּילער, — פלעגט זיי נישט אַיינפאַלן זיך צו באַליידיקן אויף לעאָן ברוינערס דרדקי־טאָן. רוף מיך טיפּש, אַבי לערן מיך אויס מאַכן דעם טאַלער.

און ברוינער האָט געלערנט. אין געשעפט, אויף דער גאַס, אין קאַפע און אויף דער בערזע. אין איינע דריי חדשים איז אויסגעוואַקסן אויף געמשע אַ באַזונדער ט״פּ סוחרימלעך — ברוינעריסטן, גרויסע מאָ־

דימס אויף צו צעגלידערן די פּאָליטיש־עקאָנאָמיש־סטראַטעגישע סיטואַ־ציע און ציען פון איר די געהעריקע ספּעקולאַטיווע קאָנסעקווענצן אויף דער הייסער מינוט.

ברוינער איז, אמת, נישט געווען דער איינציקער מענטש פון פרייער פּראָפעסיע, וועלכער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין סוחרישן ווירוואַר. מען האָט נאָך אָנגעוויזן אויף אַ באַרימטן אַקוליסט, אויף צוויי שוחטים און אויף אַ סאָלידן אָפּערן־באַריטאָן, וועלכע זענען אויך געווען געכאַפּט אויף דער מעשה. אָבער ווער פון די דאָזיקע האָט דען זוכה געווען צו ווערן אַריינגעשאַצט אין אַ מיליאָן דאָלאַר?

און אַז ברוינער האָט געהערט ווי זיינע שאַצערס האַלטן שוין, האָט ער נאָר געשמייכלט און זיך די גאָלדענע ברילן פאַרריכט.

— עס פעלט נאָך אַ קאַפּיטשקע.

זיין שמייכל האָט מען געקאָנט אויסטייטשן, אַז עס פעלט טאַקע נישט קיין סך צו אַ מיליאָן.

אָבער ווען עס איז געשען, אַז דער אַלמעכטיקער אָשר פּאָדלאַסקי אַליין, איצט שוין אַ האַלבער יורד, האָט זיך אָנגעהויבן צו ווענדן צו אים נאָך עצות און אָנווייזונגען — דאָ האָט שוין ברוינער נישט אויסגע־האַלטן פּאַסאָן און זיך ביטער צעלאַכט:

— אויך דו, ברוטוס? ווער־ווער, אָבער אָשר האָט געמאָגט וויסן, אַז קיין דופק איז נישטאָ, אַז ס'איז נאָר אויף אָנצוציען דעם עולם. אָט, עס דרייט זיך זאָל זיך דרייען, קיין חכם קאָן מען דאָ נישט זיין.

אָט ווו עס האָט געשטעקט די ליטעראַרישע פּסיכאָלאָגיע! ברוינער האָט גאָר קיין מאָל נישט גענומען ערנסט דאָס מסחר. דאָרט — האָט ער געטראַכט — ווו מען קאָן אין דריי חדשים ווערן אַ מיליאָנער, קאָן מען אין אַ פיל קירצערער צייט ברעכן האַלדז און נאַקן. און דאָס איז טאַקע געווען דער אמתער מאָטיוו, צוליב וועלכן ער האָט זיך אָפּגעטיילט פון זיין מזלדיקער שותפטע פייגע־פּעסיע מונדלאַק, וואָס מיט אירע מיטאָלאָגישע געלטער איז ער צוגעטראָטן צום געשעפט. ספּעקולירן האָט ער געוואָלט אויף זיין אייגענעם חשבון, נישט אויף אירן. און פייגע־פּעסיע, וואָס צוזאַמען מיטן פאַרמעגן איז געקומען די חכמה צו איר, האָט אָנגענומען זיין מאָטיוו פאַר אַ יושרדיקן. זיי זענען געוואָרן אויס שותפים און פאַרבליבן גוטע פריינד. יעדערער האָט געפירט זיינע גע־

שעפטן אויף זיין אייגענעם סיסטעם. ברוינער האָט זיך געוואָרפן מיט שווערע טויזנטער און פייגע־פעסיע האָט געציטערט איבערן גראָשן. ברוינער האָט זיך געוואָרפן מיט פּאַרטיעס סחורה, און פייגע־פעסיע האָט געהאַלטן פון נישט פאַרקויפן.

און אַז עס איז געקומען דער קראַך און ברוינער האָט פאַרלאָרן דעם מיליאָן, וועלכן ער האָט קיין מאָל אין זיין האַנט נישט געהאַלטן, האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקערן רושם אויף גענשע, ווי אויף אים אַליין.

— געהערט? ברוינער נעבעך! אַזאַ חכם! וואָס זאָלן מיר שוין זאָגן?

— ווער? ברוינער — אַ חכם? אַ פאַרד, אַ גאָרנישט, אַ בטלן, טויג זיך נישט אַ קאַץ אַן עק צו פאַרבינדן! ווען ער בעט ביי מיר אויף אַ טראַמוויי — אסור אויב איך באָרג אים.

דאָס לעצטע האָט געזאָגט אַן אויפגעקומען איידימל, אַ געוועזענער ברוינעריסט.

נאָר אויב גענשע האָט אַזוי שנעל זיך אָפּגעפאַרטיקט מיט איר נעכטיקן אָפּגאָט, הייסט עס נאָך בכלל נישט, אַז ברוינער איז געווען אַזאַ נאַר.

פאַלנדיק פון פיעדעסטאַל, איז ער געפאַלן ווי אַ קאַץ, געבליבן שטיין אויף די פיס. קיין בעל־חוב איז ער קיינעם נישט געבליבן און עטלעכע טויזנט טאָלער האָט ער זיך פונדעסטוועגן געקליגט צו פאַרשטעקן פון זיין אייגענעם סוחרישן יצר־הרע.

נישט אמת, אַז ער איז פאַראַליזירט געוואָרן פון עגמת־נפש, ווי מען האָט געשמועסט אויף גענשע. נישט אמת, אַז ער שעמט זיך דאָס פּנים צו ווייזן, ווייל ער גייט אין צעריסענע שיך. לעאָן האָט אין יענע טעג אינגאַנצן קיין שיך נישט געטראָגן. געזעסן אין שטוב־לאַטשן, אין אַ פּידזשאַמע, ביי אַ שוואַרצער קאַווע און געשמאַק געשריבן זיין לאַנג פאַרלאָזטן ראָמאַן. אַ שרייבערייש אָדערל וויים גענשע נישט ווי אָפּצושאַצן.

און דערהערט פון דעם אומגליק, וואָס האָט דעם געוועזענעם שותף אירן געטראָפן, האָט פייגע־פעסיע זיך קודם־כל אַיינגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין דער שטיק סחורה, וואָס צוויי סוחרים האָבן געהאַנדלט ביי איר.

— אַוועקט! טשעפּעט זיך אָפּ פון מיר! איך פאַרקויף נישט! איך וויל נישט פאַרקויפן, איך וויל נישט לייזן!

האָבן די סוחרים זי אָנגעקוקט ווי חסר־דעה, זענען אַוועק און אַרויס־געשיקט צו איר אַנדערע צוויי סוחרים.

און אויך יענע האָבן מיט פאַרבענקטע בליקן זיך געזעגנט מיט דעם שטיק סחורה אין אירע הענט און מיט די אַלע איבעריקע שטיקער סחורה אויף אירע פּאָליצעס.

— אַ יידענע אַ ביסל! ליגט אויף דער סחורה ווי אַ כלב אויפן היי: פרעסט אַליין נישט און לאָזט דעם צווייטן קיין הנאה נישט האָבן.

איז פייגע־פעסיע פון נישט פאַרקויפן — רייך געוואָרן.

פאַר לעאָנען איז די געוועזענע שותפטע זיינע געווען דער בעסטער אַרגומענט, אַז צו מזל דאַרף מען קיין שכל נישט.

מעשה אַלטער גוטער־פריינד פלעגט ער אויך איצט, נאָך דעם קראַך זיינעם, אַרויפקומען צו פייגע־פעסיען און מיט אמתער אַנטציקונג זיך צוקוקן צו איר הנהגה.

אירע אַלע חשבונות האָט זי געפירט מיט דער הילף פון אַן אָפּגע־גריזשעטן סטאָלערישן בלייפעדער אויף די מאַרגינעסן פון דאַרעטשקעס אַ פאַרשריבענעם אַריטמעטישן העפט. סיי דעם העפט, סיי דעם בליי־פעדער האָט זי אויסגעגראָבן אין אַ ווינקל ערגעץ פון אירע אַמאָליקע אוצרות. און ס'איז רעכט געווען, אַז דעם קרעדיט מיטן דעבעט זאָל זי פאַרצייכענען אויף איין זייט און שפּעטער אַליין נישט וויסן, אויף וואָ־סער וועלט זי איז. אָבער די הצלחה האָט זיך פון איר נישט אָפּגעטאָן.

איצט האָט שוין מיט פייגע־פעסיען זיך אַנטציקט נישט לעאָן דער סוחר, נאָר לעאָן דער ליטעראַט. און מיט זיין אַנטציקונג איז געשטיגן זיין פאַרוואונדערונג.

אַרויפקומענדיק צו איר נאָך אַ לענגערער הפסקה, האָט ער דערזען אַ גאַנצע איבערקערעניש: פייגע־פעסיע האָט זיך מיטן אייגענעם שכל פאַרנומען אויף אַ נייעם שניט.

די סחורה איז שוין נישט געווען צעשטעקט איבער אַלע צימערן, נאָר צעלייגט אויף סאָלידע, דעמבענע פּאָליצעס אין איין גוטן גרויסן צימער — איר אַמאָליקן עסצימער.

די פּאָדלאָגע איז געווען אויסגעבעט מיט לינאָלעאום און פון דער נייער גלעזערנער טיר פון קיכישן צימער האָט סאָליד אַרויסגעגלאַנצט

דער עלעקטריש־באַלויכטענער פליך פון אַ בוכהאַלטער איבער אַ הויכער קאַנטאָרקע.

פייגע־פעסיע אַליין אין אַ סאַלאַט־גרינעם, זייַדענעם קלייד מיט זשאַבאָטן, איןברילן און מיט דער הויכער גרויער פריזור, וואָס האָט דאָס פּנים אירס ייִנגער און פרישער געמאַכט, האָט מיט אַ רייכן געראויש געשוועבט פאַרביי די פּאָליצעס מעשה־פּריצטע. און מיט די פּאָר פראָ־ווינצער סוחרים, וועלכע האָבן נישט געוווסט צי דאַרפן זיי דאָ אויסטאָן די היטלען, צי נישט, האָט פייגע־פעסיע גערעדט מיט אַ סאָלידער, ני־דעריקער ברוסט־שטימע און מיט אַזאַ זעלבסטווירדע, אַז ס'איז אויס־געקומען, — זי טענהט:

— אַז אָך־און־ווײַ איז צו דער וועלט, אַז פייגע־פעסיע די מיוחסת דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אייך!

לעאָן האָט געוווסט, אַז די געוועזענע שותּפטע זיינע פאַרמאָגט גע־נוג פאַנטאַזיע און אַקטיאָרישע פעאיקייטן, כדי זיך אייַנצורעדן און אָפּ־שפּילן עפּעס אַ געהויבענע ראָלע. אָבער צו אַזאַ געהויבענעם עפעקט, איז זי נאָך קיינמאָל נישט דערגאַנגען.

— צי שטייט זי נישט אין שידוכים, צו אַלדי גוטע יאָר? — האָט ער נישט געקאָנט פון איר די אויגן אָפּרייסן.

און פייגע־פעסיע האָט ווי געהעריק אָפּגעשוואַכט זיין פאַרווונדע־רונג. אַ פאַררויטלטע און מיט טעמפּעראַמענט און גראַציע, וועלכע ווילן זיך נישט רעכענען מיט יאָרן, האָט זי לעאָנען די הענט געדריקט:

— מען מוז מיטגיין מיט דער צייט, מיין פריינד!

אָט די אייגנשאַפט אירע פון הונדערט־פּראָצענטיקער ווייבלעכקייט שוין נישט ביי די יונגע יאָרן האָט עס לעאָנס ליטעראַריש האַרץ געפאַנ־גען, און פייגע־פעסיע האָט באַוויזן אַ קונץ, אין וועלכן ייִנגערע פרויען האָבן איר געמאָגט מקנא זיין: זי איז געוואָרן אַ העלדין פון לעאָנס גע־שריבענעם ראָמאַן.

דערצו האָט נאָך, אמת, צוגעהאָלפן דער אומבאַגרענעצטער צוטרוי, וואָס זי האָט געהאַט צו לעאָנען. אין איר ביטערער אייַנזאַמקייט האָט זי געדאַרפט האָבן פאַר וועמען דאָס האַרץ אויסצוגיסן. און אַז באַשערט איז איר געווען אַ שותּף — אַ ליטעראַט, אַ מענטשן־קענער און דערצו נאָך אַן אָנגעזעענער מאַנספּאַרשוין, האָט דער פרויען־אינסטינקט איר

דיקטירט די פולע אָפּנהאַרציקייט פאַר אים. האָט זי פּאָרטרויט פאַר לעאָנען אַזעלכע סודות פון איר פאַרגאַנגענהייט, וועלכע זי וואָלט קיינ־מאָל נישט געוואַגט צו דערציילן סלאַוועץ אַפּילו — לעאָנס ווייב. און פייגע־פּעסיע האָט זיך נישט אָפּגענאַרט. לעאָן איז געווען אַן אויפמערק־זאַמער און דיסקרעטער פּאָרטרויאונגסמאַן. נישט קיין באַריידער, חלילה. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַ באַשרייבער.

אין ברען פון דער ספּעקולאַציע האָט לעאָן, אמת, קיין געברויך פון איר דערציילונג נישט געמאַכט. ער האָט בכלל נישט געלאָזט אין זיך דעם ליטעראַט דעם קאָפּ אויפהייבן. אָבער אין אַ שרייבערס געדעכעניש גייט קיין זאַך נישט פאַרלוירן. לעאָן האָט אָפּגעלייגט אירע סודות ביי זיך אין זיכרון אויף פּראָצענט. און צו דער צייט, ווען ער האָט זיך ווי־דער אָוועקגעזעצט ביים שרייבטיש, איז שוין די זאַך געווען ביי אים אויסגעטראָגן. פייגע־פּעסיע מיט איר דערציילונג האָט געענדערט די גאַנצע קאָנצעפּציע פון זיין ראָמאַן. זי איז אַריין אין זיין ווערק, ווי אַ זייל פון דער געביידע.

אין דעם ענין פון דער נייער קאָנצעפּציע האָט אויך צוגעהאָלפן אָשר פּאָדלאַסקי, שוין אַ פריערדיקער תושב פון לעאָנס ראָמאַן.

אין פאַרלויף פון גאָר אַ קורצער צייט האָבן פאַר לעאָנס אויגן זיך אָפּגעשפּילט צוויי פענאָמענאַלע דערשיינונגען: פייגע־פּעסיעס פאַנטאַס־טישער אויפקום און אָשרס נישט־ווייניקער פאַנטאַסטישע ירידה. שוין צו־לאָקנדיק איז געווען דער קאָנטראַסט, אַז לעאָן זאָל אים נישט ווען אויסנוצן. דאָס איז געווען אַ געטריי צייט־בילד. אָבער נישט דאָס איז נאָך אַלץ.

אָשר פּאָדלאַסקיס ירידה האָט געהאַט איר פאַרגעשיכטע אין זיין אַמאָליקער שותפות מיט דעם אומגליקלעכן ביסטריצקין, וועלכער איז שפּעטער אומגעקומען אין דער געפאַנגענשאַפט. אַזוי גלייך, ווי עס האָט זיך פאַרשפּרייט דער קלאַנג וועגן ביסטריצקיס טויט, האָבן די דייטשן זיך אַ נעם געטאָן צו אשרן. מען האָט געזוכט זיין שייכות צו די אַנאָנימע בריוולעך, מיט וועלכע די דייטשן זיינען דאַן פאַרשאָטן גע־וואָרן. אויף לעאָנען האָט אין יענער צייט געציטערט די הויט, אַז זיין צופעליקע באַגעגעניש מיטן הויפטמאַן פאָן־ראָאָפּ אויף דער פּראָווינץ זאָל זיך ווי עס איז נישט אָפּרופן. לעאָנען האָט מען אָבער צורו גע־

לאָזט. אויך אשר האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאָט די נשמה שולדיק. אָבער שפּעטער מיט אַ פּאָר חדשים האָט מען זיך ווידער אַ נעם געטאָן צו אשרן. עטלעכע מאָל האָט מען אים אַרעסטירט און יעדעס מאָל האָט ער זיך אויסגעקויפט מיט ריזיקע קויציעס ביז אַ צווייטער אויספאָר־שונג. האָבן די קויציעס אַליין שוין אונטערגעבראָכן אשרס פאַרמעגן. דערצו נאָך האָבן די דייטשן ביי אים אַוועקגענומען אַ פּאָר וויכטיקע קאָנצעסיעס. ער האָט שוין נישט געקענט האַנדלען מיט בערלין.

לעאָן איז אין איין פּרט געווען אָבערגלויביק, ער האָט געגלויבט, אַז ביסטריצקיס בייזער גייסט, וועלכער האָט אים פאַרפאָלגט ביים לעבן, וועט אים נישט לאָזן צורו אויך נאָך ביסטריצקיס טויט. אָבער ווען ער האָט דערזען, אַז דער בייזער גייסט האָט זיך אָנגעזעצט אויף אַ צווייטן, אויף אשרן, איז אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. ביסטריצקיס בייזער גייסט האָט זיך געפונען אַן אַנדער קרבן, און אים, לעאָנען, וועט ער שוין לאָזן צורו.

און די רואיקע זיכערקייט האָט זיך שוין פון לעאָנען נישט אָפּגע־טאָן אַפילו דאַן, ווען ער איז שוין טיף אין האַרצן איבערצייגט געווען, אַז ביסטריצקי איז גאָרנישט געשטאָרבן, אַז פון אַ זיכערער באַהעלטע־ניש פירט ער עס אָן מיט דער גרויסער מיסטיפיקאַציע.

פון דער לעצטער קאָנצעפּציע, פונקט ווי פון זיין באַגעגעניש מיט פאָן־ראָאָפּן, האָט לעאָן געהאַלטן פאַר גלייכער צו מאַכן אַ שווייג.

אַשרס ירידה איז געווען אַ שנעלע און אַ פיינלעכע. צוזאַמען מיט זיין פאַרמעגן האָט ער אויך זיין גאַנצע תקיפות פאַרלאָרן. און זיין שלום־בית מיט דער שיינער האַנקען איז צעשמעטערט געוואָרן קאַטאַס־טראָפאַל.

איצט האָט אשר געהאַט איין טעמפּע דערקלערונג פאַר אַלע זיינע צרות. אין אַלע זיינע אומגליקן — האָט ער ביטער געטענהט פאַר לעאָ־נען — איז שולדיק איין־איינציקער מענטש: אידע. זי, אידע, וואָס האָט אים פאַר אַ מענטש געמאַכט, האָט אים נישט געטאָרט אַוועקוואַרפן, נישט געטאָרט! ער וואָלט צום שכל געקומען, ער וואָלט פון האַנקען זיך אָפּגעזאָגט, ער וואָלט געוואָרן גוט און פרום, ווען זי האָט נאָר אַ ביסל מער געדולד פאַר אים — אידע. אָן איר איז ער אַ פאַרפאַלענער.

און, אייגנטלעך, איז אפשר נישט אַזוי אידע די שולדיקע, ווי ער,

דער פּעטער בערל, אַז קיין גוטס זאָל ער נישט האָבן: זיין אויפגעקלער־טער קאָפּ שטעקט דערביי. ער האָט עס אידען אָנגערעדט צו נעמען גט און אַוועקפאָרן צו אים, צו די באָלשעוויקעס. וואָס דען? אַן אָפּגערעדטע זאַך!

און זיין ביטער האַרץ האָט אשר אויסגעלאָזט צום פּעטער בערל. ער האָט אויסגעגראָבן פון די משפחה־קעלערן אַלע ווילדע, פאַנטאַסטישע מעשיות וועגן פּעטער בערלס שטורמישער פאַרגאַנגענהייט, ער האָט זיך דערגראָבן צו בערלס יוגנט. בעת ער איז אַנטלאָפן פון דער היים, האָט ער זיך אומגעוואָלגערט אין אַלע וויסטע לעכער, ווי אַ שיק־ייִנגל, אַ שלאָסער־יונג, אַ משורר ביי אַ חזן און וואָס נישט?...

— אַזוי? אַ משורר ביי אַ חזן? — האָט לעאָן צוליב עפּעס זיך גע־וואונדערט און אָשרן האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז לעאָן האָט זיך דערפרייט.

פון אשרן האָט זיך שוין לעאָן געהאלטן פונדערווייטן. עס איז אים דערווידער געוועזן יענעמס כאַראַקטערלאָזע קלעפּיקע אָפנהאַרציקייט מיט די צופיל פאַמיליען־איינצלהייטן.

עס איז אים אויך נישט צום האַרצן געווען, וואָס אשר באַשולדיקט אידען, פאַר וועלכער ער, לעאָן, האָט געפילט דעם טיפסטן רעספּעקט.

און ווען לעאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט איבערבויען זיין ווערק, האָט ער געהאַט דעם פעסטן באַשלוס אָפּצוראַטעווען אידעס כבוד.

דאָ איז עס אים אַנטקעגנגעקומען זיין נייע קאָנצעפּציע. פייגע־פעסיעס דערציילונג וועגן איר פאַרגאַנגענהייט — אַ דערציילונג, אין וועלכער קיין זייטיקע מענטשן האָט זי, חלילה, נישט אָנגערופן ביי די נעמען — האָט ער אויף זיין אייגענער קינסטלערישער אחריות פאַרבונדן מיטן פּעטער בערל און זיין יוגנט.

דאָס איז געווען אַ צופעליקער גליקלעכער צוזאַמענטרעף, וועלכער האָט געשאַפן די אילוזיע פון וואַרשיינלעכקייט.

פייגע־פעסיע די חזנטע האָט דעם העלד פון איר ראָמאַן אָנגערופן בעריש.

און בערל פּאָדלאַסקי איז אַמאָל געווען אַ משורר ביי אַ חזן.

אַזאַ מזל האָבן שוין צוויי מינים מענטשן אויף דער וועלט: ליטע־

ראַטן און מעקלער. פאַרטאָן אין פרעמדע עסקים, פאַרנאַכלעסיקן זיי זייערע אייגענע.

פאַר דער צייט, וואָס לעאָן האָט בהדרגהדיק איבערגעבויט זיין ראַמאַן, האָט אין זיין אייגענער וווינונג זיך איינגעבירגערט עפּעס אַ גע־וויקסיקער מאַנספּאַרשוין מיט גלאַט־ראַזירטע ראָזע בעקעלעך און אַ פירקאַנטיק שאָקאָלאַד־בערדל צו דער גאָמבע צוגעקלעפּט.

געווען איז עס סלאַוועס אַמאָליקער פּאַרטיי־חבר שמואל. פאַר־שווונדן אין דער מלחמה־צייט פון וואַרשעווער האָריזאָנט, איז ער איצט אַראָפּגעקומען פון אויסלאַנד מיט אַ פאַרטיקן דאָקטער־טיטל, וועלכער האָט ביי שמואלס נאַטירלעכער פוילקייט באַדאַרפט אים אַליין, סיידן, אריינפליען אין קעשענע. אָבער אַ חוץ דעם דאָקטער־טיטל האָט ער נאָך עפּעס פאַרמאָגט. ער איז אַראָפּגעקומען פון אויסלאַנד אַלס פאַרטרוי־אונגס־מאַן פון עפּעס אַ גרויסן הילפס־קאָמיטעט.

און בלויז סלאַווע האָט די זכיה געהאַט צו רופן אים חבריש ביים נאָמען, וואָס זי האָט טאַקע געטאָן מיט אַ פרומער כוונה און פלעגט זיך צניעותדיק פאַררויטלען דערביי.

פאַר סלאַוועס מאַן האָט ער זיך פאָרגעשטעלט מיט קאָרעקטער זעלבסטווערדע:

— דאָקטער אויערבאַך.

אויערבאַך איז אויערבאַך. דער נאָמען איז געבליבן שטעקן לעאָנען אין אויער, אָבער אַריינגעטאָן אין זיין ראָמאַן, האָט ער תחילת דעם נייעם מענטשן אויף זיין האָריזאָנט כמעט נישט באַמערקט.

ער האָט אָנגעהויבן צו באַמערקן דעם גאַסט נישט דאַן, ווען יענער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די צימערן, באַטאַפּנדיק און באַטראַכ־טנדיק יעדע קלייניקייט, און אויך נישט דאַן, ווען יענער האָט זיך גע־וואַלגערט אויף זיין, לעאָנס, אָטאָמאַנע אין קאָרעקט־ריינע סקאַרפּעטן, נאָר דווקא דאַן, ווען דאָקטער אויערבאַך האָט אויסגעפּעלט אין דער וווינונג. ווייל צוזאַמען מיט אים האָט שטענדיק אויסגעפּעלט סלאַווע, סלאַווע די באַלעבאָסטע און סלאַווע די מוטער פון לעאָנס אַכט־חדשימ־דיק מיידעלע.

און געשען פלעגט עס הויפּטזעכלעך אין די אָוונטן, ווען דער

ראָמאַניסט, אַוועקגעריסן פון זיין שעפערישער אַרבעט, האָט אַליין געמוזט פאַרוויגן און איינשלעפערן דאָס קינד.

דאַן פלעגט לעאָן זיך צעזינגען איבער זאכן, וועלכע זענען גאַנץ ווייט געווען פון זיין טעמע. ער האָט עס געטאָן מיט אַ פילאָסאָפישער רואיקייט.

— פאַרפאַלן, מירעלע! די וועלט וועלן מיר ביידע נישט איבער־מאכן. שלאָף־איין, שלאָף איין, מיין קינד! מיט דער צייט וועסטו פאַר־שטיין, אַז די מאמע דיינע איז נישט ערגער, נישט בעסער גאָר אַלע פרויען. און אַז דו וועסט אויסוואקסן אַ גרויסע, וועסטו גיין אין אירע וועגן. שלאָף איין, מיין קינד, שלאָף איין. אז עס מאַכט זיך נישט, ווי עס ווילט זיך, מוז זיך וועלן, ווי עס מאַכט זיך. אויף אונדזער לשון הייסט עס: רעזיגנאַציע. געדענק־זשע, מיין שיין מיידעלע: רע—זיג—־נאַציע...

צוליב אַ פיין ווערטל: רעזיגנאַציע, האָט לעאָן זיך באַפריינדעט מיטן דאָקטער אויערבאַך — זיין וויבס פריינד.

אָט דער דאָקטער מיט די ליידיקע הענט האָט נישט נאָר אַ טבע געהאַט אַרומצוטאַפּן אַלץ, אויף וואָס ער פלעגט ווענדן זיין אויפמערק־זאַמקייט. ער האָט זיך אויך אָפט געטאַפּט פאַרן אייגן צוגעקלעפּטן בערדל, ווי צו זען, צי עס האַלט זיך נאָך אויף דער גלאַטער גאָמבע.

דערביי האָט ער מיט אַ גאַנץ נאַרישעוואַטן אויסדרוק אַרויסגע־זאָגט גאָרנישט קיין נאַרישע געדאנקען. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו הויכע דיסקוסיעס, ווי יעדער געוועזענער פאַרטייאישער לייב. פלעגן די ליפּן זיינע פעט זיך צעגלאנצן. און שעמעוודיק־מיידלש האָט גע־גלאַנצט דאָס הויקערל אויף דער דינער נאָז. און דאָס גאַנצע פּנים זיינס, גוט אויסגעבעט און גלאַט ראַזירט, האָט באַקומען דעם אָנבליק פון אַן אָפּגעפּוצטן ראָזן עפּל אין שויפענצטער.

און אַזאַ אייגנשאַפט האָט נאָך פאַרמאָגט דער דאָקטער אויערבאַך: ער פלעגט נישט פאַרטראָגן עמעצנס צו־שטאַרקן בליק. אין אַזאַ פאַל פלעגט דאָס פּנים זיינס אָנהויבן אַ געראַנגל מיט זיך אַליין, כדי נישט אָפּצושפּיגלען דעם אויסדרוק פון יענעם מענטשן, וואָס האָט אים שאַרף אָנגעקוקט. און דער סוף פלעגט זיין, אַז ער פלעגט יאָ אָפּשפּיגלען, אָנ־הויבנדיק פון אַ שמייכל און געענדיקט מיטן אויסדרוק פון צאָן־ווייטיק.

און מערקווירדיק: ביי דער גאַנצער אויסערלעכער כאַראַקטערלאָזי־קייט, פלעגט ער אין געשפּרעך אָנהאַלטן אַ פעסטן אומאָפּהענגיקן טאָן.

לעאָן האָט זיך דערקונדיקט אין דעם, ווען ער האָט דעם דאָקטער אוֹיערבאַך געמאַכט פאַר אַ קריטיקער איבער זיין ראָמאַן.

ער האָט פאַרשלעפּט זיין ווייבס פריינד צו זיך אין קאַבינעט און אים איבערגעלעזן אייניקע קאַפּיטלעך.

דער דאָקטער האָט געהערט נערוועז און אויפמערקזאַם. אייניקע מאָל געביטן די פּאָזיציע אין פאָטעל, זיך געטאַפּט פאַרן בערדל און לעאָנען, ווען ער פלעגט וואַרפן אַ בליק אויף אים, האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דער דאָקטער שפּיגלט אָפּ דעם אויסדרוק דאָ פון דעם, דאָ פון יענעם העלד פון ראָמאַן.

ענדלעך האָט דער דאָקטער גענומען אַ וואָרט. אויסמיידנדיק לעאָנס בליק, האָט ער קודם־כל אונטערגעשטראָכן, אַז פון דעם געלעזענעם לאָזט זיך אַרויספילן דעם אויטאָרס טיפע גלייכגילטיקייט צו זיינע העלדן. און דאָס איז אַ חסרון.

לעאָן האָט אָן דער באַמערקונג זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט.

— דאָס איז העכסט פאַרשיינלעך, דאָקטער, העכסט פאַרשיינ־לעך. איך בין אין די מענטשן נישט איבעריק שטאַרק פאַרליבט. איך האָב, אמת, ליב מענטשן טעטיקע, מיט אַ ציל, מיט אַ אידעע אין לעבן. מען דאַרף אָבער אונטערשיידן, דאָקטער. מענטשן מיט אַ אידעע זענען נאָך ווייט נישט קיין אידעאַלע מענטשן. דער אידעאַלסטער מענטש — יענער איז גאָר אַ שטילער צדיק. פאַר זיינע אויגן מאָג די וועלט אונ־טערגיין, וועט ער צו איר קיין האַנט נישט צולייגן. מענטשן אידעאַלע האָבן קיין ווילן נישט איבערצובויען די וועלט, כדי נישט קאַליע צו מאכן איר אַזוי אויך שלעכטן מעכאַניזם. מענטשן מיט אַן אידעע האָבן נישט מורא פאַר קיין פעלערן און זיי באַגייען זיי טאָקע. ס'איז אַ פאַרכישופ־טער קרייז, דאָקטער. עס איז דעריבער שווער צו זיין פאַרליבט אין מענטשן.

אָבער דער דאָקטער אויערבאַך האָט צו־נאָענט צום האַרצן גענומען די אומיושרדיקייט פון לעאָנס קלאַסיפיקאַציע. ער האָט זיך גענומען פאַרטיידיקן די אידעאַלע מענטשן, ווי אַן אייגענע משפחה־אָנגעלעגנ־הייט. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ גרינטלעכן פסיכאָ־אַנאַליז.

און סלאווע איז, בעתן לעזן, אין דער היים נישט געווען. זי איז אָנ־געקומען שוין בעת דער העפטיקער דיסקוסיע אין פּאַרמאַכטן קאַבינעט. איז איר בליק געבליבן הענגען אויף דער אומברחמנותדיק־פּאַרמאַכטער טיר און דאָס האַרץ איז איר אַראָפּגעפאַלן אינאיינעם מיט די הענטש־קעס אויף דער פּאָדלאָגע.

זי האָט שוין לאַנג געשפּירט, אַז לעאָן וועט איין מאָל פאַר אַלעמאָל וועלן קלאָר מאַכן די לאַגע פון אַ דריטן דערוואקסענעם מענטשן אין הויז. פאַר אירע אויגן האָט זיך איר געשטעלט די שוועסטער די מאַר־טירערין — באַסיע — און איר באַלויכטן איר אייגענעם מאַרטירער־וועג.

יאָ, זי האָט זיך געגרייט, סלאווע, זי האָט זיך געגרייט און זי איז נאָך אַלץ נישט גרייט געווען. לעאָן איז אַ מענטש אַן אומדערטרעגלע־כער. נו, וואָס וואָלט אים געארט — גאָט אין הימל! — ווען ער לייגט אָפּ דעם ביטערן שמועס אויף אַ צווייטן מאָל, ווען ער וויל נישט לייזן די האַרבע פראגע איצט, אין אַזאַ ענגער צייט, ווען זי איז לחלוטין נישט צוגעגרייט און ווען עס קאָנען גיין לאיבוד די צוויי בילעטן פאַר איר מיט שמואלן אין טעאַטער?

זענען נאָך דאָ אויף דער וועלט אַזעלכע ענגהאַרציקע עגאָאיסטן, ווי די ליטעראַטן זענען? סלאַווע איז געשטאַנען פאַר דער צוגעמאַכטער טיר און דערהערט פון דאָרט שמואלס העפטיקע ווערטער וועגן אידעאלע מענטשן, האָט זי אויפגעציטערט מיט די רונדע אַקסל, רויט געוואָרן און זיך געלאָזט שוועבן אַרום טיש מיט אַ געפיל פון אומפאַרמיידלעכער קאַטאַסטראָפע. פון עס־צימער איז זי געלאָפן אין קיך און פון קיך — צוריק און געבליבן איז זי ענדלעך שטיין, ווי אין אַ באַהעלטעניש אין קליינעם גלעזערנעם קאָרידאָר, צווישן קיך און עסצימער.

און דאַן איז עס, אייגנטלעך, געשען. דער העפטיקער שמועס אין קאַבינעט האָט זיך איינגעשטילט. און סלאווען האָט זיך געדאַכט, אַז אייביק דויערט די שטילקייט.

דאַן האָט זיך אויפגעפּראַלט די טיר פון קאַבינעט און ביידע מאַנס־פּאַרשוינען האָבן זיך אַריינגעריסן אין עסצימער.

ווי אַ סלופּ איז סלאווע געבליבן שטיין, ווען זי האָט דערזען דעם מאַן אירן מיט שמואלן פרידלעך געאָרעמטע.

בֵיים דאָקטער האָט דאָס פנים געגלאַנצט, ווי אַן אָפּגעפּוצטער

עפּל, און סלאַווען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט אַפּאַלאָ זיך צוגע־קלעפּט אַ בערדל. און לעאָן האָט געגלאַנצט מיט די אָפּגעפּוצטע ברילן און זיינע לענגלעכע אויף צוריק־פאַרקעמטע געקרייזלטע האָר האָבן אויפגעדעקט זיין שטערן פון אַ תלמיד־חכם.

און סלאַווע פון איר גלעזערנער באַהעלטעניש האָט אין דעם אייגנבליק נישט געוווּסט, צי האָט זי דאָס רעכט צו פילן זיך גליקלעך.

— אַזעלכע צוויי אינטעליגענטע מאַנספּאַרשוינען! זי וועט דאָך צווישן זיי בטל ווערן!

און צוזאַמען מיט איר גרויס גליק האָט זי אויך דערפילט אַ שטאָך פון אייפערזוכט אויף זייער פלוצלונגער פריינדשאַפט.

און שפּאַצירנדיק פריינדלעך־געאָרעמט אַרום עסטיש, וואָס איז נאָך נישט געדעקט געווען צו מיטיק, האָט דער דאָקטער לעאָנען געפרעגט:

— ווי אַזוי־זשע וועט איר דעם ראָמאַן אַ נאָמען געבן?

— וועגן דעם, זעט איר, טראַכט איך טאַקע, איך מיין אים אָנרופן: די באַצוווּנגענע אויפן געמויזעכץ.

— המ... די באַצוווּנגענע... אויפן געמויזעכץ. ויכבשוה באדו מיינט דער פּסוק?

— אָט, אָט... איך זע, אַז איר פאַרשטייט.

און דער שריפטשטעלער האָט דעם נייעם פריינד זיינעם געקלאַפּט איבער דער אויסגעבעטער פּלייצע.

## 13

## לעאָן העלפט בויען די מלוכה

ווען נאָך עטלעכע חדשים אומדערמידלעכער אַרבעט איז דער ראָמאַניסט ענדלעך אַרויסגעקראָכן פון טינטער, זענען די חושים זיינע שוין געווען אָפּגעוווינט פון דער לעבעדיקער וועלט.

פון אַ גוט־באַשריבענעם הייסן תמוז־טאָג האָט נאָך קיינער נישט אָנגעהויבן שוויצן, און פון אַ גוט־געמאָלטן האַרבסטיקן רעגן־וועטער האָט נאָך קיינעם נישט דורכגענעצט די שיך.

פאַר אַ שריפטשטעלער איז דאָס אַ מעלה: זיך אָפּגעוווינען פון

דער אַלטער אָפּגעריבענער וועלט. מען קאָן זי שפּעטער אויפנעמען, ווי אַ שפּאָגל־נייע.

האָט שוין אָבער אַזאַ טבע דאָס פּאַרטינטלטע פּאַפּיר, אַז עס עסט זיך איין אין דער נשמה. פאַרלאָזן דאָס איינגעזעסענע אָרט ביים שרייב־טיש, האָט לעאָן שפּעטער די גאַנצע וועלט אויפגענומען, ווי אַן אָנגע־שריבן בוך, ווי אַ ליטעראַרישע דערשיינונג און דווקא פון דעם שטאַרק הנאה געהאַט.

ער איז געווען ליטעראַריש אַנטציקט און באַרוישט און פאַרכליניעט פון דעם הו־הא און מוזיק אויף די וואַרשעווער גאַסן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז וואַרשע האָט זיך אויסגעבעט אַ געלעגער אין קלינגענ־דיקע פערזן.

די פעברואַר־זון האָט אַ תל־געמאַכט פון דער גאַנצער טאַנדעטער ווינטער־דעקאָראַציע. פון די דעכער האָבן אַראָפּגעציטערט ביז צום שאָטן אויף דער גאַס געפלאָכטענע ברילִיאַנטענע שנורן, און דער אַלט־זילבערנער, לאַנג־שפּיצנדיקער אַזשור אויף אַלע קאַרניזן האָט דאָ און דאָרט זיך אָפּגעריסן און זיך געבראָכן מיט אַ דין־גלעזערנעם געבראַזג. אַ האַלבע גאַס איז פאַרשיכורט געווען פון איר אייגענעם נאַסן זון־גלאַנץ און די צוזאַמענגעקערטע קופּעס שניי האָבן זיך פאַרמאַסקירט אונטערן מאַנטל פון אַמתער פינצטערער בלאָטע.

צו דער שפּיל פון דער נאַטור האָט מיטגעהאָלפן די שפּיל פון דער מענטשהייט. אויף אַלע וואַרשעווער באַלקאָנען האָבן זיך צעבליט ווייס־רויטע פענער. אויף די אַרויסגעהאָנגענע טעפּיכער האָט זיך צע־שפּרייט אַ ווייסער אָדלער, אויף יעדן טעפּיך מיט אַן אַנדער געשטאַלט. ער האָט זיך געקנייטשט, ווי אַ לעבעדיקער — דער אָדלער, געוואָרן דאָ ברייטער, דאָ לענגער, ווי געוואַקסן און זיך איינגעשרומפּן צום טאַקט פון דער אומאויפהערלעכער מוזיק.

האָט לעאָנען פאַר די אויגן געשווינדלט און דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט פון זון און פון ווייס־רויט. און די אָרקעסטער־קלאַנגען האָבן פון ביידע זייטן אים אונטערגעכאַפּט אונטער איין אָרעם און אונטערן אַנדערן און געהאָלפן אַריבערשוועבן די בלענדיקע גאַס. לעאָן האָט זיך דערפילט היימיש מיטן פוילישן פאָלקס־הימן.

אָז די פּוילישע מלוכה ווערט צוריק אויפגעבויט — דאָס האָט ער

שוין לאַנג געהערט פון די צייטונגען. אָבער איצט האָט ער מיט זיינע אייגענע אויגן אַריינגעקוקט אין דער נייער בלאַט פון דער פּוילישער געשיכטע. און געשריבן האָט די בלאַט געשיכטע אַ פּאָעט און געשריבן זי אין קלינגענדיקע ראָמאַנטישע פערזן.

אויף קראָקאָווער פּאַרשטאָט, איבער דער שטוינענדיקער מאַסע אָפּגעדעקטע קעפּ, איז אויף די ברייטע וועלן פון פאָלקס־הימן לאַנגזאַם געשוווּמען אַן אַליי פון פאַנטאַסטישע זעגלען, אַן אומענדלעכע ריי פון מיטלאַלטערלעכע צעכן־פאָנען. די כל־המינים הייליקע, געשטיקטע אין גאָלד און באַצירטע מיט לאַטיינישע פּסוקים האָבן זיך לאַנגזאַם־ברכהדיק געוויגט איבערן המון. און אין איין גוס מיט זיי זענען מיטגעשוווּמען מיט זייער פאַרלאָשענער רויטקייט, ווי צוזאַמענגעלייגטע פּויפּסטלעכע באַלדאַכינען, די ריזיקע פאָנען פון פּ. פּ. ס.

האָט שוין דאָס בילד אַליין, ווי אַן אומגעריכטער פייערלעכער אַקאָרד, זיך אָפּגערופן אויף לעאָנס באַרוישט געמיט.

ער האָט אָנגעקוקט די באַצירטע באַלקאָנען, אָנגעשפּיקעוועטע מיט מענטשן, און עס האָט זיך אים געוואָלט אַרויפשרייען צו זיי:

— מענטשן־בירגער! קומט אַראָפּ צום המון! זייט נישט אָפּגעשיידט פון אים! זייט נישט קיין צושויער!

ער אַליין איז שוין זיכער נישט געווען קיין צושויער. דאָס האַרץ האָט אים געטראָגן איבער אַ ניי־אויפגעריסענעם קוואַל פון פּאַטריאָטיש־ליטעראַרישער ראָמאַנטיק אינאיינעם מיט די פאָנען פון מיטלאַלטער און פון פּ. פּ. ס.

פאַרביי זיינע אויגן האָט דעפילירט די אויפגעקומענע פּוילישע מלוכה, דעמאָנסטרירנדיק דעם בלויען פויגל פון פאָלקסאיינהייט און בורגפרידן.

גרויע אַריסטאָקראַטן און לאַנד־מאַגנאַטן אין צילינדערס, צעכנ־מייסטערס מיט טראַדיציאָנעלע לאַנגע וואָנצעס — אין צילינדערס, קאַטוילישע גלחים מיט סאָלידע אַקטיאָרישע פּנימער, אַרמענישע גייסט־לעכע מיט שוואַרצע ברייטע בערד, יידישע רבנים — אַן עקזאָטישער עפעקט — מיט זילבער־ווייסע בערד און פּיאות און אין ריזיקע שטריימלעך. און נאָך די רבנים — פייערלעשער אין די היימישע

בלישטשענדיקע העלמען און נאָך די פייערלעשער — שווימער און נאָך די שווימער קעמפער: די פּוילישע סאָציאַליסטן אין מאַצעיוווקעס.

לעאָן האָט שוין געזען דעם נס, ווי דורך צעבראָכענע ברילן. אַלץ האָט זיך אים געטאָפּלט פאַר די אויגן.

— וואָס ווייסטו, לעאָן?

— האַ?

סלאַווע האָט צאַרט און בישט דרייסט איר האַנט אויף זיינע אַרויפגעלייגט. זי איז געשטאַנען פאַר אים ענג געאָרעמט מיט איר באַגלייטער דעם דאָקטער אויערבאַך. דער דאָקטער האָט מיטגעטראָגן אַ מינע, ווי ער וואָלט געבלאָזן אין אַ טראָמפּייט. מעגלעך, אַז דאָס האָט ער אָפּגעשפּיגלט דעם אויסדרוק פון אַ דערביייאיקן אָרקעסטער.

— וואָס ווייסטו, לעאָן? — האָט זי אים איבערגעפרעגט אומעטיק־פאַרשולדיקט.

— איך ווייס, מיין טייערע, איך ווייס, וואָס דער גרויסער וויספּיאַנסקי איז געשטאָרבן פאַר דער צייט. ער האָט עס געדאַרפט מיט זיינע אויגן צוזען. אי, וואָלט עס געווען אַ פּאָעמע!

סלאַווע האָט אים געשאָנקען אַ צאַפּלדיקן בליק פון צאַרטן מיטגעפיל און אַ זיפץ געטאָן.

— גוט וואָס מיר האָבן זיך דאָ געטראָפן, לעאָן.

— אַוודאי איז גוט.

און נאָענט לעבן זיי זענען געשטאַנען צוויי אַלטיטשקע פּוילישע פרויען, צוויי אַלטע מוטערס, ווי פון וויספּיאַנסקיס אַ סצענע אַראָפּגענומען. זיי האָבן זיך געהאַלטן שטייף צוזאַמען, ווי צונויפגעקלעפט, ביידע אין שוואַרצן, ביידע ציטערדיק־אָרעמע און זיי האָבן אויך געוויינט. אין די אַלטע ווייבערישע הערצער האָט זיך ווי ראָסט איינגעגעסן די פאַרעלטערטע גלות־שרעק און די פאַרטרערטע אויגן האָבן צעשראָקן, אָן צוטרויען געקוקט אויף פּוילנס אויפקום. זיי האָבן נישט געגלויבט, אַז עס זאָל אָפּגיין גלאַט, אָן צער, אָן קאַטאַסטראָפעס.

און דער דאָקטער אויערבאַך האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ וויינִיקפּיינפּילנדיקן מענטש. דווקא איצט איז אים איינגעפאַלן צו ווענדן זיך צו לעאָנען:

— איר ווייסט, ברוינער, איך טראַכט אַלץ וועגן דעם העלד אייערן,

קיווע וויינשטיין. עפּעס אזא פּלוצלונגע ירידה פון זיין סוחרישער גדולה אַראָפּ. אומגלויבלעך.

— איך וועל אייך ווען עס איז באַקאַנען מיטן פּראָטאָטיפּ — האָט לעאָן קורץ געענטפערט, כדי איבערצורייסן דעם פּראָזאאישן שמועס.

— וועגן וועמען רעדסטו דאָס, לעאָן? — האָט סלאַווע צערטלעך־אומעטיק געפרעגט.

און לעאָנען איז געוואָרן נישט אַנגענעם, וואָס זיין פרוי קוקט אויף אים מיט אַזעלכע בלישטשענדיקע רחמנות־אויגן.

— איך רעד וועגן אשרן, מיין טייערע.

— אַ־אַ!

און זיינע טרערן האָט זי אַוודאי אויך פאַלש אויסגעטייטשט.

דער עולם, וואָס איז געשטאַנען אין דרייפאַכע שפּאַלערן אויפן טראָטואַר און, געשלאָסן האַנט אין האַנט, געהאַלטן די אָרדענונג אין דער נייער מלוכה — אָט דער עולם האָט אין איין אָרט פּלוצלונג אַ פּראַל געגעבן אויף צוריק אין גרויס איילעניש. ס׳איז געוואָרן אַ שטור־פּעניש, אַ יאָגעניש, אַ קוויטשעריי. לעאָן איז געוואָרן אַוועקגעשטויסן פון זיין אָרט אינאיינעם מיט די צוויי פּוילישע אַלטע מוטערס.

עמעץ איז פאַרבייגעלאָפן. עמעצן האָט מען נאָכגעיאָגט. און די צוויי מוטערס זענען געשטאַנען אינמיטן ווירוואַר, איינע דער אַנדערער אויפן האַלדז געפאַלן און יאָמערלעך געוויינט. עס איז געשען דאָס, פאַרוואָס זייערע גלות־הערצער האָבן די גאַנצע צייט געציטערט. עס איז פאַרשטערט געוואָרן די פרייד.

די פּראָצעסיע פון די פּענער איז אָנגעגאַנגען אין דעם זעלביקן טעמפּ, ווי פריער. די אָרקעסטערס האָבן אויף קיין רגע נישט איבער־געריסן דאָס שפּילן.

די גאַנצע מהומה איז געווען אַ לאָקאַלע געשעעניש אויף אַ ווינקל גאַס.

זי איז אויסגעבראָכן צוליב אַ פּרעכן קעשענע־גנב, וועלכער איז געקומען צו דער פייערונג מאַכן געשעפט. מענטשן האָבן מיט זייערע אויגן געזען, ווי דער גנב איז געלאָפן, ווי מען האָט אים געכאַפּט און אַוועקגעפירט. און דאָך האָבן זיי שוין געגלויבט נישט די אויגן זייערע, נאָר די צוויי הילפלאָז־צעיאָמערטע אַלטיטשקע אינמיטן דער גאַס. זייער־

געיאָמער איז געווען, ווי אַ טראַגישער אַנזאָג פון אַ ניי פאָלקס־אומגליק.

לויפנדיק איבער זייטיקע גאַסן, זוכנדיק מיט די אויגן סלאַווען מיט איר באַגלייטער, האָט לעאָן געזען, ווי די מהומה גייט אַריין אין די געמיטער. אויף שריט און טריט גרעסערע און קלענערע גרופּקעלעך אַרום איינצלנע דערציילער און קאָמענטאַטאָרן. און ווי היגער דעם האָבער, אַזוי פּיקן זיי די פּאַניק, וואָס ער צעשיט פאַר זיי הויפנסווייז.

און וואָס נענטער צו די יידישע קווארטאַלן, אַלץ פּאַנישּ־לײדיקער ווערט אויף דער גאַס. אויפן ראָג פון די נאַלעווקעס און בעליאַנסקע האָט לעאָן זיך געמוזט אָפּשטעלן. עס זענען אים אַנטקעגן געלאָפן אַ כאָפּטע צעשראָקענע יידן.

— פּעטער, גייט נישט! מען שיסט!

און די גאַנצע כאָפּטע יידן איז ערגעץ צערונען געוואָרן אונטער די הענט, ווי די ערד וואָלט זיי איינגעשלונגען.

פון די נאַלעווקעס האָט מיט אייזערנעם געבראַזג פאַרקערעוועט אַ פראַנצויזישער פּאַנצער־אויטאָמאָביל מיט צוויי קוילנוואַרפערס אויף טורעמלעך. און עטלעכע ציווילע יונגעלייט אין זעלנערישע היטלען האָבן, שטייענדיק אין פּאַנצער־אויטאָ, געלאָזן געטראַסקעט פון ביידע קוילנווארפער גלייכצייטיק אין דער לענג פון בעליאַנסקע גאַס.

לעאָן האָט קוים באַוויזן זיך צוקלעפּן צו דער פראַמוגע פון אַ פאַרמאַכטן טויער, ווען דער מחבל האָט זיך מיט אַ געטראַסק און גע־בראַזג פאַרבייגעטראָגן, ווי דורכלעכערנדיק אים ביידע אויערן.

לעאָן האָט זיין פלאַכע באַהעלטעניש נישט פאַרלאָזן אַזוי לאַנג, ביז פון די נאַלעווקעס איז אָנגעקומען אַ צווייטע פּאַרטיע יידן, דאָס מאָל מיט אַ שווערן, געפּלאָנטערטן טריט, ווי זיי ווילן לויפן און מען לאָזט זיי נישט. און מען האָט זיי טאַקע נישט געלאָזט. די יידן זענען געווען אַרומגערינגלט מיט באַוואָפנטע יונגעלייט. לעאָנען האָט מען באַמערקט אין זיין פלאַכער באַהעלטעניש און אויך אַריינגעשלעפּט פאַר ביידע הענט אין מאַרש אַריין, אַז עס זאָל אים נישט זיין אומעטיק אויף דער טויטער גאַס אַליין.

די זון, וואָס האָט נאָך מיט אַ שעה צוריק אַזוי העל־פרילינגדיק גע־שיינט, איז זיך מודה געווען אין איר טעות און האָט זיך בחרפּתה פאַר־

שלייערט מיט אַ שיטערן שניי. עס איז שוין קאַלט געווען צו קוקן אויף איר. ס'איז שוין קיין צייט נישט געווען זיך אומצוקוקן אויף איר.

די גאַנצע פּאַרטיע אַרעסטירטע האָט מען אַריינגעטריבן איינציק־ווייז, ווי אַ סטאַדע גענדז, אין אַ האַלב־פאַרקייטלטער פורטקע פון קאַזאַרמע־הויף.

— אָבער וואָס קומט דאָ פּאָר, — האָט לעאָן איצט געפּרוווט זיך פונאַנדערפרעגן.

— אַדרבא, זאָגט איר? איר האָט דאָך צוויי פּאָר אויגן — האָט אַ בייזער ייִד זיך געוויצלט. און אַ צווייטער האָט אים אַריינגעשריען אין אויער אַריין:

— פּעטער! דאָס פירט מען אונדז אין באָד אַריין.

אַזוי גלייך, ווי לעאָן האָט דערשפּירט דעם אַלטן רוסישן קאַזאַרמע־ריח, וועלכער האָט איבערגעלעבט די דייטשן און די אַנטשטייאונג פון דער נייער מלוכה, איז אים ליכטיק געוואָרן אין מוח און ער האָט אויפגעהערט צו פרעגן קשיות.

ער האָט זיך געראַטעוועט אין זיין לעצט באַהעלטעניש: אין רעזיגנאַציע. מיט אַ שמייכל פון רעזיגנאַציע האָט ער אויפגענומען דעם פאַקט, וואָס אַ געפּאַקטער שייגעץ אָן ברעמען האָט אים געדרייט ווי אַ מאַנעקען אויף אַלע זייטן און געזוכט ביי אים באַמבעס אין די קעשענעס.

מיט דעם זעלביקן שמייכל האָט ער רעאַגירט אויף דער סצענע פון דעם העפלעכן לעגיאָניסט פון האַלערס חדר, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ ביכעלע און מיט אַ שערעלע צווישן די בערדיקע ייִדן און שעמעוודיק געגלאַנצט מיט די ברילן.

— אַנטשולדיקט, פּאַניע סטאַראָזאַקאָני! כ'וועל נישט צופּן, נישט פליקן, כ'וועל נאָר אויסשערן עטלעכע הערעלעך. איך קאָלעקציאָניר, פאַרשטייט איר מיך, ייִדישע בערד.

און געבלעטערט האָט ער פאַר ייִדן זיין אייגנאַרטיקן הערבאַריום פון פלאַציקע ביגטלעך און רינגעלעך האָר: בלאָנדע, רויטע, ברוינע, שטייפע, געקרייזלטע, פעפער־שוואַרצע, טויט־זילבערנע און מילך־ווייסע...

— נאָר אָפּשערן, פּאַניע סטאַראָזאַקאָני, אָפּשערן...

און לעאָן האָט זיך כמעט ווי געשעמט, וואָס ער האָט נישט קיין באָרד פאַרן העפלעכן קאָלעקציאָנער.

יאָ, אָבער ווי קומט ער עפּעס אין אַ צימער מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער? און אַזאַ ענגשאַפט, אַזאַ מיאוסער גערוך.

שוין ביי דעם ערשטן שריט פאַרטשעפּעט ער זיך אָן אַ פּאָר גע־לאָסן אויסגעשטרעקטע הילצערנע פיס און ווערט שיער געהרגעט.

— אַנטשולדיקט!

— אשרי יושבי ביתך, עוד יהללוך סלה!

— גיב אים דאָרט איבערן קאַפּעליוש!

— זעץ אים אַרויס די אונטערשטע פּאָר אויגן!

— איי, געוואַלד, יידן, מיין קאַפּאָטע!

און לעאָנען פליט אין פּנים אַ וואַרעמע עיפּושדיקע שמאַטע, פון וועלכער ער קאָן זיך לאַנג נישט אַרויספּלאָנטערן.

— איי, האָב איך מיר געשפּילט אויף דער טויז אייכל... מאַך אים אַ משכנתא, מאַך אים! איי, האָב איך דאָך פאַרשפּילט דעם גאַנצענעם שכל...

נו, אַז רעזיגנאַציע איז שוין נישט קיין באַהעלטעניש — דאַן איז ביטער.

לעאָנס האַרץ האָט אַ פּישטשע געטאָן, ווי אַ קליין בלינד הינטל, וואָס מען האָט עס אָנגעטראָטן מיטן פוס. אַ משוגעים־הויז?

קעגנאיבער האָט געטאַנצט אַ ייד אין עקלהאַפט־שמוציקע מערידן־גאַטקעס און געשפּרונגען, ווי אַ הונט קעגן דער לבנה, ווענדיק כאַפּן די פליענדיקע קאַפּאָטע, וואָס איז געפלויגן פון איין עק שטוב צו דער אַנדערער איבער אַלעמענס קעפּ.

אויף דער העסלעך־פייכטער פּאָדלאָגע האָט מען פילאָסאָפיש גע־שפּילט אין קאָרטן, אויסגעשטרעקט די פיס אויף הפקר, אַלע זאָלן טרעטן. אין איין ווינקל האָט מען געפייפט, אין צווייטן — זיך געריסן צו פעטש און אויף די נאַרעס זענען געזעסן אַ פּאָר יידן אין אונטערוועש, ווי ביי זיך אין שלאָפצימער.

— איך קאָן נישט אַראָפּ, פאַרשטייט איר מיך, וואָרעם מען וועט פאַרכאַפּן די נאַרע. — האָט איינער פון די יידן לעאָנען דערקלערט און אים פאָרגעלייגט אַ שטיקל אָרט צו זעצן זיך.

און פון פענצטער מיט די קראַטעס האָט זיך אָפּגעריסן אַ חסידיש

יינגעלע מיט פאַרחלשטע פאַרבלאָזע פּיאותלעך. ער איז געקומען צו לויפן גלייך צו לעאָנען.

— אוי, פעטער, אַזאַ רחמנות! אַ קליין פייגעלע איז אַרויסגעפאַלן פון דעם נעסט און די מאַמע אירע נעבעך פישטשעט! אוי, אַ רחמנות!

אַ לאַנגע צייט איז אַריבער, ביז לעאָן האָט פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים, ביז ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז אָט דעם גאַנצן ערב־רב האָט מען אין איילעניש איזאָלירט ביים בויען די נייע מלוכה.

און ווען ער איז געקומען צום געדאַנק, אַז עס קאָן אים נאָך דאָ אויסקומען איבערצונעכטיקן, האָט ער דערפילט, אַז זיינע נערוון וועלן דאָס נישט אויסהאַלטן.

און דער ייד אין די גאַטקעס האָט אים געטרייסט:

— עס קאָן אייך אויסקומען דאָ צו פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן אויך. פּונקט אַזוי ווי מיר. איך בין פון טורעק, בין איך.

די אייזערנע שטאַבע איז אַראָפּגעפאַלן און אין דער געעפנטער טיר האָט זיך אַריינגעשטופּט אַ פינצטערער וועכטער.

— ווער דאַרף אויף דער לופט, ווער דאַרף?

צוזאַמען מיט אַנדערע איז לעאָן געלאָפן משתין זיין אונטער דעם וועכטערס קאָנטראָל, כדי כאָטש אויף אַ רגע צו האָבן די אילוזיע פון פרייער באַוועגונג.

— ראַטעווע, ברודערקע, כ׳וועל דאָס נישט אויסהאַלטן! — האָט ער זיך פאַרן וועכטער פאַרטרויט.

און ער איז געוואָרן געראַטעוועט.

— ווער קאָן לעזן און שרייבן? — האָט דער וועכטער אויסגערופן צו דער פּאַרטיע, וואָס ער האָט צוריקגעפירט אין פאַרקראַטעוועטן משוגעים־צימער.

פאַרשטייט זיך, אַז לעאָן איז געווען צווישן די קענערס.

האָט מען אים און נאָך אייניקע ווילגעלערנטע אָוועקגעפירט באַזונדער, שטיגן־אַראָפּ, שטיגן־אַרויף און ענדלעך זיי אַריינגעטריבן אין אַ ריזיקער האַלב־פינצטערער קאַזאַרמע־קיך. דאָ האָט מען יעדן געגעבן אַ טעמפּן מעסער אין דער האַנט און אָוועקגעזעצט שיילן קאַרטאָפל.

האָט לעאָן געשיילט איבער דעם רעשט פון דעם טאָג און דורך דער

גאַנצער לאַנגער ווינטער־נאַכט. אַזוי־אַרום האָט ער אַריינגעטראָגן זיין חלק שעפערישער אַרבעט פאַר דער נייער מלוכה אין איר אויפקום.

אויף מאָרגן האָט מען אים באַפרייט. דער שעף פון דער יונגער קאָמאַנדע האָט זיך אַפילו אַנטשולדיקט פאַר אים, איבערקוקנדיק זיינע דאָקומענטן.

— וואָס זאָל מען טאָן, מיין הער! אַז מען האַקט האָלץ — פליען שפענער.

דער שעף האָט גערעדט מיט אַ רוסישן אַקצענט, געהאַט אַ מיליטעריש אויסזען און אַ פרעכטיקן פּאַניאַטאָווסקי־קאָפּ מיט ווייכע בלאָנדלעכע באַקן־בערד. אַט דער פרעכטיקער קאָפּ האָט זיך לעאָנען איינגעקריצט אין זיכרון אויפן פּאָן פון די שיינע אַלטע פּאָרהאַנגען אין שעפס קאַבינעט.

ביים געזעגענען האָט דער אָפיציר זיך אַפילו פאָרגעשטעלט פאַר אים:

— קאַפּיטאַן פּלאַטען־מאַיעווסקי.

און ביידע בירגער פון דער יונגער מלוכה האָבן זיך פריידלעך די הענט געדריקט. אַ לאַנגע צייט נאָך דעם האָט זיך לעאָנען אַלץ אויסגעדאַכט, אַז מען שפּירט פון אים מיט צוגעפּוילטע קאַרטאָפל.

און נישט נאָר פון אים, נאָר פון אַלעם צו וואָס ער רירט זיך צו. אַפילו פון דעם שרייבן זיינס... אַפילו ווען ס'איז שוין אָפּגעדרוקט...

## 14

# מען טוישט אַ הונדערטער

די וועקסל־קאָנטאָרן זענען געווען געשלאָסן צוליב זונטיק און פאַרן דאָקטער אויערבאַך, וועלכער האָט באַקומען זיין געהאַלט פון דעם אויסלענדישן הילפס־פאַריין אין דאָלאַרן, איז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם: ווו טוישט מען אַ הונדערטער.

האָט זיין פריינדינס מאַן — לעאָן ברוינער — אַליין זיך אָנגעבאָטן צו גיין מיטן דאָקטער אויף דער שוואַרצער בערזע טוישן דעם הונדערטער און אַכטונג געבן, אַז מען זאָל נישט אָפּנאַרן אין קורס.

פיל איינפאַכער וואָלט געווען, ווען לעאָן ברוינער טוישט אים די

הונדערט דאָלער פון דער אייגענער קעשענע. איז ערשטנס: ווי קומט עס אַ וואַרשעווער שריפטשטעלער צו אַזוי פיל פּוילישע מאַרקן, וועלכע זאָלן באַטרעפן אַזש הונדערט דאָלער? און צווייטנס: ווער דאַרף עס וויסן, אַז ברוינער האָט טאַקע אַ ביסל געלט? און דריטנס איז דער קורס אַזאַ פיבערדיקער, אַז עמעצער וועט זיך דאָ מוזן אָפּנאַרן. טאָ זאָלן זיך שוין בעסער נאַרן אַנדערע, נישט ער — לעאָן ברוינער.

האָט ער אַרויסגעפירט זיין פריינד אויף די ברייטע נאַלעווקעס. דאָ האָבן ברוך־השם קיינמאָל קיין מענטשן נישט אויסגעפעלט. אָבער איצט, צוליב די געשלאָסענע געוועלבער, לכבוד זונטיק, האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אַלע סוחרים און קרעמערלעך וואָלטן מיט געוואַלט עקס־מיטירט געוואָרן אויף דער גאַס אַרויס און די טירן הינטער זיי האָט מען פאַרשלאָסן.

אַ שוואַרצע, געדיכטע ווימלענדיקע מאַסע, וואָס, פאַרהיפּנאָטיזירט פון איר אייגענער געדיכטעניש, קאָן זי זיך נישט אויפפּלאָנטערן און צע־קריכן איבער דער וועלט. קיין יחידים טיילן זיך גאָרנישט אויס. די קלענ־סטע גרופּקעלע יידן איז אַ פערטל טוץ אויף אַ מאָל, אַ האַלב טוץ ריידנ־דיקע הענט. דאָס איז אַ קאַשקעטן־אַקאַדעמיע אונטערן גרויען הימל, ווו שוואַרצע בערד מיט גרויע קנעלן איין אײנע מיט די אַנדערע דעם שיעור פון דער נעכטיקער בערזע.

און אין ענגשאַפט פון געדיכטעניש האָבן די נאַלעווקעס אַ שאַרפן חוש פאַר יעדן פנים־חדשות. ווי אַ פרעמד פליגעלע אין מוראַשניק ווערט ער באַפאַלן פון אַלע זייטן, נישט צום עטעמען.

— טוישט עפּעס! ווער טוישט עפּעס? איר דאַרפט דאָך עפּעס טוישן!

לעאָן האָט געקירעוועט זיין פריינדביים אָרעם, ווי אַ געניטער רו־דערער צווישן פעלדזן. לעאָנס גלאַנציקע ברילן האָבן עמעצן אומגעזוכט אין דער געדיכטעניש, אומגעזוכט אָנגעשטרענגט און מיט דער פולער זי־כערקייט צו געפינען און ענדלעך טאַקע אַרויסגעפאַנגען פון דער שוואַר־צער מאַסע אַרויס.

— אָט איז ער, אונדזער פאַבריקאַנט! פאַניע פּאָדלאַסקי! — האָט אַ גופיקער מאַנספּאַרשוין אין אַ שמויסענעם היטל פאַרדראָסיק זיך אָפּ־געווענדט פון דער גרופּקעלע יידן, מיט וועלכע ער האָט געהאַט עפּעס

אַריינגעטענהט. ער האָט פאַרבויגן דעם קאָפּ, פאַרזשמורעט די אויגן און אָט האָט זיין ברייט פּנים נאָך ברייטער און פלאַציקער זיך צעשפּרייט, ווי אַ פּיינקוכן אויף דער פּאַטעלניע. מיט הכנהדיקע דראָבנע טריטעלעך טראָגט ער שוין זיין מאַסיוון גוף אַנטקעגן לעאָנען מיט זיין פריינד.

לויט דעם שמויסענעם היטל און פוטערנעם קאָלנער האָט פּאָדלאַסקי נאָך געקאָנט אָנגיין פאַר אַ פּירשט פון די נאַלעווקעס. אָבער דאָס היטל, וואָס ער האָט געטראָגן אויף אַ זייט, מעשה־כוואַט, האָט פון דער נאָענט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס איז אָן אַ זייט פאַרקראָכן פון קאָפּדרייע־ניש. דאָס גרויסע העקל פון קאָלנער איז אַרויס פון געלענק און נאָך מיט־געריסן אַ שטיק פוטער. און נאָך אַ פּאָר קלייניקייטן האָבן עדות געזאָגט אויף דער גרויסער ירידה: די זעקלעך אונטער די רחמנותדיקע אויגן, די הכנעהדיקע קליינע טריטלעך און דער שוין צו־רונדער קאַרק, ווי ביים ספּעקולאַנט וואָלט מען דעם קאָפּ איבערגעפּלאַנצט מיט אַ פּאָר צענטי־מעטער נידעריקער ווי מען דאַרף.

— אָט איז הער ברוינער אויך! די ליטעראַטור גייט! וואָס טוט עפּעס די ליטעראַטור אויף די נאַלעווקעס?

דערהערט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן טוישן אַ גאַנצן הונדערטער, האָט ביי אָשרן גענומען ציטערן דאָס קישעלע אונטערן רעכטן אויג. ער האָט אָפּגעגאָסן דעם דאָקטער אויערבאַך מיט אַ הייס־פאַרליבטן רחמנות־בליק און זיך באַמיט אַרויסצוריידן געלאַסן:

— מען דאַרף אָנקוקן די סחורה, דאַרף מען.

זאַלבעדריט, אונטער אָשרס אָנפירונג, האָט מען זיך אַריינגע־קוועטשט אין אַ קאַוויאַרנעלע, שמאָל ווי אַ וואַגאָן און לאַנג ווי די יידישע טאָרבע און דאַרט, ביים סאַמע עק, ביים ווינקל־פענצטער האָט עס אָשר פּאָדלאַסקי בודק געווען די צוויי אַמעריקאַנער באַנקנאָטן צו פופציק דאָלער.

ער האָט זיי באַטראַכט פון אַלע זייטן, אויסגעפאָרשט קעגן ליכט און אָפּגעלייגט, ווי ער וואָלט זיי דאָס לעבן אָפּגעזאָגט און נאָך צוגע־דריקט מיט דער האַנט, ווי עפּעס אַ נישטיקע זאַך.

דאָקטער אויערבאַכס פּנים האָט מאָמענטאַל אָפּגעשפּיגלט פּאָד־לאַסקיס פּעסימיזם.

ער האָט זיך אַליין חושד געווען, אַז ער האָט געבראַכט טויזנט פאַלש געלט.

פּאָדלאַסקי האָט ווי באַשטעטיקט זיין חשד מיט קלאָרע ווערטער:

— די סחורה וועט קיין משוגענער נישט נעמען אין דער האַנט אַריין.

— וואָס־אָס? פאַלש געלט?

— ערגער! עס זענען פאַראַן לעכלעך.

— אָבער דערויף זייט איר דאָך עפּעס אַ מייסטער, אַ פאַבריקאַנט, פּאַניע פּאָדלאַסקי!

דאָס איז לעאָן אַרויס מיט אָפענער חניפה.

— אַ פאַבריקאַנט בין איך טאַקע — האָט אָשר סאָליד צעצויגן און די האַנט פון די באַנקנאָטן דאָך נישט אַראָפּגענומען — אָבער עס וועט קאָסטן געלט, וועט עס קאָסטן...

— וויפל־זשע, לאָמיך הערן?

— איך ווייס? — דער פאַבריקאַנט האָט געצוקט מיט די ברייטע אַקסל אין גרויס פאַרלעגנהייט, ווי ער וואָלט בכלל געצווייפלט צי מען קאָן נאָך דערראַטעווען די סחורה. — מען דאַרף נאָך אַמאָל ציילן די לעכלעך. מען וועט זיי דאָך מוזן פאַראַרבעטן דורך אַ שפּאַקטיוו.

אָבער סוף־כל־סוף איז מען דורכגעקומען מיטן פּרייז פאַרן רעמאָנט פון די לעכלעך אין די דאָלאַרן און אויך מיטן קורס.

די באַנקנאָטן האָט אָשר פּאָדלאַסקי אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין בוזים־קעשענע, און שוין געקליבן זיך צו זאָגן אַ זייט געזונט. האָט דער דאָקטער אים אָנגעכאַפּט פאַרן אַרבל.

— נו, און געלט?

פּאָדלאַסקי האָט פּראָטעקטאָריש זיך צעשמייכלט צו לעאָנען אויף זיין פריינדס נאַאיווקייט.

— געלט? פון וואַנען זאָל איך נעמען? אַ פריץ האָט פאַרלאָרן, וואָס? פריער דאַרף מען זען ברענגען די סחורה אין אָרדענונג, אַז אַן אָרנטלעכער מענטש זאָל עס וועלן נעמען אין דער האַנט אַריין. אין אָוונט, מירצעשעם, וועלן מיר זיך טרעפן אין „עלדאָראַדאָ“, איר ווייסט דאָך, פּאַניע ברוינער!

— ס'איז שוין רעכט! — האָט לעאָן זיין פאַרגאַפּטן פריינד אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל. — קומט, דאָקטער.

און דער דאָקטער איז אַרויס פון דער קאָוויאַרנעלע, טאַפּנדיק זיין צוגעקלעפּט בערדל. ער האָט נישט געקאָנט קומען צו זיך פון דער מאָדערנער טראַנזאַקציע.

— נו, דאָקטער, געפעלט אייך מיין העלד?

— האַ? וועלכער העלד?

— דער פאַבריקאַנט, מיין איך, דאָס איז דאָך דער העלד מיינער קיווע ווייגשטיין. וואַרט, איר וועט זיך נאָך אויפריידן מיט אים אינאָוונט. פאַר אַ גלאָז קאַווע וועט ער אייך דערציילן, ווי אַזוי ער איז זיך מיטן צווייטן ווייב זיינעם צעגאַנגען.

איז דער דאָקטער גלאַנציק־רויט געוואָרן איבער די אויערן. פאַר דער דאָזיקער אומשולדיקער אייגנשאַפט איז לעאָן דעם פריינד זיינעם פיל מוחל געווען.

—אָבער פאַרוואָס פייניקט מען אים נאָך מיט דעם צונאָמען: פאַבריקאַנט? — האָט דער דאָקטער זיך אָנגענומען דעם יורדס קריוודע.

לעאָן האָט געשמייכלט:

— וואָס הייסט? ער איז דאָך פאַרט אַ פאַבריקאַנט! האָט אַ פאַבריקל פון פאַראַרבעטן לעכלעך אויף אַמעריקאַנער דאָלאַרן...

***

דער לאַנגער זאַל פון „עלדאָראַדאָ“ איז זיך צעשווומען אין אומענדלעכקייט פון די מאַסיווע שפּיגל־ווענט. די העל־גרויע און ווייסע געדיבטבאַזעצטע מאַרמאָר־טישלעך, געכופּלטע אין דער אומענדלעכקייט פון די שפּיגל־ווענט האָבן געשאַפן דעם איינדרוק פון אַ ים מיט קריעס און מיט אַן אומצאָליקע מענגע פּינגווינעס, וואָס האָבן יעדע קריע באַזעצט אין אַ קרייז. בלויז אין איין אָרט פאַר דער עסטראַדע האָט דער זאַל מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ גלאַנציקן פליך. דאָס איז געווען דאָס אָרט צום טאַנצן. אָבער געטאַנצט האָט מען נאָך נישט, הגם דער דזשאַז מיטן סאַקסאָפאָן אויף דער עסטראַדע האָבן געקערט וועלטן, כדי די פוילע פּינגווינעס פון די איינגעזעסענע קריעס אייז אַראָפּצושטויסן.

— אַללאָ, ברוינער!

— אללא, עטקין!

איינער אליין ביי זיין טיש האט עטקין מיט צופרידנקייט פאר־קנייטשט זיין מאלפיש פנימל און געוווּנקען מיט דער גראבער ציגאר צו ברוינערן מיט זיינע געסט, וועלכע זענען געשוווּמען צווישן די טישלעך און פארצווייפלט געזוכט א פרייען פלאץ. עס איז נישט געווען פון וואס אויסצוקלייבן און לעאן האט אנגענומען עטקינס איינלאדונג צו זיין פרייען טיש.

מיט דער גראציע פון א פאפירן פאיאצל, וואס מען ציט עס ביי א שטריקל און עס ווארפט מיט הענט און פיסלעך, איז עטקין אנטקעגן געלאפן דער דאמע. ער האט ביי סלאווען די האנט געקושט און געהאלפן איר דעם מאנטל אויסטאן. מיט לעאנען און מיטן דאקטער אויערבאך האט ער זיך באגריסט מיט דער זעלבסטווירדע פון א באנקיר.

— וואס הערט זיך, קאלעגע ברוינער?

— א דאנק, קאלעגע עטקין!

עטקין און ברוינער זענען ווירקלעך געווען פאך־קאלעגן, אבער מיט פארשיידענער באגאבונג און פארשיידן מזל.

ברויגער, דער אנערקענטער שריפטשטעלער, האט פון זיין פען קוים געצויגן א באשיידענע חיונה. עטקין איז געווען פארבונדן מיט א גרויסער ניו־יארקער צייטונג און פאר זיינע וואסערדיקע קארעספאנדענצן פלעגט ער באקומען צוגעשיקט אזוי פיל דאלארן, אז מען האט גע־שמועסט: ער האלט ביים אפקויפן א נאפט־קוואל אין מזרח־גאליציע.

איין דאלאר אן אוונט פלעגט עטקין פארשווענדן אין „עלדאראדא“. און נישט אזוי פארשווענדן, ווי צעטוישן. איז ער געווען דא פארעכנט פאר א שטאם־גאסט מיט הויכער וואליוטע און זיין טיש פלעגט שטענדיק ווארטן אויף אים מיט א פלאקאטל אין ניקלנעם האלטער: באזעצט. האט ער שטענדיק געהאט די מעגלעכקייט אויפצונעמען געסט ביי זיין טיש.

— זעצט זיך, זעצט זיך, מאדאם ברוינער! אך, דאקטער — ווי? דאקטער אויערבאך? זייער אנגענעם. און וואס הערט זיך עפעס, קאלעגע ברוינער, מיט אייער ראמאן?

אין דעם ווארט: קאלעגע, ווי אזוי עטקין האט עס ארויסגערעדט, האט אפילו א זייטיקער געקאנט הערן דעם פירוש:

— קאַלעגע, ביסט אַ שלימזל!

— אַ דאַנק פאַרן פרעגן, קאַלעגע!

און לעאָן האָט אַקצענטירט דאָס וואָרט קאַלעגע, אַז עס זאָל אויסקומען:

— קאַלעגע, ביסט אַ שמירער!

— צי האָט איר דאָ נישט געזען אַריינקומען דעם פאַבריקאַנט פּאָד־לאַסקי, קאַלעגע עטקין?

— הם... דעם פאַבריקאַנט? ער איז נאָך נישט געווען, קאַלעגע, אָבער דערפאַר — די מאַדאַם זיינע, איך מיין: זיין עקס־מאַדאַם איז שוין אויפן פּלאַץ.

און עטקינס מאַלפּיש פּנימל איז זיך צעשוווּמען אין אַ פעט שמייכעלע. קאַמיש האָט אויסגעזען די נישט פּראָפּאָרציאָנעל גראָבע ציגאַר, וואָס ער האָט פון ווינקל מויל נישט אַרויסגעלאָזט. עטקין האָט אויך פאַרוואָרפן זיין דאַר פיסל אויף דער צווייטער קני און זיך געגלעט איבערן עלעגאַנטן זיידענעם שקאַרפּעט.

— פיין האָט זי זיך אַרויפגעאַרבעט — די עקס־מאַדאַם — האַ? — דאָס האָט ער גערעדט צו סלאַווען און מיט די אויגן זי פאַרבעטן צו קוקן אין אַ באַשטימטער ריכטונג, צו אַ ווייטלעכן טישל.

איין צירונג האָט עטקין געהאַט: אַ פּאָר גרויסע גרויע אויגן האָבן באַשיינט זיין מאַלפּיש פּנימל. אַמאָל זענען זיי ליכטיק געווען און קאַלט ווי אָפענע פענצטער אין אַ ווינטערטאָג און אַמאָל זענען זיי געווען פאַרוואָלקנט, ווי פאַרהאַנגען מיט אַ שווערן פאַרהאַנג פון מחשבה. עטקין האָט געהאַלטן, און אפשר מיט רעכט, אַז אָט מיט די צוויי אויגן פאַנגט ער פרויען־הערצער. אָן אמת איז, אַז די אויגן האָבן די נישט שיינקייט פון זיין פּנים פאַרשטעלט.

סלאַווע האָט איצט געפאָלגט זייער ווונק און געקוקט אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

דאָרט, ביי אַ טישל, האָט פאַרבראַכט אין מענער־געזעלשאַפט די עקס־מאַדאַם פּאָדלאַסקי, וועלכע האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן מיט איר פּאַפּאַכע שוואַרץ־גלאַנציקע געקרויזטע האָר.

— זי פילט זיך דאָ היימיש — האָט עטקין זיך איינגעבויגן צו סלאַווען — זי איז דאָ געוואָרן אַנגאַזשירט אַלס פּאַרטנערין.

— ווער?

— נו, ווער? מאַדאַם האַנקע. מאַדאַם האַנקע איז פּאַרטענצערין אין „עלדאָראַדאָ״. איר גלויבט נישט?

— אַן אַטראַקציע! — האָט סלאַווע אויפגעפלאַמט מיט די אויגן און איז שיין געוואָרן פון אַנטציקונג.

אָבער פאַר דעם דירעקטאָר פון „עלדאָראַדאָ״ איז, ווייזט אויס, ווייניק געווען איין אַטראַקציע, האָט ער צוגעגרייט אַ צווייטע, צו געווי־נען חן ביי דעם איצטיקן פּובליקום. אָט איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויף דער עסטראַדע, דער דירעקטאָר מיט זיין בייכל אין ווייסן וועסט און מיט זיין נאַסלעכן גלייכן שרינט, און געמאָלדן דעם געערטן פּובליקום, אַז באַלד קומט פאַר אַ דעביוט פון דעם נייעם וועלט־באַרימטן דזשאַז־באַנדיסט. דעם נאָמען האָט ער אַליין שווער אַרויסגערעדט און דאָס פּוב־ליקום האָט אים גלייך פאַרגעסן. אויף דער עסטראַדע איז איצט געשטאַ־נען אַן עלעגאַנטער גרויער הער מיט אַ בלישטשענדיקן מאָנאָקל אויפן לאַנגן טונקל פּנים — אַ פּנים פון אַ הויכן דיפּלאָמאַט. און דער עלע־גאַנטער הער האָט זיך העפלעך פאַרנייגט, צודריקנדיק אַ האַנט צום האַרצן. דאָס איז געווען דער נייער וועלטבאַרימטער דזשאַזבאַנדיסט.

דער דעביוט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ משונהדיקן נעגערישן טעמפּ, וואָס פאַר דעם נייעם ווירטואָז איז דאָס געווען אַ שפּילכעלע.

דער גרויער דיפּלאָמאַט מיטן מאָנאָקל האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים, מיט די הענט, מיט די פיס, מיט די זייטן. אַרום אים און פון אים אַרויס האָט געפייפט און געגרילצט און געמעקעט און ער האָט נאָך צייט געהאַט אויסצוגאָרגלען אַ לידל מיט אומפאַרשטענדלעכע, אָבער, ווייזט אויס, העכסט וויכטיקע ווערטער. דאָס פּובליקום האָט גלייך דערפילט מיט וועמען מען האָט דאָ צו טאָן. דער גרויער הער האָט נישט נאָר דעם אָרקעסטער אָנגעטריבן, ער האָט דעם גאַנצן זאַל אויפגערודערט מיט זיין אויפגעקנעפּלטן טעמפּעראַמענט.

און ערשט דאַן, ווען ער האָט דעם אָרקעסטער אַריינגעטריבן אין אַ ווילדן גאַלאָפּ און ביי פיל פון די געסט אַרום די טישלעך האָבן די שטולן אָנגעהויבן ווערן מאָדנע אומרואיק, ערשט דאַן איז דער גרויער הער אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט, אויסגעטאָן דעם מאָנאָקל און אויס־געשטרעקט זיינע לאַנגע ווייסע הענט, ווי צום ווייזן אַ קונץ. דאָס טונקל

דיפּלאָמאַטישע פּנים איז געווען באַלויכטן פון אַ מין ליכטיקער נבואה. ער האָט געעפנט דאָס מויל, אויסגעצויגן די ליפּן, ווי גרייט אַרויסזאָגן דאָס נייטיקע וואָרט, וואָס זאָל מאַכן אַלעמען אויפציטערן, און — גע־נומען זיך פּאַטשן מיט די ווייסע הענט איבער די אָנגעצויגענע טונקעלע באַקן.

תחילת האָט דאָס פּובליקום, וואָס האָט זיך אַ הייב געטאָן פון די ערטער, גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר. דער גרויער הער האָט זיך געפּאַטשט איבער די טונקעלע באַקן מיט אַ ווירטואָזער פלינקייט, צום טאַקט פון דער מוזיק. אָבער געווען זענען דאָס עכט מוזיקאַלישע פּעטש. דער ווירטואָז האָט אַזוי מאַניפּולירט מיט דעם אָפענעם מויל און אָנגעצויגענע באַקן, אַז יעדער פּאַטש האָט אַרויסגעגעבן אַן אַנדער טעמפּן הילכיקן טאָן און אין אַלגעמיין האָט זיך באַקומען אַן אימפּראָוויזירטער קסילאָפאָן־קאָנצערט.

דער רושם איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. אונטער אַ מבול פון אַפּלאָ־דיסמענטן האָט דער גרויער עלעגאַנטער הער זיך פאַרנייגט רעכטס, לינקס, ווי נאָך אַ דערפאָלגרייכער אַרבעט פאַרן וועלטפּרידן.

דער דירעקטאָר אין ווייסן וועסט, נישט ער פּאַטשט, נאָר ער רייבט זיך די הענט. דער נומער האָט אָנגעריסן. אין פּראָפיל זעט ער אויס, דער דירעקטאָר, ווי מען וואָלט אים פון הינטן מיט אַ האַק גלייך אָפּגעהאַקט, אַזוי גראָדליניק איז דער קאָפּ מיטן קאַרק מיטן רוקן.

איצט טאַנצט מען שוין אַ געוויינלעכן שימי אין זאַל. פליכן מיט בובי־קעפּלעך. די פּאָסטומענטאַלע עקס־מאַדאַם פּאַדלאַסקי מיט איר שוואַרץ־געקרייזלטער פּאַפּאַכע שוועבט האַלטנדיק ביי דער ברוסט דעם קאָפּ פון קליינעם עטקינען, וועלכער טאַנצט ווי אויף צעשרויפטע זשאַבע־פיסלעך שפּיציק־ווינקלדיק, ריטמיש און דאָך העסלעך. דאָס נישט־גלייכע פּאָרל וואַרפט זיך אין די אויגן. האַנקע מיט דער שרייאיקער באַשיידנקייט פון איר אָנטועכץ: גראָ מיט רויט, פון וועלכע עס שפּאַרט דוכט זיך איר נאַקעטע גופיקייט אַרויס. צו די ליפּן איז איר צוגעקלעפּט אַן אַמאַראַנטענער קוש. אונטער די גרויסע שוואַרצע אויגן — גרויסע טונקעלע רעדער אונטערגעשמירט. דער קליינער עטקין טאַנצט געוויסנ־האַפט. ער קירעוועט זיין דאַמע, ווי אַ גרויסן אויטאָמאָביל, און ער

לאַכט מיט די צוויי אָפענע קאַלט־גרויע פענצטער זיינע פון דעם גאַנצן אומענדלעכן זאַל.

און צווישן די טישלעך שוועבט זייטיק דער פאַבריקאַנט פון די דאָלאַרן־לעכלעך אשר פאָדלאַסקי. באַגריסט זיך הכנעהדיק מיט איינעם, מיט אַ צווייטן און די טאַנצנדיקע האַנקע באַמערקט ער אַפילו נישט, קוקט אין איר זייט נישט.

ענדלעך דערשלאָגט ער זיך צו לעאָנס טיש.

— איר האָט אַייך גוט אויסגעוואַרט, הער דאָקטער!

ביי סלאַוועןן קושט ער די האַנט און מיט אומבאַהאָלפענער באַוועגונג פרווט ער פאַרשפּילען די מאַרינאַרקע אויפן אָפּגעשפּאַרטן בויך, און ער זעט, אַז עס פעלט אים אַ קנעפּל און ער וויל אַז אַנדערע זאָלן דאָס נישט זען.

ער הייבט אָן שלעפּן פון זיין בוזימקעשענע פעקלעך פּוילישע באַנקנאָטן און צעלייגט זיי פאַרן דאָקטער.

— ציילט. אָט דאָ האָט איר געלט פאַר אַ הונדערטער דוכט זיך.

אין זיין סוחרישער אָנשטענדיקייט האָט ער אַפילו צוגערעכנט די עטלעכע פּונקטן, אויף וויפל דער קורס איז געשטיגן אין פאַרלויף פון אַ פּאָר שעה. אָבער מיט די לעכלעך — האָט ער זיך באַקלאָגט — איז געווען צרות. אַ היפּשער, גאָר אַ היפּשער רעמאָנט.

בעתן ציילן דאָס געלט איז אַ צעהיצטער צוריקגעקומען עטקין נאָכן טאַנץ. ער האָט דעם פאַבריקאַנט געקלאַפּט איבער דער איינגעבויגענער פּלייצע און אים געזאָגט, אַז ס׳איז אַל־רייט.

אשר האָט נאָך געהאַט צו דערליידיקן חשבונות ביי די ווייטערדיקע טישלעך. ער איז שוין אָבער מיד געווען און מיט זיין גאַנצער גופיקייט האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט אויף אַ שטול לעבן לעאָנען. איז אויף לעאָנס ווונק אויסגעוואַקסן פאַר אשרן אַ גלאָז הייסע קאַווע מיט קרעם.

דער פאַבריקאַנט האָט מאַשינעל צוגערוקט צו זיך דאָס גלאָז קאַווע און איינגעטונקט די דורשטיקע ליפּן אין קרעם. ער האָט זיך אָבער באַלד צוריקגעצויגן מיט אַ טרער אין אויג. די קאַווע איז הייס געווען. די ליפּן האָבן אים געגלאַנצט און אַ וואָנץ פון קרעם איז אים פאַרבליבן.

דאָס צעשוומענע פּנים מיט די קישעלעך אונטער די רחמנותדיקע אויגן איז אים געוואָרן סענטימענטאַל־טרויעריק און נאָך איידער דער

דאָקטער אויערבאַך האָט באַוויזן אָפּצושפּיגלען זיין אויסדרוק, האָט שוין דער פאַבריקאַנט געהאַלטן זיין נייעם קליענט פאַר אַ קנעפּל און גענומען אויסלייגן פאַר אים די געשיכטע, ווי אַזוי ער איז זיך צעגאַנגען מיט האַנקען.

ער האָט דערציילט געלאַסן, אין אַן אויסגעטראָטענעם נוסח און אָן האַרץ, כמעט פּראָפעסיאָנעל, ווי דער וועגווייזער דערציילט וועגן די מערקווירדיקייטן פון דער שטאָט. ער האָט זיך דערביי באַקוועם געמאַכט און אויפגעקנעפּלט די וועסט. און דער דאָקטער איז געבליבן ביי דעם איינדרוק, אַז אין זיין גייסטיקער ירידה איז דער מענטש גרייט זיך אויס־צוטאָן פאַר אים אַ נאַקעטער.

צום ערשטן מאָל פאַר היינטיקן אָוונט האָט דער אָפּגעפּאַרענער ספּע־קולאַנט אָנגעהאַנגען זיין מידן בליק אויף דער צעטרייסלטער טשופּרינע פון זיין געוועזענער פּרוי. ער האָט געקוקט אויף דער טאַנצנדיקער האַנקע, אָן כעס און אָן אויפרעגונג. ער האָט זי בכלל מבטל געווען מיטן בליק.

ער האָט דערציילט, ווי אַזוי זיין צוזאַמענלעבן מיט דער שיינער פּרוי איז געוואָרן אונטערגעשוואָנקט ביסלעכווייז און איינגעפאַלן מיט אַמאָל.

נישט דאָס האָט אים געקרענקט, וואָס האַנקע איז געווען אַן אויס־ברענגערין. אַפילו דאַן, ווען ער איז אַראָפּ פון זיין גדולה און געדאַרפט צוזען, ווי אויף האַנקען לאָזן זיך קאָסטן אַנדערע מענער, האָט ער אויך געליטן און געשוויגן. ער האָט געדענקט די צייט, ווען ער האָט זיך גע־לאָזט קאָסטן אויף איר, בעת זי האָט געהערט צו אַן אַנדערן. געטאָן האָט ער דאָס צוליב זייער קליין שיין מיידעלע. ער האָט געמיינט: ער מיט האַנקען קאָנען זיין אמתע טאַטע־מאַמע. און אָט האָט זיך דאָס קינד פאַר־קרענקט. און אָט ליגט עס שוין מיט פאַרנעפּלטע אייגעלעך און דערקענט שוין נישט טאַטע־מאַמע. דאַן ערשט האָט ער דערזען וואָס האַנקע איז גע־ווען, דאַן, אין יענעם איינציקן מאָמענט, ווען אין איר האָט זיך אויפגע־כאַפּט די מאַמע און דאָס ווייב און זי איז אים געפאַלן צו די פיס מיט אַ בהמהישער שרעק אין די פלייִשיקע אויגן.

— אשר! וואָס איך האָב געטאָן! אשר!

די תשובה פון אַ זינדיקער מאַמען אַפילו איז אַ הייליקע זאַך. אַלץ וואָלט ער איר מוחל געווען ביים בעטעלע פון גוססדיקן קינד, אַלץ, נאָר

נישט דאָס וואָס זי האָט אָפּגעטאָן. ווייל דאָס איז געווען ערגער ווי צע־לאָזנקייט, ערגער ווי פאַרקויפן זיך פאַר קליידער און צירונג. דאָס איז געווען די אוממענטשלעכע טעמפּקייט פון אַ פרוי, וואָס איז באַזאָרגט מיט אַלעם גוטן. זי איז דאָך זיכער געווען, אַז זי האָט איר מזל ביי זיך אין דער האַנט. האָט זי באַשלאָסן, ווייזט אויס, נאָך אין די גוטע צייטן מער קיין קינדער נישט צו האָבן. איין קינד איז גאַנץ גענוג געווען צו באַצירן איר רייך לעבן. האָט זי דורכגעפירט אָן זיין וויסן די נייטיקע אָפּעראַציע כדי צו קאָנען לעבן פריי.

— ניין, איר פאַרשטייט? איר פאַרשטייט, הער דאָקטער? אָט די טעמפּע גאווה, אַז מיט דעם מוטערגליק איז זי פאַרזיכערט אויף אַ לעבן לאַנג. אַז דאָס קינד וועט איר קיינמאָל נישט חרוב ווערן. איר פאַרשטייט?.. גיי, האָב איך איר געזאָגט. גיי אַוועק פון מיינע אויגן! ווייל דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע, פּאַניע דאָקטער....

ניין, דאָס שרעקלעכסטע אין דער גאַנצער געשיכטע איז געווען דער סקאַרבאָווער טאָן, מיט וועלכן פּאָדלאַסקי האָט עס איצט איבערדערציילט פאַר אַ ווילד־פרעמדן מענטשן, די געמאַכטע וויינענדיקע שטים און די אמתע צופרידנקייט פון קראַצן די אייגענע קרעץ.

דעם דאָקטער האָט זיך געדוכט, אַז צו דער פיינלעכער געשיכטע וועט גאָר קיין סוף נישט נעמען. אָבער עס נעמט אַ סוף צו אַלץ.

דערוואַרעמט פון דער קאַווע און מיד פון אַ טאָג אַרומלויפעניש, זיצט שוין דער פאַבריקאַנט שטיל און רואיק, די האַריקע פינגער אויפן עטעמענדיקן בויך צונויפגעפלאָכטן, דאָס שיטער גוידער־זעקל אַראָפּגע־רונען אויף דער ברוסט און ער פינטלט קינדיש־באַליידיקט מיט די אונ־טערגעקישנטע רחמנותדיקע אויגן. אַזוי איז אשר אומבאַמערקט איינגע־שלאָפן.

אַרויפגעטורעמט אַ פּויסט אויף אַ פּויסט און אָנגעשפּאַרט די קין אָן זיי, האָט לעאָן ערנסט שטודירט דאָס צעשוווּמענע פּנים פון זיין שלאָפנ־דיקן העלד, ווען דער דאָקטער, אַ פאַרשעמטער און צעפּלאָנטער, האָט אים אָנגערירט ביים אַקסל.

— ווי הייסט אייער ראָמאַן, לעאָן?

— די באַצוווּנגענע אויפן געמויזעכץ.

דער שריפטשטעלער מיטן דאָקטער האָבן פאַרפירט ביים קאַפע־טישל

אַן אינטימען שמועס אין קעגנוואַרט פון איינגעשלאָפענעם העלד, בעת דער אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט עטקין  האָט אַמוזירט סלאַווען מיט רכילותן אויף דעם און יענעם פון די אָנגעזעענע קאַפע־געסט.

— אַ שרייבער איז באַגרענעצט מיטן מענטשן־מאַטעריאַל, דאָקטער! ווי דו זאָלסט נישט קאָמבינירן, איז דער פועל־יוצא אַן אומעטיקער. סיידן אויסגעזויגן פון פינגער פריידיקע, גליקלעכע לעבנס און העראָאישע ענדעס.

— דערלויבט, לעאָן! דאָס לעבן פאַרמאָגט ביי היינטיקן טאָג אַזוי פיל העראָאיזם, אַז מען פאַרשפּאָרט עס אויסזויגן פון פינגער.

— אַ טעות, דאָקטער! דאָס נעמט זיך ביי אייך פון נישט קאָנען דעם מהות פון לעבן. די אַלע העלדן פון אונדזער צייט, אויפגעפּאַסט אין דעם ריטם פון אַ ראָמאַן, פאַרלירן דעם גלאַנץ פון זייער העלדישקייט. דער ראָמאַניסט טוט אַן דעם העלד אין שטעק־שיך, ווייל דער ראָמאַן איז בטבע אַ געמיטלעך־בורזשואַזע באַשעפעניש. אָט — זעט איר — אַ העראָאישע פּאָעמע איז עפּעס אַנדערש.

סלאַווע האָט געכאַפּט אַ גלאַנציקן קוק אויף איר מאַן מיטן דאָקטער און האָט אַ לייכטן ציטער געטאָן:

— אַזעלכע צוויי אינטעליגענטן...

עטקין האָט זיך פלוצלונג אַ פּאַטש געטאָן אין הויכן שטערן, זיך אָנגעבויגן צום שלאָפנדיקן פאַבריקאַנט און אים אַריינגעשריען אין אויער:

— פּאָדלאַסקי, ס׳איז אָל־רייט!

האָט אשר אויפגעציטערט מיט די אָפּגעהאָנגענע באַקן.

— האַ? איר זאָגט עפּעס? אַנטשולדיקט. כ׳האָב דוכט זיך איינגע־דרעמלט.

— איך זאָג, ס׳איז אָלרייט, מיסטער פּאָדלאַסקי! איך האָב פאַר אייך אַ גוטע בשורה.

אשר האָט זיך בעריש צו אים אויסגעדרייט מיטן גאַנצן גוף און אין שטול האָט עפּעס געפּלאַצט. ער האָט עטקינען ביים הענטל געכאַפּט און ראָמאַנטיש זי צוגעדריקט צום ברוסט.

— נו?

— וואָס, נו? מענטש! אַז מען זאָגט אייך אָל־רייט! איר קאָנט שיקן נאָך פון די זעלביקע סחורה. מען וועט דרוקן. היינט באַקומען אַ בריוו פון מיין רעדאַקטאָר.

אשר האָט אין די הענט אַ פּאַטש געטאָן, אויפן געזעס אונטערגע־שפּרונגען, געוואָלט זיך צעשווימען אין אַ שמייכל און פלוצלונג אַוועק־געפאַלן אויפן טיש אַ וויינענדיקער.

אויב פאַר סלאַווען מיטן דאָקטער איז דאָס געווען אַן אומדערוואַר־טע און אומפאַרשטענדלעכע סצענע, האָט לעאָן עפּעס יאָ אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. זיין נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיטן ספּעקולאַנט איז נישט אָפּ־געגאַנגען גלאַטיק פאַרביידן, אויב ער, ברוינער דער שריפטשטעלער, האָט געקאָנט זיך אַריינלאָזן אין ספּעקולאַציע, פאַרוואָס־זשע זאָל פאָד־לאַסקי דער ספּעקולאַנט נישט אויספּרווון דאָס מזל אין ליטעראַטור? דאָס האָט ער אוודאי פאַרווירקלעכט דעם משוגענעם פּלאַן זיינעם אָנצושרייבן אַ בוך פון ספּעקולאַנטן־לעבן און איצט וועט דאָס בוך געדרוקט ווערן אין אַמעריקאַנער צייטונג דורך עטקינס פאַרמיטלונג! וועט ער, הייסט עס, דערציילן פאַר דאָלאַרן פאַר גאַנץ אַמעריקע דאָס, וואָס ער דערציילט פאַר אַ גלאָז קאַווע יעדן פרעמדן אין „עלדאָראַדאָ"; איז פאַרוואָס זאָל דער מענטש, וואָס האָט פון זיך די בושה אויסגעטאָן, וועלן אין זיין בוך שוינען זייטיקע מענטשן? צום ביישפּיל — אים, לעאָנען? ער האָט דאָך אויך ספּעקולירט.

און די צייטונג וועט עס דרוקן שוואַרץ אויף ווייס. און מענטשן וועלן עס לעזן! און אשר וועט נאָך באַקומען דאָלאַרן דערפאַר.

ווען סלאַווע וואָלט זיך אומגעקוקט אויף לעאָנען, וואָלט זי גיכער אים אונטערגעטראָגן אַ גלאָז וואַסער, איידער דעם היסטעריש־צעכליפּעטן פאַבריקאַנט פון די דאָלאַרן־לעכלעך, דעם ליטעראַרישן דעביוטאַנט אשר פאָדלאַסקי.

עטקין אָבער האָט יאָ געכאַפּט אַ זייטיקן בליק אויף לעאָנען און, בעת סלאַווע מיטן דאָקטער האָבן זיך געפּאָרעט אַרום אשרן און זיך באַמיט אים צו באַרואיקן און פאַרשטעלן פון נייגעריקע בליקן, האָט דער אַמע־ריקאַנער קאָרעספּאָנדענט זיך געשפּילט מיט דעם רעדאַקטאָרס בריוו. אין וועלכן ס'איז געווען געשריבן וועגן אשרס אָנגעלעגנהייט. און, ווי צופע־ליק אַריינגעזאַפּט לעאָנס פּנים אין זיינע גרויסע פאַרוואָלקנטע אויגן אַריין, האָט ער מיט אַ קאַלט גענעצל געפרעגט:

— נו, קאָלעגע, ווי גייטס?

## 15

# פייגע־פעסיעס אפּערע

זינט לעאָן מיט זיין ווייב און זיין ווייבס פריינד האָבן גענומען זיך באַווייזן אין דער געזעלשאַפט אין דרייען און זענען אַריינגעפאַלן אין לייטישע מיילער, איז פאַר לעאָנען אַלץ מער קלאָר געוואָרן, אַז זיין פאַמיליע־לאגע האָט אויך איר גוטע זייט: דאָס דעמאָנסטרירט ער קעגן קליינביר־גערלעכע השגות.

לעאָן איז בטבע נישט קיין קאַמפּס־מענטש. אָבער דאָ איז די לאַגע אַזעלכע, אַז ער קאָן זיין אָדער לעכערלעך אין לייטישע אויגן אָדער — פיאָנעריש.

האָט ער שטאָלץ געטראָגן זיין פיאָנערישקייט און ס׳איז אים לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען, וואָס מען מורמלט הינטער זיינע פּלייצעס וועגן עפּעס אַ הייליקן דריילינג.

דאָס הייליקע דריילינג פּלעגט זיך באַווייזן אומעטום אין פולן קאָמפּלעט: לעאָן, דאָקטער אויערבאַך און סלאַווע אין דער מיט.

אין דעם זעלביקן סדר זענען זיי אויך געזעסן אויפן באַלקאָן אין דער אָפּערע, בעת מען האָט געשפּילט „לאָהענגרין". און גלייך נאָכן ערשטן אַקט, בעת ס׳איז ליכטיק געוואָרן אין זאַל, איז סלאַוועס פינצטער געוואָרן אין די אויגן. כמעט קעגנאיבער, אויף זייטיקע פּלעצער, זענען געזעסן איר מומע זלאַטע מיטן פעטער עוזר אוןביידע האָבן פון דעם הייליקן דריילינג די בייסנדיקע בליקן נישט אַראָפּגעלאָזט. סלאַווע האָט זיך דערפילט, ווי מען וואָלט זי אויסגעטאָן אַ נאַקעטע, דאָ אין דער אָפּערע. זי וואָלט געוואָלט אויף שטויב צעמאָלן ווערן צווישן אירע אינטעליגענטע מאָנספּאַרשוינען.

— אוי, לעאָן! אוי, שמואל! זיי וועלן אונדז באַרעדן!

— טאָ וואָס־זשע אַרט עס דיר, קינד! זאָל זיי ווייל באַקומען — האָט לעאָן זי באַרואיקט — אויף דעם זענען זיי דאָך פעטער עוזר און מומע זלאַטע.

פון די דאָזיקע פעטער־מומע האָט סלאַווע זיך אָפּגעטרייסלט נאָך אין יענער צייט, ווען זיי האָבן נישט געוואָלט דערלאָזן צו איר שידוך מיט לעאָנען, ווייל זיי האָבן דאָס געהאַלטן פאַר אַ פאַמיליען־סקאַנדאַל.

בכלל זענען די פעטער־מומע געווען מענטשן מיט זייער פעסטע פּרינציפּן.

די ערשטע באַזע פון לעבן האָט זיך ביי זיי אָנגעהויבן פון גוטן היי־מישן איינגעמאַכץ און צו אַן אייגענע שטיק מעבל האָבן זיי געהאַט מער דרך־ארץ, ווי צו עמעצענס גוטן שם אין דער משפחה. אַז פעטער־מומע פלעגן אַרויפשווימען ערגעץ אויף דער אויבערפלאך, ער מיט זיין משכי־ליש־געשפּאָלטן בלאָנד־גרוי בערדל און זי מיט די אָפּגעהאַנגענע נגידיש־רויטע בעקלעך און לאַנגע אוירינגלעך־אַנטיקן — האָט עס געהייסן, אַז עמעצן אין דער משפחה איז דערקלערט געוואָרן מלחמה אויף לעבן און טויט.

און די משפחה איז געווען פאַרצווייגט אָן אַ שיעור. מענטשן ווילד־פרעמדע האָבן זיך געפונען אין פאַרוואַנדשאַפט דורך די בשותפותדיקע פעטער־מומע.

אין די גוטע צייטן, ווען אשר פּאָדלאָסקי דער ספּעקולאַנט האָט זיך געחנפעט צו דעם ליטעראַט לעאָן ברוינער, פלעגט ער זיך פאַררופן פאַר סלאַווען טאַקע אויף די דאָזיקע בשותפותע פעטער־מומע.

און סלאַווע פלעגט לאַכן.

— אַז איך שענק זיי אייך אַוועק, העד פּאָדלאָסקי!

אָבער אשר איז מוחל געווען די מתנה. ער האָט געהאַט אַ הארץ אויף די פעטער־מומע. ער איז זיי חושד געווען, אַז זיי זענען אָנגעשטעלט ביי זיין פּאָטער אויף געהאַלט און באַקומען אינסטרוקציעס פון קאַליש, ווי אַזוי אים נאָכצושפּיאָנירן און לייגן אים קלעצער אין וועג, דערפאַר וואָס ער איז זיך צוזאַמענגעאַנגען מיט האַנקען.

ווו אַ סירכה אין דער משפחה — זענען פעטער־מומע געווען אויף דער וואַך.

און לעאָנען האָט דאָס פּאָר־פּאָלק אינטערעסירט פון ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט. ווי אַ בירגער־לעכער אַרכאַאיזם. אים האָט אַפילו הנאה גע־טאָן דאָס איצטיקע באַגעגעניש מיט זיי אין דער אָפּערע.

דאָס הייליקע דריילינג איז אַרויס אין פּאָיע, כדי אָפּצופרישן דעם קאָפּ נאָכן טשאַד פון וואַגנערס טרובעס. דאָקטער אויערבאַך האָט מיט אַ צופרידענעם גלאַנץ איבערן ראָזן פּנים און מיט אַ מסירות־נפשדיקייט אין דער צעכוואַליעטער שטים אויפגעקלערט פאַר זיין פריינדין די אַנט־שטייאונג און באַדייטונג פון וואַגנערס אָפּערעס.

און לעאָן האָט זיך פאַרגאַפט אויף איין ווינקל פון ברייטן פּאָיע און שוין נישט געקאָנט די אויגן אָפּרייסן. דאָרט זענען ווידער געשטאַנען די פעטער־מומע. אָבער ווער איז דאָס די גרויע עלעגאַנטע דאַמע מיטן לאָר־ניאָן און שוואַרצע לאַנגע הענטשקעס אויף די נאָך גאָר יונגע נאַקעטע הענט? דער פעטער עוזר מיט דער מומע זלאַטע אַמוזירן זיך מיט איר אַזוי העפלעך און פריינדלעך טאַקע גאָר ווי מיט אַ מיוחסדיקער קרובה.

לעאָן האָט דערפילט אַ שטאָך פון אמתער ליטעראַרישער אייפער־זוכט, ווען ער האָט ענדלעך פעסטגעשטעלט, אַז די אויגן נאַרן אים נישט, אַז די עלעגאַנטע דאַמע איז טאַקע נישט קיין אַנדערע ווי פייגע־פעסיע די חזנטע, די געוועזענע שותפטע זיינע.

פייגע־פעסיע מיט אַ לאָרניאָן אין דער אָפּערע; פייגע־פעסיע האָט זיך באַשטעלט אַ ראַנדעוווּ מיטן פעטער עוזר און מומע זלאַטע!

אויף קיין רגע האָט לעאָן נישט געצווייפלט, אַז דאָס איז ביי זיי אַן אָפּגעשמועסטע באַגעגעניש.

און זי, די געוועזענע שותפטע זיינע, האָט אים דערזען און פון דער־ווייטנס באַגריסט מיט אַ סאַמעטענעם בליק פון אירע פיין־באַברעמטע אויגן און מיטן לאָרניאָן האָט זי אים קאָקעטיש אַ צייכן געגעבן, אַז זי דאַרף זיך נאָך זען מיט אים און זיך דורכשמועסן, אַז עס גייט איר אין לעבן.

אַ רושם האָט אויף לעאָנען געמאַכט דער אויסדרוק אירער.

לעאָן האָט געוווּסט, אַז פייגע־פעסיע איז אַ גרויסע פאַנטאַזיאָרקע. אַז זי קאָן זיך לאָזן פאַרטראָגן פון וועלטן, וועלכע זי האָט אַליין פאַר זיך אויסגעוועבט.

אָבער איצט איז אויף איר פּנים געווען צעגאָסן נישט ווייניקער ווי אַ גאַנצע אָפּערע.

פייגע־פעסיע האָט אַנטדעקט עפּעס גאָר אַ נייע פאַנטאַסטישע וועלט און זיך אַריינגעצויגן אין איר, ווי אין אַן אייגענעם פּאַלאַץ.

עס איז געבליבן, אַז דאָקטער אויערבאַך וועט באַגלייטן סלאַוויען אַהיים און ער, לעאָן, וועט באַגלייטן זיין געוועזענע שותפטע. און עפּעס ענלעכס צו אַ פאַרליבטן, וואָס דערוואַרט די מינוט פון זיין ראַנדעוווּ, האָט לעאָן געפילט, וואַרטנדיק אויף דעם סוף פון וואַגנערס צעצויגענער אָפּערע.

אַן אומגעלומפּערטע סימפּאַטיע האָט דער שריפטשטעלער געפילט צו דער געעלטערטער העלדין פון זיין ראָמאַן. אין פייגע־פעסיעס פאַנטאַסטישן אויפבלי אויף די עלטערע יאָרן האָט געשטעקט אַ שטיק לעבנס־אָפּטימיזם, וועלכער איז גרייט צו פאַרלייקענען אַלע חורבנות פון דער צייט. פייגע־פעסיע האָט זיך פאַרמאָסטן צו זיין אומפאַרגענגלעך. און דערפאַר איז דער דיכטער איר דאַנקבאַר געווען. ער האָט, דוכט זיך, מיט־געטראָגן מיט זיך איר ווייבלעכן, סאַמעטענעם בליק, ווי אַ גלעט פון זוניקן האַרבסט.

מיט אַ מונטערן, יוגנטלעכן שריט האָבן זי געאָרעמט אַוועקגעשפּאַנט פון דער אָפּערע צו דער אַלטשטאָט. און אין דעם פיבערדיקן ווייבלעכן דרוק פון איר וואַרעמען אָרעם האָט לעאָן געפילט, אַז פייגע־פעסיע שפּאַנט אייגנטלעך נישט איבער דער ערד, אַז זי שוועבט גאָר איבערן זיבעטן הימל, וווהין זי וועט באַלד אים אויך אַריינציען.

— לעאָן! טייערער פריינד מיינער! פאַר אייך האָב איך קיין סודות נישט. פאַר אייך מוז איך אַלץ אויספּלאַפּלען.

און זי האָט אויסגעפּלאַפּלט מיט אַ נערוועז־ציטערנדיקער ברוסט־שטימע איר לעצטן עפּעקטפולן סוד. לעאָן איז דאָ געווען צוויי מאָל איבעררראַשט.

זי וויל ליקווידירן די מסחרים אירע? זי וויל זיך דורכרייסן דורכן פּויליש־באָלשעוויסטישן פראָנט? וווהין? צוליב וואָס?

פייגע־פעסיע לויפט צו דער טאָכטער אירער און צו אים, צו בערל פּאָדלאָסקי.

לעאָן האָט קיינמאָל נישט געצווייפלט אין זיינע שרייבערישע פּעאַי־קייטן; ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גוטן פּסיכאָלאָג. ער האָט אָבער נאָך קיין מאָל נישט אַנגעווענדט צו זיך די מאָס פון געניאַליטעט. און אָט איז געקומען די צייט פאַר דעם. ער איז געווען דערשטוינט פון זיין אייגענער געניאַלער קאָנצעפּציע, וועלכע ער האָט אויפגעבויט נאָך מיט עט־לעכע חדשים צוריק און וועלכע האָט זיך איצט אַזוי פּלוצלונג באַשטעטיקט אין דער לעבעדיקערווירקלעכקייט.

נישט מער: אין דער שפּיל זענען אַריין דער פעטער עוזר און די מומע זלאַטע, וועלכע האָט פייגע־פעסיען די אויגן געעפנט.

אָ, זיי האָבן דאָס געמאַכט גלאַטיק. אגב־אורחאדיק נאָך ביי זייער

פּריערדיקער באַגעגעניש מיט פייגע־פּעסיען. גערעדט האָט מען גאָר הויפּט־זעכלעך וועגן מסחר־זאַכן. אָבער צי ווייס זי, פרוי מונדלאַק, אַז זיי האָבן אַ געמיינזאַמען שטיקל פריינד? זייער קרוב, בערל פּאָדלאַסקי, האָט דאָך אַמאָל געזונגען ביי איר מאַן, דעם סוואלקער חזן.

אויסגערעדט האָט זיך דער פעטער עוזר און די מומע זלאַטע האָט אים גלייך איבערגעשלאָגן:

— אַי, גיי שוין, גיי! וואָס דאַרפסטו רעדן? ווי קומט פרוי מונדלאַק צו געדענקען, ווער עס איז געווען משורר ביי איר זעליקן מאַן מיט דריי־אונצוואַנציק יאָר צוריק?

אָבער — אויסגערעדט זיך איז פאַרפאַלן. נישט זייער שולד איז געווען, וואָס פייגע־פּעסיע איז פון אָט דער קליינינקייט צעטומלט געוואָרן, ווי פון אַ פלוצלונגן האַרמאַטן־שאָס.

און נישט זייער שולד איז געווען, ווען שפּעטער, בעת זי איז צו זיך געקומען, האָט זי זיך אָנגעזעצט אויף זיי און זיי געצויגן ביי דער צונג.

אַז זיי האָבן בטבע פיינט זיך אַריינצומישן אין פרעמדע ענינים! ווי דורך אַ חלום געדענקט זיך זיי, אַז מען האָט דאָן עפּעס געמורמלט אויף דעם קרוב זייערן, דעם משורר ביים סוואלקער חזן. איז זיי דאָס אָבער אין איין אויער אַריין, אין אַנדערן — אַרויס. וואָס איז דאָס זייער עסק — וואָס?

איז די געשיכטע טאַקע פאַרלעגן געוואָרן ביי פעטער־מומע אין גע־דעכעניש אויף דרייאונצוואַנציק — האַ? מער! טאַקע אויף פיראונצוואַנציק יאָר און איצט האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט דעם סוד אויף דער ליכטיקער שיין.

צוליב וואָס האָבן זיי דאָס געטאָן? אפשר איז דאָס געלעגן אין זייערע איצטיקע פאַמיליען־אינטערעסן? אפשר האָט אויפגעוואַכט זייער געוויסן ביים שיין פון פייגע־פּעסיעס אויפגעקומענער עשירות?

צי האָבן זיי געוווּסט פון איר סוד?

דאָס האָט זי, פייגע־פּעסיע, נאָר געוווּסט פון אַ האַלבן סוד. זי האָט נאָר געוווּסט, אַז אַמאָל האָט זי אַ ליבע געשפּילט מיט אַ יונגנמאַן, וואָס איז געווען מיט צען יאָר יינגער פאַר איר. אַז די ליבע איז געווען אַ הייסע און אַ קורצע און איבערגעלאָזט אַ לעבעדיקן אָנדענק. אַז דער יונגערמאַן האָט געמוזט באַצייטנס פאַרשווינדן פון סוואַלק און פון דאַן אָן — ווי אין וואַסער אַריין.

לאַנגע יאָרן האָבן פּעטער עוזר און מומע זלאַטע געוווסט מער פאַר איר און נישט אויסגעגעבן. געהאַלטן דעם שליסל פון איר סוד אין פאַרשטויבטן שופלאָד פון זייער געדעכעניש בלויז צוליב דער איינציקער פּיינער מידה נישט צו מישן זיך אין פרעמדע ענינים. אָבער איצט...

ניין, פייגע־פּעסיע האָט נישט געהאַט קיין האַרץ אויף זיי. ווי עס האָט זיך געמאַכט — אַזוי איז צום גוטן. האָט דאָך דאָס גאַנצע לעבן אירס זיך צוזאַמענגעלייגט אין אויסערגעוויינלעכע ראַמען פון טויזנט־איין נאַכט. האָט זי געדאַרפט דורכגיין דורך אַ לאַנגער קייט פון יאָרן פול מיט פּיין און דערנידערונג, כדי צו קומען צו אַ פּלוצלונגער עשירות. האָט זי געדארפט צוויי געזעצלעכע מאַנען באַגראָבן, כדי זיך אויסצוקלייבן פאָרן צו איר בערישן מיטן קינד און נישט נאָך הילף, חלילה, נאָר ווי אַ פרוי אַ פאַרמעגלעכע, אַן אומאָפּהענגיקע.

אַבי זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן פאַר גאָט, וועלכער האָט זי פאַרפאָלגט פאַר אירע זינד.

נאַרישע יידענע! גאָט איז נישט אַזאַ שרעקלעכער. און פאַר דיינע זינד ביסטו שוין לאַנג אָפּגעקומען! און, צוריק געשמועסט, וואָס פאַר אַ זינד ביסטו דאָ באַגאַנגען?

לעאָן האָט צוגעפירט זיין געוועזענע שותפטע ביז צו איר וווינונג און איר געדריקט און געקושט די האַנט מיט געפיל פון גליקוונטשן, וועלכע האָבן גאָר קיין ווערטער נישט און מיט געפיל פון טיפער דאַנקבאַרקייט, וועלכע קאָן זיך גאָר נישט אויסצאָלן.

ער איז דאַנקבאַר געווען נישט נאָר פאַר איר צוטרוי. סוף־כל־סוף האָט דאָך דאָס לעבן איצט געגעבן אַזאַ שוווּנג צו זיין ראָמאַן, אויף וועלכן ער וואָלט זיך קיין מאָל נישט דערוועגט אין זיין באַשיידענער פאַנטאַזיע.

נישט נאָר פייגע־פּעסיע האָט געפיבערט אין פאַרלויף פון לאַנגע וואָכן, שוועבנדיק אין די עולמות און ליקווידירנדיק אירע וואַרשעווער געשעפטן. מיט איר האָט אויך מיטגעפיבערט דער שריפטשטעלער לעאָן ברוינער, מיט וועלכן זי האָט זיך איצט אָפּט אַן עצה געהאַלטן.

אין דער זעלביקער צייט האָט דער שריפטשטעלער זיך דעם קאָפּ געבראָכן איבער זייער אַ וויכטיקן פּראָבלעם: וואָס — אַ שטייגער — האָט דעם פּעטער עוזר מיט דער מומע זלאַטע געקאָנט צווינגען אויפצודעקן פאַר פייגע־פּעסיען דעם אמת?

ביז ער איז ענדלעך געקומען צו אַ העכסט וואַרשיינלעכער השערה.

די פעטער־מומע האָבן אַוודאי געהאַלטן, פּונקט ווי אשר פּאָדלאַסקי דער פאַבריקאַנט פון די דאָלאַרן־לעכלעך און פּריש־געבאַקענער אַמערי־קאַנער זשורנאַליסט, אַז אידע האָט באַשלאָסן צו פאַרבלייבן ביים פעטער בערל. האָט מען געדאַרפט ־עם פעטער בערל קאָמפּראָמיטירן נישט נאָר מיט זיין אַלטער געליבטער, נאָר אויך מיט איר דערוואַקסענער טאָכטער. אדרבא, זאָל טאַקע פייגע־פעסיע אָנקומען און מאַכן אַ סקאַנדאַל. וועט דאָך אידע געוויס אַהיים קומען. און אשר האָט זיך דאָך פון זיין האַנקען שוין באַפרייט. וועט אפשר צוריק ווערן אַ לעבן פאַר גאָט און לייט. מיט דער הילף פון דעם טאַטן פון קאַליש איז אַלץ מעגלעך.

אָט דאָס איז געווען די השערה, אויף וועלכער דער שריפטשטעלער האָט זיך באַרואיקט.

און פייגע־פעסיע האָט זיך דערווייל אויסגעקליבן אין וועג אַריין. זי האָט זיך אויסגעריכט מלכותדיק, זי האָט זיך אויסגעבעטן מיט דאָלאַרן און איז אַוועקגעפאָרן.

***

אין אַ האַלב יאָר אַרום איז לעאָן בייגעווען אַן אינטערעסאַנטן פּראָ־צעס אין קרייזגעריכט. דער פּראָצעס האָט געהאַט אויפגערודערט די וואַר־שעווער פּרעסע. אָבער נישט נאָר ווי אַ צייטונגסמענטש און נישט נאָר ווי אַ פּסיכאָלאָג האָט לעאָן זיך אינטערעסירט מיט דעם פּראָצעס. עס זענען געווען צו דעם נאָך גאָר אַנדערע סיבות.

דער הויפּטבאַשולדיקטער — אַ מענטש מיט אַ קאָפּ אַריינגעוואַקסן אין די ברייטע פּלייצעס, מיט ווייסע ברייטע ציין און ערדיש־טונקעלע ברייטע באַקן־ביינער, האָט אָפנהאַרציק זיך מודה געווען אין דעם אַלעם, אין וואָס מען האָט אים באַשולדיקט. ער האָט אָבער נישט געהאַלטן זיין טאַט פאַר אַ פאַרברעכן, נאָר פאַר אַן אויסברוך פון פלאַמענדיקן פּאַטריאָ־טיזם. יאָ, ער איז טאַקע געווען דער אָנפירער פון אַ גרופּע פרייוויליקע פּאַרטיידיקער פון פּוילישע גרענעצן. און אַז זיי האָבן געכאַפּט אַ באַנדע שונאים פון פאָטערלאַנד, וועלכע האָבן געוואָלט זיך אַריבערשמוגלען צו די באָלשעוויקעס, האָט ער אַליין טאַקע געהייסן אַוועקפירן די באַנדע אין אַ וועלדל און צעשיסן. יאָ, ער געדענקט. פון אַ מאַן אַכט איז באַשטאַ־

נען די פאַרברעכערישע באַנדע, זיבן יונגע מענטשן און איין עלטערע פרוי אין אַמעריקאַנער בריליו, ווייזט אויס זייער אַנפירערין און קאַסירערין, אַ געניטע שמוגלערין, אַראָפּגעשיקט פון די באָלשעוויקעס אַהער. מען האָט ביי איר געפונען דאָלאַרן. וויפל — געדענקט ער שוין נישט.

געדענקען געדענקט ער נאָר, אַז זיין פאַטריאָטישער כעס האָט זיך אַזוי אין אים צעברענט, אַז די, וועלכע האָבן נאָך געזשיפּעט נאָכן דער־שיסן, האָט ער דורכגעשטאָכן מיט זיין קינזשאַל און נאָך דעם פון קינ־זשאַל זיינעם דאָס בלוט אָפּגעלעקט. אָט אַזוי. און ער וואָלט עס נאָך אַמאָל געטאָן ביי ענלעכע באַדינגונגען, ווייל אַזוי הייסט אים זיין פּאַט־ריאָטיש געפיל.

יעדער שונא פון פאָטערלאַנד זאָל פאַרניכטעט ווערן!

דער מענטש מיט דעם איינגעוואָקסענעם קאָפּ אין די פּלייצעס האָט באַקומען אַ שטראָף פון דריי יאָר תפיסה. און די פאַטריאָטישע דאַמען אין געריכטסזאַל האָבן אים געמאַכט אַן אָוואַציע און פאַרוואָרפן מיט בלומען.

און פייגע־פעסיען איז פון דעם אַלעם געווען נישט קאַלט, נישט וואַרעם.

צוזאַמען מיט זיבן יונגע מענטשן האָט זי מיט פינף חדשים צוריק פאַרלאָרן איר לעבן ביים אַריבערגיין דעם תהום צווישן פוילן און באָל־שעוויסטישן רוסלאַנד.

לעאָן האָט גוט געדענקט איר ווייבלעכן סאַמעטענעם בליק, ווי אַ גלעט פון זוניקן האַרבסט.

## 16

# דאָס ליד פון אַן אָרעמאַן

אַזאַ הונגער־יאָר זאָל זיך שוין נישט אומקערן.

ליאַסאָווע האָט אויפגעגעסן די שינדלען פון די דעכער, די ברעטער פון די ווענט און גאַנצע רייען הייזער זענען געשטאַנען ווי אָפּגעגריזשע־טע סקעלעטן. נישט געווען שוין וואָס צו נעמען פון זיי, סיידן דעם נאַ־איוון קווייט פון די געמעלעכצן, וואָס האָט נאָך דאָ און דאָרט די אויגן געריסן אויף אַן אינערלעכער ציגל־וואַנט. די באַלעבאַטים פון די הייזער

האָבן זיי נאָך פון פריער נישט באַדאַרפט. זיי זענען טיילווייז אויסגע־שטאָרבן פון הונגער, טיילווייז געלאָזט די שטיבער אויף הפקר און זיך צעקראָכן איבער דער וועלט נאָכן ביסן ברויט.

די רימער־גאַס, וואָס האָט אַראָפּגעפירט צום טייך, איז אויף דריי פערטל באַשטאַנען פון אַזעלכע אָפּגעגריזשעטע חורבות. דאָס צענדליק הייזלעך, וואָס איז נאָך אַלץ געבליבן, האָט געהאַט אַזאַ קלאָגעדיק אויס־זען, ווי זיי וואָלטן הכנעהדיק געוואַרט אויף זייער גורל אויפגעפרעסן צו ווערן לעבעדיקערהייט.

אין דעם שפּעטיקן ווינטער־פרימאָרגן, וואָס האָט זיך קוים געהעלט, ווי אַ נישט אויפגעדרייטער לאָמפּ, האָט אַ קליין מענטשעלע אין אַ לאַנגן וואַטענעם כאַלאַט און מיט אַ ליידיקן בלעכענעם עמער אין דער האַנט זיך געשאַרט מיטן אויסגעטראָטענעם שטעגעלע באַרג־אַראָפּ אויף רימער־גאַס, אַפילו דער ליידיקער עמער איז צו שווער געווען פאַרן קליין מענטשעלע. האָט עס פאַרבויגן דאָס קעפּל אָן אַ זייט — אַ קעפּל אין אַן אויסגעקערט ווינטערדיק היטל מיטן געשטעפּטן אונטערשלאַק אין לעקע־כער אַרויף, און מיט דעם ליידיקן לינקן הענטל האָט עס געקעמפט מיט דער לופט צוליב איילעניש און גלייכגעוויכט. וועגן אַ גרויס איילעניש האָבן דערציילט אויך די קליינע שאַרנדיקע טריטעלעך.

און פּלוצלונג האָט דאָס מענטשעלע מיטן עמער זיך אָפּגעשטעלט. דאָס אויסגעטראָטן שטעגעלע אין אַלט זילבערנעם שניי־זאַלץ איז קוים גענוג געווען פאַר איינעם. און דאָ איז דעם מענטשעלע אַנטקעגן געקו־מען אַ ברייטפּלייציקער מאַנספּאַרשוין אין הויכע שווערע שטיוול און די הענט אין די קעשענעס פון פּעלצל. דער גאַנצער גאַנג פון דעם ברייט־פּלייציקן האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז נישט געוווינט עמעצן דעם וועג אָפּצוטרעטן. האָט דאָס קליין מענטשעלע מיטן עמער פאַרזאָרגט זיך אומ־געקערט אויףביידע זייטן שטעגעלע, אויפן טיפן און האַרטן זילבער־גרויען שניי־זאַלץ, ווהין מען וועט מוזן אָפּטרעטן מיטן עמער.

אָבער אַז דער ברייטפּלייציקער איז שוין גאָר נאָענט געווען, האָט דאָס קליין מענטשעלע דעם עמער אַראָפּגעשטעלט, דאָס קעפּל פאַרריסן און צוגעשטעלט די האַנט איבער די אויגן ווי אַ דעכל אין אַ זונען־טאָג.

— האַ? בערל? צי האָב איך אפשר אַ טעות?

— איך, רב נחומטשי, איך, ווײ־ווײ! איר זײט דאָך גאָר קלענער געוואָרן!

— כע־כע! קלענער געוואָרן — זאָגסטו? מען וואַקסט אין דר׳ערד אַרײַן, מײַן קינד! אָבער וואָס איז מיט דיר געשען, בערעלע, מיט דיר, ווײ איז צו מיר נישט?

בערל האָט געשמייכלט.

— מיט מיר? וואָס האָט דען געקאָנט מיט מיר געשען, רב נחומטשי? אָט ווי איר זעט. מען עלטערט זיך.

— ניין, בערעלע, ניין! זאָג דאָס נישט! — רב נחומטשי איז פּלוצלונג רירעוודיק געוואָרן מיטן גאַנצן קלײנעם וואַטענעם גופל. די טיפע שוואַרצע אײגעלעך אונטער די ברעמען האָבן עקשנותדיק־יוגנטלעך אויפגעשפּילט און אויפן בלאַסן פּנים, צווישן פאַרבלאָזן מאָך פון דעם בערדל האָט זיך באַוויזן אַ לײַכטע ראָזקײט. — זאָג דאָס נישט, בערעלע! דו זעסט, קײן עין־הרע, אויס גאַנץ קרעפּטיק. אַי די באָרד איז אַ ביסל פאַרמעלט — נו מאַ! ס׳איז ביי אײַך אַ משפּחה־זאַך, בערעלע. כ׳האָב דײַן טאַטן געקאָנט און דײַן פעטער — דיר צו לאַנגע יאָר. אַלע יונגערהייט גראָ־געוואָרן. איך בין אויסן עפּעס אַנדערש: ווו ביסטו מיר דאָס פאַרפאַלן געוואָרן, וואָס נישט מען זעט דיך, נישט מען הערט דיך? האָ? וואָס שווײַגסטו?

— וואָס זאָל איך שרײַען, רב נחומטשי?

— שרײַען באַדאַרפסטו טאַקע נישט. כ׳מײן: ווו איז דײַן מתן בסתר? עס שטאַרבט דאָך אויס אַ שטאָט! ווי קאָנסטו דאָס צוזען, דו! געלאָזט אַ שטאָט אויף הפקר — האָ?

בערל האָט געשוויגן אַ בלאַסער. און די בלאַסקײט פון פּנים איז אים אַראָפּגערונען אין אײַנצלנע ווײַסע פעדעם איבער דער שוואַרצער באָרד.

— איך האָב שוין נישט, רב נחומטשי!

— אױ, ווײ איז מיר!

— מיר זענען גלײַכע גבירים, רב נחומטשי! מען האָט אַלץ ביי מיר צוגענומען. אויס מאַיאָנטקעס.

בערל האָט גאָרנישט בדעה געהאַט צו באַקלאָגן זיך פאַרן אַלטן. ער האָט נאָר געוואָלט זיך פאַרענטפערן, פאַרוואָס ער קאָן נישט העלפן די אָרעמעלײַט פון דער שטאָט. אָבער זײַנע ווערטער האָבן פאַר אים אַלײן

אָפּגעקלונגען, ווי ער וואָלט צו עמעצן טענות געהאַט, פאַרוואָס מען האָט אים געמאַכט אויס פּריץ. האָט ער זיך פאַרשעמט און זיך געאיילט צו ענדערן דעם שמועס.

— וווהין שלעפּט איר זיך מיטן עמער, רב נחומטשי?

אָבער דער אַלטיטשקער איז געווען צעטומלט פון זיין דערקלערונג, אַז ער האָט שוין גאָרנישט. צעטומלט און, דוכט זיך, דערצאָרנט. בערל האָט געמוזט איבערפרעגן.

— האַ? איך? נאָך וואַסער, בערעלע, נאָך וואַסער צום טייך. אַן אָרעמע קראַנקע אַלמנה, נעבעך, ליגט אָן אַ טראָפּן וואַסער אין שטוב. האָב איך מיר גענומען דעם עמער...

— נישט פאַר אייערע כוחות, רב נחומטשי! גיט מיר דעם עמער.

האָט דער אַלטיטשקער זיך אָנגעכאַפּט פאַרן עמער מיט ביידע הענטלעך.

— דאָס נישט, קינדעלע מיינס! דאָס, זעסטו, נישט! מיין מצווה, מיינע! וואָס הייסט עפּעס: נישט פאַר מיינע כוחות? איך האָב נאָך כוחות, ברוך השם, ביי מיינע פינפאונזיבעציק יאָר. און, ווייסט וואָס, בערעלע? מיר דוכט זיך גאָר: איך בין שוין באַלד יינגער פאַר דיר. אַ שרעק, ווי דו ביסט אָפּגעלאָזט!

— אין וואָס זעט איר מיין אָפּגעלאָזנקייט? — האָט בערל נישט ווילנדיק באַטראַכט זיין אייגענעם הילוך.

— אין וואָס? כע־כע! אין דיינע רייד, זונעלע! און אַז מען פאַרלירט שוין דעם טאַטנס מאַיאָנטקעס איז, מיינסטו, וואָס? באַדאַרף מען פאַרלירן דעם מוט? האָסטו דען דיין לעבן געבויט אויף עשירות? האָט דען נישט געשטעקט דיין עשירות אין דיין גוט האַרץ? געוואַלד־געשריען, בערעלע! דו, מיט דיינע צען פינגער און ברייטע פּלייצעס קאָנסטו דאָך אויפטאָן מער, ווי אַן אַנדערער מיט קאַפּיטאַלן! איך ווייס דען נישט, וואָס? שלעכט, בערעלע, אַז מענטשן פאַרלירן דעם מוט! בפרט נאָך אַזעלכע מענטשן, וואָס זייער חוב איז צו מונטערן אַנדערע. האָסטו געהערט אַ ביסל! זיינע מאַיאָנטקעס האָט ער פאַרלאָרן! אַ קונץ איז דען צו העלפן מיט געלט — וואָס?

דער באַריידעוודיקער אַלטיטשקער האָט זייער איבערצייגנדיק מאָדעלירט זיין קינדישע שטים. ער איז מיט דער שטים זייער אין האַרצן

צו בערלען אַריינגעקראָכן. און מיט אַ יוגנטלעכער עקשנות האָבן גע־שפּילט זיינע טרויעריק־פריילעכע שוואַרצע אייגעלעך.

— אַזוי באַגלייבט בין איך ביי אייך, רב נחומטשי?

— יאָ! רייך ביסטו, בערעלע, מיט דיינע ברייטע פּלייצעס, קיין עין־הרע. דו וויל נאָר, ווּעסטו קאָנען מענטשן העלפן, ווּעסטו קאָנען העלפן די גאַנצע שטאָט. נו, גיי מיר געזונטערהייט. און פאַמעלעך. דאָרט אויבן איז גליטשיק. האָב מיר אַ גוטן טאָג.

— רב נחומטשי! — בערל האָט אים געוואָלט אָפּדאַנקען פאַר זיין גוט וואָרט.

רב נחומטשי האָט זיך שוין אָבער אַוועקגעשאַרט מיטן עמער באַרג־אַראָפּ, פאָכנדיק מיטן לינקן הענטל און דרייענדיק מיטן קעפּל אין צאָרנדיקער איילעניש.

בערל האָט אים נאָכגעקוקט, ווי ער פאַרזינקט צום טייך־צו. ער האָט באַוווּנדערט רב נחומטשיס לעבנסקראַפט. צו פינפאונזיבעציק יאָר האָט דער אַלטיטשקער אויסגעטאָן זיין וויס כאַלאַטל, אויפגעהערט איבערצו־קוקן מזוזות, פאַרמאַכט זיין אָנגעשוואָלן תהלימל און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די הייזער פון דער אומגליקלעכער שטאָט, צו העלפן נאָך גרעסע־רע אָרעמעלייט, ווי ער אַליין. און אָט האָט ער דאָך אויסגעפונען וואָס ער דאַרף: אַ קראַנקע אלמנה, וועלכע האָט נישט ווער עס זאָל איר אַ ביסל וואַסער ברענגען. און היינט איז דאָנערשטיק. ביי רב נחומטשין איז אַ יריד. ער דאַרף נאָך פאַרזאָרגן עטלעכע אָרעמעלייט מיט שבת.

און אָט שטייט ער בערל מיט זיינע ברייטע פלייצעס און אייזערנע מוסקולן און נישט נאָר וואָס אַנדערע — זיך אַליין קאָן ער נישט העלפן.

ער פילט זיך נישט אומגליקלעך פון דעם, וואָס מען האָט פון אים אַוועקגענומען זיין פאַרמעגן. פאַרקערט: זיין אַמאָליקע פריצישע תקיפות האָט אים אַליין צייטנווייז געשטאָכן די אויגן, ווי אַ שלעכטע געוווינ־הייט. איצט איז ער פון דעם באַפרייט. אויס תקיפות — אויס באַראָן מיט פאַנטאַזיעס. זיין פּלוצלונגע אָרעמקייט איז אים בלויז אומבאַקוועם. ער פילט זיך, ווי אַ לאַנגיאָריקער באַרייטער, וועלכן מען האָט ענדלעך פון פערד אַראָפּגעזעצט און געצוווּנגען צו גיין צו פוס. עס איז מער קאָמיש, ווי טראַגיש. ער וועט זיך צוגעוווינען גיין, ווי אַלע גייען. דאָס וואָס בערלען האָט באמת געקרענקט איז: וואָס די רעוואָלוציע האָט אים גע־

טאָן אַן עוולה. נישט זיין פּאַרמעגן האָט מען אים געראויבט, נאָר זיין גוטן ווילן האָט מען געראויבט. מען האָט אים אַריינגעטרובעט אין די אויערן זיין איבעריקייט פאַר דער רעוואָלוציע.

נו, אויב רעוואָלוציע זאָל הייסן נאָר דאָס, וואָס ער זעט אַרום זיך — צעשטערונג און פאַרוויסטונג, הונגער און נויט — דאַן איז ער טאַקע קיין רעוואָלוציאָנער נישט. דאַן איז ער טאַקע איבעריק. אָבער ערגעץ־ווו אונטער זיין דערשלאָגענעם מוט האָט נאָך געטליעט אַ פונק, אַז זיין צייט וועט קומען, אַז מען וועט אים געבן די מעגלעכקייט פונאַנדערצופירן די הענט און עפּעס אויפבויען אויף די חורבות.

אָט דער פונק פון האָפענונג האָט אים געצוואונגען צו בלייבן אויפן אָרט. ער האָט נישט געקאָנט נאָכטאָן דעם פריינד זיינעם שלמה לוריע און אַוועק מיט די קאָנטררעוואָלוציאָנערן אין גלות. ער האָט געהאַלטן, אַז זיין אָרט איז דאָרט, ווו ס׳איז גרעסער די פאַרוויסטונג.

אָבער די פאַרוויסטונג איז געוואַקסן, די רעוואָלוציע איז אָנגעגאַנגען און פאַרבייגעגאַנגען און אים, בערלען, אָנפאַרטרויט קליינע נישט וויכטיקע אַמטן, וועלכע ער האָט אויסגעפילט מיט עקשנותדיקער געוויסנהאַפטיקייט. האָט ער שוין אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם גלויבן אין זיינע אייגענע כוחות און פאַרצווייפלט געשלעפּט די עלטער אויף זיך.

אין אַזאַ מאָמענט פון פאַרצווייפלונג איז דאָס פאַרגעקומען זיין באַגעגעניש מיט רב נחומטשין. האָט דער אַלטער אים פאַרשעמט און אים אויפגערודערט. איצט האָט שוין בערלען שטאַרק פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער האָט זיך אויסגערעדט וועגן זיין אָרעמקייט. דאָס איז שוין אַן אמתע ירידה; צי האַלט ער זיך באמת פאַר אַזאַ אָרעמאַן, אַז ער האָט נישט געקאָנט זיך פאַרגינען דעם וווילטאָג צו דערפרייען דעם אַלטיטשקן למדוואָוניק מיט די לעצטע פינף דאָלער, וואָס זענען נאָך געבליבן פאַרשטעקט ביי אים אין קעשענע?

אמת, די פינף דאָלער האָט ער באַהאַלטן אויפן פאַל, טאָמער מאַכט זיך עפּעס ווידער מיט דאָרעטשקען, וועלכע אַרבעט איבער די כוחות, זינט זי איז אַרויס פון שפּיטאָל און צוריקגעקומען פון מינסק קיין ליאַסאָווע.

אָבער אָפּהענגיק מאַכן דאָס לעבן פון אַ נאַרישע לעצטע פינף דאָלער — דאָס איז פאָרט אַ ירידה. ער האָט דאָס געלט דרייסט געקאָנט

אָפּגעבן רב נחומטשין און דער אַלטיטשקער וואָלט געטאַנצט פאַר שמחה, באַזאָרגנדיק מיט ברויט אויף שבת עטלעכע הונגעריקע משפּחות.

בערל האָט זיך צוריקגעקערט צום טייך, אויפצוזוכן רב נחומטשין מיטן עמער. איז ער אָנגעקומען צום עק גאַס פּונקט צו דער ריכטיקער צייט.

די רימער גאַס האָט זיך געענדיקט ביים ברעג פון אַן אָפּגעריסע־נעם באַרג, וועלכער איז ווי אַן אויסגעקרימטע וואַנט צום טייך אַראָפּ־געפאַלן. איבער דער שניי־וואַנט האָט זיך געשלענגלט אַ שמאָל שטע־געלע מיט אימפּראָוויזירטע שווינדל־טרעפּלעך אַראָפּ, צום טייך.

נאָך אין די קינדער־יאָרן האָט בערל ליב געהאַט, זיצנדיק ביים טייך מיט אַ ווענדקע, נאָכצוקוקן, ווי אַזוי איבער דער בערדיקער הויקערדי־קער וואַנט דראַפּען זיך אויפן שווינדל־שטעגעלע אַרויף און אַראָפּ למד־וואָווניקעס וואַסערטרעגער מיט געבויגענע רוקנס און קאַלטענעוואַטע בערד. אָט־דאָ האָט עס דער לעצטער למד־וואָווניק רב נחומטשי אַראָפּ־געקלעטערט מיט זיין עמער נאָך וואַסער פאַר דער קראַנקער אַלמנה און איצט האָט עס אויפן ווייסן ברעג אונטער דער וואַנט שוואַרץ געגרעדלט אַן אָנגעלאָף מענטשן.

שוין ביים ערשטן בליק פון דער הייך האָט בערל זיך אָנגעשטויסן אַז מיט רב נחומטשין איז אַן אומגליק געשען. רב נחומטשי האָט זיך אוודאי אויסגעגליטשט, שלעפּנדיק דעם עמער וואַסער מיטן שטעגעלע אַרויף און ער האָט זיך אַראָפּגעקוילערט צוריק פון דער הויקערדיקער וואַנט.

אַזוי איז דאָס טאַקע געשען. דער עולם ביים ברעג איז געלאָפן דעם אַלטיטשקן צו־הילף און בערל איז געלאָפן פון דער הייך איבערן סכנהדיקן שווינדל־שטעגעלע. די פינף דאַלער זענען זיך צערונען אויף גיכע הילף און אויף דאָקטוירים פאַרן אַלטיטשקן.

***

צוויי מעת־לעת איז רב נחומטשי אָפּגעלעגן אין געהאַקטע ווונדן, און בערל האָט זיך געפּאָרעט אַרום אים. אויפן דריטן טאָג, ווען בערל איז געקומען אים מבקר־חולה זיין, האָט ער געפונען אַ ליידיקע בעט. אַן אויסגעצוואָגענעם, אַ פאַרבאַנדאַזשירטן, מיט בלוטיקע סטרופּעס אויפן

צעקלאפּטן פּנים, האָבן יידן אַוועקגעפירט רב נחומטשען אין בית־מדרש גומל־בענטשן. איז גאַנץ ליאַסאָווע, אַן אויסגעהונגערטע, אַ פאַרצרהטע, געלאָפן אין בית־מדרש אַריין אָנקוקן ווי אזוי רב נחומטשי וועט בענטשן גומל. האָט דער אַלטיטשקער מיט אַ שוואַך קינדיש שטימעלע אָפּגע־זונגען ביים בעלעמער דאָס זייניקע און געבעטן, מען זאָל אים צופירן און אַוועקזעצן אויף יענער באַנק הינטערן אויוון, וווּ ער האָט געזאָגט תהילים אין פאַרלויף פון דרייסיק יאָר.

און אַז מען האָט אים אַוועקגעזעצט אין זיין ווייס כאַלאַטל, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און צופרידן און ליכטיק זיך צעשמייכלט. מיט דעם שווערן באַנדאַזש אַרום קאָפּ האָט ער אויסגעזען, ווי עפּעס אַ גאַסט פון די ווייטע לענדער אין אַ טשאַלמע, ווי אַ יידעלע פון די עשרת־השבטים, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון הינטער די הרי־חושך.

און ווי נאָר ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם שווערן אָטעם, אַזוי האָט ער צוריק באַקומען זיין באַריידעוודיקייט און אַפילו די אונטערגעשוואָלענע אייגעלעך האָבן געוויזן אַ רמז אויף זייער עקשנותדיק־יוגנטלעכן גלאַנץ.

— האַ, בערל, ווי קומסטו אַהער, בערל?

— איך בין אַריינגעקומען זען, וואָס איר מאַכט.

— אַ טייערע מצאָצע! נישט געפונען שוין קיין וויכטיקערע זאַכן? אַבי איך האָב געמיינט: ביסט פרום געוואָרן. איך וועל דיר אויסזאָגן אַ סוד, בערעלע: ס'איז אַ שלעכטער סימן, אַז גוטע לייט ווערן פרום. כע־כע!

בערל האָט זיך דערמאָנט וועגן זיין פריינד שלמה לוריע.

— ווי פילט איר אייך, רב נחומטשע?

— ווי איך פיל מיך? איך בין שוין אויסגעלייזט, מיין קינד, אויסגעלייזט.

— וואָס מיינט איר דערמיט?

— וואָס איך מיין דערמיט? ווילסט טאַקע הערן? טאָ הער זיך איין. אדרבא, זאָלן טאַקע אַנדערע יידן אויך הערן. ס'איז אַ לאַנגע געשיכטע... אוי ווייי איז מיר...

רב נחומטשע האָט אַ טעות געהאַט, ווען ער האָט געמיינט, אַז זיין געשיכטע וועט זיין אַ לאַנגע. זי האָט נאָר געדויערט לאַנג אין זיין לעבן, אָבער דערציילט האָט ער זי אין געציילטע ווערטער,

ער איז נאָך דאַן גאַר אַ יונגערמאַן געווען, ווען אין דער שטאָט האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה. באַלד נאָך דער גרויסער שריפה איז די מגפה געקומען. יידן האָבן זיך געדריקט אין ענגשאַפט, צו פינף, צו צען משפחות אין איין פאַרבליבענער דירה. האָט טאַקע די מגפה געהאט פאַר זיך אַ ברייט פעלד. מענטשן האָבן פאַרלאָרן די האָפענונג, אַז פון דער שטאָט ליאַסאָווע זאָל נאָך פאַרבלייבן אַ געדעכעניש.

און געלעבט האָט דאַן אין ליאַסאָווע דער אַלטער רב רב עוזר — אַ ייד אַ חריף און אַ גרויסער עקשן. ער איינער האָט דעם קאָפּ נישט פאַרלאָרן. בייטאָג האָט ער זיך מתעסק געווען אַרום די חולאים, געזען דורכצופירן, אַז מען זאָל אָפּזונדערן די געזונטע, אַז מען זאָל פאַרברע־נען די זאַכן נאָך די פאַרשטאָרבענע, אַז מען זאָל פאַרחתמענען די פאַרפעסטעטע וווינונגען. און דורך דער נאַכט האָט ער איינער אַליין געלערנט אין בית־מדרש.

איז געשען, אַז דער יונגער רב נחומטשע איז שפּעט ביידערנאַכט געגאַנגען פון דער אַרבעט. אַ בערשטער איז ער געווען און געאַרבעט האָט מען דאַן ביז איינס און ביז צוויי ביידערנאַכט. איז ער געגאַנגען פון דער אַרבעט איבער דער אָפּגעשטאָרבענער גאַס און די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, אַ שפּעט־האַרבסטיקע. דאָס אומגליקלעכע שטעטל איז געזונקען אין חושך און בלויז אין בית־מדרש האָט זיך געלויכטן אַ פייערל. דאָרט האָט דער אַלטער רב עוזר זיך געשאָקלט איבערן שטענ־דער מיט אַ ברום פון געוויין.

האָט רב נחומטשע אַריינגעקוקט אין בית־מדרש אַריין דורכן פענצטער און זיך דערמאָנט, אַז דער שמש איז די טעג אויך געשטאָרבן און ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל אין בית־מדרש איינהייצן און דעם אַלטן דערלאַנגען וואַסער ביים לערנען. האָט ער דאָס גענומען אויף זיך. אַוועקגעלאָפן אַהיים אין דער דריטער גאַס און פון דאָרט געברענגט צו שלעפּן אַ ברעמיעלע האָלץ און אַ קרוג וואַסער.

און אַז דער אַלטער רב האָט דערפילט די וואַרעמקייט פון דעם אָנגעהייצטן אויוון און דערזען אַ קוואָרט וואַסער פאַר זיך און די פאָר אָנגעצונדענע ליכט, עס זאָל אים זיין ליכטיקער צום לערנען, האָט ער זיך ערשט אומגעקוקט און געזוכט מיט די אויגן, ווּעמען ער האָט עס

צו פאַרדאנקען. האָט ער דערזען דעם יונגן רב נחומטשע. האָט ער אים געבענטשט.

— הונדערט יאָר, מיין זון, זאָלסטו לעבן! זאָלסט לעבן און געזונט זיין!

דאָ האָט רב נחומטשע איבערגעריסן זיין דערציילונג, זיך אומגעקוקט קינדיש פאַרחידושט און פלוצלונג זיך ביטער צעוויינט.

— הונדערט יאָר זאָלסטו לעבן! גאָר אַ קלייניקייט: הונדערט יאָר! דער אַלטער איז געווען צערודערט פון די גרויסע סכנות, וואָס די שטאָט האָט איבערגעלעבט, ווען אַ מענטשנס לעבן איז געהאנגען אויף אַ האָר. הונדערט יאָר לעבן און געזונט זיין — דאָס איז געווען אין זיינע אויגן די גרעסטע ברכה דאָן. ער האָט זיך, נעבעך, נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג, וואָס פאַר אַ שווער פעקל עס קען ווערן פאַר איינעם די ברכה זיינע.

רב נחומטשע האָט זיך אויך נישט אָפּגעגעבן קיין רעכענונג. ער האָט געדאַרפט בעטן דעם אַלטן, אַז ער זאָל אים ווינטשן הונדערט גוטע יאָר.

אָבער, ווען רב נחומטשע האָט זיך אַרומגעזען, אַז די ברכה איז נישט פאַרפּול — איז שוין צו־שפּעט געווען צו פאַרריכטן. דער אַלטער רב איז שוין דאַן געווען אויפן עולם־האמת.

און אַזוי האָט רב נחומטשע זיך געהאַלטן מיט דער ברכה צען יאָר און צוואַנציק און מער. קיין גוטע יאָרן האָט ער נישט אָנגעזען און ער האָט זיך פון לאַנג שוין אָפּגעזאָגט פון ווילטאָג פאַר זיינעטוועגן. געוואָלט האָט ער אָבער דערלעבן נחת פון אַנדערע, נחת פון אָרום. ער האָט געוואָלט, אַז אויף דער וועלט זאָל אַזויפיל צרות נישט זיין. און דאָ איז וואָס אַ יאָר געוואָרן אַלץ מער צרות אויף דער וועלט מיט מלחמות, מיט גירושים מיט הונגער און מיט פּיין.

און עס שטייט אים נאָך פאַר צו לעבן אַ שלל מיט יאָרן און אַלץ דאָס צוזען און מיט אַלע זיך איבערנעמען. איז ער וויפל מאָל שוין געלאָפן צום צדיקס אוהל און געקלאָגט און געיאָמערט פאַר אים, ער זאָל זיך מרחם זיין! זאָל ער דאָרט אויספּועלן, אַז פון זיינע אַלטע פּלייצעס זאָל אַראָפּגענומען ווערן די לאַסט פון לעבן הונדערט יאָר. ווייל וויפל

קאָן דען אין זיך אַ מענטש צרות אַריינגעמען? ס'איז דאָך שוין אי־בערגענוג!

און דער צדיק האָט אַלץ געשוויגן, זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. געמיינט — שוין פאַרגעסן אָן אים, אָן רב נחומטשען.

ערשט נעכטן, פרייטאָגצונאַכט, איז ער אים צו חלום געקומען, דער אַלטער רב עוזר, אַ ליכטיקער אַזאַ און אַ שטרענגער. אַ הויכער שטערן מיט צוויי האַרטע, געפּלאָכטענע פּיאות און דאָס שמאָלע פּנים פאַרענדיקט מיט נאָך אַ שמעלער בערדל.

און דער רב האָט אים זיין שווערע האַנט אויפן קאָפּ געלייגט.

— מיין זון! איך האָב אויסגעפועלט. דו ביסט פריי.

— מיין זון — האָט ער געזאָגט...

און רב נחומטשע האָט געשמייכלט דורך די אַלטע טרערן און דער קאָפּ זיינער אין דער טשאַלמע פון באנדאזש האָט זיך געטרייסלט און דער בליק זיינער איז פאַרלאָרן ווייט־ווייט, אין די נעפּלען אַריין.

ער איז נפטר געוואָרן שבת־צונאַכט. און זיין לוויה האָט אויפגע־הויבן די גאַנצע שטאָט. דאַן האָט זיך בערל ערשט דערוווסט, אַז רב נחומטשעס פאַמיליע־נאָמען איז אויך געווען פאָדלאסקי.

## 17

## די אַלטע בריק

סוף ווינטער איז אַראָפּגעקומען קיין ליאסאָווע אַן אָנגעזעענער גאַסט פון מאָסקווע. און הגם געקומען איז ער אונטער דעם נאָמען אומאַנסקי — אַ נאָמען, וואָס איז גאָר באַקאַנט געווען אין די פּאַרטיי־אישע קרייזן, האָט ליאסאָווע דאָך געדענקט זיין אמתן נאָמען פון פאַר צוואַנציק יאָר און זיך געפרייט מיט אים און שטאָלצירט, ווי מיט אַן אייגענעם שיינדל.

— אונדזער בענצל איז געקומען! אַ מיניסטער! אַ קאָמיסאַר! נישט באַשערט געווען דעם טאַטן זיינעם צו דערלעבן דעם נחת!

דער גאַסט פון מאָסקווע איז טאַקע געווען בענצל פאָדלאסקי — דער זון פון פּלטיאלן, וועלכער איז אומגעקומען אויף אַ העלדישן און ווילדן אופן בעתן פּאָגראָם אין ניי־שטעטל.

די אויסגעהונגערטע שטאָט האָט מיטן אינסטינקט דערפֿילט, אַז בענצל איז אַראָפּגעקומען מיט ברייטע פֿולמאַכטן. און אַזוי ווי אַ מענטש איז ער אַן אייגענער, ליאָסאָווע האָט נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק אים אויסבאַהאַלטן פֿון דער צאַרישער פּאָליציי און זשאַנדאַרמען, האָט איצט די שטאָט באַקומען צו אים אַ צוטריט און געלאָפֿן אויסריידן פֿאַר אים דאָס ביטערע האַרץ.

אין די אַמטלעכע שעהן זענען געשטאַנען פֿאַר דער טיר פֿון זיין קאַבינעט בערדיקע באַלעבאַטים אין דער ריי, געוועזענע סוחרים, גע־וועזענע קליינהענדלער, געוועזענע בעל־מלאכות, געשטאַנען געדולדיק און הכנעהדיק, פּונקט ווי זייערע ווייבער און קינדער פֿאַר די ווינציקע קאָאָפּעראַטיווע שפּייז־געוועלבער, געשטאַנען מיט אַ פּונק פֿון דערוואַר־טונג און פֿון האָפֿענונג געהאָלפֿן צו ווערן דורך אַ היימישן צוגעלאָזטן מענטשן, וועלכער האָט איצט אַזויפֿיל מאַכט אין זיינע הענט.

די דערוואַרטונגען זענען געווען איבערגעטריבענע. בענצל האָט טאַקע אַלעמען געדולדיק אויסגעהערט און וועמען ער האָט געקאָנט מיט עפּעס העלפֿן און איינגעפֿונען, אַז ער דאַרף העלפֿן, האָט ער דאָס געטאָן, הגם די הילף איז געווען אַ גאַנץ באַשיידענע. ער האָט מער געטרייסט ווי געהאָלפֿן. אָבער אַנטציקט זענען פֿון אים געווען אַלע, אַפֿילו די, וועלכע האָבן אויף די שפּיץ פֿינגער פֿאַרלאָזן זיין קאַבינעט אָן הילף און טרייסט.

— דאָס איז אַ מענטש! מען זעט גאָר איצט אַזעלכע מענטשן נישט!

בענצל האָט שוין פֿאַרמאָגט אַזאַ גבורה, דורך עטלעכע ווערטער צובינדן צו זיך יעדן אינטערעסאַנט, געווינען זיין צוטרויען און אויפֿ־קלערן אים דעם ערנסט פֿון דער רעוואָלוציע, אַזוי אַז ביי יענעם האָט זיך שוין מער די צונג נישט באַוועגט אַרויסצולייגן זיינע טענות וועגן פּריוואַטע חרובע עסקים. יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר האָבן אין געשפּרעך מיט בענצלען זיך געקליגט צוצונייגן צו זיין מאַסשטאַב און וועלט־באַנעם און ריידן מיט דער שפּראַך פֿון זיין יושר. און נישט ווייל זיי האָבן געהאַט דערביי אַ הינטערשטן מיין. אַזוי שטאַרק איז געווען די סו־געסטיע פֿון בענצלס בליק און פֿון זיין גאַנצן אויסזען, אַז זיי האָבן זיך געשעמט אין זיין קעגנוואַרט צו ריידן און צו דענקען אַנדערש.

אָבער אַזוי ווי לויט בענצלס אייגענעם מאַסשטאַב און יושר זענען אין דער רעוואָלוציע באַגאַנגען געוואָרן פיל עוולות קעגן דעם פּשוטן בירגער, און אַזוי ווי דאָס איז טאַקע געווען איינע פון בענצלס אויפ־גאַבן די עוולות צו באַזייטיקן און צו רייניקן די רעוואָלוציע פון ווילדן אָנוווקס, האָבן דאָך פיל מענטשן פאַרלאָזט זיין קאַבינעט געטרייסטע און געמונטערטע, מיט גוטע הבטחות אויף באַלדיקער הילף.

— האָסטו געזען אַ הנהגה פון אַ קאָמיסאַר! — האָבן זיי נאָך דעם באַזוך זייערן זיך געחידושט, געקנייטשט מיט די פּלייצעס. — אין קאַ־בינעט איז קאַלט, כאָטש וועלף צו טרייבן. און ער אַליין זיצט אין אַן אַלטן מאַנטל, אין קאַלאָשן, דעם קאַלנער אויפגעשטעלט, די הענט אין די אַרבל פאַררוקט און פסקנט שאלות, ווי אַזוי עס דאַרף אויסזען די וועלט!

בערל פּאָדלאַסקי האָט באַקומען פון בענצלען אַן איינלאַדונג און צו דער באַשטימטער צייט האָט ער זייטיק־ברייטפּלייצעדיק אַריבערגע־טראָטן די שוועל פון קאַלטן קאַבינעט.

צוערשט האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער זעט פּאַר זיך פּלטיאלן. אַ הויכער צאַרט־בלאַסער שטערן, אַ פּאָר גלאַנציקע ברילן אונטער שפּי־ציקע ברעמען און אַ שמאָל שוואַרץ בערדל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן גלייך אונטער דער לאַנגער בלוילעכער נאָז — דאָס איז אַלץ, וואָס האָט זיך אַרויסגעזען פון בענצלס אויפגעשטעלטן קאַלנער. דער איינדרוק, אַז ער זעט פאַר זיך פּלטיאלן, האָט זיך גענומען הויפּטזעכלעך פון בענצלס אַרט זיצן, בית־מדרשדיק איינגעהויקערט, די הענט אין די אַרבל פאַררוקט.

נאָך דעם, ווי ער האָט דערלאַנגט בערלען אַ בלאַסע קאַלטע האַנט, האָט ער זיך ווידער פאַררוקט אין אַרבל פון דער צווייטער.

— זיצט, חבר פּאָדלאַסקי.

אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר איז זיי נישט אויסגעקומען זיך צו טרעפן, כאָטש זיי האָבן איינער פון דעם אַנדערן געהערט און געוווסט.

בענצל האָט אָנגעהויבן דאָס געשפּרעך אָפיציעל און גאָר אָן הקדמות.

— זאָגט מיר, בערל, איר סאַבאָטירט טאַקע?

— ניין.

— פאַרוואָס זעט מען אייך נישט ביי דער אַרבעט?

— ביי וועלכער אַרבעט?

— כ׳מיין ביי אייער אַרבעט, דאָרט, ווו איר זייט אַ ספּעץ. פאַרוואָס גייט איר נישט צוריק אויפבויען פּאָדלאַסיע?

— ס׳איז דאָך נישט מיינס.

— אַזוי גאָר! עס גייט אייך אין אייגנטום!

בערל האָט זיך אָנגעצונדן.

— איר, בענצל, האָט, דאַכט זיך, געמאָגט וויסן, אין וואָס מיר גייט. איך מיין: מען וועט מיך צו דער אַרבעט ניט צולאָזן. מען וועט מיר נישט געבן די פולע מעגלעכקייט...

און בערל האָט נישט דערוואַרט פון דעם איינגעהויקערטן, צוזאַמענגעטוליעטן בענצלען אַזאַ לויטערן און הילכיק־באַפעלערישן אויסגעשריי:

— ווער וועט אייך נישט צולאָזן? מענטש! ווילט נאָר!

האָט דער לויטערער אויסגעשריי צעבראָכן דעם אייז פון אָפיציעלישקייט. דאָס געשפּרעך איז שוין אָנגעגאַנגען אין אַ אינטים פריינדלעכן טאָן.

— איך בעט אייך, בענצל, וואָס האָט מען זיך פּלוצלונג דערמאָנט אָן מיר? וואָס איז דען געשען?

— וואָס האָט דען געזאָלט געשען? מען קוקט זיך אַרום און מען זוכט די נייטיקע מענטשן. נישט יעדערער פון אונדז, וואָס באַמיען זיך צו שאַפן די נייע יסודות, פאַרמאָגט אויך דעם טאַלענט אויף די נייע יסודות צו בויען. איך בין גוט אינפאָרמירט וועגן אייער אַרבעט און איך ווייס, אַז אויף אייער געביט זייט איר געוועזן אויפן ריכטיקן וועג. אָבער דאָס, וואָס האָט פריער געהערט צו די שיינע עקספּערימענטן, איז ביי היינטיקן טאָג אַ נויטווענדיקייט. האָט איר אַ באַגריף, וואָס עס טוט זיך ביי יידן אין ליאַסאָווע?

— אַ טויטע שטאָט. אַ שטאָט פון געוועזענע מענטשן.

— אַט־אַט. געוועזענע, דעקלאַסירטע. איינע פון די שווערסטע מלוכישע אויפגאַבן. איר מוזט אָנגיין מיט אייער אַרבעט און אַזוי אַרום אָנווייזן אַן אויסוועג אין גרויסן מלוכישן מאַסשטאַב.

בערל האָט אָנגעקוקט דעם בלאַסן, הויכן שטערן, וואָס הינטער

אים האָט, דאַכט זיך, אַ ווייסער פלאָם געברענט. פון די גלאַנציקע ברילן האָבן אַרויסגעקוקט צוויי העלע, לויטערע אויגן, פול מיט באַפעלערישן ווילן, וואָס ווייס נישט פון קיין שטערונגען און שטרויכלונגען — אַ נאאיווער און שטאָלענער בליק.

און בערל איז בלאַס געוואָרן און ער האָט אויפגעציטערט און אַוועקגענומען די אויגן פון דעם מעשקווירדיקן שמאָלן פנים איינגעקלעמט אין אויפגעשטעלטן קאָלנער.

— דאָרט איז דאָך אַלץ חרוב געמאַכט.

— בויט אויף.

— די מענטשן — אויסגעשאָכטן, צעלאָפן זיך.

— ווערבירט אַנדערע.

— און מיטלען?

— ווי ווייט מיר וועלן קאָנען, וועלן מיר אייך באַהילפיק זיין. אָבער איר דאַרפט וויסן, אז אונדזערע מיטלען זענען נאָך גאָר באַשיידענע. מירן אייך געבן פרייע הענט. טוט.

— איך וועל באַטראַכטן.

— דאָס גייט נישט, בערל! טראַכטן וועט איר שפעטער. שיין וואָלטן מיר אויסגעזען, ווען מיר דאַרפן זיך באַטראַכטן איבערצונעמען די מאַכט. פריער — מאַכט. שפעטער טראַכט.

— נעשה ונשמע?

— זאָל זיין אַזוי. אַ תשובה גיט מיר שפעטסטנס — מאָרגן. כל־זמן איך בין דאָ, וועל איך עפעס טאָן פאַר אייך.

אויף מאָרגן האָט בערל איבערגענומען די פולמאַכט איינצובויען דעם פּאַרוויסטן יידישן לאַנד־ישוב. ער האָט לאַנג אין האַנט געדרייט דעם אָפּגעשטעמפּלטן מאַנדאַט און געטראַכט, אַז אַ חוץ דעם פּאַפּירל און גוטע הבטחות, בלייבט אים דער איינציקער קאַפּיטאַל: זיין פאַרזענלעכע ענערגיע.

אין זיינע אייגענע כוחות האָט ער מער נישט געצווייפלט. דער מענטש מיטן בלאַסן, ווי דורכגעלויכטענעם שטערן, האָט בערלס כוחות פאַרמערט און געטאָפּלט דורך איין איינציקן אַקט, דורך דעם אַקט פון יושר, וואָס ער האָט אָנגעווענדט צו אים און אים געשטעלט אויף זיין ריכטיקן פּלאַץ.

אַמווייניקסטן האָט זיין שמחה פאַרשטאַנען דאַרעטשקע, ווען ער איז געקומען צו איר וויזן דעם מאַנדאַט זיינעם. ער האָט שוין אַליין געפילט די גאַנצע אומגעלומפּערטקייט פון זיין ברייטן זשעסט, ווען ער האָט פאַר איר דאָס געחתמעטע פּאַפּירל אויפגעדעקט:

— לעז!

זי האָט געלעזן און געצוקט מיט די שמאָלע אַקסל. זי האָט נישט פאַרשטאַנען מיט וואָס אַ מענטש קאָן זיך דאָ פרייען, ווען אַלע טאָג ווערן אָפּגעטאָן זאַכן פון גרעסערער וויכטיקייט. זי אַליין איז געווען איבערן קאָפּ איינגעטונקט אין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. ווי מיט עמעצן זיך פאַרמאָסטן אין די כוחות, האָט זי, דאַכט זיך, צופיל גענר־מען אויף אירע שמאָלע אַקסלען און מיט אַ מערקווירדיקער עקשנות האָט די קליינע פרוי געשטרעבט צו וואָס אַ ברייטערן פאַרמעסט. עס איז אויסגעקומען אַזוי, ווי זי האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן די שרעק פאַר גרויסע און דרייסטע טאַטן דערפאַר, ווייל עס האָט איר פאַרפעלט מאָס פאַר דעם, וואָס איז גרויס און דרייסט. אָבער זי און בערל האָבן זיך שוין לאַנג אויפגעהערט צו פאַרשטיין. זי האָט געהאַט איין מאָס: נישט פון גרויסער וויכטיקייט איז געווען דאָס אַלץ, וואָס עס האָט געקאָנט אַריינגיין אין קרייז פון בערלס אינטערעסן, אַלץ איינס, צי איז דאָס געווען דער אויפבוי פון פּאַדלאַסיע אָדער די זאָרג פאַר איר געזונט. דאָס אַלץ איז אין אירע אויגן געווען קליינבירגערלעך, און אַזוי ווי זי האָט געפילט, אַז זי האָט דאָך בערלען ליב, האָט זי באַשלאָסן, אַז די רעוואָלוציאָנערין האָט אין איר גובר געווען די פרוי און אין דער שטיל האָט זי שטאָלצירט מיט איר אומאָפּהענגיקייט.

אין אַ רואיקער מינוט וואָלט זי בערלס קליינבירגערלעכקייט גע־דולדעט מיט אַ שמייכל און ער וואָלט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער גלויבט דאָס. זי פּילט אים אַפילו מיט.

,אָבער איצט האָט ער זי געטראָפן שוין מיט איין האַנט אין אַרבל פון מאַנטל שטעקן. זי האָט זיך געאיילט אויף אַ וויכטיקער זיצונג און אַזוי, מיט איין האַנט אין אַרבל, האָט זי איבערגעלעזן זיין מאַנדאַט.

— און וואָס איז שוין די גדולה, אַז דו וועסט אויפבויען פּאָד־לאַסיע?

— דו פאַרשטייסט עס נישט, דאַרע.

— אוודאי! ווי קומען מיר דאָס צו פאַרשטיין...

בערלען איז קיין ברירה נישט געבליבן, ווי באַגלייטן זי אַ שטיקל וועג אויף דער זיצונג אירער און קאַלט־אומצופרידן מיט איר זיך גע־זעגנט ביים ראָג.

— אַרבעט זיך נישט איבער, דאַרע! היט אָפּ דיין שטיקל געזונט.

— אוודאי! וועסט מיך אַרונטערשטעלן אונטער אַ גלעזערנער שייזי, וועל איך דאָרט מאַכן די רעוואָלוציע...

זיי האָבן זיך צעשיידט, יעדערער פאַרנומען מיט זיין אייגענער וועלט.

פונקט דאַן, ווען ער איז שוין אַוועק, האָט זיך דאַרעטשקען פאַר־וואָלט אים זאָגן עפּעס ווייבעריש, האַרציקס. זי האָט אויסגעפונען מיט די אויגן זיין דערוויטערטע ברייטפּלייציקע פיגור אין דער שיטערער באַלויכטונג פון די טראַכאָמע־לאמטערנס, זי האָט זיך צוגעקוקט צו זיינע ריטמיש־צעוויגטע, זיכערע פּלייצעס און אויף אַ רגע פאַרצווייפלט צי זי איז שטאַרקער פאַר אים, אַפילו מיט אירע גאַנצע רעוואָלוציאָנערע אויפטועכצן.

— אַזאַ שיף וועט אין שטורעם נישט אונטערגיין!...

צו דער וויכטיקער זיצונג האָט זי היפּש פאַרשפּעטיקט. בערל מיט זיין נארישער שמחה האָט דאָך ביי איר אַוועקגערויבט אַ בייטיקע שטיק צייט. די זיצונג איז געווען אַ שטרענג־פאַרטרוילעכע פאַרן ענגן פאַרטיי־קאָמיטעט. און דאַרעטשקע האָט מיט שוועריקייטן זיך אַריינבאַקומען אין קאַבינעט צו חבר אומאנסקי, כאָטש זי האָט אָנגעהערט צום צ״ק.

אַרום טיש זענען געזעסן און געשטאַנען אַ מאַן צען פון די נאָענט־סטע חברים און בענצל, ווי זיין שטייגער, מיט די הענט אין די אַרבל, האָט געפירט די זיצונג. דעם מאַנטל האָט ער אויסגעטאָן, ווייל פון מענטשן־אָטעם און פון רויך איז אין קאַבינעט שוין געווען גענוג וואַרעם. לויט דעם כמורנעם ערנסט פון די פּנימער האָט דאַרעטשקע איינגעזען, אַז דאָס, פאַרוואָס זי האָט די גאַנצע צייט געציטערט, איז געשען. חבר אומאנסקי האָט געשטעלט זיין אומברחמנותדיקן פאָרשלאָג און מירל, די שוועסטער זיינע, האָט מיט אַ טרומייטער־שטים דעם ברודערס פאָרשלאָג איצט אונטערגעהאַלטן.

— געוויס, חברים, מוזן מיר אונטערשיידן צווישן רעוואָלוציאָנע־

רער אַקציע און איינפּאכן פאַרברעך. דער כאַאָס פון רעוואָלוציע איז דאָ נישט קיין פאַרענטפערונג. איר זאָגט: פאַרטיזאַנער קלייבן נישט איבער אין מיטלען, ווייל זיי זענען אויסגעשטעלט אויף די גרעסטע סכנות. אָבער קעגן וועמען אָנווענדן די דראַקאָנישע מיטלען — אָט איז די פּראַגע! קעגן די אומגליקלעכע, פינצטערע פּויערים? דאָס, וואָס חבר קראָנענבערג האָט פאַריקן יאָר אָפּגעטאָן מיט אַ דאָרף פויערים — דאָס קען נישט געדעקט ווערן און טאָר נישט געדעקט ווערן דורך אונדז. דאָס איז אַ גאַנגרענע אין אונדזער קעמפערישן אָרגאַניזם. דעם גאַנגרעניזירטן אבר מוז מען אָפּשניידן. איך וועל נאָך עפּעס דערמאָנען: חבר קראָנע־בערג האָט זיינע קאַמפס־מעטאָדן פאַרוואַנדלט אין אַ ספּאָרט. צוליב זיינעם אַ ספּאָרטישן קאַפּריז איז אומגעקומען איינער פון אונדזערע איבערגעגעבנסטע חברים.

דאָ האָט מירלס שטים פאַרלאָרן איר טרומייטערישע לויטערקייט. איז פאַרלאָפן מיט אַ כליפּ. זי האָט מיט איר מעכטיקן פאַרביק־געלאָקטן קאָפּ אַ טרייסל געטאָן, וועלנדיק זיך נעמען אין די הענט אַריין.

— היינט איז פונקט אַ יאָר, חברים, אַז אונדזער חבר שייקע זוסמאַן האָט העלדיש פאַרענדיקט זיין לעבן ביי די ווייסע אין דער תּפיסה, לאָ־מיר, חברים...

און מיט אַ טעמפּן ריטמישן קלאַפּ האָבן זיך אַלע אַ הויב געטאָן פון די ערטער, צו באַערן דעם אָנדענק פון אַ געפאַלענעם רעוואָלוציאָנער.

די עטלעכע סעקונדן טיפן שווייגן זענען געווען אַ קלאַפּ פאַר דער רעדנערין. זי האָט שוין מער נישט געקאָנט באַהערשן איר שטים און אירע נערוון.

זי האָט מיט דער גרויסער האַנט אַ ווישט געטאָן אַ טרער פון אויג און ווענדנדיק צו עמעצן איר מעכטיקן פּראָפיל, האָט זי הילפלאָז די הענט צעשפּרייט און דאַן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

— איך... קאָן נישט.

און זי האָט אָפּגעטראָטן פון טיש, מען זאָל נישט זען, ווי זי וויינט.

די קליינע דאָרעטשקע, כמעט נאָר־וואָס פון דער גאַס געקומען און נאָך דעם מאַנטל נישט אויסגעטאָן, האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ העפּ־טיקער דיסקוסיע, צו ראַטעווען אַ מענטשן, וועלכער איז איר טייערער, ווי דאָס לעבן,

— זאָל מען קיין קינדער נישט זיין און זיך נישט מאַכן סענטימענ־טאַל! סענטימענטאַליטעט איז נישט צום פּנים דער פּאַרטיי אין דער איצטיקער צייט. וואָס גרויזאַמער די אַקציע — אַלץ נענטער צום פול־שטענדיקן זיג. מען מוז אויפן שונא אַ פּחד אָנוואַרפן. און חבר קראָנע־בערג האָט עס אמבעסטן פאַרשטאַנען. ער האָט געהאַנדלט מיט זיין איי־גענער גרופּע אויף זיין אייגענער אחריות, אָבער אין איינקלאַנג מיט דער רעוואָלוציע. און מיט וועמען האָט ער געזאָלט זיך אָן עצה האַלטן, ווען די באָלשעוויקעס זענען דאַן געווען צעזייט און צעשפּרייט. ער האָט באַשטראָפט איין דאָרף און צוואַנציק אַנדערע דערפער ציטערן ביז היינטיקן טאָג און זיי זענען צופרידן, אַז מען טשעפּעט זיי נישט. קיין שחיטות אויף יידישע שטעטלעך וועלן זיך אַזוי גיך נישט איבערחזרן. מען האָט דאָך געזעגט מענטשן לעבעדיקערהייט! דאָ אין צימער געפי־נען זיך דאָך צוויי חברים, וואָס זייער פאָטער האָט מען צעזעגט אַ לע־בעדיקן. ווי קאָנען זיי גאָר קומען מיט אַזאַ אומדערהערטן פאָרשלאַג צו־צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט דעם חבר קראָנעבערג!

חבר אומאַנסקי, ס'הייסט בענצל, האָט טרוקן אָנגעקלאַפּט מיט די פינגער־קנאַכן אָן טיש און געגעבן אַ קורצע דערקלערונג.

— חברטע דאָרע דאַרף דאָ נישט אַריינמישן קיין פּריוואַטע פער־זאָנען אַלס געליטענע. ס'איז נישט קיין רעוואָלוציאָנערער אַרגומענט. אין פּריוואַטע נקמה־אַקטן טאָר די רעוואָלוציע נישט פאַרוואַנדלט ווערן. זי מוז שטרעבן צו אַן עטישער פאַרענטפערונג פאַר אַלע אירע האַרבע מעשים. יענע גרויזאַמקייטן, וועלכע האָבן נישט זייער פאַרענטפערונג, מוזן פאַלן אויף די קעפּ פון יענע חברים, וועלכע זענען די גרויזאַמקייטן באַגאַנגען. אַנדערש — פירט עס צו פאַרווילדונג. דאָס, וואָס דער מענטש מיטן נאָמען קראָנעבערג האָט אָפּגעטאָן, איז נישט ווייניקער ווילד און אומפאַרענטפערלעך, ווי דער פּאָגראָם. צעשניידן מענטשן אָדער צונויפ־זאַמלען זיי און באַגראָבן לעבעדיקערהייט — וואָס איז דער חילוק?

— מיין פאָרשלאַג, חברטע דאָרע, איז נישט צוצוציען קראָנעבערגן צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נאָר אויסגעפינען אים און ליקווידירן אָן שום געריכט.

בענצלס לאַנגע נאָז האָט זיך אַריינגעגראָבן אין דעם שוואַרצן בערדל, די ברילן זיינע האָבן געגלאַנצט, ווי ריזיקע קעצישע אויגן. און

איבער די ברילן — אַ הויכער קלאָרער שטערן — ווי אַ ווייסער פלאַם וואָלט הינטער אים געשיינט. נאָר אין דיאַגאָנאַל פון דעם שטערן איז אָנגעקוואָלן איין גראָבער, בלויער אָדער, ווי אַ שמיץ פון אַ בייטש.

זיין פאָרשלאַג איז מיט זיבן שטימען קעגן דריי געוואָרן אָנגענומען און מען איז אַריבער צום ווייטערדיקן טאָג־אָרדענונג.

בענצל האָט געהאַט ווייניק צייט פאַר ליאָסאָווע. און פאַר זיין קורצן באַזוך האָט ער געוואָלט אויסגלייכן אַלע פעלערן, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן אין גאַנג פון דער רעוואָלוציע. ער האָט זיך נישט באַנוגנט מיט פאַפּירענע באַשלוסן. דאָס, וואָס איז באַשלאָסן געוואָרן, האָט געזאָלט ווערן דורכגעפירט ווי אַמשנעלסטן, כל־זמן ער איז נאָך אויפן פּלאַץ.

קראָנעבערג דער אַנאַרכיסט, וועלכער האָט ביז איצט געאַרבעט האַנט ביי האַנט מיט די באָלשעוויקעס, האָט געזאָלט ליקווידירט ווערן נאָך אין דער זעלביקער נאַכט. מען האָט געדאַרפט אויסנוצן די געלעגנהייט, וואָס ער געפינט זיך אין ליאָסאָווע און נישט לאָזן אים קומען צוריק צו זיין גרופּע אין די זומפּן. אָבער קראָנעבערגן האָט מען געדאַרפט אין שטאָט ערשט אויסגעפינען. זיין באַהעלטעניש האָט קיינער נישט געוווסט.

און דאָרעטשקע איז גלייך נאָכן אָנגענומענעם באַשלוס געוואָרן אָפּגעוועלקט און אַפּאַטיש און אין דער ווייטערדיקער דיסקוסיע שוין נישט באַטייליקט זיך. זי איז רואיק געזעסן און זיך צוגעהערט און זיך צוגעקוקט צו דעם, וואָס קומט פאָר אין אָנגערויכערטן צימער, ווי צו עפּעס נייעס און פרעמדס, וואָס זי פאַרשטייט נישט און וואָס עס אינטערעסירט זי נישט.

אָבער אַוועק איז זי פון דער פאַרזאַמלונג איינע פון די לעצטע, ווי זי וואָלט געוועזן פויל פון אָרט זיך אויפצוהויבן. מירל האָט באַמערקט איר פאַרנעפּלטן בליק פון אַ סאָמנאַמבולע און איר געראָטן וואָס גיכער אַהיים צו גיין. בעסער זאָל זי צופאָרן מיט אַ דראָזשקע. מירל האָט מורא געהאַט, אַז מיט דאָרעטשקען זאָל נישט געשען איינער פון אירע עפּילעפּטישע שלאָף־אַטאַקן.

— האָב נישט קיין מורא. כ׳וועל נישט איינשלאָפן — האָט דאָ־

רעטשקע מיד געשמייכלט. און מיט שיכורלעכע טריט פאַרלאָזט דעם אָנגערויכערטן קאַבינעט.

מירל איז נאָך פאַרבליבן איבערצושמועסן מיטן ברודער אונטער פיר אויגן. זי האָט געוואָלט ריידן וועגן דעם טראַגישן טויט פון זייער טאַטן און נישט געוואַגט צו שטערן דעם ברודערס אייזערנע גלייכגע־וויכט. בענצל האָט זיך געקליבן לייגן שלאָפן, ער איז מיד געווען פון אַ טאָג אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

אין דעם זעלביקן קאַבינעט איז שוין געשטאַנען צוגעגרייט אַ פּראָ־וויזאָריש לייוונטן בעטל מיט אַ האַרט קישעלע צוקאָפּנס, מיט אַ זעלנע־רישן קאָץ איבערגעדעקט.

— ווי קאָנסטו אויף דעם שלאָפן? — האָט מירל זיך געזאָרגט.

און בענצל האָט אַ שמייכל געטאָן מיט דער לאַנגער נאָז.

— וואָס איז? אַז מען דעקט זיך נאָך איבער פון אויבן מיטן מאַנטל און מען רירט זיך נישט — דערוואַרעמט מען זיך. שלאָפט מען איין. עפנט מען די אויגן — אַ סימן, אַז ס'איז צייט אויפצושטיין.

***

שפּעט ביידערנאַכט איז אַ מאַן מיט אַ פרוי אַריבער די אַלטע היל־צערנע בריק איבערן טייך. זיי זענען שווייגנדיק געגאַנגען אַ שטיקל ווייטער מיטן שאָסיי און די פרוי האָט זיך אָפּגעשטעלט. האָט זיך אָפּ־געשטעלט אויך דער מאַן.

— גייסטו טאַקע נישט מיט מיר?

— ניין, טאַדעק. איך גיי צוריק... צו מיינע חברים.

— האָסט דאָך שוין סיי ווי פאַרראַטן.

— דאָס איז מיין זאַך, טאַדעק. זאָלן זיי מיך משפּטן... אויב זיי וועלן זיך דערוויסן. איך מיין אָבער: זיי וועלן זיך נישט דערוויסן. גע־דענק, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט!

— איך געדענק. די שפּיל האָט מיר סיי־ווי דערעסן.

— ביי דיר איז די רעוואָלוציע אַ שפּיל?

— ניין, איך מיין: די שפּיל מיטן טויט.

— גיי געזונט.

— בלייב געזונט.

זיי האָבן זיך די הענט דערלאנגט, אַ רגע געשטאַנען, ווי אין פאַר־לעגנהייט. דאַן האָט די קליינע פרוי האַסטיק אים אַרומגענומען, צעקושט און אָפּגעשטויסן.

— גיי, טאַדעק, גיי! שוין אויסגעגלייכט דעם חשבון פון אונדזער לעבן.

— איך בלייב דיר סיי־ווי אַ בעל־חוב.

און זיי האָבן זיך צעשיידט.

ווען די פרוי איז צוריקגעקומען אויף דער אַלטער הילצערנער בריק, האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אָן פּאַרענטש און אַראָפּגעקוקט אונטן, צום ענגן, פינצטערן תהום. דאָרט, אַרום די „ביקעס" איז דער אייז געווען אויפגעריסן, כדי עס זאָל ביים גרויסער נישט צעטראָגן די בריק.

האָט די פרוי זיך דערמאָנט די לעגענדע, וואָס מען דערציילט וועגן דער אַלטער הילצערנער בריק, וואָס די פּאָדלאַסקיס האָבן זי געבויט אָן אָן אָנשפּאַר אין דער מיט אין גאָר אָן טשוועקעס. די בריק הוידעט זיך, אָבער זי האַלט זיך דאָך. אויף וואָס האַלט זי זיך? אויף אַ סוד. די בריק איז פעסט מיט איר אומפאַרשטענדלעכן אַלטן געזעץ.

האָט ער געזאָגט, טאַדעק, אַז זי האָט פאַרראַטן די רעוואָלוציע. האָט זי טאַקע פאַרראַטן? זי האָט דאָך בלויז אים געראַטעוועט! און אויב פאַרראַטן — ווי קאָן זי גיין צוריק? זאָל זי אפשר אָניאָגן טאַדעקן? גיין, ווי קאָן זי דאָס. דאַן וועט עס טאַקע הייסן: פאַרראַטן. אָבער צוריק קאָן זי שוין אויך נישט גיין. נישט אַהין, נישט צוריק, ווי צום אָרט צוגעפרוירן.

אויף וואָס־זשע האַלט זיך פאָרט די אַלטע בריק? איז טאַקע דאָרט, אונטן, גאָר קיין אָנשפּאַר נישטאָ?

אינדערפרי איז קלאָר געוואָרן, אַז קראָנענבערג דער אַנאַרכיסט איז באַצייטנס אַנטלאָפן פון ליאַסאָווע. עמעצער האָט פאַרראַטן און אים געוואָרנט וועגן דער געפאַר. שפּעטער איז אויך קלאָר געוואָרן, ווער עס האָט פאַרראַטן. צוזאמען מיט קראָנענבערגן איז פון ליאַסאָווע פאַרשוונדן די חברטע דאָרע מונדלאַק.

18

# אין דער וואַרעמער ווייט

אין אַ יונגפרילינגדיקן נאָכמיטאָג האָט אַ לוקסוס־שיף פאַרלאָזן דעם האפן אין מאַרסעל, זיך פאַרבייגעגליטשט אין טונקל־פּערלמוטער־דיקן אייל־געשמעלץ פאַרביי דעם וואַלד שוואַרץ־רויטע שיף־קוימענס, פאַרביי דעם הימל־נעץ פון אָנגעשטריקטע זעגלען, אויסגעמיטן די פאַר־צייטיקע באַרג־פעסטונג מיטן טורעם און מיטן אויפגאַנג פון דער לבנה איז די שיף שוין געווען אויף די ברייטע וואַסערן. דאַן האָבן זיך די רייזנדע געגומען צוקלייבן פריינט און קאָמפּאַניע לויט די אייגענע שפּראַכן און אינטערעסן. צוויי עלעגאַנטע טוריסטן האָבן זיך פאַר־שטענדיקט אין דער דייטשישער שפּראַך. איז איינער פון זיי געווען אַ דאָקטער, דער צווייטער אַ באַראָן. און דער דאָקטער האָט געהאַט אַ קליין בערדעלע, אַ געשווירנס און אויף אַ רימענדל איז אים געהאַנגען אַ ים־בינאָקל אויף דער ברוסט. און דער באַראָן האָט נאָר געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס פון זיין ספּאָרט־אָנצוג און אַ מינע אַזאַ, ווי ער וואָלט אַזוי, אָן אַ היטל, צופעליק פון זיין הויז אַרויס און אַוועקגעשפּאַ־צירט אויפן מיטללענדישן ים. אַ פערטל שעה איז אַריבער נאָך זייער ערשטן קאַלט־העפלעכן געשפּרעך און אָט זענען זיי שוין צווישן זיך גאָר אַלטע גוטע באַקאַנטע, ביידע מיט אַ פולן מויל געלעכטער איבער דער מאַסקאַראַדע, וואָס זיי האָבן אָפּגעשפּילט ביים באַקענען זיך.

זיי האָבן זיך פאַרקליבן מיט זייערע ליג־שטולן אויפן אייבערשטן דעק, דאָרט, ווו אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן און דערפאַר איז ביי די אי־בעריקע רייזנדע דער פּלאַץ נאָך נישט געווען פּאָפּולער. זיי האָבן זיך איינגעוויקלט די פיס אין די פּלעדן און זיך אָפּגעגעבן מיטן אויג און האַרץ צו דער שפּיל פון די ברייטע וואַסערן.

די לבנה — אַ קליינע און אַ גרינע, האָט זיך פאַרקליבן הויך און געשיינט ליכטיק, אויסמיידנדיק דעם בלאַס־גרינעם אַזשור פון די דינע וואָלקנדלעך. דער ים האָט אין דער ווייט אויסגעזען, ווי אַ זילבערן פעלד, אין דער נאָענט — ווי אַ טונקל־צעפּאַלדעוועטער שווערער בראָ־קאַט און דער שוים אויף די מעסיקע וועלן — ווי ווייסע גענז וואָלטן געהאַלטן אין איין אָרויסטויכן אויף דער אייבערפלאַך. און געדאַכט

האָט זיך, אַז אָט ווי די ווייסע גענדז וועט באַלד אַרויסטויכן אויפֿן האָרי־זאָנט אַ זילבערן כּישוף־לאַנד און וועט צוכּישופֿן צו זיינע ברעגעס די שיף מיט אירע מענטשן. און מיט דער האָפֿענונג אויף דער פֿאַרווירק־לעכונג פֿון אַ זילבערנעם חלום האָט דאָס האַרץ זיך אָפּגעגעבן דער לע־בעדיקער ברייטקייט פֿון די וואַסערן, איבער וועלכע די לבֿנה איז אַזוי הויך פֿאַרפֿלויגן.

דער דאָקטער מיטן בערדל האָט זיך פֿאַרטרוילעך איבערגעבויגן צו זיין שכן.

— איר ווייסט, פֿריינד, וואָס איך וועל אייך זאָגן? מיר דאַכט זיך, אַז מיר שוועבן איצט צווישן איין פּלאַנעט און אַ צווייטן.

און פֿאַרקוקט זיך אויף זיין שכנס פּנים, וואָס האָט מיט די טיף־זיצנדיקע אויגן אונטערן שטערן געטשאַטעוועט אויף דעם ווייטן זילבער־פֿעלד, האָט דער דאָקטער נישט ווילנדיק דעם זעלביקן אויסדרוק אָפּ־געשפּיגלט.

— יאָ, יאָ! — האָט געענטפֿערט דער באַראָן — צווישן איין פּלאַנעט און אַ צווייטן. זעט אָקאָרשט, אַז די פּלאַנעטאַרישע רייזע זאָל נישט אַריבער אין אַ ים־קראַנקייט.

— צו־וואָס דאַרפֿט איר עס דערמאָנען, חבֿר ביסטריצקי! — האָט דער דאָקטער מיטן בערדל זיך ביטער פֿאַרקנייטשט, — לאָמיר בעסער שמועסן וועגן פֿריילעכערע זאַכן.

דער באַראָן האָט זיך האַרטלעך און ברייטלעך צעלאַכט.

— חבֿר ביסטריצקי... שוין לאַנג נישט געהערט דעם דאָזיקן נאָ־מען! פֿאָרט איר, הייסט עס, פֿון וואַרשע, חבֿר אויערבאַך?

יאָ, דאָקטער אויערבאַך איז געפֿאָרן פֿון וואַרשע, ווו ער פֿירט אָן מיט אַ ברייטער אויסלענדישער הילפֿס־אַקציע. איצט האָט ער דער קאָ־מיטעט געשיקט קיין פּאַלעסטינע אויסקוקן אַ פּלאַץ פֿאַר פֿופֿציק יתומים פֿון די אוקראַינער פּאָגראָמען. וועט ער זען, ווי עס וועט זיך לוינען, אָדער ער וועט פֿאַרבלייבן אין פּאַלעסטינע, אָדער ער וועט זיך אַוועק־לאָזן קיין דרום־אַפֿריקע. דאָרט האָט דער קאָמיטעט אויך זיינע פֿאַר־בינדונגען.

די געשיכטע פֿון דעם באַראָן איז געווען פֿיל קאָמפּליצירטער. ווי חבֿר שמואל קאָן עס זען, איז ער אין דער דייטשישער געפֿאַנגענשאַפֿט

נישט אומגעקומען, ניין. ער האָט זיך נאָר דערוואָרבן אַ באַראָנען־טיטל. דאָס איז אַ לאַנגע געשיכטע, וועלכע ער פּוילט זיך צו דערציילן. נו, שפּעטער האָט ער מיטגעמאַכט די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד און ער וויל זיך נישט אַריינלאָזן אין איינצלהייטן וועגן זיינע אויפטועכצן. די אונ־טערשטע שורה — ער האָט נישט געקאָנט לעצטנס דורכקומען מיט די באָלשעוויקעס. פאַרפאַלן: אַ אַנאַרכיסט גיט זיך נישט אונטער קיין דעקרעטן. נו — האָט מען זיך פריינדלעך געזעגנט און — אויס שותפות. דעם אמת גערעדט — טוט עס אים הנאה. ער איז זיך שוין לאַנג מייאש געווען אין דער פאַרפוילטער אייראָפּע מיט רוסלאַנד אַריינגענומען. איי־ראָפּע גייט אונטער. דאָס לאַנד, וואָס דאַרף ערשט זאָגן זיין וואָרט — איז דער אָריענט. פאַר אַ מענטשן, מיט זיין, ביסטריצקיס, פאַרנעם, איז אין אייראָפּע שוין נישטאָ מער וואָס צו טאָן. יאָ, חבר שמואל איז גע־רעכט: אין אַ געוויסער הינזיכט שוועבן זיי טאַקע צווישן איין פּלאַנעט און דעם צווייטן. ער, ביסטריצקי, וויל פּרווון צולייגן אַ האַנט צו דעם נייעם פּלאַנעט.

דאָקטער אויערבאַך האָט זיך איצט דראָבנע צעלאַכט.

— איר ווייסט, חבר ביסטריצקי, איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז אין אונדזער זכות שטייט די וועלט.

ביסטריצקיס אויג האָט אויף אים אַ טשאַטעווע געטאָן פון דער טיפער פאַרבאָרגעניש.

— איר מיינט אַוודאי צו זאָגן, חבר, אַז אין אונדזער זכות איז געשען די מלחמה, די רעוואָלוציע און אַלע זייטיקע אומגליקן — האַ? שעמט זיך נישט. ווייל עס מוזן דאָך זיין מענטשן, וועלכע זאָלן קאָנען הנאה האָבן אויך פון אַזאַ צערודערטער וועלט — וואָס?

— הם... כ׳מיין צו זאָגן, אַז זעלטן ווער עס קאָן זיך באמת צופּאַסן צו דער סיטואַציע.

— און זי אויסנוצן...

— אגב... צי ווייסט איר עפּעס פון דער קליינער זינגערין. אייער אַמאָליקע פריינדין. דאַרעטשקע — דאַכט מיר, הייסט זי.

— נו, יענע איז אַן איבערצייגטע קאָמוניסטקע. זי איז פאַרבליבן ביי די באָלשעוויקעס. שפּילט ביי זיי אַ וויכטיקע ראָלע.

— באמת? — האָט אויערבאַך זיך געחידושט, — וויי־וויי! ווי די צייט קאָן עס איבערמאַכן אַ מענטשן! אַזאַ ציגיינערין געווען!

— איר האָט זי נענטער געקענט, חבר שמואל?

— נו, כ׳מיין...

ביסטריצקי האָט פון זיין זייט זיך נאָכגעפרעגט אויף לעאָן ברוינער, דעם וואַרשעווער ליטעראַט. דאָקטער אויערבאַך האָט וועגן ברוינערן געהאַט נישט גאָר קיין געהויבענע מיינונג. לויט זיין מיינונג איז ברוינער געווען אַ מענטש אָן אַפגעלעבטער, אַ ליטעראַט — אַן אויסגעוועבטער, הגם ער באַמיט זיך נאָך צו שפּילן די ראָלע פון אַן אָנפירנדיקער פּערזענלעכקייט. אגב...

דאָקטער אויערבאַך האָט זיך שיער נישט אויסגעפּלאַפּלט, אַז ברוינער איז אַ שלימזל אין שידוכים, אַז עס גייט אים נישט מיטן צווייטן ווייב, פּונקט ווי מיטן ערשטן. אָבער דאָס וואָלט געווען שוין צו־בייז־וויליק געזאָגט. די מעשה איז, וואָס דאָקטער אויערבאַכס איצטיקע רייזע אין געזעלשאַפטלעכע אָנגעלעגנהייטן איז געווען צוגעאײַלט דורך אַ אינטימען מאָמענט. די אוקראַינער יתומים וואָלטן נאָך געקאָנט וואַרטן. אָבער ער, זייער פּאַרזאָרגער, האָט נישט געקאָנט וואַרטן ביז די פריינדין זיינע, לעאָן ברוינערס ווייב — סלאַווע, וועט מיט מזל גע־לעגן ווערן. ווייל דאָס וואָלט אַרויסגערופן אומגעוווּנטשענע קאָמפּלי־קאַציעס.

— אגב — האָט דאָקטער אויערבאַך געזאָגט — איז ברוינער לעצטנס געוואָרן אַ שטאַרקער אָנהענגער פון קליינבירגערלעכן פּאַטריאָ־טיזם און קאַנדידירט אַפילו אין פּוילישן סיים. זיין פריינט און גייסטיקער פירער איז דער פּולקאָווניק פלאַטעק.

— ווער?

— אַ פּוילישער לעגיאָנען־אָפיציר. זיין אמתער נאָמען איז פלאַ־טען־מאַיעווסקי. אַ גראַף.

מיט ביסטריצקין איז אַ ווונדער געשען. ער איז איין רגע געזעסן מיט אַן אָפּן מויל און דאַן זיך צוריקגעשליידערט אויפן ליג־שטול, צע־וואָרפן די הענט און זיך צעלאַכט אַזוי הילכיק און באַראַניש, אַז דאָקטער אויערבאַך האָט אָנגעהויבן צווייפלען, צי איז דאָס טאַקע דער ביסטריצ־קי, וועלכן ער קאָן.

דער גאַנג האָט פון אונטן גערופן צו אָוונט־ברויט. די פריינט האָבן זיך איבערגעקוקט.

— נו, הער באַראָן?

— נו, הער דאָקטער?

— איך מיין: מען דאַרף עפּעס נעמען אין מויל אַריין. מען זאָגט: ס'איז אַ סגולה צו ים־קראנקייט.

זיי האָבן איינער דעם אנדערן צוגעהאָלפן אויפשטיין פון די שטולן און פריינדלעך געאָרעמט אַוועקגעשפּאַנט איבערן לייכט־צעהוידעטן דעק.

ערגעץ אין דער אומבאַשטימטער ווייט האָט דער זילבערנער ים זיך אויסגעגענעצט מיט אַ קורצן, טעמפּ־הילכיקן גענעץ. און פּלוצלונג האָט איבער די קעפּ פוןביידע פריינט זיך צעקוויטשעט אַ הייזעריק בייקולכל און איז אויסגעוואקסן אין אַזאַ מעכטיקן און אויסגעצויגענעם ברום, אַז ער האָט אָנגעפילט די גליקלעכע ליידיקייט צווישן ים און הימל און די מענטשלעכע אויערן האָבן אים שוין נישט געקאָנט מער אַריבערטראָגן. דאָס האָט געשריען די סירענע. די געוואלדיקע אייזערנע ים־חיה האָט גענומען אונטער איר דראָענדיקער שוץ די קליינע מענטשעלעך, וועלכע זי האָט געטראָגן אין איר שויס.

איבערן ברייט־צעפאלדעוועטן פינצטערן בראָקאט מיט די ווייסע צעשראָקענע גענדז איז אויסגעוואקסן אַ לעבעדיקע, שוועבנדיקע שטערן־סיסטעם פון עלעקטרישע פייערן. אַ טייל פייערן האָבן זיך אויסגעצויגן אין דריי רייען, ווי די פּערל־שניר איינע איבער די אנדערע. אַ טייל זענען כאַאָטיש געהאנגען אינדערהויך און מיטגעשוועבט אין לויטערן תהום פון הימל, אויף אַן אומבאַשטימטן מהלך האָט פּארבייגעשוועבט די אנטקעגנגעקומענע שיף און באַלד ערגעץ פאַרשוווּנדן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך צוויי פאַרלאָרענע שטערנס אין ים: אַ רויטן און אַ גרינעם.

***

אין דעם זעלבן אָוונט, ווען צוויי געמיטלעכע טוריסטן האָבן זיך געפרייט מיט זייער באַגעגעניש אויפן אויבערדעק פון שיף, האָט די לבנה אויך אין פּאַלעסטינע געשיינט און געשיינט פיל העלער און יום־טובדיקער, ווי ביי די ברעגן פון פראנקרייך אויפן מיטללענדישן ים.

ישראל האָט געהאַלטן אין שרייבן אַ בריוו. און יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך אָפּגעריסן פון פּאַפּיר און אַרויסגעקוקט צום פענצטער, האָט ער פאַרגעסן, ווו ער געפינט זיך און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אינדרויסן איז שוין טאָג. אידע האָט זיך לאַנגזאַם געפּאָרעט אַרום דער אָפענער וואַליזע, צונויפגעמענדיק אַהין דאָס נייטיקע ביסל וועש. שווער, ווי אַ גאַנדז, האָט זי זיך באַוועגט איבערן צימער מיט איר שוואַנגערן שפּיציקן בויך, וואָס האָט איר הויך דאָס ווייס קליידל פון פאָרנט פאַרריסן. זי האָט זיך געקליבן צו פאָרן פון דער קבוצה קיין צפת, דאָרט געלעגן צו ווערן.

מאַן און ווייב האָבן נישט גערעדט צווישן זיך. נישט, חלילה, ווייל עס האָט פאַרפעלט שלום־בית. אָבער אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט זיך צו זאָגן, איז שוין צווישן זיי לאַנג אָפּגעזאָגט געוואָרן. מען האָט זיך גע־פילט און פאַרשטאַנען אויפן ווונק.

אגב, איז ישראל געבליבן שטאַרק הינטערשטעליק אין העברעאיש, פאַר דער צייט, וואָס ער האָט באַטראָטן דעם ארץ־ישראלדיקן באָדן, האָט ער זיך קוים אויסגעלערנט לעזן אַ צייטונג. ריידן איז אים אָנגע־קומען — קריעת־ים־סוף. און נישט אַזוי ווייט, ווייל ער האָט די גאַנג־באַרע פאַר הונדערט ווערטער נישט געוווסט, ווי צוליב דער ספרדישער הברה. עפּעס האָט זיך אים אַלץ אויסגעוויזן, אַז דער זיידע זיינער, ר׳ זאַנוויל דער אַמשינאָווער גרויפּן־הענדלער און בעל־קורא, שטייט הינטער זיינע פּלייצעס און ווייזט אים אַ צונג. פלעגט ישראל רויט ווערן פאַר בושה און פאַרלירן דאָס לשון. אידע אָבער איז געווען אויסגעהאַלטן אויף גאַנצע הונדערט פּראָצענט. אויב נישט קיין העברעאיש, ווייל זי בעסער ריידן וואָס ווינציקער, אָפילו מיט איר אייגענעם מאַן. האָט מען זיך ליב געהאַט שטום און פרימיטיוו, ווי די אורמענטשן.

און דאָס לעבן אין שווערער האָרעוואַניע איז אויך אָנגעגאַנגען פּרי־מיטיוו, ווי ביי אורמענטשן. אין דער קבוצה פון אייבערשטן גליל האָט מען געטראָגן ריינע וועש און ווייסע קליידער, פּונקט ווי אין אַנדערע קבוצות. און פלעגט שמוציק ווערן אַ העמד אויפן לייב, אָדער אַ פּאָר קורצע ספּאָרט־הויזלעך, פלעגט מען עס אויסטאָן און אַריינשליידערן דורכן פענצטער אין דער וועשעריי אַריין. די חברטעס וועלן שוין אויסוואַשן.

אַ היימישער אינזשעניער האָט אַן אַלטן לאָקאָמאָביל מגייר געווען אין אַ דינאַמאָ און די קבוצה האָט געהאט עלעקטרע אַפּילו אין די קע־לערן. אויך אַ קונציקע וואַסערלייטונג איז געווען אריינגעפירט פון די באַרג־קוואַלן אין דער קבוצה. און אין די שכנישע בערג, ווו מען האָט געהאקט מאַרמאָר, האָט מען אויסגעהאקט אַ גאַנצן אַמפיטעאַטער פאַר ברייטע פאַרשטעלונגען. צייטונגען פלעגט מען באַקומען רעגולער צוויי מאָל אין דער וואָך. און ביי די אַלע קולטור־ניסים איז דאָס לעבן דאָך אָנגעגאַנגען אורמענטשלעך־פּרימיטיוו, ווי פאַרצויגן מיט אַ גראָב הייטל.

ישראל האָט אַפּילו זיך אָפּגעוווינט צו שרייבן, אָפּגעוווינט זיך צו האַלטן אַ פּען אין דער פאַרפויערישטער האַנט און זיין איצטיקער בריוו צו בערלען איז אים אָנגעקומען מיט שווייס און מאַטערניש.

אידע איז געבליבן אויסגעהאַלטן און אינגאַנצן נישט געשריבן צו דער אַלטער היים. ווייל אויב שוין יאָ שרייבן, האָט זי קודם געדאַרפט שרייבן צו די קינדער אירע, וועלכע זענען פאַרבליבן ביי דעם שווער פון איר ערשטן זיווג. צוויי מאָל האָט זי געפּרוווט אָנשרייבן צו די קינדער אוןביידע מאָל האָט איר האַרץ נישט אויסגעהאַלטן און זי האָט אויסגע־בראָכן אין היסטערישן געיאָמער פון חיהשער בענקשאַפט. דאַן האָט זי געשריען צו די חברים פון דער קבוצה און צו די אַרומיקע בערג, וועלכע האָבן זי באַוואַכט אין געפאַנגענשאַפט:

— וואָס האָט איר געוואָלט פון מיר, גזלנים! וואָס פאַר אַ קרבן פאָ־דערט איר פון מיר? אַ מוטער זאָל אָפּרייסן פון איר האַרץ אירע אייגענע קינדער!

זי איז אָבער שנעל פאַרטיק געוואָרן מיט איר שוואַכקייט. און די שווערע קאַמפן מיט דער נויט האָבן פאַרהאַרטעוועט איר האַרץ. מער האָט זי שוין קיין בריוו נישט געשריבן. אויפן אָרט פון איר בענקשאַפט זענען אָנגעוואַקסן ווילדע הינער־אויגן, וואָס זי האָט זיך באַמיט זיי נישט אָנצוגרייפן, אַז זיי זאָלן נישט וויי טאָן.

אַזוי איז דאָס גאַנצע לעבן דאָ געווען: ראָמאַנטיש אין דער טעאָ־ריע און שטיין־האַרט אין דער אַלטעגלעכקייט. אַזוי זענען אויך געווען די חברישע באַציאונגען: מילד — פאַרן חבר דעם קאָפּ אַוועקצוגעבן און, גלייכצייטיק, האַרט צו שיקן דעם זעלביקן חבר אין פייער אַריין.

אידע האָט זיך געקליבן קיין צפת, דאָרט איבערצוקומען דעם קימ־פעט. דאָרט, אין שפּיטאָל, וועט זי האָבן די נייטיקע אויפזיכט. אגב, ווייל זי דאָ קיינעם נישט פאַלן צו־לאַסט און וואַרטן ביזן לעצטן מאָמענט, אַז מען זאָל זי דאַרפן אַוועקפירן מיט באַגלייטער און אָפּרייסן מענטשן פון דער אַרבעט. קיין סימנים פון באַלדיקן קימפּעט האָט זי נאָך נישט. דער־פאַר אָבער האָט זי אַ געלעגנהייט צו פאָרן. צוויי קינדער אין דער קבוצה האָבן זיך שטאַרק אָפּגעבריט. אין פּאַלעסטינע שפּילט מען זיך נישט מיט קיין רויער וווּנד, בפרט, ווען עס פאַרנעמט זיך צו זומער. פון זיך אַליין וועט זיך די ווונד נישט פאַרהיילן. האָט מען איצט צוגעגרייט אַ פור פאַר די קינדער מיט זייער באַגלייטערין. מיט דער זעלביקער פור וועט עס מיטפאָרן אידע. ישראל בלייבט. די טעג זענען לעצטנס אומרואיקע און היינט האַלט ער וואַך. אין אַ טאָג דריי־פיר אַרום זעט זיך ווידער פאַר אַ געלעגנהייט צוצופאָרן קיין צפת. וועט ער דאַן זיך אויסקלויבן. דערווייל וועט שוין די קימפּעטאָרין זיין איינגעאָרדנט אין שפּיטאָל.

מיט דער פור וועט פאָרן גלוסקין. פון דעם היימישן וועטערינאַר איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ גאַנץ נישקשהדיקער פורמאַן, וועלכער האָט גע־ווּסט, ווי צו באַגיין זיך מיט פערד. שמייסערריי איז נאָך אָבער נישט גע־ווען גלוסקינס אמתער באַרוף. ער האָט געטרוימט זיך אָנצודינגען אויף דריי יאָר צו די בעדואינער און שטודירן ביי זיי די קונסט פון פיטערן שאָף. אויף דעם סמך האָט ער שוין באַצייטנס זיך פאַרלאָזט לאַנגע לאָקן, אַזוי ווי די בעדואינער טראָגן, און עס האָט אים נאָר געפעלט אַן אַבאַיע מיט אַ קעפיע, אַז זיינע אייגענע חברים זאָלן אָנהייבן שיסן אין אים.

ישראלן האָט געשטערט אין שרייבן דער פריילעכער געטומל ביים שפּאַנען די פערד. גלוסקין האָט נישט אַליין געשפּאַנט. חברים האָבן אים צוגעהאָלפן אין דער עבודה מיט ווערטלעך און מיט עצות. עס האָט עפּעס נישט געשטימט זייער מונטערע פריילעכקייט מיט דער לאַסט פון אָפּגע־האָרעוועטן טאָג. און ישראלן, ווען ער האָט אַרויסגעקוקט צום פענצטער, האָט זיך ווידער אויסגעוויזן, אַז אינדרויסן איז שוין טאָג און חברה גייט אַרויס אויף דער אַרבעט.

אָבער חברה האָט געהאַט אַ גרונט זיך צו פרייען מיט גלוסקינס איצטיקער נסיעה. צוזאַמען מיט די אָפּגעבריטע קינדער, און מיט דער קימפּעטאָרין, האָט גלוסקין אויך מיטגעפירט קיין צפת אַ ביסל געווער,

וואָס איז אַריבערגעשמוגלט געוואָרן פון סיריע און האָט געדאַרפט פאַר־טיילט ווערן אין ווייטערע ישובים. דערפאַר איז אים פאָרגעשטאַנען צו ברענגען פון צפת אַ ביסל טיי מיט צוקער, וואָס די קבוצה אין אויבערשטן גליל האָט שוין לאַנג נישט אָנגעזען פאַר אירע אויגן. וועט מען אין דריי טאָג אַרום טרינקען אמתן טיי מיט צוקער, אויב ביז יענער צייט וועט נישט זיין קיין אַראַבישער איבערפאַל, אויף וועלכן מען ריכט זיך יעדע נאַכט. און דאָס איז געווען די סיבה פון חברה׳ס הייטערקייט. גלוסקין אַליין איז געווען באַזונדערס אויפגעלייגט. ס׳איז אים פאָרגעשטאַנען צו מאַכן די נסיעה אינאיינעם מיט דער שיינער מרים, וועלכע האָט באַגלייט די קראַנקע קינדער און שפּעטער, פון צפת — פאָרן מיט איר אינגאַנצן אַליין.

ווי אַ מין עלעקטרישער טאָק פון סעלעדין־קאָליר האָט אויסגעזען די העלע לבנה־נאַכט אינדרויסן און די מענטשן, וואָס האָבן זיך געפּאָ־רעט אַרום וואָגן, זענען אויך געווען, ווי אָנגעלאָדן מיט עלעקטריע.

און ישראל האָט זיך געאיילט צו פאַרענדיקן דעם בריוו, אַז גלוסקין זאָל אים קאָנען מיטנעמען און איבערשיקן מיט דער פּאָסט פון צפת.

ער האָט צו בערלען, צווישן אַנדערן, אַזוי געשריבן:

„דער מהלך צווישן אונדז איז נישט אַזוי גרויס, חבר בערל, ווי מענטשן ווילן אונדז איינריידן. סוף־כל־סוף באַטרעטן מיר דאָך אויך דעם זעלביקן שטאַנדפּונקט, וועלכן איר פלעגט אַזוי עקשנותדיק פאַרטיידיקן סיי ביי דער אַרבעט, סיי אין די נאָכמיטאָג־שמועסן אין דער קאַנטינע.

דער ייד מוז אָנהייבן פון מעשה־בראשית, אויב ער וויל נאָר אָראָפּ־וואַרפן פון זיך זיין אייביקן הויקער. ער מוז זיך שטעלן מיטן פּנים צו דער רויער ערד און זי באַצווינגען, ווי מענטשן האָבן דאָס מיט דורות צוריק געטאָן, ווי זיי טוען דאָס נאָך ביי היינטיקן טאָג. נאָר פוילאַקעס וועלן אונדז פּרוּוון איינריידן, אַז דאָס איז אַ צוריק־גאַנג פון קולטור־לעבן צום דאָרפישן פּרימיטיוו. די מאָדערנע טעכניק קאָן נישט דערלאָזן קיין צוריק־גאַנג. יעדע אָנשטרענגונג איז אַ דערגרייכונג. און די גרעסטע דערגרייכונג — דאָס געפיל פון איינגראָבן זיך מיטביידע פיס אין דער ערדישער וועלט און דערפילן ענדלעך, אַז די וועלט איז מיינע, נישט קיין געבאָרגטע, נישט קיין גענומענע אויף אויסצוצאָלן״.

צי האָט ישראל געשריבן דעם אמת? צי האָט יעדעס וואָרט פון זיין

בריוו טאַקע געשטימט מיט זיין געפיל און פאַרשטאַנד? ער האָט אָפט געמוזט איבעררייסן זיין שרייבן, זיך דורכגיין איבערן צימער און אַפילו העלפן אידען איינפּאַקן איר וואַליזע. ער האָט עס גערן געטאָן, אַבי זיך אָפּצורייסן פון שרייבן. טייל ווייז איז דאָ אפשר שולדיק געווען די ליכטיקע נאַכט מיטן פריילעכן געטומל אויפן הויף. אָבער אַממיינסטן איז די שווערקייט געלעגן אין דעם, וואָס ער האָט פשוט זיך אָפּגעוווינט צו האַלטן אַ פען אין האַנט און פאָרמולירן זיינע געדאַנקען אין ריכטיקע אויסדריקן. אָט האָט ער דאָך געפילט און זייער שטאַרק געפילט, ווי פרימיטיוו־אָפּגעשטאַנען זייער לעבן איז אין דער קבוצה, ווי שווער עס איז אויסצוגלייכן די פראַגע פון איינפּאַכן ברויט־ביודזשעט און ווי נישט זיכער ס'איז דער מאָרגן.

צוויי אמתן האָט ער געטראָגן אין זיין האַרץ. איינעם האָט ער אַרויסגעלייגט פאַר בערלען אויפן פּאַפּיר, דעם צווייטן האָט ער פאַרשוויגן. און עס האָט אים אַפילו הנאה געטאָן, וואָס די שורות אויפן פּאַפּיר שפּיגלען נישט אָפּ זיינעביידע אמתן גלייכצייטיק. דאָס האָט אים אַזוי דיקטירט זיין העראָאישער שטאָלץ, דאָס פּינטעלע פון אַ פּיאָנער, דער שטילער ענטוזיאַזם פון אַ מענטשן, וועלכער האָט איינגעשפּאַנט אַ אידעע אין זיין רייטוואָגן.

ער האָט געשריבן:

„...און דאָס איז אפשר דער איינציקער נישט־ראַציאָנאַליסטישער פּונקט, וואָס טיילט אונדז פונאַנדער. אַ מענטש, וועלכער וויל אָנהייבן פון אָנהויב, פון בראשית, מוז זיין אַ ביסל אַבערגלויבעריש. ער מוז פאַרגעטערן אָדער פאַרמענטשלעכן די רויע ערד, מיט וועלכער ער וויל האָבן צו טאָן. זי קאָן נישט פאַרבלייבן קיין טויטע מאַטעריע. איך פאַרגעטער דאָ נישט די ערד. אָבער אין דעם האַרטן און זומפּיקן באָדן פון ארץ־ישראל וויל איך מיר דערשלאָגן צו דעם האַרץ פון אַ מאַמע. און אויב אַ מאַמע — בין איך גרייט איר צו פאַרגעבן די וויסטע אָרעמקייט. מיט מיין שווייס און בלוט וועל איך זי רייך מאַכן“.

אין אָפּענעם פענצטער איז אויסגעוואַקסן אַ צעפּאַטלטער קאָפּ. דער קאָפּ האָט זיך אַ הייב געטאָן העכער און אָט איז שוין גלוסקין געהאַנגען אויפן פענצטער־ברעט, אָנגעלענט אויף די עלנבויגנס. מיט זיין טונקעלן דעקאָלט אין ווייסן העמדל, מיט זיין ווייסן שמייכל אויפן ברוינעם פּנים

און מיט די צעפּאַטלטע האָר האָט ער געהאַט דעם אויסזען פון אַ נישט־געשוירענעם ציגיינער. אָבער אויפן פּאָן פון דער סעלעדין־ליכטיקייט האָט זיין פּנים אויך, דאַכט זיך, געהאַט עפּעס פון אַ קריסטוס־בילד.

— נו, ישראל! נו, אידע! עד מתי?

— אָט באַלד, באַלד, גלות־קינד! איך ענדיק שוין.

— שרייבער אויף מיין קאָפּ! — האָט דער יונגער וועטערינאַר אַ מרוקע געטאָן אומצופרידן. ער האָט נישט געוווּסט צי עס לוינט זיך צו זאָגן סופרים על ראשי.

און דווקא איצט, אין דער ענגער מינוט, האָט ישראל נישט געקאָנט זיך שיידן מיטן פּאַפּיר.

„...איך האָב דאָס געפּיל, חבר בערל, ווי מיר שטייען און אַרבעטן האַנט ביי האַנט. איר זייט מיר דאָך פיל נעענטער, ווי יענע פון מיינע ציוניסטישע אידעען־ברידער, וועלכע פּראַווען טעאָריע און הויך־פּאָליטיק. ווען וועט שוין די וועלט ווערן אויסגעלייזט פון כל־המינים נודניקעס? ווען וועלן זיך שוין יידן אויסלערנען אַעקצושטעלן דאָס פּראָבלעם אויפן ריכטיקן יסוד און לייזן אים אינדיווידועל, קודם־כל פאַר זיך, פאַר זייערע עטלעכע יאָר לעבן און פּראַקטישן אויסלעבן זיך?

איר — אין פּאָדלאַסיע, איך — אין אייבערשטן גליל, אַרבעטן מ'יר דאָך האַנט ביי האַנט. און ס'איז נישט וויכטיק ווער פון אונדזביידן וועט בלייבן דער גערעכטער, ווייל די אידעע איז דאָך איינע און די זעלבע, די אידעע פון אַ גייעם אָנהייב, פון מעשה־בראשית אין יידישן לעבן. זאָל נאָר זיגן די אידעע. אויף דער רעשט וועל איך פאַרגעבן!"

דער בריוו האָט ישראלן זיך אויסגעוויזן צו לאַנג און צו פּאַטעטיש. דאָס שווייגן פון זיינע טעג און זיין שטילער פּאַרטייעטער פייער זענען אַריין אין די שורות. איצט איז שוין שפּעט געווען צו ענדערן. אידע איז שוין געשטאַנען אין מאַנטל און מען האָט געדאַרפט אַרויסטראָגן איר וואַליזע צום וואָגן. די אָפּגעבריטע קינדער האָבן שוין געוויינט אין דעם ליכטיקן דרויסן.

אחריותדיק און שטרענג איז געווען דאָס געזעגענען זיך פון מאַן און פרוי.

— פאָר געזונט, אידע! אין דריי טעג אַרום וועל איך צופאָרן.

— נישט וויכטיק, ישראל! וואָס ווערסטו מיר העלפן? קרעכצן? זע, אַפילו די קינדערלעך, נעבעך, מוזן קרעכצן פאַר זיך אַליין.

ווען די פּור איז אָפּגעפאָרן און דער גערודער פון די רעדער האָט זיך איינגעשטילט גאָר נאָנט אונטערן באַרג, איז ישראל צוזאַמען מיט די איבעריקע חברים אַוועק אויף דער פאַרזאַמלונג וואָס די קבוצה האָט אָפּגעהאַלטן אין עסצימער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פראַגע, צי זאָל מען היינטיקן פרילינג פלאַנצן קרויט. דער פאָראַיאָריקער עקספּערי־מענט מיטן קרויט איז געווען גאַנץ געראָטן. אָבער קיין איינקונפט האָט דאָס גערעטעניש נישט געבראַכט.

אויף דער טאָג־אָרדענונג האָט געקאָנט, באמת, שטיין אַ צווייטע פראַגע: ווי גיט מען זיך אַן עצה מיט די שכנישע אַראַבער, וועלכע ווערן וואָס אַמאָל האָפערדיקער און גרייטן זיך צו אַן אָפענעם איבערפאַל. עט־לעכע קלענערע אָנפאַלן זענען שוין געשען. פינף בהמות פון דער קבוצה, דווקא גוטע האָלענדישע מילך־קי, האָבן די אַראַבער שוין פאַרטריבן צו זיך. די קבוצה האָט זיך נישט געלאָזט שפייען אין דער קאַשע און ביי אַ גינסטיקער געלעגנהייט גענומען אין פעלד געפאַנגען אַ יונג און שלאַנק אַראַבערל — דעם מוזיניקל פון שכנישן שייך. דאָס אַראַבערל האָט די קבוצה געהאַלטן אונטער זיבן שלעסער און אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, ביז די שכנים וועלן נישט צוריקקערן די געגנבעטע האָלענדישע קי.

אָבער דער שייך האָט געשיקט זאָגן, אַז ער שווערט ביים נביא מו־סאַ, אַז נישט ער און נישט עמעצער פון זיין דאָרף האָבן צו דער גנבה קיין שייכות נישט. און די קבוצה האָט אָפּגעשיקט דאָס אַראַבערל אַהיים מיט גרויס פאַראַד. דעם בחורל איז דווקא געפעלן געוואָרן אין דער קבוצה און ער האָט געוואָלט — אָדער פאַרבלייבן, אָדער מען זאָל אים מיטגעבן פאַר אַ ווייב די שיינע מרים. און אַזוי ווי מען האָט אים דער־קלערט, אַז דאָס איז נישט מעגלעך, איז ער אַוועק אַן אָנגעבלאָזענער.

נאָך דער נאַאיווער געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן מצד די שכנים די קאָמפּליצירטע אַזיאַטישע שפּיל פון אָפיציעלער זיסלעכער פריינדלעכ־קייט און פאַרבאָרגענער פאַלשקייט און חוצפּה. אין אַלע אָנפאַלן און גנבות, וועלכע האָבן זיך אַלץ געמערט, זענען די שכנים געווען גאָט די נשמה שולדיק. דאָס איז אַוודאי אַן ארבעט פון די בעדואינער, וועלכע האָבן פאַרשפּרייט זייערע געצעלטן אין די אָרומיקע בערג. די קבוצה

האָט אָנגענומען פאַר ליב די דערקלערונגען און יעדע נאַכט זיך געגרייט צו אַן אָפּענעם איבערפאַל, טאַקע מצד די פריינדלעכע שכנים.

עפּעס האָבן די פּיאָנערן שוין זיכער געגאַשט פון די אַזיאַטישע מנהגים, אָבער אָנשטאָט צו נאַרן אַנדערע, האָבן זיי געגאַרט זיך אַליין און באַגראָבן די אומזיכערקייט פון מאָרגנדיקן טאָג אין אַ העפטיקער דעבאַטע וועגן פּלאַנצן קרויט.

נאָך דער דעבאַטע איז ישראל מיט עטלעכע חברים אַוועק האַלטן וואַך אין שטיינערנעם שייער אויפן בערגל פאַר דער קבוצה. דאָס בערגל האָט געשיצט דעם וועג צו דער קבוצה. אַ צווייטע קאָמפּאַניע האָט גע־האַלטן וואַך אויבן, ביי די קוואַלן פון דער וואַסער־לייטונג אין די בערג. פון דאָרט האָבן געקאָנט אָנגרייפן די בעדואינער.

אַ האַרצרייסנדיקער אומעט איז צעגאָסן איבערן אייבערשטן גליל בייטאָג און אַ נאָגנדיקער פּחד — ביידערנאַכט. אָבער ווען עס שיינט די לבנה אין איר פולער לויטערקייט, דאַן פאַרבלייבט פון בייטאָגיקן אומעט און ביינאַכטיקן פּחד נאָר אַ טיפע בענקשאַפט פון חרובע וועלטן, וועלכע האָבן אויפגעדעקט פאַר די קאַלטע שטערן זייער פולע נאַקעטקייט און בעטן אַ תיקון אויף זיך: איר זייט אַלט און מיר זענען אַלט. אָבער איר, שטערן, זייט שוין אויסגעלייזט און ווייט און מיר פּייניקן זיך נאָך אין יעדן אונדזער ווינקעלע צווישן חלום און וואָר, די לבנה איז אַן עדות.

איינגעוויגט פון פאָרן זענען די צוויי אָפּגעבריטע קינדער איינ־געשלאָפן און פאַרגעסן אָן זייערע וווּנדן. די שיינע מרים האָט יעדע רגע זיך איבערגעבויגן צו די קינדער און איר האַנט האָט מוטערלעך געזאָרגט זיי בעסער איינצודעקן און מאַכן ווייכער דעם צוקאָפּנס. די לבנה האָט געקושט דער שיינער מרימס בלאַסן פּראָפיל. אידע האָט זי אַ צי געטאָן ביי דער האַנט.

— זע!

לינקס, אין לויטערן טונקעלן הימל האָט זיך אַריינגעריסן דער זיל־בער־ווייסער זיידע־קאָפּ פון חרמון. און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיין שוואַרצן מאַנטל האָט ער פאַרשפּרייט און אויסגעשפּרייט גאָר נאָנט, ביז צו די שכנישע אונטערשטע זאַמד־פעלדער, וועלכע האָבן געשניטן אין די אויגן מיט זייער גרעליקער גאָלדיקייט אין דער מיט פון די קילע סע־לעדין־טענער. גאָר אין דער ווייט האָט דאָס אויג זיך אָפּגערוט אויף אַ

נעץ פון בולטע ווייסע שטעגעלעך, וועלכע האָבן פאַרוועבט אַ שטיק טונ־קעלן פלאַכלאַנד. דאָס זענען געווען די צעגאָסענע בלאַטיקע אָדערן פון די מי־מרום. פון דער רעכטער האַנט האָבן ווי אַ זיכערע וואַנט זיך דער־הויבן די פינצטערע היימישע בערג און ס׳איז אויסגעקומען, אַז מען פאָרט איבער דער מיטלסטער גאַלעריע פון פוסטן טעאַטער און מען האָט פאַר די אויגן אַ טיפע און ברייטע אָפּערן־דעקאָראַציע אין אַ פאַנטאַסטי־שער באַלויכטונג.

— וואָס זאָגסטו, מרים? באַשערט איז אונדז צו וואַנדערן אין אַזאַ שײנער נאַכט!

מיט איר אייזערנעם פּראַקטישן חוש האָט אידע זיך געקליגט אָפּ־צוקלייבן די גאָלדענע קערנדלעך פון שיינע מינוטן אויף צו שפּייזן איר עקזאַלטאַציע אין די וואָכעדיקע טעג.

איצט אָבער האָט אידע געהאַט נאָך אַ מיין. זי האָט געוואָלט מיט ווערטער פאַרטויבן די האַרכנדיקע שטילקייט פון דעם פאַנטאַסטישן לבנה־ליכט. אין דער שטילקייט האָט זי צו שטאַרק זיך צוגעהערט צו די נישט־ווייניקער פאַנטאַסטישע סודות פון איר אייגענעם רייפן מוטער־טראַכט און עס האָט זיך איר אָנגעהויבן צו דוכטן, אַז זי שפּירט שוין אַ לייכטן אַטאַק פון ווייטיק נידעריק אין רוקנביין. דער ווייטיק איז געווען גאַנץ דערטרעגלעך. גענומען האָט ער זיך פון דעם נישט באַקוועמען זיצן אויף דער צעטרייסלטער פור, אָבער אין אידעס לאַגע האָט עס געקאָנט זיין אַ ווייטער אָנזאָג פון געבורט־ווייען און זי האָט נישט געוואָלט לאָזן זיך סוגעסטיאָנירן פון דעם געדאַנק.

דער וועג האָט זיך איצט צעוויקלט באַרג־אַרויף. אַ ווייס־באַלויכ־טענער מיט די שאַרפע שאָטנס פון דעם מינדסטן שטיינדעלע האָט דער וועג אויסגעזען ווי אַ צעוויקלטע מגילה, פאַרשריבן מיט בולטע דראָבנע אותיעלעך, און די פערד, ציענדיק דעם וואָגן באַרג־אַרויף, שאָקלענדיק מיט די קעפּ און וועלבנדיק מיט די אויערן, האָבן דאָס מיט התמדה די מגילה געלייענט.

פון די לעכער פון דער באַרג־וואַנט האָבן כמעט אין די אויערן אַריינגעיאָמערט שאַקאַלן, ווי פאַרלוירענע קינדער. פון די ווייטע בערג האָבן שאַקאַלן זיך אָפּגערופן. און אָט, פון דער זייט פון די היימישע אָפּגערוקטע בערג, האָט אַ בליץ געטאָן אַ גאָלדן בלימל פון אַ שייטער־

הויפן, וואָס האָט אויפן סאַמע הויכן ראַנד פון באַרג אויפגעשפּראָצט. אַ צווייט פייערל האָט זיך צעפינקלט אויף אַ ווייטלעכן באַרג קעגנאיבער.

גלוסקין האָט אויפגעהערט צו ברומען זיין אַראַביש־נאָגנדיק לידל און מיט האַרץ אויסגעשפּיגן.

— וואָס זאָגט איר נישט צו זיי? פייערן גאָר! ווייסט איר, חברות, וואָס די פייערן באַדייטן?

די פרויען האָבן דאָס געוווּסט אַזוי גוט, ווי ער אַליין.

דאָס האָבן די בעדואינער שבטים געגעבן זיך סודותדיקע צייכנס וועגן אַן אָפּגעשמועסטן ענין, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער היינטיקער נאַכט.

— צי גרייטן זיי נישט אַן איבערפאַל אויף דער קבוצה? — איז די שיינע מרים געוואָרן אומרואיק — געדאַרפט אפשר צוריקקערן, מודיע זיין.

גלוסקין איז אָבער נישט געווען פון די מענטשן וואָס פאַרקערעווען צוריק. ער האָט האַפערדיק אַ טרייסל געטאָן מיט די פּאַטלעס און גענומען פעסטער די לייצעס אין האַנט, אָנצוטרייבן.

— זיי ווען נישט וואַ־אַגן! מיר זענען אויך נישט קיין מפּיל־קינדער!

און דאָ האָט ער פּלוצלונג אָפּגעשטעלט די פערד. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס פעלט אים די בייטש. נאָך צוריק מיט צען מינוט — געדענקט ער — האָט ער זי יאָ געהאַט. ווייזט אויס פאַרלאָרן אינמיטן וועג.

ווי זשע קאָן זיך דאָס גלוסקין פאַרגינען איבערלאָזן פאַר די אַראַבער אינמיטן וועג אַ טייל פון דעם קבוצישן פאַרמעג? ער מוז לויפן אויפזוכן די בייטש.

אומזיסט האָבן ביידע פרויען אים אָפּגערעדט דאָס צו טאָן. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און היציק געטענהט, אַז ער וועט די חרפה נישט איבערלעבן, אַז די קבוצישע בייטש זאָל אַריינפאַלן אין אַראַבישע הענט.

און איבערגעבנדיק אידען די לייצעס און דער שיינער מרים זיין רעוואָלווער פון גאַרטל, איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן און זיך אַראָפּגעשרעטלט באַרג אַראָפּ איבער דער ווייסער מגילה פון וועג.

אַ מינוט צען האָבן די פרויען געוואַרט אויפן וואָגן זיצנדיק. אידע איז געווען באַריידעוודיק אָן אויפהער. זי האָט געוואָלט פאַרטרייבן די

סוגעסטיע פון פאַלשע געבורט־ווייען, פאַר וועלכע ס׳איז נאָך די צייט נישט געווען. די פערד האָט דערעסן צו וואַרטן און זיי האָבן אָנגעהויבן צו גיין פוס־טריט. און דאָ האָט פּלוצלונג זיך אָנגעהויבן אין דער לבנה־דיק־בערגיקער וויסטעניש אַ ווילדער קאָנצערט.

תחילת האָט די פרויען זיך אויסגעוויזן, אַז איין סטאַדע שאַקאַלן איז ערגעץ הויך אין די בערג באַפאַלן אַ צווייטע סטאַדע. די קולות זענען געוואָרן אַלץ דייטלעכער, אורמענטשלעך־מענטשלעכער. דאָס האָבן ער־געץ איבער די שכנישע בערג געצויגן מחנות בעדואינער מיט ווייב און קינד און אַלץ, וואָס האָט אַ מויל, האָט גערעוועט אין דער העלער נאַכט אַריין. איצט האָט שוין קיין צווייפל נישט געקאָנט זיין, אַז דאָס לאָזן זיך די בעדואינער אויף אַן איבערפאַל אין דער ריכטונג צו דער קבוצה. מיט זייערע אוראַלטע ווילדע קולות האָבן זיי געוואָלט זיך צוגעבן מוט און אָנזאָגן אַ פּחד אויפן שונא פון דער ווייט.

די פרויען זענען געזעסן אויף דער פור, צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער. אידע האָט אַלץ פעסטער פאַרביסן די ליפּן. און פּלוצלונג האָט עס דעם מויל אירן אויפגעריסן ווי מיט צוואַנגען און פון האַלדז האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טעמפּער צעשראָקענער און אָפּשרעקנדיקער ברום — דאָס ערשטע געשריי פון שאַרפע געבורט־ווייען.

די שיינע מרים האָט מיט איין האַנט אַרומגעכאַפּט אידען, זי זאָל אין איר פּלוצלונגער קאָנוולסיע נישט אַריבערפאַלן איבערן ראַנד פון וואָגן. מיט דער פרייער האַנט האָט זי אויסגעשאָסן אין דער הויך, צו רופן גלוסקינען.

און אַ מינוט שפּעטער איז גלוסקין טאַקע געקומען צו לויפן אַ פאַר־סאַפּעטער מיט דער געפונענער קבוצישער בייטש אין דער האַנט און מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים פון מרימס פּלוצלונגן שאָס־רוף און פון אידעס געשרייען. וועגן רירן זיך אין ווייטערן וועג אַריין האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין, ביז דער ערשטער ווײ־אַטאַק וועט נישט אַריבער. דאַן האָט מען ערשט גערדאַרפט לאַנג באַרואיקן די אויפגעוועקטע און איבער־געשראָקענע קינדער, וועלכע האָבן דערפילט זייערע אייגענע ווייטיקן.

ווי נאָר עס האָט נאָכגעלאָזט דער שאַרפער ווײ־אַטאַק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַמרואיקסטן איז די געווינערין אַליין. זי האָט מיט אַ שמייכל געטרייסט מרימען מיט גלוסקינען, אַז זי וועט זיי נישט אונ־

טערוואַרפן קיין קינד אין וועג. עס איז נאָך ווייט צום געלעכטער. מען דאַרף נאָר זען אָנקומען צו דער צייט קיין צפת.

ווען די צערעוועטע בעדואינער האָט שוין קיינער נישט דערמאָנט. זייערע קולות האָבן זיך שוין געהערט גאָר פון דער ווייט, ווי די פור וואָלט פאַר דער צייט דורכגעפאָרן אַ מהלך און זיי איבערגעלאָזט אַ שטיק וועג הינטער זיך.

דאָס ווייטערע פאָרן האָט זיך געצויגן אַ אומענדלעכקייט. אַ פּאָר מאָל האָבן ביי דער געווינערין זיך באַגייט די ווייען אַלץ העפטיקער און שטאַרקער און מען האָט געמוזט שטיין און איבערוואַרטן.

די געווינערין האָט זיך געבעטן, מען זאָל זי אַראָפּלאָזן פון וואָגן, אַז זי זאָל קאָנען זיך אויסציען אויף דר׳ערד. אָבער מרים מיט גלוסקינען האָבן אַנדערש באַשלאָסן. פאַר די קינדער האָבן זיי געמאַכט אַ געלעגער אויף אַ גלאַטן גלאַנציקן שטיין ביים וועג און זיי איינגעדעקט אין די מאַנטלען. דאַן האָט די געווינערין זיך געקאָנט אויסציען אין וואָגן אויפן שטרוי. דעם וואָגן האָבן זיי אָפּגעפירט אָן אַ זייט פון וועג, צווישן צוויי בערג, אַז צו די קינדער זאָל נישט דערגיין אַזוי שטאַרק די געשרייען פון דער געווינערין. גלוסקין אַליין איז אַוועק צו די קינדער און די שיינע מרים איז פאַרבליבן נעבן אידען.

און דאַן האָט זיך עס אָנגעהויבן די שרעקלעכע מיסטעריע, דאָס חיהשע אויסטענהן זיך פון דער פרוי מיט דער אומברחמנותדיקער נאַטור, וועלכע רייסט אויף מיט צוואַנגען אירע פולע געדערים. אידע האָט מיט אַלע כוחות זיך איינגעהאַלטן נישט צו שרייען. אָבער דער ווייטיק פון די אויפגעריסענע געדערים איז געווען שטאַרקער פאַר איר ווילן און באַ־ווסטזיין. יעדער גייער בהמהשער ברום איז געווען העכער און אויסגע־צויגענער פאַר דעם פריערדיקן. אין די בערג האָט ער שוין אָפּגעהילכט ווי דער תקיעה פון אַ שופר און זיך פאַרכלינגעט אין אַ כליפּ.

פון דער פרוי האָט אַ געפייניקטע בהמה אַרויסגעברומט. און אָט זענען אירע געשרייען געוואָרן קורצע און אָפּטע און מוראדיק־מענטש־לעכע, אומגליקלעך־מענטשלעכע און אָט זענען זיי שוין אַריבער אין שטי־לע מידע קרעכצן, אין אַ געוויין פון אַ באַליידיקט קינד. דאָס האָבן ווי־דער נאָכגעלאָזט די ווייען, כדי אין אַ פערטל שעה אַרום אויסצוברעכן מיט אַ פרישער קראַפט.

ביי מרימען זענען די אויגן פול געווען מיט טרערן, די אויערן — פול מיט דער געווינערינס געשרייען, אָבער דאָס האַרץ האָט זי פעסט אין איר פויסט פאַרקוועטשט נישט נאָכצוגעבן דער שרעק און טאָן דאָס אַלץ, וואָס דער שכל ווערט איר אונטערזאָגן. זי האָט נאָר באַדויערט, וואָס אַנ־שטאָט איר איז מיט אידען נישט מיטגעפאָרן די עלטערע חברטע פון דער קבוצה, די פרוי באראץ, וועלכע האָט זיך ספּעציאַליזירט צו גיין אַרום בהמות און פלעגט העלפן די קי ביים קעלבן זיך. פאַר דער געווינערין וואָלט עס זיכער בעסער געווען, אָבער אויך זי, מרים, וועט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָפּשרעקן. דערויף איז זי דאָך אַ חלוצה.

און די עקזאַלטירטע שיינע מרים, וואָס האָט שטענדיק אירע אויגן געהאַלטן איינגעשפּאַנט אין דער ווייט, וואָס האָט, דוכט זיך, געשוועבט, די ערד נישט באַרירנדיק, און גאָר זעלטן אויפגענומען פון אַ חבר אַ פאַרגעטערטן אומשולדיקן קוש — זי האָט נישט מיטן שכל, נאָר מיטן אויפגעוואַכטן אינסטינקט פאַרשטאַנען וואָס אירע הענט דאַרפן טאָן דער געווינערין באַקוועמער צו מאַכן און עטוואָס צו לינדערן אירע ווייטיקן.

און דער געווינערינס פרישע געשרייען, וועלכע האָבן, דוכט זיך, אין איר גאָר אַ נייעם קוואַל פון נישט אויסגעשריענע כוחות אויפגעדעקט — אָט די געשרייען האָבן, דוכט זיך, צוגעאיילט דעם בלאָסן פרימאָרגן. די נאַכט איז דאַן טונקעלער געוואָרן, ווייל דער אָנהייב פון טאָג איז גע־ווען שוואַכער פאַר דעם פאַרגאַנגענעם ליכט פון דער נאַכט. אָבער ווען די ערשטע שטראַלן האָבן אויפגעשפּילט אויפן האָריזאָנט און זיך דאָרט אָפּגעשלאָגן אָן דער בלוטיקער שווערד פון ים כינרת, איז דער געווינע־רינס געשריי זיך פאַרגאַנגען אין איבערמענטשלעכע אָנגעשטרענגטע הויכ־קייטן און דאָרט זיך איבערגעריסן מיט אַ קוויטש.

אָנשטאָט אים האָט זיך דערהערט אַ שוואַך־פאַרגייענדיק קולכל, ענ־לעך צו דעם קולכל פון אַ יונג לעמעלע, נאָר מיט מער עזות און פּראָ־טעסט. דאָס האָט אַ נייער מענטש דערזען די וועלט צווישן צוויי וויסטע שטיינערנע בערג אין אייבערשטן גליל.

***

אין דער זעלבער צייט האָט ישראל אויף זיין וואך־פּלאַץ געגעבן אַ באַפעל די חברים אָפּצוטרעטן צו דער קבוצה, ווייל די בעדואינער

רינגלען זיי אַרום און מען דאַרף דאָרט קומען צו הילף. אָבער ליגנדיק אַליין אין שייער אָנגעלענט מיט דער ברוסט אויף אַ שטיין און שיסנדיק דורך אַ לאָך אין וואַנט אָפּצושרעקן די אָנגרייפער פון דער זייט, האָט ישראל דערהערט שיסן פון דער צווייטער העלפט שייער, וועלכער איז געווען מיט אַ וואַנט פון אים אָפּגעטיילט.

ווער איז דאָרט פאַרבליבן? — האָט ישראל זיך געבייזערט.

— איך! — האָט באַסאָווע־הייזעריק אויסגעברומט דער חבר אביגדור.

— פאַרוואָס ביסטו נישט מיטגעגאַנגען מיט דער חברה?

— כ׳האָב נישט געוואָלט.

— שוין זאָלסטו מיר גיין, הערסט?

— איך הער דיך פאַר אַ פיאַטאַק!

און חבר אביגדור האָט ווייטער געשאָסן מיט לאַנגע אָפּאַטישע אינטערוואַלן. שפּעטער האָט ער אויפגעהערט שיסן און ישראל האָט באַשלאָסן, אַז אָדער אביגדור איז אַוועק, אָדער ער האָט שוין געכאַפּט אַ קויל אין קאָפּ.

ביי ישראלן זענען אויסגעגאַנגען די פּאַטראָנעס. ער האָט אָנגע־לאָדן די ביקס מיטן לעצטן און געוואַרט, זיך צוגעהערט צו די טעמפּע געשרייען פון אַראַבישן אָנגריף אויף דער קבוצה. און ווען די געשרייען האָבן אויפגעהערט, האָט ישראל זיך פאַרגעשטעלט, אַז די אַראבער האָבן אַרויסגעשטויסן די פאַרטיידיקער פון דער קבוצה אַרויס. דער טאָג האָט שוין העל אַריינגעשיינט דורך די שפּאַלטן אין שייער, ווען ער האָט דערהערט טריט פון דער נאָענט. עמעצער האָט זיך געפּאָרעט ביי דער פאַרריגלטער טיר.

ישראל איז זיכער געווען אַז דאָס זענען בעדואינער. האָט ער פאַררוקט די רער פון דער ביקס אין מויל אַריין און געפּרווט מיט דער קני אָנטאַפּן דעם שלאָס אונטן.

— ישראל! דו לעבסט?!

— ווער איז דאָרט?

— פאַטריבן שוין די אַראַבער צו אַלדי שוואַרץ יאָר. עפן!

ישראל איז צוגעקראָכן צו דער טיר אויף אַלע פיר, ווייל פון לאַנגן

ליגן האָט ער די פיס נישט געפילט און ער האָט די טיר אויפגעריגלט און פאַרמאַכט די אויגן פאַר דער ליכטיקער זון.

— נו?

— דריי אונדזערע — פאַרוווּנדעט. איינער — דוכט זיך, שווער. דיר קומט אַ מזל־טוב, ישראל! דיין ווייב האָט געבוירן אַ יינגל, אינמיטן וועג.

ישראל האָט נאָך אַלץ געפּינטלט אַ פאַרחושטער. און חברה זע־נען אַוועק רעווידירן די צווייטע העלפט פון שייער. דאָרט האָבן זיי גע־פונען אביגדורן מיט אַ דורכגעשאָסענעם קאָפּ.

19

## דאָס ליד פון דער ערד

דאָרעטשקעס פאַרשווינדן פון ליאָסאָווע אין איינעם מיטן פאַראור־טיילטן אַנאַרכיסט האָט אירע פּאַרטיי־חברים אומאַנגענעם איבערראַשט. פאַר איין מענטשן איז דאָס אָבער געווען אַ מוראדיקער קלאַפּ. בערלען האָט דער קלאַפּ געטראָפן פּונקט דאַן, ווען ער האָט געדאַרפט צונויפזאַמ־לען זיין גאַנצע ענערגיע אויף אויפצוהייבן אַ באַרג. אַוועק איז דאָרעטשקע אָן אַ זיי־געזונט.

אומזיסט האָט בערל געפּרוּווט זיך איינרעדן, אַז איר שריט איז געווען אומפאַרמיידלעך, אַז פריער־שפּעטער וואָלט עס געמוזט געשען, זי זאָל פון אים אַוועק. זייערע באַציאונגען זענען געווען אָנגעשטרענגט און פּיינלעך. זיין פּאָטערלעכע צערטלעכקייט און זאָרג איבער איר האָט דאָרעטשקע נישט געקאָנט זיך אויסטייטשן אַנדערש ווי מיט זיינעם אַ פּריצישן קאַפּריז צו מאַכן זי פאַר דעם אָביעקט פון זיין רחמנות. אין זיין ליבע צו איר האָט זי נישט געגלויבט, ווייל אַזאַ אויסגעלייטערטע פּאָטערלעכע ליבע מצד אַ מאַן מיט אייזערנע מוסקולן און מיט ווילדע וואַלד־אינסטינקטן האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין.

אָבער פון רעזאָנירן איז בערלען נישט לייכטער געוואָרן. אין איי־נעם מיט דאָרעטשקען איז פאַרשוווּנדן דער הויפּט־נערוו פון זיין לעבן. אויב פריער האָט אים געפּייניקט דאָס געפיל פון זיין אָן איבעריקער אין דער רעוואָלוציע — איז דאָס געווען אַ לעבעדיקער פּראָטעסט־געפיל.

איצט האָט ער זיך שוין געפילט איבעריק פאַר זיך אַליין. זיין איינזאַמ־קייט האָט אים אויסגעליידיקט. ער וואָלט נאָך געקאָנט מיטגיין מיטן לעבן אונטער עמעצענס קאָמאַנדע. האָט אָבער דער צופאַל געוואָלט, אַז גראָד איצט זאָל אים ווערן אַיינגעטיילט אַן אָנפירערישע ראָלע און ער זאָל דאַרפן נאָכפירן אַנדערע נאָך זיך.

ער האָט זיך אָנגעטאָן אַן איבערמענטשלעכן כוח, נישט איבערצו־רייסן די אָנגעהויבענע אַרבעט ביים אויפבוי פון חרובן ישוב. און אַלע זיינע אויסערלעכע אָנשטרענגונגען האָבן אָפּגעהילכט אין אים ווי די קלעפּ אין אַ פוסטער פאַס אַריין. געבריט האָט אים די בושה פון זיין אינערלעכער פוסטקייט און אָנמעכטיקייט. און געדוכט האָט זיך אים, אַז מיטן כוח פון עפּעס אַ שם באַוועגט זיך איבער דער וועלט און טומלט אַ מענטש פון לאַנג שוין אַ טויטער.

אַ מענטש אַ לעבעדיקער מוז דאָך האָבן עמעצן אויף דער וועלט. די גאַנצע וועלט זאָל זיינע זיין און ער — דער וועלטס, בעת ער האָט קיינעם נישט — דאָס איז אַ פוסטע אַיינרעדעניש.

ביי בערלען זענען געבליבן הונגעריק די אויפגעבליטע פאָטער־לעכע געפילן. און דאַן האָט ער ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך אָנגע־כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי פון זיין לעצטער שוואַכער האָפענונג. ער האָט אָפּגעטאָן די בושה פון זיך און אַוועקגעשיקט אַ בריוו אין דער וועלט, אַ בריוו, וואָס האָט געדאַרפט ערגעץ אויסגעפינען זיין פרוי בערטע מיטן קינד, אויב עס לעבט נאָך. מיט צוועלף יאָר צוריק, בעת זיין האַרץ איז, ווייזט אויס, געווען געקנאָטן פון אַן אַנדערן, מער חוצפּהדיקן און לעבנס־קעמפערישן מאַטעריאַל, האָט ער דאָס קליינע קינד געוואָלט מיט זיינע אייגענע הענט אומברענגען, ווייל געדוכט האָט אים, אַז עס וועט אויס־וואַקסן אַ קריפּל. זיין פרוי בערטע איז מיטן קינד אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד און מיט רעכט געהאַלטן, אַז זי איז בערלען נישט שולדיק קיין בריוו.

יאָרן האָבן געדאַרפט פאַריבערגיין. און איבערלעבן האָט בערל גע־דאַרפט דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלעבט, אַז נאָך דאָרעטשקעס אַוועק־גיין זאָל ער אין הונגעריקער פאָטערליבע, אין דער וויזיע פון זיין שלאָפ־לאָזער נאַכט, דריקן צו זיין האַרצן זיין אומגליקלעך פאַרקריפּלט קינד. האָט ער אַוועקגעשיקט אַ בריוו אויף בערטעס פאַרמלחמהדיקן

אדרעס. און אַ צווייטן בריוו — צו זיין פריינד שלמה לוריע, וועלכער האָט איצט געוווינט אין בערלין, אַז ער זאָל זיך באַמיען די פרוי זיינע אויפזוכן. ער האָט געהאַט גאָר קנאַפּע אויסזיכטן, אַז די בריוו זיינע זאָלן אָנקומען צו די אַדרעסאַטן און האָבן אַ פּעולה, זיין האַרץ האָט אָבער געפאָדערט די אילוזיע.

און ווידער האָט ער אין די שלאָפלאָזע נעכט געדריקט צו זיין האַרצן זיין פאַרקריפּלט קינד און געוויינט מיט טרייסטיקע טרערן.

אוי אַז די תשובה איז אָנגעקומען האָט בערל געמיינט: עס איז אַ חלום. מיט איר האַרטער רונדער האַנטשריפט האָט בערטע אים געשריבן, אַז זי האָט זיין בריוו געהאַלטן צוויי וואָכן צייט און זי האָט זיך נישט געאיילט מיט קיין תשובה, ווייל זי האָט געוואָלט זיך גוט איבערלייגן וואָס צו טאָן. ער, בערל, האָט אייגנטלעך קיין שום מאָראַלישע רעכט נישט נאָכצופרעגן זיך אויפן קינד. וואָס קאָן דאָס אים אָנגיין, צי דאָס קינד לעבט און אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד עס געפינט זיך! די לאַסט און די אחריות האָט זי דאָך געטראָגן. זענען אויך די רעכט אירע. זי איז אָבער געקומען צום באַשלוס, אַז די אייגענע אַמביציע דאַרף זי פאַרבייגן. זי האָט נישט קיין רעכט אָוועקצורויבן ביי דעם קינד די פרייד פון האָבן אַ לעבעדיקן פאָטער, בפרט אַז דאָס קינד חלומט פון דער פרייד. ווער עס איז פון זיי ביידן גערעכט געווען מיט צוועלף יאָר צוריק — דאָס וועט ער שוין אַליין זען. זי האָט באַשלאָסן צו קומען מיטן קינד אַהיים. די מאַטעריעלע לאַגע צווינגט זי נישט דערצו. שוין יאָרנלאַנג, אַז זי אַרבעט אין איר ספּעציאַליטעט אין אַ באַקטעריאָלאָגישן אינסטיטוט און פאַרדינט איר ברויט מיט כבוד און אָנערקענונג. עס ציט זי אָבער אַהיים די אַלטע שוואַכקייט אירע. זי וויל זיך אָפּגעבן מיט דער אַרבעט אויפן איצטיקן היימישן טיפוס־פראָנט, פּונקט ווי אַמאָל, אויפן פראָנט פון דער כאָלערע.

וואַנדערט אַ מענטש איבער די גאַסן און געסלעך פון ליאַסאָווע און די סקעלעטן פון די הייזער, וואָס דער הונגער־יאָר האָט אויפגעפרעסן, טאַנצן פאַר זיינע אויגן אַ קאַראַהאָד. ווי אויף אַ צעוויגטער ווינדע הייבן אים זיינע פיס אויף צעקנאָדערטע בוידעם־טרעפלעך אַרויף. אויף קעלערטרעפּ, ווי אויסגעבראָכענע ציין — אַראָפּ און אין דער פאַרשטיקטער לופט פון נויט־און הונגער־נאַרעס זוכט ער מענטשן מיט ברייטערע

פלייצעס און מיט אַ בליק, וואָס האָט נאָך דעם לעצטן פונק פון עקשנות נישט פאַרלאָרן.

— פעטער! איר גייט מיט מיר אויף אַרבעט קיין פאָדלאַסיע?

— האַ? וווהין? זעצט זיך, מיין הער! קיין פאָדלאסיע, זאָגט איר? דאָרט, ווו מען האָט געזעגט יידן לעבעדיקערהייט? דאָס הייסט דאָך: קריכן צום טייוול אין די ציין. און ווער זייט איר אַליין, קאָן מען וויסן?

— מיין נאָמען איז בערל. בערל פאָדלאַסקי.

— נו, אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש. אַז איר רופט, מסתמא ווייסט איר דאָך. אדרבא, אדרבא. וועט מען כאָטש געבן ברויט צו עסן? קאַר־טאָפל צו זאַט?

דער הונגעריקער גלאַנץ אין יענעמס אויגן איז געווען בערלס שותף און מיטהעלפער. ער האָט גענומען מענטשן אויף זיכער. ער האָט זיי געהאַט מער, וויפל ער האָט געקאָנט איינאָרדענען מיט זיינע שוואַכע מיטלען.

מיט גאָר אַ קליינער פּאַרטיע, אַלץ געוועזענע קוואַליפיצירטע באַל־מעלאָכעס, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין פאָדלאַסיע צוגרייטן דעם הויף מיט די שטאַלן אויף אויפצונעמען די איבעריקע פאַרשריבענע און אויף אַוועקצושטעלן די ערשטע פּאָר פערד און בהמות. די עטלעכע פורן שפּייז־פּראָדוקטן, וועלכע ער האָט אַרויסבאַקומען פון די מלוכישע מאַ־גאַזינען, האָבן געקאָנט גענוגענען העכסטנס אויף אַ חודש צייט.

דאָס גרויסע הויז אין פאָדלאַסיע איז האַלב חרוב געוואָרן, דאָס מעבל — צעטראָגן און צעבראָכן. דערצו נאָך אָראָפּגעריסן אַ האַלבער בלעכענער דאַך. די שייערן זענען געווען אָנגעלאָדן מיט אַזוי פיל ווינ־טער־תבואה, אַז נישט אַלץ האָט מען געקאָנט צוגנבענען און פאַרניכטן. אָבער דאָס פאַרבליבענע איז שוין געווען פאַרפוילט. די פאָדלאַסיער שייערן זענען נישט געווען צוגעגרייט פאַר תבואה־לאַגערס אויף אַ לענ־גערע צייט. אומגעריכט האָט בערל געפונען אַן אוצר. אַ פּאָר סקירדעס תבואה זענען געשטאַנען ווי פאַרהאַרטעוועטע בערג שוין דאָס דריטע יאָר נישט קיין געדראָשענע. פון דעם האָט געקאָנט זיין ברויט.

און בעת אין הויף האָט זיך איינגעשטעלט אַ פיבערהאַפּטע גיהנומ־דיקע אַרבעט, האָט בערל איינגעשפּאַנט די פּאָר געבאָרגטע מלוכהשע פורן און זיך אַוועקגעלאָזט איבער די שכנישע דערפער, דורכצופירן אַ

רעוויזיע איבער פויערישע כאַטעס און שטאַלן. ווו ער האָט דערקענט עפּעס אַ חפץ, אַ מכשיר פון דער פּאָדלאַסיער באַלעבאַטישקייט — האָט ער צוגענומען. ער האָט צוגענומען פערד און בהמות פון די שטאַלן. אייניקע פויערים האָבן גאַנץ געמיטלעך אים צוריקגעגעבן דאָס זייניקע, זיך פאַררופנדיק אויף דעם, אַז ווען נישט זיי, וואָלטן דאָך אַנדערע צו־גענומען די חפצים. אַנדערע זענען אָבער אַרויס קעגן בערלען מיט העק. און בערל, אין באַגלייטונג פון דאָרפישן רעווקאָם, האָט געדאַרפט אָנ־ווענדן דיפּלאָמאַטישע און אַמאָל אויך אָפענע דראָאונגען.

פון דעם צוריקגענומענעם רויב איז אָבער נאָך נישט געוואָרן קיין גאַנצע באַלעבאַטישקייט. בערל האָט אָנגעהויבן צו באָרגן ביי די אַרו־מיקע פויערים דאָס, וואָס אים האָט אויסגעפעלט. און עס האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז דעם פויער קומט אָן לייכטער אָוועקצובאָרגן זיינעם אָן אייגענעם חפץ איידער צוריקגעבן אַ צוגערויבטן.

ווען בערל איז מיט זיינע אומדערפאַרענע געהילפן אין פעלד אַרויס, פאַראַקערן דעם ערשטן קוואַדראַט, האָבן גאָר אומגעריכט זיך אָפּגעפונען עטלעכע יידן פון די אַנטלאָפענע פון ניי־שטעטל און אָן איבעריקע רייד מיט אָנגעכמורעטע פּנימער, זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.

און ווי מיט פערצן יאָר צוריק זענען זיך אָנגעלאָפן די שכנישע פויערים אויף בייז ווונדער, צו זען, ווי אַזוי יידן וועלן אַקערן אַ פעלד. אין אַ וואָך אַרום האָט מען שוין געאַקערט אין פיר־פינף ערטער פאַר אַמאָל און בערל איז אַוועקגעפאָרן קיין ליאַסאָווע נאָך זריעה.

געזאַמט האָט ער זיך דריי טעג און איז צוריקגעקומען מיט אַ פרוי אין פענסנע און מיט אַ יינגעלע פון אַ יאָר צוועלף־דרייצן און געווען איז ער אַזוי צעטומלט בגילופין, אַז ער האָט נישט געוווסט אויף וואָ־סער וועלט ער געפינט זיך און נישט געהערט וואָס מען רעדט צו אים. און דאָס בחורל האָט אויך געטראָגן ברילן און געהאַט אַ גרויסן קאָפּ מיט אָפּגעשטאַנענע אויערן, געהייסן האָט דאָס בחורל — היינץ, גע־רעדט דייטש און געטראָגן אַ מאַטראָסן־אָנצוג מיט לאַנגע הויזן. און בערל מיטן קינד האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן איינער פון דעם אַנ־דערן און די פרוי אין פענסנע און מיט שאַרפע צוזאַמענגעוואַקסענע ברעמען האָט געקוקט מיט אַ צוריקגעהאַלטענעם שמייכל אויפן פאָטער מיטן קינד, וועלכע זענען מיט עטלעכע שעה צוריק נאָך אינגאַנצן זיך

פרעמד' געווען און פון איר שמייכל זענען די צווײ שאַרפע קנײטשן פון די נאָזפליגל ביז צו די ווינקלען פון מויל בײ איר נאָך שאַרפער געוואָרן און דאָס פּנים — שטרענגער.

בערל האָט זיך געשעמט צו קוקן אויף דער שטרענגער בערטע. ער האָט געפילט אויף אַ דיסטאַנץ איר צוועלף־יאָריקן באַהאַלטענעם כעס. אויך אויפן קינד האָט ער זיך נישט פאַרגונען רעכט אַ קוק צו טאָן. ער האָט מורא געהאַט אַן עין־הרע צו געבן. ער האָט אויך מורא געהאַט אַ טראַכט צו טאָן וועגן זײן נישט פאַרדינט גליק. וואָס דאָס קינד איז אַ נאָרמאַלס, נישט קײן קריפּל און וואָס פון דער ערשטער באַגעגעניש האָט עס צו אים זיך צוגעבונדן.

אויפפּאַקנדיק זײן פּרויס באַגאַזש, האָט בערל געפונען אַ פוטעראַל פון אַ פידל.

— בערטע! — האָט ער נישט דרײסט זיך געווענדט צו זײן פרוי — האָסט געלאָזט אים לערנען שפּילן?

— אַ ביסל — האָט זי קאַלט אין דער זײט אַוועקגעשמײכלט.

— הײנץ! וועסט עפּעס שפּילן פאַרן פּאַ?

— נײן, פּאַ! — האָט דאָס באַברילטע בחורל מיט אַ פּראָפעסאָרישן ערנסט געענטפערט. — איצט בין איך מיד פון וועג. איך וועל מאָרגן שפּילן.

דורך די ברילן האָבן געקוקט אויף בערלען אַ פּאָר בלויע לויטערע אויגן, וועלכע זענען אים אַזוי גוט באַקאַנט געווען — דאָרעטשקעס אויגן. אויפן קינדס מעכטיקן און צאַרט־ווײסן שטערן מיט די טיפע ווינקלען האָבן געשפּילט אונטער דער הויט דינע בלויע אָדערלעך. און די שיסעלעך פון די אָפּגעשטאַנענע אויערן זענען געווען ווי צאַרטע ראָזע צעשפּרײטע פליגל.

דורך די ברילן האָט דאָס בחורל ערנסט און אָנגעשטרענגט געפאָרשט, ווי אַזוי צו באַנעמען זיך מיט אָט דעם פרעמדן און נאָענטן מענטשן, וועלכער איז אים אַ פּאָטער.

און בערל האָט נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ געפיל עס איז אין אים גובר: צי דער פאַרדראָס פון אַזוי פיל פאַרשווענדעטע יאָרן אָן פּאָטער־לעכער פרײד, צי די שרעק, אַז דער חלום פון גליקלעכן געפינס זאָל נישט צערונען ווערן.

בערטע האָט טאַקטיש אויסגעמיטן יעדן אינטימען געשפּרעך. קאַלט און געשעפטלעך האָט זי פון דער ערשטער שעה פון איר קומען גערעדט וועגן אירע היגע דאָקטערישע פּלענער און זיך נאָכגעפרעגט אויף דער היגער טיפוס־עפּידעמיע, ווי אויף אַן אַלטן גוטן קרוב, וועלכן זי וואָלט גערן שוין זען. זי איז דאָך געקומען, ווייל זי האָט באַשלאָסן דאָס צו טאָן פאַרן קינד. אין אַלגעמיין איז זי צופרידן, וואָס דער טאַטע מיטן קינד זענען דערווייל נישט אַנטוישט איינער אין דעם אַנדערן. אָבער אַליין דאַרף זי וואָס גיכער אַריין אין דער אַרבעט.

ביידערנאַכט האָט בערלען אויפגעוועקט די גרויסע פרייד וואָס האָט געשפּאַרט פון זיין האַרצן. ער האָט מורא געהאַט צו פאַרשלאָפן די פרייד און שוין מער מיט קיין אויג נישט צוגעטאָן. אָבער קיין מידקייט האָט ער נישט געפילט און גאַנץ פרי זיך אויפגעהויבן צו דער ארבעט.

זעט ער: דער אויסגעשטערנטער זון זיינער מיט די אָפּגעשטאַנענע ראָזע אויערן האָט זיך אויפגעזעצט אויפן געלעגער און זשמורעט מיט די בלויע קורצזיכטיקע אויגן.

— ביסט שוין אויף, פּאַ?

— יאָ, מיין קינד, מען דאַרף גיין אין פעלד אַריין.

— וועל איך אויך.

— דו שלאָף, מיין קינד, שלאָף. ס׳איז נאָך זייער פרי.

— ניין. אַז פּאַ שטייט אויף, דאַרף איך אויך. מאַ האָט מיר געזאָגט: אַז איך וועל זיין אַ גרויסער, וועל איך זיין דעם פּאַ צו הילף אין זיין וויכטיקער אַרבעט. האָב איך אַלץ געוואַרט. איצט בין איך שוין כמעט אַ גרויסער און איך קאָן נאָך גאָרנישט.

און דאָס קליינע אויסגעשטערנטע בחורל האָט פאַרזאָרגט זיך אָנגעלענט מיט דער גאָמבעלע אויף דער האַנט. זיין פּנימל האָט אָפּגעשפּיגלט אַן אמתע קרענקונג.

בערל האָט געפילט, ווי דאָס האַרץ קערט זיך אים איבער פאַר ליבע און דאַנקבאַרקייט.

זיין האַנט האָט אים געציטערט, ווען ער האָט געגלעט זיין זון איבערן גרויסן קורץ געשוירענעם קאָפּ, ער האָט אים געגלעט, ווי זיין האַנט וואָלט נישט ראוי געווען דאָס צו טאָן.

— זאָרג נישט, זון מײַנער! װעסט זיך אויסלערנען, װעסטו מיר העלפֿן.

היינץ האָט גענומען דעם פֿאָטערס האַנט און זי געדריקט. ער האָט געוואָלט דעם פֿאָטערס האַנט אַ קוש טאָן, געוווּסט, אַז אַנדערע קינדער טוען עס. ער האָט עס אָבער נישט געוואַגט, נישט געוווּסט ווי איבער־צושפּאַנען די הויכע שוועל צו דעם אומבאַקאַנטן בערדיקן מענטשן, וועל־כער איז דאָך זיין פֿאָטער. האָט ער זיך שעמעוודיק צעשמייכלט.

— פֿאָ! האָסט געוואָלט הערן ווי איך שפּיל?!

— געוויס, מיין קינד.

— אָט באַלד...

היינץ האָט גענומען ענערגיש זיך אָנטאָן און בערל איז אַרויס אין צווייטן צימער וואַשן זיך. בערל האָט ליב געהאַט דעם תענוג פֿון לאַנג זיך צו וואַשן. און גיסנדיק שוין פֿון דריטן קרוג דאָס קאַלטע וואַסער אויף זיין האַריק לייב האָט ער פּלוצלונג אַ ציטער געטאָן. הינטער דער וואַנט האָבן מיט דערוואַקסענעם ערנסט און מעכטיקייט אַ רייד געטאָן די סטרונעס פֿון אַ פֿידל. אָבער קיינער אַחוץ זיין קליינעם זון איז דאָך דאָרט אין צימער נישט געווען. און בערטע — שלאָפֿט דאָך נאָך. און ווען זי איז אפֿילו אויף — שפּילט זי דאָך נישט.

איז בערל מיטן האַנטעך אויפֿן לייב און מיט אַ נאַס פּנים צוגעלאָפֿן צו דער טיר און זיך פֿאַרגאַפֿט. דאָס האָט געשפּילט היינץ, פֿאַרן מעטאַ־לענעם פּולט איז געשטאַנען דאָס באַברילטע בחורל מיטן ריזיקן צאַרט־ראָזן שטערן און איינגעטוליעט זיך מיטן ראָזן אויער אין דער גרויסער טונקעלער פֿידל האָט עס ריטמיש זיך באַוועגט מיטן גאַנצן שלאַנקן קינדישן גוף און מיטן גאַנצן גוף אַריינגעכישופֿט אין דעם אַלטן טונ־קעלן אינסטרומענט אַ מעכטיקע און רייפֿע לויטערקייט. דער כמעט שוואַרצער אינסטרומענט האָט זיך צעזונגען מיט אַ קרעפֿטיקן טאָן.

אַ צעטומלטער האָט בערל פֿאַרהערט די ערשטע פֿראַזן. אָבער די פֿידל האָט אים געצוווּנגען זיך צוצוהערן צו איר געזאַנג. און דאָס גע־זאַנג איז זיך צעוואַקסן אַלץ מעכטיקער, אַלץ ברייטער און איז אויסגע־וואַקסן אין אַ טראַגישן און פּאָמפּעזן געראַנגל פֿאַר דער קרוינונג פֿון לעבן. דער טונקעלער אינסטרומענט, דוכט זיך, אַ צו גרויסער אין די קינדישע הענט, האָט שוין געזונגען מיט צוויי שטימען, מיט צוויי נשמות,

ווי צוויי הענט וואָלטן אויפגעהויבן איבער דער וועלט די טראַגיש־פינק־לענדיקע קרוין פון לעבן. און די קרוין האָט געפינקלט מיט רובינען פון יסורים און מיט דימענטן פון פרייד און פון זיג.

דאָס איז דאָך געווען דאָס ליד, וואָס בערל האָט אַלעמאָל אין זיין האַרצן געטראָגן און אין אַ שעה פון דערהויבונג געפילט, אַז ס׳האַלט ביים געבוירן ווערן און פאַרקלינגען דורך דעם פּרוכטלאָזן טראַכט פון זיין שטומקייט. האָט דאָך בערל כל ימיו זיך באַמיט צו קרוינען דאָס לעבן מיט אַ זין דורך אַרבעט, דורך אַ שעפערישן טאַט.

וואָס פאַר אַ פּלוצלונגע ברכה פון הילף עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים! זיין קליינער זון מיטן טונקעלן גרויסן אינסטרומענט בענטשט דאָס לעבן מיט אַ העכערן זין: מיט שיינקייט!

אָט איז דער העכערער שטאַפּל פון חכמה: זיין שטומע צונג איז ריידעוודיק געוואָרן, דער פלאַם, וועלכן ער האָט אין זיין האַרצן גע־טראָגן — האָט אויפגעשאָסן העל און מעכטיק אין דעם פלייש פון זיין פלייש, אין דעם בלוט פון זיין בלוט, אין זיין זון — דעם אַרטיסט!

ער וועט קרוינען דאָס לעבן דורך אַרבעט.

און דער זון זיינער — דורך שיינקייט.

און ער ווייס שוין נישט, ווער עס איז וועמען צו הילף. האַנט ביי האַנט וועלן זיי גיין דורכן לעבן, ער מיט זיין זון!

„זיי געבענטשט, מוטער—בערטע אין דיין שטרענגער מענטשלע־כער דערהייבונג! ווי וואַג איך צו קושן די שפּיצן פון דיינע פינגער!“

און בערטע איז געלעגן אויפן בעט מיט צוגעמאַכטע אויגן אַ שטרענגע, אַ רואיק־שלאָפנדיקע און נאָר די ווינקלען פון אירע ליפּן האָבן געציטערט אין אַ דינעם, פאַרטייעטן שמייכל.

אַריינגעטאָן אין אינסטרומענט, האָט הייניך גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט אַרום זיך. ער האָט נאָר פון צייט צו צייט נערוועז מיטן גרויסן קאָפּ געטרייסלט און מיטן גאַנצן צעוויגטן שלאַנקן גופעלע זיך אַריינגעזונגען אין פידל אַריין.

און ווען ער האָט געענדיקט שפּילן און דעם אינסטרומענט אַראָפּ־געלאָזט, האָבן זיינע פינגער נאָך אַ קוש געטאָן די סטרונעס מיט אַן אייידעלער באַרירונג און דאַן האָט ער דעם פאַרשעמטן קאָפּ צום פאָטער

אויפגעהויבן. און דאַן האָט אויף זיין ערנסט פּנימל זיך אויסגעגאָסן שרעק און פאַרוווּנדערונג.

— פּאַ! וואָס וויינסטו? האָב איך שלעכט געשפּילט?

האָט בערטע ברייט און וואַך געעפנט די אויגן און זיך אויפגעזעצט אין בעט מיט אַ פאַרזאָרגטער שטרענגער מוטערלעכקייט.

— באָריס! באַרואיק זיך. וועסט איבערשרעקן דאָס קינד.

און היינץ האָט זיך געפילט שולדיק.

— פּאַ! איך קאָן נאָך נישט בעסער. איך וועל מיך לערנען, וועל איך אַלץ קאָנען.

ווען בערל איז אַרויס מיטן אַקער, כדי אָנצווייזן זיינע מענטשן ווי אַזוי מען דאַרף איבעראַקערן דעם אָפּשניט, וועלכער איז, לויט זיין מיינונג, געווען שלעכט געמאַכט, האָט אין זיין האַרצן געשפּילט אַ גרויס ליד.

ער האָט געבענקט נאָך היינצן, וועלכער איז פאַרבליבן איצט אין שטוב מיט דער מוטער און ער האָט רחבותדיק־אומפאַרשעמט געווישט די טרערן פון זיין גליק.

און צו די אַרומיקע האָט ער גערעדט, הגם זיי האָבן אים שווער פאַרשטאַנען.

— מיר הייבן אָן פון מעשה בראשית. געשיכטע איז נישט קיין קייט פאַר דעם לעבעדיקן מענטשן און אַ דור איז נישט קיין רינגעלע. טויזנטער יאָרן זענען טאַקע נישט געגאַנגען לאיבוד. זיי האָבן אונדז געשאָנקען קולטור און ביטערע דערפאַרונג. זיי האָבן אונדז געלערנט ווי אַזוי אַוועקצוגיין פון דעם נעכטן. יעדער דור מוז אָנהייבן די געשיכטע פאַר זיך און נישט זיין קיין קנעכט פון די פאַרגאַנגענע דורות. אַזוי וויל איז צו אונדז, וואָס מיר וועלן נישט שטאַרבן קיין נעכטיקע און וואָס אונדזערע קינדער וועלן נישט דאַרפן לאַכן פון אונדזער אומבאַהאָלפנקייט. יאָ, יידן, מיר הייבן אָן די וועלט פון דאָס ניי. פון מעשה בראשית.

פאַרריכט נאָר, ברוך, דעם געשפּאַן ביי דעם בולאַנעם.

זעט, יידן, ווי מען אַקערט! אָ—האָפּ!

וואַרשע, 1927—1929.

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

ביכער־סעריע פון דעם צענטראַל־פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין ארגענטינע

רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג־לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

1) **מאַרק טורקאָוו** — מלכה אָווטיאַני דערציילט... (אויספאַרקויפט)
2) **ה. ד. נאָמבערג** — י. ל. פּרץ (אויספאַרקויפט)
3) **וו. גראָסמאַן־וויערניק** — טרעבלינקע (אויספאַרקויפט)
4) **פּרץ גראַנאַטשטיין** — מיין חרוב שטעטל סאָקאָלאָוו (אויספאַרקויפט)
5) **ישראל טאַבאַקסבלאַט** — חורבן לאָדזש (אויספאַרקויפט)
6) **זרובבל** — בּאַרג חורבן (קאַפּיטלען פּוילן) (אויספאַרקויפט)
7) **אלחנן צייטלין** — אין אַ ליטעראַרישער שטוב (אויספאַרקויפט)
8) **ד״ר ה. שאָשקעס** — פּוילן — 1946 (אויספאַרקויפט)
9) **ז. סעגאַלאָוויטש** — טלאָמאַצקע 13 (אויספאַרקויפט)
10) **מ. נודעלמאַן** — געלעכטער דורך טרערן (אויספאַרקויפט)
11) **ד״ר מאיר באַלאַבאַן** — די ייִדן־שטאָט לובלין (אויספאַרקויפט)
12) **ישראל אפרת** — היימלאָזע ייִדן (אויספאַרקויפט)
13) **ד״ר יעקב שאַצקי** — אין שאָטן פון עבר (אויספאַרקויפט)
14) **דוד פלינקער** — אַ הויז אויף גזשיבאָוו (אויספאַרקויפט)
15) **ד״ר הלל זיידמאַן** — טאָגבוך פון וואַרשעווער געטאָ (אויספאַרקויפט)
16) **זאַמלונג פון דאָקומענטן** — קינדער־מאַרטיראָלאָגיע (אויספאַרקויפט)
17) **חיים גראַדע** — פּליטים (לידער) (אויספאַרקויפט)
18) **ש. קאַטשערגינסקי** — פּאַרטיזאַנער גייען!... (אויספאַרקויפט)
19) **פרידע זרובבל** — נע ונד (פאַרצייכענונגען פון אַ פּליטה)
20) **מרדכי שטריגלער** — מאַידאַנעק
21) **יעקב לעשצינסקי** — אויפן ראַנד פון אָפּגרונט (אויספאַרקויפט)
22) **ז. סעגאַלאָוויטש** — געברענטע טריט
23) **אברהם טייטלבוים** — וואַרשעווער הויף
24) **טאַניאַ פוקס** — אַ וואַנדערונג איבער אָקופּירטע געביטן
25) **ש. ל. שניידערמאַן** — צווישן שרעק און האָפענונג (אויספאַרקויפט)
26) **לעאָ פינקלשטיין** — מגילת פּוילן (אויספאַרקויפט)
27) **יאָנאַס טורקאָוו** — אַזוי איז עס געווען... (חורבן וואַרשע)
28) **ש. איזבאַן** — „אומלעגאַלע״ ייִדן שפּאַלטן ימען
29) **יעקב פּאַט** — הענעך
30) **ד״ר י. קערמיש** — דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ

31) שמחה פאָליאַקיעוויטש — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) מרדכי שטריגלער — אין די פאַבריקן פון טויט
33) אברהם נחתומי — אין שאָטן פון דורות
34) יחיאל לערער — מיין היים (פאָעמע)
35) יוסף וואָלף — לייענענדיק פרצן...
36) צפורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו — יצחק קאַצענעלסאָן
37) י. הירשהויט — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) נחום סאָקאָלאָוו — פערזענלעכקייטן
39) רחל קאָרן — היים און היימלאָזיקייט (לידער)
40) א. אלמי — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) מנשה אונגער — פשיסכע און קאָצק
42) מ. בורשטין — איבער די חורבות פון פלוינע (אויספאַרקויפט)
43) מ. קיפּניס — הונדערט פאָלקס־לידער (אויספאַרקויפט)
44) ז. סעגאַלאָוויטש — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב
45) ד״ר ה. שאָשקעס — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... (אויספאַרקויפט)
46) שלמה וואַגאַ — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) אברהם זאַק — יאָרן אין וואַנדער (לידער)
48־49) ש. איזבאַן — פאַמיליע קאַרפּ (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)
(פרעמירט דורכן צבי־קעסטל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)
50) ד״ר א. מוקדוני — מיינע באַגעגענישן (זכרונות)
51) ר. שושנה־קאַהאַן — אין פייער און פלאַמען (טאָג־בוך) (אויספאַרקויפט)
52) י. י. טרונק — די יידישע פראָזע אין פוילן
53) יאָנאַס טורקאָוו — אין קאַמף פאַרן לעבן
54) יצחק פערלאָוו — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947” (ראָמאַן) (אויספאַרקויפט)
55) פנחס ביזבערג — שבת־יום־טובדיקע יידן
56) שלום אַש — פעטערבורג (ראָמאַן)
57) שלום אַש — וואַרשע (ראָמאַן)
58) שלום אַש — מאָסקווע (ראָמאַן)
59) ד״ר פיליפּ פרידמאַן — אָשוויענטשים
60) ב. ראָזען — טלאָמאַצקע 13
61) דוד פלינקער — אין שטורעם (ראָמאַן) ערשטער באַנד
62) דוד פלינקער — אין שטורעם (ראָמאַן) צווייטער באַנד
63) יאַנוש קאָרטשאַק — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64—65) מרדכי שטריגלער — „ווערק צע”
(פרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס איירעס 1951)
66) חיים גראַדע — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) רבקה קוויאַטקאָווסקאַ — פון לאַגער אין לאַגער
68) יואל מאַסטבוים — מיינע שטורמישע יאָרן (זכרונות)
69) אליהו טראָצקי — גלות דייטשלאַנד
70) ד״ר י. שאַצקי — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה (אויספאַרקויפט)

71) נחמן מייזיל — געווען אַמאָל אַ לעבן... (אויספאַרקויפט)

72) י. י. טרונק — סימכע פּלאַכטע פון נאַרקאָווע (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע, 1951)

73) יהודה עלבערג — אונטער קופּערנע הימלען (אויספאַרקויפט)
(פּרעמירט דורכן ליטעראַטור־פאָנד אין סאַן פּאַולאָ, בראַזיל, 1952)

74) ד״ר א. מוקדוני — אויסלאַנד

75) זיגמונט טורקאָוו — פראַגמענטן פון מיין לעבן

76) יהושע פּערלע — יידן פון אַ גאַנץ יאָר
(פּרעמירט מיט דער פּרץ־פּרעמיע פון יידישן פּען־קלוב אין פּוילן
און ליטעראַטור־פּרעמיע פון „בונד" אין פּוילן, וואַרשע 1937)

77) יעקב לעשצינסקי — ערב חורבן

78) דניאל טשאַרני — ווילנע

79) ז. סעגאַלאָוויטש — דער לעצטער לאָדזשער ראָמאַן

80) יזכר־בוך — בעלכאַטאָוו (אויספאַרקויפט)

81) מ. י. שעליובסקי — אויף אַ פּולער וואָך

82—83) יצחק פּערלאָוו — דער צוריקגעקומענער (ראָמאַן)

84) יוסף אָקרוטני — דאָס בוך פון די עלנטע

85—86) מרדכי שטריגלער — גורלות

87) ד״ר יוסף טענענבוים — גאַליציע — מיין אַלטע היים

88) זלמן שזר — שטערן פאַרטאָג

89) משה דוד גיסער — דאָס געזאַנג פון אַ לעבן

90) ז. י. אנכי — ר' אבא און אַנדערע כתבים

91—92) ד״ר עמנואל רינגעלבלום — קאַפּיטלען געשיכטע

93) שמעון האָראָנטשיק — אין גערויש פון מאַשינען (ראָמאַן)

94) גרשם באַדער — מיינע זכרונות (קראָקע)

95—96) יאָנאָס טורקאָוו — פאַרלאָשענע שטערן

97—98) אַלטער קאַציזנע — שטאַרקע און שוואַכע (ראָמאַן)

## עס דרוקט זיך און דערשיינט בקרוב:

99) פועה ראַקאָווסקי — זכרונות פון אַ יידישער רעוואָלוציאָנערן

100) מאַרק טורקאָוו — די לעצטע פון אַ גרויסן דור

פרעסע - שטימען וועגן

# דאָס פוילישע יידנטום

יצחק יאנאסאָוויטש שרייבט וועגן „ר׳ אבא און אַנדערע כתבים" פון ז. י. אנכי („די נייע צייט", בוענאָס־איירעס, 17טער דעצעמבער 1953):

דאָס בוך „ר׳ אבא און אַנדערע כתבים" פון זלמן יצחק אנכי איז דאָס 90טע בוך פון דער ביכער סעריע „דאָס פוילישע יידנטום" אין אַרגענטינע. דאָס בוך איז דערשינען אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1953.

די וואָס ווייסן ניט אַז „ר׳ אבא" איז שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ באַרימט בוך אין דער יידישער ליטעראַטור קענען, לייענעדיק די נייע אויסגאַבע, האָבן דעם איינדרוק אַז דאָס דאָזיקע ווערק איז געשריבן געוואָרן דורך אַ היינטיקן שרייבער, וועלכער באַוויינט און באַזינגט דאָס אומגעקומענע, דאָס פאַרשוווּנדענע יידישע לעבן אין מזרח אייראָפּע.

דער עיקר־טאָן פונעם בוך, די עלעגישע בענקשאַפט צו דעם „אַמאָל איז געווען" פאַסט זיך אַזוי שטאַרק אַריין אין דער מוזיק פון דער היינטיקער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אויך פול מיט דער בענקשאַפט צו דעם פאַרשוווּנדענעם יידישן לעבנס־שטייגער.

אפנים אַז צער און בענקשאַפט צו דער אַמאָליקייט זענען אייביקע טענער אין דער יידישער ליטעראַטור. איינע פון די שענסטע יידישע געזאַנגען אין אַלטערטום הייבט זיך אָן מיט דער דערמאָנונג וועגן אַ פאַרלוירענער צייט און זי גייט איבער אין אַ שבועה די דאָזיקע פאַרלוירענע צייט נישט צו פאַרגעסן.

מיר יידן זענען אַ פאָלק, וואָס מיר הייבן ערשט אָן פילן דעם ווערט פון זאכן ווען מיר פאַרלירן זיי.

אונדזער גרויסער ווילן צו פאָלקישער פרייהייט און נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט איז אויפגעגאַנגען דעמאָלט ווען מיר האָבן די פרייהייט און די זעלבסטשטענדיקייט פאַרלוירן.

און אין אונדזער גאַנצער ליטעראַטור זענען מיר געשטאַנען מיט דעם פּנים צו דעם עבר און אים פון געשעפּט כח צו גיין פאַראויס.

די גאַנצע רעליגיעזע ליטעראַטור איז אויפגעקומען אין אַ רעזולטאַט פון אומקערן זיך צו פריער געשאַפענע ווערק, צו ווערק פון אַ פריערדיקן לעבנס־שטייגער און אַ פריערדיקער לעבנס־דערקענטעניש.

און דאָס סאַמע מערקווירדיקסטע איז דאָך דאָס, וואָס אין אונדזער בענקשאַפט צו דער פאַרגאַנגענהייט

זענען מיר קיינמאָל נישט צוריקגע־
גאַנגען בפועל ממש צו דער אויס־
געבענקטער פאַרגאַנגענהייט, נאָר
מיר האָבן תמיד דעם עבר מיטגע־




טראָגן מיט זיך אין דער צוקונפט
אַריין.

דאָס ווילן נישט זעען די אַלע וואָס פלאַפּלען וועגן דעם, אַז מען קאָן נישט לעבן מיט דעם עבר, ווייל אַזאַ לעבן דראָט כלומרשט מיט דער סכנה צו בלייבן הינטערשטעליק און אומפּעאיק צו דער עקזיסטענץ אין די נייע צייטן. והא ראיה: דאָס כינעזישע פאָלק, וואָס האָט נעבעך געליטן צוליב דעם פאַרגליווערט בלייבן אין זיין רומרייכן אַמאָל.

נישטאָ קיין ערגערע זאַך ווי אַ גוטער משל מיט אַ שלעכטן נימשל. און נישטאָ קיין געפערלעכער ווי דאָס מעכאַנישע צוגלייכן די דערפאַרונג פון יידישן פאָלק צו דער דערפאַרונג פון די כינעזער.

די כינעזער זענען געבליבן פאַרשטאַרקט אין זייער עבר, זייער קעגנוואַרט איז אויך געווען אַ פאַרגאַנגענהייט. מיר יידן זענען קיינמאָל נישט געבליבן פאַרגליווערט אין אונדזער עבר, מיר האָבן נאָר מיטגעטראָגן מיט זיך די בענקשאַפט צום עבר און בענקשאַפט צו דער פאַרגאַנגענהייט איז אַ לייכטנדיק געפיל, וואָס מאַכט ליכטיק די קעגנוואַרט און באַלייכט דעם וועג צו דער צוקונפט.

עס איז, ווי זאָל איך עס פאַרגלייכן דאָס געפיל פון אן אייגענעם אָפּגעשפּאָרטן גראָשן. אַז מען האָט דאָס געפיל פון באַזיצן אן אָפּגעשפּאָרטקייט שפּאָרט מען ווייטער און פון דעם שפּאָרן היינט ווערט מען מאָרגן אַ גביר.

אז פון נעכטן איז גאָרנישט געבליבן וועט מען אויך היינט גאָרניט וועלן ס׳זאָל בלייבן און אויף מאָרגן וועט מען בכלל נישט דאגהן.

יידן האָבן זיך תמיד אומגעקוקט צו זייער עבר, ווייל זיי האָבן געוואָלט און טאַקע געהאַט דאָס געפיל, אַז ס׳איז זיי עפּעס געבליבן און אָט די אָפּגעשפּאָרטע פאַרבליבנקייט האָבן זיי מיטגעטראָגן מיט זיך צו דער אַנזאַמלונג פון נייע פאַרמעגנס.

אונדז יידן איז תמיד אַ שאָד געווען דאָס פאַרגאַנגענע, ווייל מיר

האָבן אין דער פאַרגאַנגענהייט גע־זען דאָס אָפּגעשפּאָרטע גייסט־פאַר־מעגן און ווייל אונדז איז אַ שאָד געווען די אָפּגעשפּאָרטע גייסט־שיינ־קייט האָבן מיר זי טייער געהאַלטן און מיטגעטראָגן מיט זיך אין ווײַ־טערדיקן גאַנג.

און „ר' אבא“ געהערט צו די ווערק אין דער יידישער ליטעראַטור וואָס סומירט די אָפּגעשפּאָרטע גייסט־שיינקייט פון אַ דורותדיקן לעבנס־שטייגער כדי די דאָזיקע אָפּגעשפּאָרטקייט איבערצוגעבן דעם מאָרגנדיקן לעבן.

„ר' אבא“ איז געבוירן געוואָרן אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט האָט נאָך מזרח־אייראָפּע געהאַט אַ פולבלוטיק יידיש לעבן און אַ היפּשן אוצר פון קעגנוואַרטיקער שיינקייט. אָבער אַנכי האָט מיט זיין וואַרעמער פע־דער און נאָך וואַרעמערן יידישן האַרץ געציטערט איבער יעדן אַרויספאַלנדיקן גייסט־פאָדעם פון דער יידישער לעבנס־קאַנווע און ער האָט די דאָזיקע שיינקייטס־פעדעם צונויפגעזאַמלט און פון זיי באַשאַפן אַ נייעם קינסטלערישן לעבנס־געוועב.

און עס זענען דעמאָלט אויך גע־ווען קריטיקער, וואָס האָבן, ווי גע־דונגענע, אויף אים זיך צעשריגן: ר'וויל צוריק פירן אונדזער לעבן צו די בטלנותדיקע שטעטלעך פון אַ פאַרגאַנגענער צייט. ער וויל מיר זאָלן ווערן עובר בטלדיקע ר' אבאס.

יאָ, אויב צוריק גיין צו ר' אַבאַן הייסט צוריקגיין צו דער תמימות־דיקער גאַנצער און ערלעכער מענטש־לעכקייט אין אונדזער לעבן האָט אנכי טאַקע געוואָלט, ווי זיי זאָגן, „צוריקפירן אונדזער לעבן“ צו דער פאַרגאַנגענהייט.

אויב צוריקפירן צו ר' אבאַן הייסט צוריקפירן צו דער התלהבות־דיקער אמונה, וואָס איז בכוח צו פאַרוואַנדלען דאָס גרויסע וואָכעדיקע לעבן אין אַ יום־טוב פון פרייד און דערהויבונג — האָט אנכי טאַקע גע־זינדיקט קעגן דעם מענטשלעכן פּראָגרעס.

אז אָך און ווי אָבער צו אַזאַ פּראָ־גרעס, וואָס זינדיקט נישט מיט התלהבותדיקער אמונה אין זיינע אי־דעאַלן, וואָס קאָן נישט באַגייסטערן זיין גרויע וואָך זי זאָל אויסשטראַלן פאַר זיך יום־טוב. און נאָך מער ווינד און ווי איז צו אַזאַ פּראָגרעס אין וועלכן מענטשן פאַרמאָגן קיין מענטשלעכקייט נישט, אין וועלכן מענטשן זענען נישט גאַנץ מיט זיך, זאָגן איינס און טוען דאָס צווייטע, האָבן נישט קיין געפיל און קיין באַ־דערפעניש פאַר פּשוטע תמימותדי־קע באַציאונגען צווישן זיך און זיי־ערע מיטשותפים צום לעבן.

עס וואָלט שוין צייט געווען צו וויסן, אַז ווען מען רעדט וועגן דער שיינקייט פון עבר און מען שיל־דערט די דאָזיקע שיינקייט דורך מענטשן וואָס האָבן געלעבט ביי קאַפּטשענדיקע נאָפּט - לעמפּעלעך, מיינט מען נישט די נאָפּט־לעמפּע־לעך, נאָר די מענטשן, נישט זייער אַרום, נאָר זייערע מעשים, נישט די שמאָלע בלאַטיקע געסלעך, נאָר די

ברייטע, ריינע הערצער וואָס האָבן געפּיבערט אין דעם דאָזיקן לעבן.

מיר ווילן חלילה פון קיינעם נישט ער זאָל צוריק אריינקריכן אין זיין זיידנס אַמאָליקן גראָבליוונטדיקן העמד. מ׳וויל נאָר, אַז אונטער זיין היינטיקן זיידענעם, אָדער ניילאָנעם העמד זאָל קלאַפּן זיין זיידנס וואַרעם, מענטשלעך, יידיש האַרץ.

„ר׳ אבא“ לייענט זיך ווי אַ ווערק, וואָס וואָלט אָנגעשריבן געוואָרן היינט, היינט ווען דער גרוי־סער חורבן האָט אונדז אזוי פּילבאַר געמאַכט אויף דער אַבידה פון אַמאָליקן לעבן.

און דאָס דאָזיקע בוך איז דאָך געשריבן געוואָרן מיט אַזויפיל יאָרן פאַרן חורבן... צי איז דאָס ניט קיין סימן, אַז אין דער יידישער ליטעראַטור, אין דעם יידישן שאַפן זענען פאַראַן אייביקע מאָטיוון, וואָס אַנט־פּלעקן אונדזער אייביקן גורל? מיט 40 יאָר צוריק האָט אַ יידישער שרייבער אַזוי עלעגיש באַזונגען דאָס אַוועקגעגאַנגענע יידישע לעבן און מיט 40 יאָר שפּעטער באַוויינען יידישע שרייבער ווידעראַמאָל דאָס פאַרשוווּנדענע יידישע לעבן. די בענקשאַפט צו דעם פאַרגאַנגענעם איז אַן אייביקער מאָטיוו אין אונד־זער שאַפן, אָבער די אייביקייט פון דעם דאָזיקן מאָטיוו איז אליין אַן עדות אַז דאָס אומקערן זיך מיטן פּנים צום עבר איז נישט קיין שטער צו אונדזער ווייטערדיקן המשך, נאָר פאַרקערט, אַ סטימולירנדיקע קראַפט צו אונדזער ווייטערדיקער עקזיסטענץ.

---

